שרייבט אין די טעג פון אַנטמוטיקונג און אַנטוישונג, זענען די לידער אויף דער טעמע פון אַ „געשטאָרבן האַרץ", די לידער וואו ער קלאָגט זיך, אַז ער האָט אָנגעוואוירן דעם „פריערדיקן ברען", אַז עס איז ערגעץ אויסגערונען דער קוואַל פון זיין באַגייסטערונג. זענען דידאַקטיקע לידער געווען ריין פערזענלעכע, אָדער אויך זיי זענען אַן אויסדרוק פון סאָציאַלע פאַקטן און פאַקטאָרן און אַן אָנווייז אויף ראָזענפעלדס דיכטערישער פיל־באַרקייט צו געזעלשאַפטלעכע שטימונגען און ענדערונגען?

— — —

אין אַן אַרטיקל צום צען־יעריקן יובילײ פון דער „צוקונפט" שרייבט א. ליעסין וועגן דער צייט, ווען דער זשורנאַל האָט זיך געגרינדעט, אַז „דאָס איז געווען די צייט פון איר (דער באַוועגונגס) יוגנט, איר מאָרגן, איר פאָעזיע. דאַן האָבן מיר געהאַט איין תורה, איין אמת, איין פאַרטיי . . . מיר האָבן דערוואַרט היינט־מאָרגן די סאָציאַלע רעוואָלוציע, וועלכע האָט געזאָלט אַרויסשפּרינגען אין פולער הערלעכקייט, אַזוי ווי די געטין ווענוס פון די ברויזנדע כוואַליעס". „איצט אָבער — שרייבט ליעסין ווייטער — זענען אַנדערע צייטן, אַנדערע לידער. די נייע לידער קלינ־גען פיל־לייכט טרויעריקער, אָבער זיי זענען אַנדערע. זייט דאַן זענען שוין פיל ענדערונגען פאָרגעקומען, און די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן איז נאָך אַלץ ניט אַרויסגעשפּרונגען. עס זענען אַרויסגעשפּרונגען נאָר פּאַרטײ־רעוואָלוציאָנען. דער שטן פון מחלוקות טאַנצט שוין לאַנג אין אונדזערע רייען, און די לעצטע איבערבלייבעניש פון פאָעזיע און נאַאיוויטעט פאַר־שווינדט . . . פאַרלויפיק לעבן מיר דורך די צייט פון דער עראַ אין דער יידישער באַוועגונג, ווען דער סאָציאַליסטישער שטראָם גייט באַ אונדז אויף אָפּפאַל, ווען אַלץ, דוכט זיך, ווערט קלענער, שוואַכער און נידערי־קער".

און אומגעפּערט אין דער צייט ווען אַלץ איז געוואָרן „קלענער, שוואַכער און נידעריקער" שרייבט ראָזענפעלד זיין ליד „אַ טויטע האַרץ". דאָס ליד איז געווען געדרוקט אין דער „צוקונפט" אין 1904, און איז וואַרשיינלעך אָנגעשריבן געוואָרן עטוואָס פריער. יעדנפאַלס אַרום דער צייט, ווען אַלץ איז, לויט ליעסינס דיאַגנאָז, געוואָרן „קלענער, שוואַ־כער און נידעריקער". איך ציטיר דאָס גאַנצע ליד:

מיין האַרפע האָט אַמאָל געשפּילט
און האָט די וועלט פאַרקלונגען,
מיין גאַנצע זעלע האָט געפילט,

מיין גאַנצע האַרץ געזונגען.
מיין אויג האָט אַלץ און אַלץ געזען,
מיין אויער האָט אַלץ פאַרנומען,
מיין ליד איז מיט אַווילדן ברען
ביי מיר אַרויסגעקומען.
דאָך האָט די צייט מיך אָפּגעקילט,
איך זינג, די האַרפע מיינע שפּילט,
נאָר ניט דעם זעלבן ניגון.
ניטאָ, עס פעלט דער ערשטער ברען,
איך זוך, איך אַקער און איך קען
אים מער צוריק ניט קריגן.
וואו ביסטו ערגעץ יונגעס ליד
געזונגען מיט אַ פייער,
וואָס האָט געשטרעבט, וואָס האָט געגליט
די וועלט צו מאַכן פרייער?
וואו איז ברכה, וואו איז דער פלוך,
וואָס האָט מיין וואונטש געשפּונען?
איך זוך מיין ערשטן „איך״ און זוך,
און אויס, ער איז פאַררונען.
פאַרלאָשן איז דער ערשטער פלאַם,
באַזיגט אין ווילדן לעבנס ים —
ער איז דעם שיקזאַלס קרבן.
יעצט קומט מיין טרויער קאַלט אַראָפּ,
פון האַרצן ניט — ער קומט פון קאָפּ,
מיין האַרץ איז מיר געשטאָרבן.

**און אַן אַנדער ליד, וואָס אין בוך געזאַמלטע לידער איז עס דאָס צווייטע נאָכן „טויטן האַרץ״, פאַרענדיקט זיך מיט דידאַקטישע זייער קלאָרע ווערטער:**

נעם דיין האָפן און דיין שטרעבן,
נעם זיי מיט און דעק זיי צו —
האָסט אומזיסט געקעמפט ביים לעבן,
ז ע  ז י י  ז ע נ ע ן  ט ו י ט  ו ו י  ד ו!

**אוודאי זענען די לידן וואָס „רירן אָן צאַרט און מעכטיק די סטרונעס פון זיין דיכטער פידל״, ווי ניגער דריקט זיך אויס, „די לידן פון**

זיין אייגענער פיזישער און גייסטיקער פערזענלעכקייט". אָבער דער צייכן און דער גורל אונטער וועלכן עס שטייט און באַוועגט זיך דידאַזיקע דיכטערישע פערזענלעכקייט, זענען ווידעראַמאָל ניט קיין אינדיווידו־עלע, נאָר סאָציאַלע. דאָס זענען די ליידן ניט פון קיין „איך־דיכטער", נאָר פון אַ סאָציאַלן דיכטער, וואָס איז ווי אַ באַראָמעטער סענסיטיוו צו די ענדערונגען אַרום אים. און אומזיסט באַצייכנט ניגער ווי „אויבנאוי־פיקע" יענע מענטשן, וואָס „האָבן זיך איינגערעדט, אַז ראָזענפעלד איז אַ סאָציאַלער קעמפער, אַ סאָציאַלער דיכטער". ווען ראָזענפעלד זוכט אַזוי פאַרצווייפלט זיין „ערשטן איך", זאָגט ער גאַנץ קלאָר וואָס פאַר אַ „איך" ער מיינט. און פאַרוואָס זאָל דער דיכטער אין דעם פּרט זיין וויי־ניקער באַגלויבט פונם קריטיקער? עס איז דער „איך" פון יענעם דיכ־טער, וואָס האָט געקאָנט (ער רעדט צו דער מוזע):

. . . . . . פאַרשמייסן
מיין גרויסע פליכט צו ווייב און קינד,
אַיעדן ערדן־באַנד צערייסן
און לאָזן פליען מיטן ווינט . . .
און נאָר אין דיין געבענטשטער מינע,
געזוכט אַ טרייסט ביי דיר אין בליק
געזען די אייביק יונגע, גרינע
באַבלומטע לוסטגערטנער פון גליק?

אויף אים האָסטו מיר דאַן געוויזן,
אויף אים, וואָס שטייט פאַרצאָגט און שאָפט,
אויף אים דעם גרעסטן פון די ריזן,
אויף זיין אַלמעכטיקייט, זיין קראַפט,
אויף זיין פאַרשוויצטן דאַרן פּנים,
זיין אָרימע היים, פאַרווינט און וויסט —
אויף אים, וואָס קלאָגט פאַר זיינע שונאים
און אָפּערט זיך פאַר זיי אומזיסט.

און עס איז געווען אָט דידאָזיקע מוזע, סאָציאַל לויט איר תּוך, וואָס האָט אים פאַרזייט דעם „קערן".

פון יענעם פלאַמען־ווילדן ליד,
וואָס שיסט זיין פייער צו די שטערן
און פון זיין יעדער נאָטע בליט

אַן אַנדער בלום באַשפּריצט מיט פונקען,
אַן אַנדער מענטשלעכער געפיל
מיט ליכט און ליבע דורכגעטרונקען
וואָס רייסט זיך צו דעם העכסטן ציל.

דידאָזיקע לאַמענטן וועגן „טויטן האַרץ" און די בענקשאַפט נאָך דעם העראָאישן שוואונג און כּוח, וואָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט „סאָם ווהראַט לאָודלי טו סוויפ די סטרינגס" (מילטאָן), זאָגן עדות, אַז ראָזענפעלדס ירידה איז געקומען ניט ווייל „זיין טאַלאַנט" האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן, און ניט ווייל ער איז סתם „עלטער געוואָרן", נאָר ווייל דער סאָציאַלער „מקור" פון זיין שאַפן האָט גענומען אויסטריקענען. עס איז געוואַקסן און וואָס אַמאָל שאַרפער געוואָרן דער ריס צווישן ראָזענפעלדן און דער יידישער אַמעריקאַנערווירקלעכקייט. עס האָבן זיך פאַנאַנדערגעריסן די פעדים פון זיין אָרגאַנישער צוזאַמענגעוואַקסנקייט מיטן כּלל. ער איז געוואָרן סאָציאַל פּאַראַינדזלט, איינגעצוימט אין די דלת אמות פון פּערזענלעכע און אָפט קליינלעכע קריוודעס און טענות. עס האָט זיך דעריבער פאַרשמעלערט די באַזע פון זיין עמאָציאָנעלן דיכטערישן שאַפן. ער איז געוואָרן אַליין און קליין, און וואָס מער פּערזענלעך אַלץ מער קליינלעך.

די פּערזענלעכע ווײ־לידער, וואָס ער שרייבט אין דידאָזיקע יאָרן, האָבן נאַטירלעך אַ גרויסן ביאָגראַפישן ווערט. זיי דערציילן פון דערשלאָגנקייט און ניט־איינגעאָרדנקייט אין לעבן. אייניקע פון די לידער זענען קאָמפּאָזיציאָנעל אָפט גוט. ראָזענפעלד האָט סוף־כּל־סוף שטענדיק געקאָנט אָנשרייבן אַ ליד, וואו עס זאָל זיך פילן דער פּערזן־מייסטער. אָבער ראָזענפעלדס פּערזן־מייסטערשאַפט האָט בלויז דאַן אַן עכטן פּאָעטישן ווערט, ווען זי דינט דעם ציל צו מייסטערן און פורעמען דעם גלוטיקן לאַווע־גוס פון זיינע איבערלעבונגען. דאָס בעסטע וואָס ער שאַפט אין די שפּעטערע יאָרן, ווען דאָס זענען ניט קיין לידער וועגן אויסערגעוויינלעכע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע געשעענישן, וואָס וועקן־אויף אין אים אויפּסניי דעם גייסט פון סאָציאַלן באַרד, זענען די לידער וועגן דעם מהות פון זיין שאַפן, ספּעציעל וועגן דער טראַגעדיע פון זיין „טויטן האַרצן". דאָס לעצטע איז דער קוואַל פון זיין פאַרצווייפלונג פיל מער ווי דער פאַקט, וואָס אים איז מאַטעריעל שלעכט. ווייל אין דער צייט ווען אים האָט איבערגעוועלטיקט די סאָציאַלע מוזע, האָט ער, ווי היינעס גרענאַדיער, געקאָנט „פאַרשמייסן זיין גרויסע פליכט צו ווייב און קינד און יעדן ערדן־באַנד צערייסן און לאָזן פליען מיטן ווינט".

און פּונקט ווי מען קאָן ניט דערקלערן ראָזענפעלדס דיכטערישע

פאַרשפּעטיקונג מיט דעם וואָס ער איז ניט געווען באַקאַנט מיט די „איינ־פאַכע כללים פון מעטריק", אַזוי קאָן מען אויך ניט דערקלערן זיין פּריי־צייטיקע ירידה מיט דעם, וואָס ער איז „עלטער געוואָרן". ראָזענפעלדס ירידה האָט זיך אָנגעהויבן אין די יאָרן, ווען גרויסע פּאָעטן דערגרייכן צו וואונדערלעכער געלייטערטקייט און רייפקייט. ער איז אָבער געווען אַ דיכטער פון איין עפּאָכע — פון דער סאָציאַלער עפּאָכע אין דער יידי־שער פּאָעזיע — איז אים דעריבער ניט געווען באַשערט, ווי יהואשן און ליעסינען, אַ פּאָעטישע ווידערגעבורט אין דער עפּאָכע ווען עס האָט זיך גענומען הערן „אַ געמיש פון נייע טענער, אַ יינגערע מוזיק". אים איז געבליבן

. . . . . . ליב און הייליק יענער
פאַרגעסענער קרעכץ פון דער פאַבריק,
פון פעלד, פון ים און פון דער מינע,
וואו נאָר מיין חבר שענקט זיין מי,
פאַר די וואָס צאָלן אים מיט שנאה
זיין ווייטאָק איז מיין פּאָעזי.
זיין שיקזאַל טאָנט מיר אָן די לירע.

ער האָט אָבער, ווי עס זעט אויס, דאָך נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון זיך צו פאַרמעסטן מיט דער „יינגערער מוזיק", און האָט מזכה גע־ווען די יידישע ליטעראַטור מיט אַ בוך פון ריין אינדיווידועלער ליריק אויף דער „אייביקער" טעמע פון „ליבע".

שוין פון דער פאָררעדע צום „בוך פון ליבע" איז צו זען, אַז דאָ האָט ראָזענפעלד זיך פאַרנומען צו ווייזן די „יונגע שנעקעס", די דע־קאַדענטן" ווי אַזוי מען דאַרף זינגען וועגן „ליבע". און אין איין וועגס טאָקע אויך באַווייזן, אַז ניט נאָר אויף סאָציאַלע טעמעס, נאָר אויך אויף עראָטישע טעמעס קאָן ער זיך פאַרגלייכן מיט די גרויסע דיכטער פון אַלע צייטן און אַלע לשונות.

אָבער גראָד דידאַזיקע לידער האָבן אַן איבעריקן מאָל באַוויזן אויף וויפל ראָזענפעלד איז געווען איינגעשלאָסן אין די גרעניצן פון איין עפּאָכע און אויף וויפל זיין קינסטלערישער געפיל פאַר פאָרמע און פּאָסיקייט פון אויסדרוק האָט זיך ניט געקאָנט אַריבערהייבן איבער דידאַזיקע גרעניצן.

עס איז גריילעך מעגלעך, אַז די לידער וואָלטן זיך אים געווען מער איינגעגעבן, ווען ער וואָלט געווען געהאַט מער זעלבסטקריטיק און גע־נוג געשמאַק צו פילן, אַז זיין קרעפּטיקער אידיאָמאַטישער יידיש, וואָס קאָן אויפּפראַלן געפילן, אויפדעקן דערשיינונגען, שטעמפּלען און אַרונ־

טעררייסן זאַכן און פערזאָנען, פאַרמאָגט ניט די איינגעהאַלטנקייט, די ראַפינירטקייט און סודותדיקייט צו פאַנאַנדערוויקלען אַ טעמע וואו דער עיקר איז אויפדעקן אַ טפח און פאַרדעקן טפחים.

און ראָזענפעלד האָט דווקא געוואָלט אויסזאָגן אַלץ — מיט אַלע סמנים און איינצלהייטן. אָט אַזוי ווי היינע האָט דאָס געטאָן, ווי געטע האָט זיך דערלויבט אין זיינע „רוסישע עלעגיעס". אָבער וואָס געטע האָט געקאָנט זאָגן אויף זיין דייטש און דאָך ניט ווערן וואולגאַר, האָט ראָזענפעלד אויף זיין יידיש ניט געקאָנט זאָגן מיט דעמזעלביקן דערפאָלג.

אויף דייטש יעדנפאַלס אויף געטערס דייטש, קלינגען אפשר זייער פיין און איידל אַזוינע שורות:

אונד בעלעהר איך מיך ניכטס, אינדעם איך דעס ליבליכען בוזענס
זאָרמען שפעהע, די האנד לייטע די היפטן הינאב?
דאן פערשטעהט איך דען מארמאָר ערסט רעכט; איך דענק און פארגלייכע,
געהע מיט פיהלענדען אָוג, פיהלע מיט זעהענדער האַנט.

דאָס זען מיט „פילענדן אויג" און פילן מיט „זעהענדער האַנט" האָבן אגב גראָד געקאָנט די דעקאַדענטן, וואָס האָבן צו יענער צייט אָנגעהויבן צו שאַפן אויף יידיש אַ ראַפינירטן און סענסיטיוון שפּראַך־אינסטרומענט פאַר עראָטיציזמען און עסטעטישן סענסואַליזם. אָבער אויף ראָזענפעלדס יידיש, וואָס האָט זיך דערצו גאַלאַנטעריש אויסגעפוצט, האָבן די עראָ־טיציזמען און סענסועלע שפּירונגען אַרום די בוזעמס און היפטן געקלונ־גען אַזוי:

איך ליב איר רויזענשטאָף און מילך און דופט
איר זיסער שמייכל יעדן מאַנסביל פּרוואוט,
איר בליק איז פייער איינגעראַמט אין גאָלד
ווער קען איר זען און ניט האָבן האָלד?
איר וואָרט איז דער פּיפּץ פון דער שוואַלב,
איר אָטעם איז יונגער גן־עדן זאַלב,
אירע ברוסטן ווי צווי וועלן באַוועגט
זי שאָקלען די זעלע און זי שרעקט.

ווען געטע שרייבט:

דער שטראוס, דעם איך געפליקט,
גריסט דיר טאוזענדמאל
איך האָבע מיך אָפט געביקט
אונד אינס אנס הערץ געדריקט
אך, פילע טאוזענדמאל.

איז דאָס וואַרשיינלעך אויף דייטש גוטע פּאָעזיע. עס ווערט יעדנפאַלס געבראַכט אַלס מוסטער פון געטעס ליבע־לידער. אפשר אין דייטש זע־נען אַזוינע ווערטער און גראַמען ווי געביקט, געדריקט, געפליקט און טאוזענדמאל פאַרבונדן מיט באַגריפן און זאַכן, וואָס מאַכן זיי פאַר עלע־גאַנטער און גאַלאַנטער קורטואזיע. זיי האָבן אין זיך וואַרשיינלעך אַ ביי־טעם פון רטיטערלעכקייט. ווען ראָזענפעלד האָט אָבער אויף יידיש געפליקט, געביקט, געדריקט און געקניט און געגליט — האָבן זיך די ווערטער אַסאָציִאירט מיט לעכערלעכע סיטואַציעס און אַנשטאָט „ער־האָבען", געקלונגען קאָמיש. און דווקא יענע „אמתע און ערלעכע לי־טעראַטור־מבינים", וואָס ראָזענפעלד האָט זיך „געשמייכלט מיטן גע־דאַנק אַז זיי וועלן דערקענען, אַז די געדאַנקען אין דעם דאָזיקן בוך פון ליבע זיינען אמתע דורכגעלעבטע, פונקט ווי די אַרבייטער־לידער, נאַ־ציאָנאַלע לידער און נאַטור־געזאַנגען" — דוקא די ערלעכע ליטעראַטור־מבינים, ווי אַ משה לייב האַלפּערין למשל, זענען שאַקירט געוואָרן פון די לידער.

אַז ראָזענפעלד האָט פאַרמאָגט די טענער פאַר שטילן צניעותדיקן ליבע־ליד, איז באַקאַנט. עס איז גענוג זיך צו דערמאָנען אין די וואונ־דערלעכע מעלאָדישע שורות:

אַ פויגל זיס, אַ פויגל ליב
ווי ווייסטו ווי מיין האַרץ איז טריב.

אָדער דאָס ליד „זוך מיך ניט". אָבער אין זיינע שפּעטערדיקע ליבע־לידער, כאָטש די שפּראַך איז ניט קיין דייטשמערישע, איז זי אָבער אַזוי קינסטלעך־שיין, אַזוי געשמאַקלאָז פאַרפוצט, אַז שוין בלויז צוליב דעם אַליין איז אַ גרויסער ספק צי די לידער זענען „דורכגעלעבטע". און זאָל אפילו זיין, אַז ראָזענפעלד האָט באמת אַזוי געפילט, ווען ער האָט געשריבן:

דיין מינע בליט,
דיין בוזים גליט,
נאָר לאַנגן נחת גיט ער ניט

אָדער:

דו ביסט דאָך דאַכט זיך נאָר
אַ ביין, אַ בינטל האָר,
און גאָרניט צופיל לייב
ביסט דאָך דאַכט זיך גאָר אַ „ביס”
דאָך ביסטו אַזוי זיס, —
ביסט ווייב!

זענען דידאָזיקע שורות אַן איבעריקער באַווייז, אַז דאָס ריין־פּערזענלע־כע, דאָס איכיש־אינטימע איז ניט געווען זיין אַמפּלואַ. זיין פּערזענ־לעכע איבערלעבונג האָט געדאַרפט האָבן אַ סאָציאַלן און ניט קיין ביאָ־לאָגיש־עראָטישן סטימול צו ווערן פּאָעזיע. און ניט אַלץ וואָס אַ דיכ־טער לעבט פיזיש און גייסטיק איבער, מוז ער און קאָן אויפשרייבן. ווייל ניט יעדע איבערלעבונג איז כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין היסטאָרישער סיטואירונג און ראָל אין דער ליטעראַטור.

און ווען מאָריס ראָזענפעלד פלעגט אַרויסגיין פון זיין דיכטער־ראָל און אַריבערטרעטן די גרענעצן פון זיין „ראַנג און ווערט ביי אידן און שקלאַפן”, פלעגט ער כמעט שטענדיק ווערן ביליק און וואולגאַר. און דאָס איז די הויפּט סיבה פאַרוואָס זיין „בוך פון ליבע” איז אַזאַ מוס־טערהאַפטער דורכפאַל אין דער יידישער ליטעראַטור.

וואָס איז אָבער ערגער און וויכטיקער איז וואָס ניט נאָר זיינע ליבע־לידער, נאָר אויך אַסך אַנדערע לידער האָבן אין די שפּעטערדיקע יאָרן אָפּט געקלונגען ווי פּאַראָדיעס. די שטאַרקע דראַמאַטישע טאַקטן, וואָס ער פלעגט לויט געוואוינהייט אין טעמפּעראַמענט באַנוצן פאַר די־דאָזיקע לידער פלעגן ווי עפּעס אַריבערשפּאַנען און לאָזן הינטער זיך די קליינלעכע און נעבעכדיקע מאָטיוון. דער גרויסצוגיקער שוואונג, וואָס איז אים געבליבן פון די אַמאָליקע יאָרן האָט עפּעס ניט האַרמאָנירט מיט דער טריוויאַלקייט פון געפיל, מיט דער מיזערניקייט פון פאַרלאַנג און מיט די קרענקלעך־קליינלעכע קריוודעס. די פאָרמען זענען געלעגן לעפּיש אויף די לידער, ווי ער וואָלט אויף שוואַכע, אויסגעצערטע גופים אָנגעטאָן צו־גרויסע קליידער. עס האָט אים פשוט געפעלט שטאָף אויס־צופילן די פאָרמען פון זיין אַמאָליקן גרויסצוגיקן און מעכטיקן סאָ־ציאַלן ליד. ווייל — פאַר אָט דעם ליד זיינעם, פאַר אָט דעם מעכטיקן זעץ אין די טאַצן, פאַר אָט דעם שטורעמדיקן אויפשפּיל האָט ראָזענ־פעלד געדאַרפט זיין דורכגענומען און פאַרבונדן מיט זאַכן גרעסערע, ווי

ער אַליין איז געווען; זיין פריי פון עגאָאיזם, זעלבסטזיכטיקייט אין פער־זענלעכע קליינלעכע קריוודעס, וואָס האָבן צעגעסן און אויפגעגעסן זיין דיכטער־קראַפט. ווייל בלויז דאַן, ווען זיין יעדער געפיל, ווי פערזענ־לעך עס איז אין אָנפאַנג ניט געווען — האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט דעם מעכטיקן רעוואָלוציאָנערן פּראָטעסט פון אונטערדריקטע; בלויז דאַן ווען דער טיפער מוזיקאַלישער קוואַל פון זיין דיכטונג איז אויפגעשטור־רעמט געוואָרן פון דעם „שקלאַפס אַ קרעכץ" — האָט זיין ליד „עקס־פּלאָדירט" און געפלאַקערט מיט אַ שטאַרקן, אויב ניט שטענדיק ריינעם פלאַם. און בלויז דאַן ווען ער האָט מיט ניט־געמאַכטע טרערן געוויינט אויף „די מיליאָנען", האָט אַ „הויכעס שטרעבן" אַרומגעשוועבט אויף אים דעם געוויין אויף זיין אייגענעם גורל, און בלויז דאַן ווען ער האָט גערוישט און געליאַרעמט מיט דעם „ליאַרעם און רויש" פון אַ צע־שטורעמטן און צעברויזטן קאָלעקטיוו, האָט זיך אין זיין ליד געהערט יענער „מוראַדיקער קנאַל", וואָס

היכלט און רוישט, און ברומט און קראַכט
וואַרפט אַ פּחד אויף דער נאַכט.

אָט יענער מוראַדיקער און וואונדערלעכער קנאַל, וואָס מיט אים איז אַזוי גרויס ראָזענפעלדס ליד — דאָס ליד וואָס וועט נאָך ניט איינמאָל מאַכן אויפציטערן הערצער און וואָס וועט, ווער ווייסט אפשר גאָר איב־גיכן, ווערן דער קוואַל און דער מוסטער פאַר אַ באַנייטן, קרעפטיקן און דינאַמישן יידישן ליד.

# א. טאַבאַטשניק

## מאָריס ראָזענפעלד אין טאָג פון זיין 60־יאָריקן יובילײ

ער לייגט די פען אַוועק, און גייט צום פענצטער צו
און קוקט אַרויס . . . אָט דאָס איז זי די גאַס,
וואָס צוליב איר האָב איך פאַרלאָזט די שענסטע רו,
און זיך געקאָכט אין קעסל גאַל און האַס . . .

אָט דאָ בין איך געווען דער בעטלער און דער פּרינץ —
מיט אָדלער־שוואונג פון שפּלות זײַ געהויבן . . .
מען האָט מיר אָפּגעצאָלט מיט מכות און מיט מינץ
און מיט אַ קאַלטן גאַוהדיקן לויבן . . .

שטיי אויף, אָ מוזע, און טו אַ בליק
וואָס ס'איז פון דיכטער דאָ געוואָרן! —
כ'האָב אויסגעקרענקט דאָס ביסל אָרעם גליק —
די רויז — פאַרוועלקט, געבליבן איז דער דאָרן.

זײַ ווייסן דען? . . . ניט דאָס האָב איך געוואָלט
גערופן האָבן מיך די פייגל אין די וועלדער,
און פאַר מיין אויג האָט זיך אַ גליקלעך בילד געמאָלט
פון זומערדיקע זון־פאַרפלייצטע פעלדער. . . . . .

נאָר ס'האָט אַ שטים אין מיר געבאָטן: זינג
דעם קרעכץ פון שקלאַף, דאָס ליד פון זיינע יאָכן,
ס'האָט זיך אַ ריס געטאָן דאָס האַרץ,
ס'האָט אויפגעפלאַמט די צונג —
דאָס ליד האָט זיך ווי לאַווע דורכגעבראָכן!

און האָט געשטראָמט מיט לאַוועדיקן גוס —
געצונדן הערצער, אויפגעוועקט פאַרלאַנגען . . .
נאָר . . . צום קאַלטן באָדן העפט דער פוס —
עס פאַלן צו דער ערד די שטורמישסטע געזאַנגען.

מיין ראַנג, מיין ווערט . . . ווי עלנד איך בין איצט,
די אויגן מאַט, דאָס האַרץ איז ווי געשטאָרבן . . .
און ער דער בלייכער זיצט נאָך אַלץ און שוויצט —
און מאַטקע פאַרך לויערט אויפן קרבן.

געזיגט האָט ער — פאַרלאָכט מיין בריל, פאַרשריגן מיין געזאַנג,
דער לייב איז אַלט, און אויסגעהאַקט די ציינער
אַ בערגל אַש אויף יעטווידן פאַרלאַנג,
ער האָט דאָס פלייש, עס וואַרגן מיך די ביינער . . .

דער זין דערפון? ס׳איז אָנהייב אָדער סוף?
אַ נאַרן־שפיל, צי גאָר אַ בייזער חלום?
די לעדלעך פאַלן־צו ווי פאַר אַ שווערן שלאָף . . .
איז דאָרט דער לאַנג־געגאַרטער שלום? . . .

נאָר . . . היינט איז יובל־נאַכט, היינט זיץ איך אויפן טראָן,
אַ קעניג ליר וואָס זיי באַם לעבן ארבן —
אַ פורים־רב אין מאנטיע און קרוין,
אַ קראַנקער ייד, וואָס איז שוין גרייט צו שטאַרבן . . .

**ש ל מ ה  ש ו אַ ר ץ**
**יידיש־ענגלישער דיכטער**
**שיקאגא**

אַרויסגעגעבן ביכער אין יידיש: „בלוי מאָנטיק" — „אַמעריקע" — געווען מיטרעדאַקטאָר פון דער „מידוועסט־מערב אַנטאָלאָגיע" — באַטייליקט זיך אין „אינזיך" — „יידישער קעמפער" — "שפיגל" — „די פעדער" — „אויפקום" — „שיקאגא" — „קוריער" און אַנד.

אין ענגליש אַרויסגעגעבן די ביכער:
"Passages of Refuge"
"The Poet in Blue Minor" —

באַטייליקט זיך אין די זשורנאַלן:
"Chicago Jewish Forum" etc.
"Poetry" — "Voices" —

דעם ליבן אָנדענק מיין יונגן שוואָגער:
איטשע הורוויץ

I

מיר פעלט אַ שטערן.
דערפאַר איז פינצטער.
דערפאַר הענגט די נאַכט
שווער און שוואַרץ אויף אַ וואָלקנס האַלדז.
קום,
זעץ זיך,
שוואַרצגעקליידטע שוועסטער,
פאַרלייג דיינע מאָגערע בלאַסע הענט
אויף דער אַלטער פיאַנאָ —
מיין נאַכט,
און שפּיל אויס דיין תפילה מיט דעם גרינעם ליגן
פון רו
און טויט.

II

איך האָב די נאַכט פאַרשלאָסן.
אַזוי פיל שטערן, די טעלעגראַמעס
אויפגעוואַכטע, אומאַנטשטילטע
בליצן אין מיין הייל.

ביז טאָג ווערט טאָג,
אַזוי פיל דעפּעשן, די גרוסן
אומבאַקאַנטע, אומגעאַנטע
פאַרשן אין מיין טיף.

נאָר די עטלעכע שעהן
מיט גנאָד אָנגעגורט.
ווי מיין זיידע מיט תפילין
באַ מיין געבורט.

III

אַז אַלץ וועט זיין פאַרביי
וועל איך דאָך בלייבן אין דיר.
איך אַליין וועל קיינמאָל נישט וויסן
די רייד פון מיינע שטילע האָר.

פון מיין טינטער לעבן
האָב איך זיך טראַקטירט מיט פאַרנאַכטיקייט.
דאָס לעבן פאַלט שטענדיק צו די קני —
און וואָס נידעריקער, אַלץ שוואַרצער.

אַזוי קינדיש און עלנד דער טאָג
איבער מיין בעט.
און די נאַכט ציטערט קוים־קוים
אויפן זייגער פון דער צייט.

יאָ, מיין שפיי איז דער פאַטאַלער עדות.
איבער מיין יונגער אומזיכערקייט
האָט מיין בלוט אין מיר זיך צעשפּילט.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
אַז אַלץ וועט זיין פאַרביי,
וועלן גאַנצע פּיראַמידן חלומות
שטאַרבן מיט מיר אין שלאָף.

IV

אַקעגן דעם טויט וועל איך אָנצינדן
די זון און די לבנה —
מיינע געטלעכע תפילין.
כ׳וועל אָנרייצן דעם שור הבר, אויך דעם לויתן —
מיינע חלקים פון עולם הבא.

כ׳וועל זיך זעצן אויפן ים
און שטרעבן צו דיין ווילן.

זאָלן מיינע אַנטבלויזטע פּיס
זיך קילן
אין פייכטקייט פון דיינע רייד.

באַשער, אַ באַשער מיר דעם איבערמאָרגן
וואָס פאַרבינדט און טראָגט דעם בלינדן וואַלד
צו דיר.
כ׳וועל זיך זעצן אויפן רוקן פון ווינט
און ברענגען דיר דעם ריח און דעם ברי
פון אַ מאַמעס טרער.

V

כ׳ליג פאַר דיר אַן אָפענער ספר.
קום און קוש אויס די בלויע שורות —
מיינע אָדערן,
איידער איך ווער צעריסן.

אוי מאַמע,
כ׳בין וואַרעמדיק, בין קינד און זילבערדיק אין צעלאָפּין.
אַרום מיר — שפּיטאַל־שטיל —
ווי שייך עס פלאַמט דער טאָג אין מיין שוועסטער פלאַש בלוט.
עס רינט די פרישע בלוט אין מיינע אָדערן,
מיין שוועסטערס בלוט,
כ׳ווער זיך אַליין אַ לייבלעכער שותף.
פון תמיד אַן דאָס בלוט, בלוט.
איך בין רויט שכור.
ווער אַ רויטער לייטער צו דער זון.
די זון איז פול מיט טראָפּנס לעבן.

די וואַנט קעגן מיר מאָנט רייד,
כ׳בין צו אַלץ געגרייט.
אַ ים דערווייטערט מיר פון דיר.
מיין בעט, אַ ווייסע שיף
און איך דער איינציקער פּאַסאַזשיר.

כ׳פאָר ווייטער, ווייטער אין צייט.

אַ זאָג,
צי קומט דער טויט פון פעלד ווי אַ גוי
דויט מיט ווינט,
צי ווי אַ איד מיט זכות אין זיינע טריט?

די וואַנט קעגן מיר מאָנט רייד.
מיין ווייסע שיף איז גרייט.

VI

זי אין מיר לעבן,
פלי ניט אַרויס דורך מיינע נאָזלעכער,
דורך מיין אָטעממויל.
ליג צעבערעקלט אין מיר,
אָבער בלייב אין מיר.
אָן דיר,
בין איך רגעדיק־גרינג און שווינדערלעך שווער.

VII

באַנאַכט אין שפּיטאָל ווערן די טירן שמעלער.
ס'קען דער גוף מער ניש פאַרטראָגן
די פולקייט און שווערקייט פון דער נאַכט.
ס'ווילט זיך רעגן.
די נאַכט איז טרוקן.
עס שרעקט די לבנה מיט מרה שחורה.

נאָר אויף די אַקסלען פון אַ פרימאָרגנדיקן וואָלקן
קומען שעהן ווי רינדער פאַר שחיטה.
קומען מיט פיס,
ווי די פיס פון די קעמלען
מיט משא,
מיט וויסטעניש —
די שעה איז טרוקן,
און דאָס וואַסער איז ווייט, אַזוי ווייט.
די זון ליגט בעטלעריש אונטער קראַנקע בעטן.

אין די שפּאַלטן פון שטילע טירן
שרייט אַ שטומקייט אין מהומה.
די זון אויפן האַלדז
ליגט קאַלט און אָן גאולה.

## VIII

לייג אויס וואַלדישע טעפּיכער און קום צו מיר
מיט ערדישע גראָהקייט,
אויף שפּיצפינגער ווי אַ ליד —
דו, פאַרכישופטער טויט

איך בין ניט מענטש — איך בין שטיין.
דורך מיר גייען דורך אַלע מעשים.
און דער טוימער וועג איז שטענדיק פעלד,
און דער טויט אָן גבול, איז שטענדיק פריי.

איך ווער נאַכטיקער. גיב אַ טראַכט.
מיינע רייד פון סאַמע וואַלד וואַקסן אָן וואָרצלען.
איך ווייס,
דאָס ביסל גלעטנדיקע זון וועט קומען ערשט
צו מיין וועטשערע,
און וועט מיר ווידער אָפּנאַרן,
וואָס מיט מיר איז געשען.

## IX

אַלע רעדן דאָ פון דעם און פון יענעם.
אונטער קאַלדרעס ווייסע ליגט אַ וואָרט
הייס און שטענדיק —
לעבן!
קיינער וואָגט ניט אָנצונעמען דאָס וואָרט
פון אונדזער איידעלן געשפּרעך
און פאַרבן עס אין שטאַרבונג.

— קיינער לעבט ניט דאָ ווי גאָט אין אַדעס!

נאָר דאָס לשון ווערט הייליק־וואַלדיק צווישן
די אותן.
דאָס מענטשעלע עלנבויגנט זיך: באַשיצונג.
וואָס זשע קווענקלט זיך קאַלט און קלאָר
די וואָר?

מיר ווערן אויס איינצעלניש.
דאָס האַרץ גלוסט נאָך ווינט און עקוועלטן.
נאָר אַז אַך און ווי·
אין שפּיגל פון זיבן איילן
זע איך אונדזער קליין ביסעלע קוים אָפּגעלעבט
וואָרט —
ל—ע—ב—ן.

X

אַלע, אַלע קומען צו מיר אין ווייסן.
דער טאָג איז ריין
און דין אין מיר.
שווער און עלנט דער ריגל און די טיר —
מיין שטילער גאַנג מיט פראָסט און ווייסן פריר.

ווי קען דאָס זיין אַז דו זאָלסט איצט קומען
ווען די נשמה איז יונג מיט שטערן.
קומסט ווי אַ בלויער דרימל אין מיינע נעגל
און טיילסט פאַנאַנד מיין גוף פון ניט־ווערן.

שפּיטאָל מאַכט קלוג. שפּיטאָל מאַכט רייף.
כ׳קוש און גלעט דאָס האַרץ פון דער זון
דורך טירנשאַפּלטן.
מיין גוף איז ווייס, געצונדענע וואָל, מיינע האָר,
מיר ווערן ביידע איינס — כ׳ליג אין דיר באַהאַלטן.

XI

שנייאיקע בערג,
כ׳וועל אויף זיי אָנצייכענען מיינע יאָרן.

אויף די העכסטע שפיצן
וויסליכט געצונדן, מיין זכרון.

און איבער דעם גלעזערנעם ים
צעזעגלט זיך
דרייסיק־יאָריקער ראָמאַנס — מיין לעבן.
די פאַרב פון די טעג,
דער קאָליר פון סעזאָנען אין געוועבן.

## XII

אַ מענטש איז געלעגן נייגעריק אין שוויגעניש.
זיין קריגל לעבן צעגאָסן
דורך טיר און פענצטער.
באָם ראַנד פון בעט בין איך געזעסן
געטרונקען פון זיין קריגל לעבן,
גאָרנישט פאַרגעסן,
געוואוינן, געמאָסטן, באַדויערט
און געוויינט.

די נאַכט האָט געקלאַפּט אין די שלייפן.
די טונקעלע שפּיטאָל־צימערן וואָלד פּויסטן
אין מיין פּנים.
ווי פאַרשטיינערט איז דער מענטש לעבן מיר געלעגן.
כ'האָב באַטראַכט די לאַסט
פון שפּיטאָלס טויער,
שווייגיק זיך געקליגלט.
נישט געוואָלט דאָס וואָרט אויף מיינע ליפּן ברענגען,
און געשווינדער
געזוכט דעם טאָג מיט צעעפנטע אויגן.

ערשט דער טאָג איז געקומען אָן אַ פּנים.
געבליבן הענגען אויף דער אונטערשטער צווייג
פון זיין, דעם מענטשנס לעבן,
מיט חרפּה זיך געשאָלטן:
איך וויל נישט זיין דאָ — דערביי!

און מיט אויגן פֿאַרמאַכט, דער טאָג
איז געוואָרן אַ זייליקע נאַכט.

XIII

אָ גלויב, פֿאַראַן איז אַ וואונדער
אין אויפמאַכן די טיר.
גייענדיק צוריק פֿון בית עולם
אין בלינדן חושך פֿון טויט,
האָב איך קיינעם ניט געהערט
נאָר דעם אָטעם פֿון וואונדערלעכן פּילן.
באַם ערשטן ריר פֿון מיין שליסל
האָב איך אין די פֿאַלדן פֿון בייטשנליכט
דערזען דעם סוד פֿון לעבן!
קעגן דעם בלינדן שרעק —
האָב איך דאָפּלט צעעפֿנט מיינע טירן
און נאָענטער געוואָרן מיט וואָר.
אָ, גלויב, פֿאַראַן איז אַ וואונדער
צו זיין רעאַל.

# האַרבסט

א. לעיעלעסן

I

סעפּטעמבער ווינטן אין האַרבסטיקער יללה.
דער ברזינער סוף בלעטלט זיך — באַווייַן.
עס ציטערן די יונגע פֿינגער אין צייטלעכער קללה,
שטילער אומקום שיכט אויף שיכט, אויף בוים און שטיין.
מיין שטאָט איז קאַלט. ס'ווערט מיין גאַס די פּריוואַלע
בלאַס, אָן פֿאַרבן. די צייט אַ שאַרפֿער פֿאַלקאָן.
יאָ, גיכער: דער ווינט ווירבלט אין זיין קאַלטער ממשלה —
אין טייך די זוניקע אָדערן, אַ טויטלעכער דראַקאָן.

דער טייך רוישט. און ווי די אָפּגעוועלקטע בלעטער —
אויך אַזוי ווערט מיין געמיט גלאָזיק גרין.
עס פֿליט דורך מיר דער ווינט שאַרף און ביטער
וואָס סוף דערפֿירט — ווערט ערשט דער קאַליבּרין
פֿון פֿאַרק ערנסט גרוי מיט פֿאַרבּן אין צעשפּליטער.
וואָס וועט דאָ בּלייבּן ווען עס מאָלט יום הדין
מיין אַרום, נאַקעט־בּרוין מיט קאַלטן ציטער.
ס׳טאָר מיין ווייניקייט ניט באַקלאָגן דעם געטלעכן אַנטריק.

אינמיטן ברוינעם שטורעם — דאָ און דאָרט דיין ליד.
עס הילכט אין פֿול געוויכט די דורותדיקע כאָרוסן.
איך כאַפּ זיך אָן אין קלאַנג, וויל נאָכזינגען סאָליד,
איז ווי געפֿאַנגען צווישן פלאַמיקע פֿאַרדרוסן.
נאָר אויף דער געטאָ־האַרף, ווי קעניג דוד,
איך שפּיל אויף נאַקעטע צווייגן פֿאַר מיין שטילער רותן
אַלע אומרוס, אַלע ליבּעס — די בענקשאַפֿט פֿון אָוויד —
פֿאַרפּולט אין אומזיכערקייט פֿון האַרבּסטיקע מינוסן.

האַרבּסט איז גזר נאָר מיט וואונדער־ווייטע שפּורן.
אָ וואונדער פֿון יידיש־ליד, פֿון פֿרילינג — אַגיטיר.
עס זינגען שטענדיק אין מיינע צימערן קאָלאָראַטורן
פֿון פֿאַרבּ און זאַפֿט פֿון מאָלערישן עקזאָלטיר.
אין אַלץ דאָס וואָרט, די צאַרטקייט פֿון אַמורן —
אין האַרץ דאָס בּרוינע בלעטל געשטאָכן פֿון סאַטיר.
באַם בּרעג דער ווינטל וויל דורכאויס די פֿינגער מאַניקיורן,
מיין פּנים איז בּרוין אינם זוניקן שאַטיר.

דער גראַניטישער דויער איז פֿול מיט קעלטן
נאָר גראַנד און געצאַמט ווי דיין ליד וואָס מאָנט.
צי זאָל איך די וואָג פֿון שטאָט בענטשן אָדער שעלטן
ווען יעדער מויער אַ לייטער צום הימל נאָענט.
נאָר מאָל צו מאָל אין מיינע־דיינע יידישע געצעלטן
איינזאַמט יידיש פֿערז פּילמיליאָנט.
ס׳איז ניט גוט צו זיין אַליין, אַ זעלטן —
יידיש־האַרבּסט, ווי געוואַרעמט אין דיין קלאָרן בלאָנד.

איז עס צופֿאַל? וויגט מיך אום אַ וואַקל!

איז עס גאַנג צו זיך און אייגן ווי דער גלות ?
ווער ס׳מאַנט פון מיר קלוימערשט אַ מיראַקל
פאַר אים פלעמלעך פון בענטשנדיקע הבדלות.
קיין אָפּשטעל — רוף פון ווילן איז כופר הכל
אַלע ספיקות, אַלע פּלאָנטערס ווי נייע פאָרמולעס.
מיין לויב דיר, ליד, דו לעבנס־לאַנגער פאַקל —
דו גאָט פון קלוגע בוימער, דו שטערן פון מזלות.

II

איצט ווען דער האַרבסטיקער נסיון מעקט אָפּ פון יעדן בלעטל
דיין פּראָפיל,
איצט, ווען זומער האָט אָפּגעבליט,
וויג מיך איין אין דיינע הימלישע פאָלעס.
כ׳וויל אויך רו.
יונג ווערט אויפסניי אַלט, ס׳קומט פרי די נאַכטיקייט.
די נאַקעטקייט ווערט וואָר, די ערד — דאַר און מיט וואונדן.

גאָר ניט איז אונדזער רשות איז אייגנס —
ניט ווינט, ניט זון, ניט בוים.
אפילו דיין פאַרברוינטן שטיקל ברויט אין מויל
איז אויסגעקנאָטן מיט האַרבסטיקן הונגער
און מיט שרעק.
נאָר מיך שרעקט ניט מער מיין גורל.
נאָך איידער איך האָב באַרירט דיינע זומערדיקע ליפּן
שוין האָב איך געטראַכט פון האַרבסטיקער גרויקייט.

אַצינד איז האַרבסט דער באַהערשער,
מיך שרעקט ניט מער די נאַכטיקע פאַנצערס פון די באַהערשער,
כל זמן איך קען נאָך חלומען פון דיר.
אַצינד איז אין וואַלד שטיל.
אַצינד איז אַלץ אַ תפילה — אַ פעלדזיקער אמת —
אייביקער ווי אַלץ, ווי דאָס פאַרגיין.
וואָרעם אייביקער פון אַלץ איז דער יאָמערלעכער געוויין
פון ים,
וואָס קלאַפּט זיך אין זיין ברויזיק האַרץ מיט פויסטנכוואַליעס,
און זוכט צו פאַראַנקערן מיינע יונגע מענטשלעכע טריט

באַ זיינע זאַמדיקע ברעגן,
אין שרעק פון דערזען זיך ווידעראַליין פאַראַנקערט
באַ תהומיקע ראַנדן.

אַלע אומרוס, אַלע ליבעס — די בענקשאַפט פון אָוויד —

III

ווען די בלעטער פאַלן פון דיביימער
קלעפט זיך ניט אַ וואָרט צו אַ וואָרט.
דער רויטער האַרבסט טוט ליגן צעשויבערט,
מיט קלוגשאַפט,
אויף שטאָטישן פלאַך.

אינדעראמתן,
מיינע שויבן זעען אַ פאַנטאַסטישן מיראַזש.
דער טאָג אויף הינערשע פיסלעך
וויל זיין היימיש מיטן בייזן ווינט.
נאָר די מענטשן שיפלען זיך ניט מער,
פאָרלען זיך ניט מער,
און קעמען מיט דינע טריט דאָס שוואַכע גראָז.

אַמאָל האָט דער האַרבסט מיר געלערנט —
דעקאָראַציע, נאָר דעקאָראַציע.
דעם גאַנצן מאדום פון פאַרב און וואָר.
דאָס קליינע שטיקל ערד מיינס האָט ליב געהאַט
מיינע פינגער
פון זאַלבעצווייט, זאַלבעדריט, זאַלבעפערט.
באַ אַ שטעלן ברעג גערעדט צום אַלטן גאָט.
איצט איז דאָס לשון דריבנער שרויט —
פאַרפאַקט און פאַרזיגלט מיט צעזאַרס גלוסט.

עס ווילט זיך
אַרויפקלעטערן אויפן רויטן בוים
און אַראָפּפּליקן פון דאָרט

דעם בייזן חלום
און זיך לייגן שלאָפן אויפן ווייכן וואַסער.

## IV

זעסטו די רויקע ביימער,
די אָפּגעפּליקטע ברעגן פון בעלמאָנט בעי ?
ווען דו וועסט זיך איילן אין אַ זונטיק פרי,
מעשה שטאָטמענטש,
צו זען די אידיליע פון פרייע רגעס
געוויגמלט אַרום —
שטעל זיך אָפּ.
פרוביר אויפוועקן דעם לעצטן פויגל פון זומער
אויפן שפּיץ צווייג פון רויטן בוים.

טאָמער וועט אָנקלינגען דער ווינט אין דיינע אויערן
און עפענען אַ געדאַנק,
מאַך זיך נישט וויסן.
קאָנסט געטרויען דאָס האַרץ.

איך האָב געכאָוועט דעם פויגל פון קינדהייט אָן.
פאַרוויגט מיט שטערן,
פאַרגינט מיט פאַרגינען.
זעלבערסט זיך אַליין געקאַרגט.
באַ מיר געפעלט צו פליען אפילו
קיין פאַריז,
דו, רויטער פויגל פון מיין קינדהייט אָן.
וואָס נאָענטער צו פאַריז —
מער פלוצלינגדיקער אַליינקייט, אַלייבער. פרעמדער.
און נישט טויט און נישט לעבעדיק, אַ צעראַנעטער
געקומען צו פליען צוריק
שטאַרבן דאָ,
נעבן מיר.

אַך פאַריז, פאַריז,
ס׳בלוטיקט דאָס געזאַנג פון מיין פויגל פון יעדן צווייג :
זשאַקיז ! זשאַקיז !

V

מיין שטאָט איז גאַנץ, אָן באָמבעס, אָן טאַנקישע פֿייערן.
בלויז אָקטאָבער־פֿלאַמען און אומפֿאַרמײַדלעכן אַלאַרם.

איך וועל זיך אָנהענגען ווי אַ רגע
איבער פּלאַמיקע וועלדער
און אויסטרינקען ווי אַ רויבער
דעם זומער פֿון אַלע ביימער.

מיין שטאָט איז שיין אַ קאַרניוואַל פֿון קאָלירן.
בלויז די ביימער־וואָרצלען אין אומפֿאַרמײַדלעכן משפּט.

איך וועל זיך אויסטאָן ווי דער אָקטאָבער
אין יעדן פֿענצטער זיך זען אַליין.
ווי דער ווינט זיך לייגן קאַלט
איבער די פֿאַרשנייטע ברעמען.

מיין שטאָט איז יונג און וויל הערשן גראַנדיק.
בלויז די ביימערשע גופֿן געפֿעסטיקט און רונדראַנדיק.

דער טייך איינגעוויקלט אין אַ ווייסער פֿעל
זופּט די שטילקייט פֿון פֿאַלדיקן שריפֿט.
איך ווייס ניט צי זאָל איך ווערן איצט קלערער
אויף מיין בעט וואָס ליגט פֿאַרשריבן מיט שניי.

VI

די נאַכט איז ווייס.
די נאַכט איז לאַנג ווי גלות
און איז שטיל מיט קאַרבן אין די אויגן.
אַזוי האָט אין חודש נאָוועמבער
דער ווינט זיין ניגון געצויגן.

הינטער קאַלטע טירן ווייגט איינסופֿיקער ווינטער.
איך חלום פֿון דיר, דו פֿרילינג־פֿלאַטער!

מיין כלה איז ווייס און שמאַכטיקט —
דאָס לעבן פאַריאָכט אונדז מיט טרויער.

אויף מיין שוועל דער פרימאָרגן מיט דינע גלידער
ביז די בלויקייט אַנטרינט.
זיי תפילהדיק צו מיר, צו מיין געביין —
די ליבע אָן דיר איז געוואַלטיק אַליין.

אַזויפיל בלויע פוקסן אין די שטאָטישע היילן
פינטלען פאַרטאַיעטע פייערלעך דורך קאַלטע ווענט.
סופנאַכט איז ווייס,
סופנאַכט איז לאַנג,
די וועלט אויף אַ קייט
וויל מיר גאָרניט דערציילן.

די שטאָט איז ווייס.
די שטאָט אין פרימאָרגן איז קינדיש מילד
און ליגט קונציק אויף ווייך־ווייסע קישעלעך.
און איך
אַ געפאַנגענער אין ווייסן שטראָם
זוך דעם פאַרזיגלטן סוד.
דערפאַר מאָרגנדיק־פרי ווערן וואָליקע רגעס
ברענליכט
אין מיינע בלויע שעהן.
כ׳זוך דעם צאַרטן טאָג צווישן ווייסע בלעטער.

דאָס רעטעניש הענגט איבער מיר —
דאָס ווייסע מעשהלע האָט קיין סופאַנעק,
ס׳איז דער עיקר.
נאָר דאָס גלאָז ביר אין מיין האַנט — אַ בלאָנד באַגער,
דאָס האַרץ, זיי מוחל, איז שטענדיק שכור.

נאָר איך האָב דיר פאַרטרויעט און באַשוואוירן:
ווען עס גייט אין ליבע
בין איך דער פלאַמפילנדער.
דאָס גלאָז ביר פירט מיך שטענדיק צו דעם שוים
פון אומאַנטפלעקטן סוד.

דער ווינט שטעלט די פֿאַרב אין פּנים
איך זאָל ווערן מאַנלעכער.

ווען עס גייט אין ליבע
האָב איך שוין אויסגעליידיקט פֿון אַלע ביימער די זון.
וואָס גייט מיך אָן די קאַלטע שפּיצפֿינגער
פֿונם מאָגערן לעבן
אַז איך האָב זיך היינט אַזוי אינגלדיק געוואַרעמט
אין דיין פּנים,
ציין און האָר.

דער מאָרגן וועט דיך דערמאָנען אין מיין נאָענטקייט.
וועסט קניען אין טרויער אויף אַ בערגל רו און טרייסט.
כ׳טראָג אין זיך דעם ניגון פֿון דיין קוש —
געטראָפֿן.

איך וויל צו דיר קומען,
ערדיש־שטאַרק קומען.
נאָר צו וואָס מיינע זיבן פּאָר שיך
איך קען צו דיר סיי ווי ניט קומען.
באַנאַכט שלאָפֿן אין מיינע שטיגן
און דער ווינט לויפֿט בלינד אויף דיין וועג.
אָ, זינג מיר דאָס לידעלע פֿון הענטשקעס און וואָל,
איך זאָל קענען דערוואַרעמען די ליבע־שרעק.

איך וויל צו דיר קומען.
ערדיש־שטאַרק צו דיר קומען.
נאָר עלנטער ווי דער טרויער מיינע זיבן פּאָר שיך,
איך קען צו דיר סיי ווי ניט קומען.
באַנאַכט צאַפּלט זיך די נאַקעטקייט אויף מיין געלעגער,
עס פֿיבערט אין מיר דאָס ליכט פֿאַרקלערט.

פֿונוואַנען קומסטו ?
באַגלייטסט מיר שטענדיק אין ביכער טויזנט־בלענדיק.
און צינדסט, און זינגסט, און זונסט יונג־לענדיק.

פֿונוואַנען קומסטו ?

ביסט קנעכט, ביסט האַר, ניצחונסט שטענדיק.
ביסט ים מיט פלאַם אומפאַרענדיקט.

פונוואַנען דו קומסט, קום.

פונוואַנען דו קומסט — בלייב אין מיר.
דו האָסט אין דיין קומען אַנטפלעקט מיין הימל,
צו וועלכן איך וואָלט אַן דיר,
צופוס,
קיינמאָל ניט דערגאַנגען.

## VIII

איך האָב דיך דערקענט אין פאַרב פון טאָג.
אין קלאַנג פון וואָך — אַ מיליאַרד.
ביזט ווי די ערד אי אָנהויב און נאָענט —
היינט איז דיין נאָמען אינטים, אומדערוואַרט.

מעלאַנכאָליש ברוין דער נאָוועמבער אין דיינע אויגן.
מיין געדאַנק אין אַלע דיינע ווינקלען אַן אַנגעצויגענע סטרונע.
כ'האָב אָפּגעוואַשן פון זיך דעם צוגעטראַכטן דרימל,
נאָר ניט די רגע וואָס גלעט מיין האַרץ.

דאָס פעלד, אַן אַנגעצונדענער ים.
דער ווינט פאַלט איבער כוואַליעדיקע אַרבוסן.
האַרבסטיקע ביימער אַן אויגן, אַן מיילער,
וויגן זיך אַן לשון,
ווי ביינערדיקע היבדוסן.

שטרענג איז דער הימל און פראַגיל דער טאָג.
דער טרויער אין פעלד אַן שווינונג אין פאַרבלאָזער ירידה.
אַ, האַרץ, זיי דו, מיין צונג אין אַנגעצונדענעם ים —
דער סוף איז פול מיט שטראָף,
די גראָזן שטיל מיט וידוי.

IX

אין וועלדל, ביימטייכל, איז דער מאָלער געשטאַנען
מיט קאָליר־הונגער צווישן די פינגער,
אַ שלל מיט האַרבסט אין די געפּלעמלטע פאַרבן.
דער טאָג,
אַ געפאַנגענער אין צויבער פון ציטער.
די בלעטלעך איבער אים —
פייערדיקע פייגל.

אין וועלדל, ביימטייכל, איז דער מאָלער געשטאַנען
אין פאַרבנפּלעט
פאַבלענדט.
אין מיטן וואַלד איז דער אומעט ווי באַ אַ שלוש סעודות.
יעדער בוים אויף דער קאַנווע אומגלייך און פרום —
און די ערד, פאַרקלערט, צעטראָגן.

נאָר פּלוצלינג —
דער ווינט מיט אַ גזלנישער האַנט
האָט
אָפּגעמעקט דעם מאָלערס פּייזאַזש־אידיליעס.
די ביסל זון אויפן שפּיצפּינזל
איז געוואָרן פרעמדלעך און אומוואויל.
און דער פאַרנאַכט מיט קאַלטע פינגער
איז געקומען פון נאָענטסטן בית עולם.

און כאָטש עס איז ניט צום האַרצן
דעם מאָלער,
די רגעס פון אויסשבתדיקייט,
איז פול דער אַרום אין זיין אויג:
וואָס איז דען נאָך לויטערער —
ווי די שוואַכע גרינען, וואָס קריכן אַראָפּ פון די צווייגן
און גייען,
און גייען
אונטער דעם שטערנשטויב
אין זמנ׳יקן קאַראַהאַד.

# ליבע אין אַ ווינטערנאַכט

I

ווען אַ פויגל פליט פאַרביי —
רופט דער דרום־ווינט מיר צו דיינע זומערדיקע גיטער,
אַנטרינקען זיך מיט פאַרבענקטע שורות
און אויף שפיצפינגער זיך לאָזן צו דיין גוטמאָרגן
וואו ס׳שמעקט מיט זומער און מיט גראָז.

שטיקער הימל ליגן בירושה אין מיינע פאַלעס.
גיב, גיב, גיב,
פאַר מיין פלי אַ געטרייען ווינט.

דאָס ליכטיק שטיקל גלאָז
ווייזט קיינמאָל ניט וואוהין, וואוהין.
אַז דער טאָג ווי אַלע טעג ווערט צערונען,
און דאָס קליינע קריגל מיינס
קען ניט אָנשעפּן מער ווי עס קען
פאַר מיין דורשט,
נאָר דאָס ביסעלע
צו דערפילן די קילע פאַרב
אויף מיינע ליפּן.

אַזוי, צי אַזוי,
דער מאָרגן קומט פריש און מיט אומעט־בלוי.
מיט שטילער אויפריכטיקייט דיך געבענטשט
פאַר דיין זומערדיקן ברויט.
די וואַרעמקייט פון דיין גוטמאָרגן
האָט מיך געפירט צו דיר
וואו ס׳שמעקט מיט זומער און מיט גראָז.

אין דעם ווייסן בוך פון טאָג
איז אַלץ פאַרשריבן.
איך וויל דיר גלויבן.
ס׳קאָן דאָך געמאָלט זיין,
אַז דער בוים, אַן אָנשפּאַר מיט זיין גוף,

איז געווען דער אָנלען צום הימל.
ביז דער פֿאַררייסענער קאָפּ פֿון בוים
האָט זיך געוואָלט דורכשטעכן צום הימלישן קרוין —
האָט די זון אין בוים אַ פֿייער צעצונדן
אינאיינעם מיט וויי,
און פֿאַרצערט,
צעשאָטן די זומערדיקע לבֿושים
וואָס האָט זיך אויסגעליידיקט פֿון זומער.

אַזוי צי אַזוי,
דער מאָרגן פֿאַרקעמט אַ זוניקן שרונט
אויף דער ברעג נאַכט —
און פֿירט מיך שטענדיק צו דיר
וואו ס'שמעקט מיט זומער און מיט גראָז.

ס'איז מיר יעדע רגע אַ שאָד,
ס'איז מיר יעדע רגע אַ סטראָף.
אין פֿאַרביקער בליאונג פֿון שלאָף
זע איך דיין ליבּ — אַ ווייסע הימנע.

ס'איז דיין סוד אין מיר — אַ מדבר,
ס'איז דאָס וואָרט אין מיר — אַ קוואַל.
צו דעם קלאָרן שפּאַן דורך בלויערּאַל
וועל איך זיך אויסשיילן פֿון דער טיף.

ס'איז דיין האַנט אַ וואונדער.
דער הימל פֿול מיט שטערן־זאַמען.
דו האָסט אָנגעשריבן אויף מיין ליפּ דיין נאָמען
פֿון מזרח, מערבֿ, צפֿון און דרום.

דיין עפּל אויף מיין טיש איז קלוג מיט ליבע.
די נאַכט מיט שפּראַך אין ווייטיקדיקן וואונדער.
ניטאָ די פֿרעמדקייט אין אונדז באַזונדער —
מיר ווערן ביידע איינס אין געצאַמטער ליריק.

די נאַכט איז שוואַך און איך בין שטאַרק.
די שעה אַנטהאַלט פֿאַרבאָרגענעם קאַליר.

און ווער עס וועט קומען דער ערשטער צו דיר,
פֿאַר אים די פֿליגל פֿון דיין שכינה.

פֿון קאַלטן ,שנייאיקן געלעגער
די ווייסע חכמה, יונג מיט רוף.
הויב מיך אויף פֿאַר יענעם וייטן טאָג,
ווייל מיין גוף איז יונג און ריין.

און גלוסטעניש — די לענג פֿון מיינע הענט.
כ׳ברענג זיך אַליין פֿאַר אַ קרבן.
און אָט ברענג איך דיר מיין האַרץ,
אַנשטאָט האַלץ,
די עקידה איז פֿאַר אונדז ביידן.

פֿאַרנעם עס אויף אַן אמת.
מיין בלוט וועט די ערד באַפֿאַרבן.
כאָטש קיינער פֿון אונדז וויל זיך ניט לייגן
אַליינאיינער —
איינער.
גיב איך דיר אָפּ, אַלץ וואָס קאָן פֿאַרבלייבן,
אפילו די שטריק און די ביינער.

און אָט איז האַרץ, און אָט איז פֿלאַם,
דער קרבן איז יונג און בלוי.
זאָל זיין געבענטשט אונדזער עקידה —
די נאַכט און איך אויף שוואַרצע שטרוי.

דער אָוונט וואַקסט אין פֿייער און אין שניי.
כ׳בין איצט מיט אַלץ פֿאַרקניפּט.
דער אָוונט אין שניי, אַ ווייסער מאַנוסקריפּט.
די נאַכט וואַקסט אין פֿייער און אין שניי.

ווער עס טראָגט אויף זיך די קרוין און די זינד,
איך טראָג אין זיך, דיך, די קרוינונג און באַלזינונג.
איך שפּיר צו גוט און טיף
דעם טעם פֿון צוים.
ניט פֿאַרדאַרב די רייד וואָס איך האָב פֿאַר דיר

פֿאַרגרייט
ווען די נאַכט וואַקסט אין פֿייער און אין שניי.

די נאַכט מיט שניי ברייט מײַנע ווענט.
איך ווער דער ווילדער לאָרד, כ׳בין זיך מודה.
פֿינלאַנדישער געבלענד
ברענט,
ווילדיקט אין מײַנע וואַלדיקסטע טיפֿן.
פֿון די אײַז־בלויאיקע קליפֿן
לאַנג שוין נישט געהערט גאָט רײדן צו מיר.

ער שנייט מיך אָפּ מיט פֿיל־קאָלירטן קלאַנג.
ער איז ניט ווייט.
ער איז אין מײַן אייביקייט אַרײַן.
און וואָס מער שטורעם, ברייטער דער ים.
שטאַרקער דער פֿעלז —
דער ווינט אין גרויסן פֿלאַטער
פֿאַרברודערט זיך מיט מײַן האַרץ.

די נאַכט אין שניי אויף ווײַסע פֿליגל.
ס׳זילבערט איבער שטעט און לענדער
פֿאַרב, מאַרש און זיג,
פֿאַרוואָרטיקט אין געטלעכן בראשית.

די ווינטער־טעג זענען קאַלט — ווײַסע שוואַנען.
זיי וועלן ווי תּמיד אַוועקשווימען פֿונדאַנען.

און אָט דער שניי ווי שטערן אין צײַט.
דער נס אין וואונדער פֿון פֿאַרבײַט.

עס זינגט דער ווינט צום פֿעלד. שניייפּײלן
ווערן קלאָר אין פֿראָסטיקן אײַלן.

די ביימער געאָרעמט, צעבריסטלט — ווײַסע עפּל.
די שטאָט איז כּלהדיק אין זילבערדיקן נעפּל.

כ׳בין פֿאַרגאַפֿט פֿון שניי און שכור מיט שניי.
די לבֿנה איז מיר געטריי — אייביק אַזוי.

II

דער פראָסט און פייער איבער אַלע לענגן און ברייטן.
דער שניי —
דין און נאַקעט, מילד און רוישלאָז.
שניי אויף מיינע אויגן, געפרוירענע עפל אויף מיינע ליפּן.

די ווייסקייט אַרום מיר מיט רייד פון מיינע אָבות.
דער וועג צום שטערן־מאַרס, מיט אייז און מיט קעלט.
דער ווינט האָט אַראָפּגעשאָקלט אַלע שטערן פון מיינע אַקסלען —
אין מיינע הענט די לבנה בלאָנד און בלענדיק.

כאָטש די נאַכט איז טיף און ווייט
אַזוי ווייט איז דער פראָסט און פייער איבער אַלע לענג און ברייטן.
דער יינגל איר מיר געדענקט אַזאַ נאַכט אין ווינטער —
אַ ווינטער־נאַכט ווילד מיט פליענדיקע אַנטלאָפן.

# רעוועלאַציע

דעם ליבן אָנדענק
דר׳ חיים זשיטלאָווסקי

I

שטערן האָבן דערשפּירט דעם אַראָמאַט
פון אַ יונגן בלאַט.
זיי וועלן איצטריידן
פון דעם נס באַשיידן
פון זיבן נעכט
וואָס זענען געלעגן צווישן אונדז ביידן.

כ׳האָב דיך דערקענט אין פייער־רויטן עפּל.
אין נעפּל
דערזען דיין רונדקייט ווי פולקייט פון ברויט.

איצט ביזטו צויבער און סטרוזניק.
ווי זוניק דיין גאָב —

מײַן צווײַגל פֿול מיט דיר.

דער אָרום איז דין און פֿאַרטראַכט ווי שוואַנען.
פֿונדאַנען
די ווײַט — אין שטורעמדיקן אַגען.

און ווינט ברענגט דעם ברעניקן שפּעטער.
פֿון דײַן פֿאַלעטער
די פֿאַרב, אונדזער בלוט.

II

טעג, ווי צאַפּלדיקע, שוימיקע שטראָמען
שלעפּן מיך צו טונקעלע תּהומען,
נאָר דער באַרג, דײַן גרינער אַקסל פֿאַר מיר.

פּרואוו איך דײַן אָנרעג פֿון ווילן
אין ריזיקע וועלטן פֿאַרוואַרפֿן,
פֿאַטשט מיך דער ווינט אין די שלייפֿן.

האַגלען די רגעס מיט אורטיילס.
די וואָרצלען צעשרײַען זיך אין מײַנע פּיס:
נישטאָ מער קיין שוועל פֿאַר מיר.

רוף איך אַרויס אַ פֿונק
און צינד אָן מײַן יש — דײַן פֿלאַמיקן באָמען.
צווישן מיליאָנען, דו, מײַן אײנציקע שוועל.

III

איך האָב זיך אויסגעבויט אַ הויז
פֿאַר דיר, און פֿאַר דיר, און פֿאַר דיר.
איך ווייס אַז דורך יעדער טיר
וועסטו קומען צו מיר.

דער דאַך אַ זוניק קלאָר
און יעדע טיר איז גרין.

אַ ליכטיק פערדל, גרויס ווי אַ בין
וועט דיך ברענגען צו מיר.

וועסט זיך איילן צו מיר
אין אַ וואָלקן צום ים —
אין אַ זוניקן גלי.

דו וועסט היינט זיין מיט מיר.
כ׳וועל טרינקען דאָס וואָרט,
דיין באַריר.

IV

ביזט אָוועק אין ערדישן פּאַרטרוי וואָס גאָרטנט
מיט אַ נאַקעטן הונגער נאָך זון־צעיוונגער
צעבליט, צעפּרוכפּערט און פּרוּתדיק.

געגענסט צו מיר אין דיינע ערשטוואַלדיקע גרינע בגדים
מיט שאַרפע שכרות פון פעלזיקע שטראָמען
אין פרילינג פון מיין געביין.

ביזט אין מיר מיט זומער־טאָג באַגרינט.
די צאַרטע ערד איז הימיש, באַענט און ליריש.
דער טייך וואַשט דיינע גרינע בגדים
גרונט־אויפיק און סתירהיש —
ווי אין אָנהייב,
דערנאָך
און ווי איצטער.

V

אַלץ איז בלוי, אַלץ איז אויג.
מיר וועלן זיך אַראָפּלאָזן אויף דער ערד
און אָנפילן מיט גנאָד די מענטשלעכע הענט.

אַלץ איז אָנהויב און אַלץ איז סוף.

ניט קיין אָפּדאַכט און ניט קיין געבאַרט.
עס איז דיין וואָרט, שטראָם אין מיין בלוט.

אָדם־ערשטיק די רגע פון כולו פרייד.
און וואָס אייביק ביי דיר,
איז אייביק אין מיר.

VI

לינקאָלנפּאַרק אויפגעוואַכט שפּראָצט מיט גרינע האָר.
איבער מישיגן־לייק פליגלדיקע מעוועס מיט פישלעך אין מויל.
איך שוויַיג.
דער פרימאָרגן שווייגט.
דער פעלז באַם ברעג שווייגט.
כ׳ווער אורשפּרינגלעך אָנהויב און אומגעהויער — אויער.

און מאָדנע זענען כוואַליעס איבער זיך געלאָפן.
דער טייך האָט זיך צאַפּלדיק אַליין אַרומגעוואַשן.
אונטער מיר
און איבער מיר,
אויפגעבליטע שורשדיקע זריעהס —
די טורטל מיט דורותדיקייט, דער בראשית פון פּיזאַזשן.

די נאַכט, ווי עדגאַר עלען פּאָוס טרויער, שכור היינטער מיר.
אפילו וואַסער וואַשט וואַסער אין קלאָרקייט צו ווערן אויפגעלייזט.
אָט דאָ,
באַ ברעג פון שטאָט,
אין אַ שטראַלנפלעט פּאַרטראַגן
דער הימל אַ דורכזיכטיקער בריוו פול מיט טרייסט.

דער ווינט קומט פלוצלומדיק ווי אַ פרישער מעטאַפאָר
דורך טויזנטביימער, אָט דאָ, באַם ברעג פון שטאָט.
כ׳דערשפּיר מיין קינדהייט־לשון
אַף די לעפצן פון מאַמע־ערד,
ווי דענצמאָל אָדם — באַ זיין ערשטן טראָט.

## VII

אָן אויפהער די קנאָספּן באַצווייט און באַדריט
גיבן זיך אַ ריס. צעבליצט מיט לשון.
איצטער איז די שעה פון קלאַנג און ציטער,
כ׳הער קלאָר דעם אָטעם פון וואַלד.

ווי קען דאָס זיין,
אַז אין אַזאַ פרימאָרגן זאָלסטו צו מיר קומען
אַ געפייניקטער!
די נאַכט בלייבט דאָך ניט אייביק נאַכט.
די זון איבער פעלדער און טייכן לויפט איבער פלויט
און פלויט —
ווי מיין פאָלק.
כאָטש דער אומזין שפּאַלט די שעה
איז אַלץ זונפול און זינפול,
דאָ.

זאָל זיין געבענטשט דער אויסגעצערטער קאָפּ באַם פלויט,
הינטער וועלכן ס׳בליט דאָס גרינע לייב פון צייט.
באַ ערשטן אָנריר פון גראָז ווער איך באַפרייט,
ווער פאַרוואַנדלט פון אַ מולד אין אַ זון.
אַזוי־אַ נאָך וועל איך אפשר ס׳פּנים דיינס זען
אויף יעדן שרפהנדיקן שוועל.

איצטער איז די שעה פון קלאַנג און ציטער.
און דער טאָג,
אַ גרינער סאַמעט צווישן וואַלדיקע וואָרצלען
קאָן ניט צערונען ווערן אָן אַ נאָמען.

## VIII

ווי גרין דאַרף זיין דער וואַלד צו וויסן אַז דו, ביזט דאָ?
כ׳קאָן שוין הערן די שפּראַך פון ווילדע מאָנען.
ווי רייף דאַרף זיין דאָס פעלד צו זאָגן: איך בין דיינס.
דו רעדסט צו מיר די שפּראַך פון טיפן אָנען.

דער טאָג אַז ער קומט ברענגט ער מיט זיך דעם פֿאַרנאַכט.
איצט איז מיר ליב די פֿרישקייט פֿון דיין טויאיקן זאַנגל.
איך אַן, אַז ווען דו וועסט קומען איז אויס די נאַכט —
דיין טייך, קלאָרזיכט יעדנס פּנים אַן אַנטפּלעקטער אנגל.

דער זכרון — אַ בין מיט אַ זיסן חלום.
פֿון מיינס אַ ריף האָט זיך עלנט אָפּגעשניטן.
דו האָסט אין מיר דורשט געבוירן, דערפֿאַר דיינע ליפּן,
פֿאַרוואָר, כ׳בין שטענדיק דער איינאונאיינציקער אין קאָסמישן מיטן.

ווי גרין דאַרף זיין דער וואַלד צו וויסן אַז דו, ביזט דאָ ?
כ׳קאָן שוין הערן די שפּראַך פֿון ווילדע מאַנען.
ווי רייף דאַרף זיין מיין וואָרט צו זאָגן : איך בין דיינס.
כ׳ענטפֿער אין דער שפּראַך פֿון טיפֿן אָנען.

IX

אָט דאָ, באַם ברעג פֿון שטאָט,
רעדט רב עקיבא צו מיר דורך פֿעלדישן ווינט :
מיין פֿאַרגאַפֿטן קינד,
זאָג מיר נאָך די געטלעכע גרינע שריפֿט :
כּי טוב !

דער גוף פֿון יונגן בוים רעדט קודם כּל צו מיין אויג :
לאָמיר זיך שטאַרק אַרומנעמען.
האָט דיך ווען געהאַלדזט אַ צווייגל צווישן צווייגן ?
רב עקיבא רעדט צו מיר דורך פֿעלדישן ווינט:
די שטאָט האָט געגליט און איך האָב געבליט,
רב עקיבא רעדט צו מיר דורך פֿעלדישן ווינט :
איך
און דו
און דער בוים, זענען די קינדשאַפֿט
פֿון איין טאַטן — אחד
כּי טוב !

רב עקיבא רעדט צו מיר דורך פֿעלדישן ווינט :

מיין פאַרגאַפּטן קינד,
זאָג מיר נאָך די געטלעכע גרינע שריפט:
כי טוב!

## X

די בלעטער אין ווילדן וואונדער פאַרמערן מיין זומערדיקן לשון.
די פינגער ווערן ליריש און אָפּנהאַרציק מיט וואָרט.
די ערד צעגלימערט מיט שפּראָצן און מיט כישוף.
צווישן מחנות בלעטער מיינע גרינוואַלדיקע וועלטן.

כ׳האָב ליב די זון. די זון מאַכט מיר פריי.
און וואָס פאַרביקער די לופט
מער בלוט פאַר מיין סטראָף.
אַלץ איז חשיבהדיק. אַלץ איז אַנטפּלעקונג.
ביז שכרות, ביז וואַנזין, אונדזערע צעקוועלטע בלוטן.

וואָרהאַפטיק ווי די שוויסטראָפנס אויף יידישן לייב
זענען די זוניקע שעהן צווישן צעפּאַטלטע גראָזן.
מיין געמיט פול מיט באַגער און פול מיט פאַרגיין,
אפילו דער ווינט איבער מיין פייער קען זיי ניט אויסלעשן —
מיין גוף איז בוימעריש און ציט זיך צום הימל מיט אַ הימן.

אין אונדזערע סעדער די פרוכט אין וואַנזיניקע פלאַמען.
אין פלאַטערדיקן גרין.
צי זאָל איך ווי אַ ווינט אַראָפּשפּרינגען פון די פעלזיקע שפּיצן
מערער צעקעמען די צעשויבערטע כוואַליעס
פון מיין יידיש־בלוטיקן ים?

צי זאָל איך?

## XI

דאָס גראָז ליגט אָפּגעפאַרבט.
ניט גרין,
ניט געל —
אַ בהלהשע ברוינקייט פון מיין צייט.

די ברוינע וועלט איז רעאַל.
שוידעראַל
ווי אונדזער לעבנפאַל.
שטערן קומען מיט ברענענדיקע טריט
און פלאַנצן איבער —
אונדזער בלוט,
אונדזער רו,
אונדזער ליבשאַפט.

טעג קומען און טעג פאַרגייען.
נאָר די ערד שפּילט קיינמאָל ניט אין באַהעלטעניש.
פאַרבאָרגן ליגט די זקנהשאַפט
באַ פאַרנאַכטיקע גרעניצן
וואו אורוואַלד און שאָטנס פאַרנטוקלען דעם טאָג.
נאָר די ערד ליגט צעוואָרפן אין אַלע טיילן
פאַר אונדזער אָפּרו —
מיט אַ פעלזיקן רוקן צום אייביקן אַרויפגיין.

טעג קומען און טעג פאַרגייען
נאָר די נעכט זענען הייס און מיט צעשטערונג.
אַ שוואַרצער ווינט האָט אָפּגעווישט
אַ בלימל,
דאָס פּיצל לבנה פון הימל.
ווען איך וועל אפילו שוין אָנצינדן די פאַלירטע נעגל
פון מיין יונג־ווייבס הענט
וועט דער טרויער מיינער ניט ווערן פאַרביקער.

XII

כ׳בלייב שטיין ווי אַ זייגער קעגן שלאָף, קעגן צייט.
די שעה וויל ניט שטאַרבן אין מיר.
כ׳זע די פשטות פון די פעלדער
באַ פאַרנאַכטיקע גרעניצן —
אָן געטלעכע מידות.
נאָר דער ווינט, ווי איך,
זינגט נאָך אונטערן צעשאָסענעם שטיין

אונדזער וואָרט —
מיט פלאַמיקע חסידות.

XIII

די זון האָט געשריבן שטראַליקע לידער איבער מיין ברוינעם לייב.
און אייביק ווי דער ווינט, דאָס ליד, זומערדיק אין די אויערן.
כ׳האָב געניִדערט באַם ברעג פון טייך, געקושט דאָס קוואַליק וואַסער —
קליינע כוואַליעלעך אויף די ליפּן, ווי בלויע טויבן.

ס׳איז גלוטיק־זיס די גאָב וואָס שפּראָצט מיט אַ גרינעם צויבער,
און כישופדיק דער נס וואָס הענגט אָפענער פון הימל.
דער ברעג אַ זאַמדיקער שייטער אונטער פלאַמיקע טריט —
אַ בריאיקע שפּראַך וואָס רעדט צו מיינע פּיס.
כ׳קוש דעם טאָג, כ׳לאָז זיך מיט בענטשנדיקע טריט אין וואַסער.
ס׳רעדט דער שטראָם ווינטלדיק־צאַרט צו מיין גרויסן געדאַרשט
און קוואַלט מיט ליבשאַפט אין מיינע אָרעמס:
אַזוי האָב איך דיך געוויגט און געליבט, אורקינד מיינס,
באַ די ברעגן פון די בבל־טייכן.

די זון האָט געשריבן שטראַליקע לידער איבער מיין ברוינעם לייב.

XIV

ווער ווייס?

צי איז עס דער שאָטן וואָס בינדט די קני פון מיין טאָג
פאַרלאָפן אין מיין ליד?
צי איז עס די לבנה וואָס הענגט ווי אַ גלאָק
און וויל פאַרטומלען איר מיר דאָס ליד?

ווער ווייס?

צי איז עס געוויין פון מיין געשאָכטענעם טאָג
פאַרקנאָטן אין מיין ליד?
צי איז עס די נאַכט וואָס קומט מיט בלענדיקע טריט
און צינדט אָן דעם חלום פון מיין ליד?

ווער ווייס?

די נאַכט פלעמלט־אויף אין מיר מיט חלום און מיט געפּלעכט.
כ׳צייל די וואונדערס און די וואונדן פון מיין צייט.
טייל פאַנאַנדער מיין טאָג און מיין נאַכט —
ס׳קען מיך איצט אַ האַנט פון שלאָף ניט פאַרשליסן.

עס מאָנט, מיין אומרו, שכר, דורך אַלע נאַכטיקע טויערן.
אַזוי, מסתמא,
מאָנט באַם ווינט אַ צעטרייסלטער וואַלד
וואָס וויל ניט זיין מיט שרעק געפאַנגען.

XV

די נאַכט צינדט מיין בלוט:

עס האָט אַ מענטש אָפּגעמעקט און פאַרלאָרן זיין טאָג.
מיט ווינט אין בלויער וועלט זיך געצויגן.
דער מילכוועג איז געווען ווייט נאָר אָן — טויטן.
זיין בלוט — די זוניקע קנויטן.

דער הימל אַ פייערדיקער ניגון אין געשליפענע פלאַמען;

די צייט איז געשוואומען צווישן גוטס און שלעכטס
און פאַרזייט די רו מיט בענקשאַפט, מיט פאַרדראָסן.
דער הימל, אַ באַרעגנטער מיט שטערן
האָט נאַכט, אין אים, ווי אין אָנפאַנג צעגאָסן.

ווער ווייס?

צי איז עס די קינדשאַפט פון מענטש
וואָס בלויט אין מיין ליד?
צי איז עס זיין אייביקע ליבשאַפט נאָך טאָג
וואָס בליט אין מיין ליד?

ווער ווייס?

די נאַכט צינדט מיין בלוט. כ׳וועה נאָענט מיט די שטערן.
דער הימל זינגט אַ פייערדיקן ניגון אין געשליפענע פלאַמען:
די גאולה פאַר דיר, קען זיך שוין מער ניט פאַרזאַמען.
ס׳ווינטיקט מיין בלוט צווישן שערבלעך אין שגעון.
די לבנה, אַ גלאָק, וויל אין מיר פאַרטומלען:
די צייט,
צאָל און ציל —
גאַנצע וועלטן פון מיינע שטאַמען.

די נאַכט זאַפּט איין די זוניקייט פון מיין בלוט.
ביינאַכט בליען אויף די פאַרלאַנגען אַף מיינע וויעס.
ווידער זינגט דער הימל אַ פייערדיקן ניגון אין געשליפענע פלאַמען.
און ווידער שווימט מיין איך אַוועק צום טיפן שורש,
איך, דער וועלטיקער יורש
מיט די זוניקע קנויטן פון אורלעכן באַגינען.

## XVI

רעגנס. נאַדלדיקע רעגנס.
און אונטער זיי — אַ בענקשאַפט פריש צעוואַקסן.

דאָס זאַמד רייצט.
דאָס פייערדיקע זאַמד וויל מיינע פיס באַפאַרבן.
און די זון וואָס צינדט מיין גוף
קען ניט ענדיקן די גרינען פון מיין זומער.

דער טייך צינגלט מיינע פיס־פינגער.
איך, טורטלדיק,
מיט אַ פעקל שטאַטיקייט אויף מיין פלייצע.

איך שווים.
דער טייך קוועלט אָן פון מיינע אָרעמס.
די טיפקייט אין גרינע פלאַמען —
אַ גלוסטונג אומפאַרהוילן.

אָ, פונוואַנען דער בליציקער אויפשניט ?

דער טייך איז פריש און איך בין מיד.
ס׳גייען אויף די געצנדינערישע ריחות אין מיר —
כ׳פאַלצו אָפּן זאַמדיקן בויך
וואָס בריט מיט ליד
ווי אַן אַראַבישער מדבר.

## XVII

איך האָב ליב טויבן.
נאָר איך ווייס קיינמאָל ניט זייערע נעמען.
ווען פרימאָרגן זונלט אין מיינע שויבן,
קומען זיי צופליען, די מחנות טויבן,
(אַ פליגלדיקער ים ווי איינמאָל אין חלום)
און שנאָבלען:
שלום. שלום. שלום.

דער פרימאָרגן אין מיינע שויבן פריש
ווי אין די מעשהלעך פון תרשיש.
אויבן, דער הימל אולטראַ מאַרין,
דער מזרח־פּנים, אַ זוניקער צלם —
מאָרגנט:
שלום. שלום. שלום.

דער טייך בלויט און וואָשט זיך ריין.
און דער ווינט איבער מיין דאַך אין רעפריין,
זינגט:
אָמן. אָמן. אָמן.

## XVIII

מיינע דורות שטייען פאַר מיינע טירן
און זוכן ליכט אין מיינע אויגן.
דעם גאַנצן האַק און פאַק אויף פייער צעבלאָזן.
די האָר אויפן קאָפּ —
פלאַמיקע גראָזן.

די נאַכט, אַ פאַרשייט יורשל, שפּייט מיט זינד.
די נאַכט איבער מיינע דורות ווי שטענדיק
מיט זיגל און ריגל.
די נאַכט ווי שטענדיק
ציט אַרונטער דעם סומנעם חשבון:
דער ציפער פלאַמט,
די בליישטיפט שמעלצט.

מיינע דורות ליגן שטיל אויפן באַרג אין נאַכטקאַשמאַרן.
דער הימל איז טומלדיק
און די לבנה קאַלט.
אַרום זיי —
די ערד ווי אין אָנפאַנג,
אָן אָנהויב און אָן סוף.

## XIX

ס'גליט דער סוד באַם צעשפּאָלטענעם ציגל.
פון אַ מויער אַרויסגעטראָגן מיין גאָט אין אַ וויגל.

ס'שמעלצט דער סוד דורך שלאָס און ריגל,
די זון אין מיינע הענט גלעט מיין גאָטס פליגל.

ווי פאַרביק די גאַס, ווי העל דער פלאַמיקער ניגון.
און יונג איז דער טויט — ער לאָזט זיך פאַרוויגן.

און בלינד איז דער ווינט אויף די פוסטע שטיגן,
און סופיק איז דער טאָג מיט זיין בליציקן ליגן.

דער פייער פליט דורך טויערן און טירן —
געלע פלאַמען אַרום מיין גאָט אַ זומער פון קאַלירן.

## XX

נאַכט,
האָסט אין מיר געבוירן ליבשאַפט,

כאָטש כ׳בין דיין שטענדיקער מת.
און אַלע דיינע קריעת שמעס וואָס כ׳געדענק נאָר,
זיי זענען אַ בערגל שאָטנס צוקאָפּנס איצט —
אַראָפּגעשאָסענע שטערן צווישן נאַסע בלעטער.

צי זאָל איך דיך משפּטן, נאַכט?

דריקסט מיר היינט שווער ווי די טאַנקען אויף צעקאַרבטע פעלדער.
האָסט זיך אויסגעטאָן פון געטלעכן צויבער — גאָר ניט צו וויסן
אַז אויף דאַכאַוס־לינדן גוססן דאָרט דיינע שטערן.
נאַכט, דו ביזט קיינעמס רעטער,
ניין, ניט דו, מיין געוויסן.

דיינע שטערן ריידן איצט אַ טויטע שפּראַך.
און אַלע דיינע ווערטער קענען מער ניט פליען וויט.
כ׳וויס אַז מיין שטח איז ווי דיין ערד ביז גאָר קליין —
איך מיטן געשפּאַנטן פּאַרטרוי, צערונען ווי דיין צייט.

וואָס מער ליכטיקער הימל איבער דיר,
אַלץ מערער טייכן אין בלוטיקן דורשט.
צינד אַ רגע אָן אין מיין חלום מיט נסים גאַלאָר.
און נאַכט אויף מיינע אָרעמס שאַרף און טויט
מיט בליצקריג
וואָר.

## XXI

ער שטייט אינמיטן ערדענעם קרוג און ציילט:
ניט דו, ניט ער און אפשר קיינער.
דער טאָג רעדט אַריין אין די אויערן
דעם בליי און בלאָף פון שאַרפע ציינער.

די טעג ווי זינדיקע שטעקנס מיט אפשר, מיט טאָמער.
די שולד ווערט אַלץ גרעסער, הייסער און רויטער.
ס׳האַרץ צעעפנט אימהדיק און האַסטיק —
דער טויט הענגט זיך אָן אויף דער שעה אַ פּאַרטרויטער.

דער אָוונט אַ פאַרליבטער אין זונבלוט צעשפּילט
איז אָנגעזאָפּט מיט רגעס פון דאָ־ביט־הי.
די שולד ווערט אַלץ גרעסער, הייסער און רויטער,
די רו אַליין פאַלט נאָך רו, צו מיינע קני.

ניטאָ קיין נסים. דער הימל ווי תמיד אַ בוימל קאַרשן.
נאָר יעדער שטערן אַ געצונדענער שאַרבן.
די שולד ווערט אַלץ גרעסער, הייסער און רויטער,
די לופט איז בלייך, די ערד פאַרגייט אין שטאַרבן.

## XXII

האָסט מיט דיין בלוט איבער גראָזן
פאַרשריבן :

ווער עס וועט קומען דער ערשטער צו מיר,
פאַר אים אַ קלייד פון האַרץ אויסגענייט.
און יעדער פאָדעם אַ בלענדיקער שטראַל —
וואָס שיינט דורך אַלץ און אַל.

און קומען זאָל דער איינציקער וואָס קאָן
דורך פעלדער, וועלדער און כוואַליעס.
און זאָגן : כ׳וועל דיך איינוויקלען אין דער פאָן
ווי אין אַ טלית —
אין אַ לאַנדשאַפט פון פאַרב און ליכט.

האָסט מיט דיין בלוט איבער גראָזן
פאַרשריבן :

## XXIII

און קומען זאָל דער ערשטער אָן פראָסט, אָן באַפעל,
צווישן רויך און בלוט מיט תפילה אויף זיינע ליפּצן.
און פלאַמען־פאַרפלאַמען דעם נאַכטיקן פריר
וואָס הענגט ווי דער הימל פרעמד איבער מיר.

און קומען זאָל דער מיט ניט־געקוילעטע שטערן אין די אויגן
דורך פעלדער, וועלדער און דורך כוואַליעס.
און זאָגן: וויקל זיך אין דער פאָן ווי אין פליגל —
דער הימל איז דיין אייביקער טלית.

האָסט מיט דיין בלוט איבער גראָזן
אַזוי פאַרשריבן.

## XXIV

כ׳גיב דיר אָפּ מיין רו,
ווינט און זון —
אַ פאַרמעג.
אין וועג איז ניט גוט צו זיין אַליין.
נעם אויך מיין חלק פלאַם
פון מיין יידישן געביין.

אין וואַלדנאַכט לייכט ניט קיין ליכט.
אין וואַלדנאַכט ווערט דאָס וואָרט קלענער.
טייל פאַנאַנדער פון וואָרט די וואונדערס
וואָס איז טויזנט יאָרן אַלט. —
דערנאָך קלייב צונויף די גופים, די צעשאָסענע,
און הער ווי דיין מאַמעס גאָט וויינט אין זיי —
שטום.

הינטער דער וואַלדנאַכט דערקען זיין פענצטער
און ווער לויטער
און אָפנהאַרציק ווי דיין וואונד.
כדי צו דערזען זיך,
דאַרף מען זיין טויזנט יאָרן אַלט
ווי גאָט אין זיין געשטאַלט.

## XXV

די נאַכט קומט שפּעט. שפּעטער צו מיר.
שטרעק איך אויס די האַנט — באַריר די רו.

דער שד שלאָפט שווער אין שוואַרצן וואַלד.
איך ווער חלום און פליגל, ווי ער ברוך הוא.

דער בוים פון חלום מיט שטערנלירריק.
די פרעמדקייט ווערט וואַרעם, די נשמה גלאַריאַל.
מיר ווערן אַלע איינס, דורך טראַפּנס בלוט און טרערן —
סאַראַ פידלדיקער וואונדער אונדזער לעבנס־קוואַל.

און דאָ און דאָרט די רגעס אָן צוים, אָן גדר.
די פולע לבנה, אַ קאַמעאָ אויף גאָטס האַלדז.
צי אין אַ טייך, צי אין אַ וואַלקן, צי אין אַ פעלד,
מיין נאַכט טונקט זיך שטיל אין אַ ים פון אַלץ.

די נאַכט באַצווינגט, באַפרייט, אַלצדינג איז ערדלאָז און פריי.
כ׳ליג נאַקעט און ווייט פון שטאָטישן געדרודער.
זאָל זיין, מיין טרויער וויל זיך מיט דיין פרייד פאַרקניפּן,
און וויל ניט זיין איינזאַם ווי גאָט אָן אַ ברודער.

## XXVI

די נאַכט, אַ מיסטישע —
אַ תהילים־ייד,
ווערט נתגלה.
דער האַרבסט טראָגט אין זיינע גלידער
די שולד
פאַר אַלץ און פאַר אַלע —
די צייט די פאַטאַלע.

בלעטער דרעמלען אונטער נאַכטיקע הימלען.
זיי ווייסן,
ניט קיין פרעמדער שטיי איך באַ דיין טויער.
דער ווינט שפּילט איבער מיינע ציינער דעם פולן טרויער
פאַר אַלץ און פאַר אַלע —
די צייט די פאַטאַלע.

דר׳ יצחק פאלישוק
שיקאגא

מחבר פון צוויי־בענדיקן ווערק: „די אַנטוויק־
לונג פון באַוואוסטזיין און דער פּראָצעס פון
וויסן״. — פאַרפאַרטיקט אַ דריי־בענדיקע אַר־
בעט: „די אַנטוויקלונג פון יידישן דענקען״.

עס זענען ניטאָ קיינע באַווייזן ווען די חכמה ליטעראַטור איז געשאַפן געוואָרן. זי ווערט געוויינלעך צוגעשריבן צום טונקעלן פּעריאָד פון דער יידישער געשיכטע און זי ווערט אָפט באַטראַכט אין פאַרבינדונג מיט דעם פּעריאָד. מען טוט עס דערפאַר, וואָס אַזוי ווי מען ווייסט ניט ווען זי איז געשאַפן געוואָרן, נעמט מען אָן, אַז וואָלט זי געווען געשאַפן געוואָרן אין אַן אַנדער פּעריאָדע, וואָלט מען וועגן דעם געוואוסט. דערצו פּאַסט זי זיך פּסיכאָלאָגיש צו דעם פּעריאָד . . . פּראָפּ. מ. שזאַסטראָוו האַלט, אַז איוב, שיר השירים און קהלת זענען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אינמיטן פונם דריטן יאָרהונדערט פ. קר.; דאָס, האַלט ער, איז פּסיכאָלאָגיש געווען די פּאַסנדסטע צייט (זע „די סאָנג אָוו סאָנגס" ז. 140). ווערט זי אין דער אַרבעט אויך באַטראַכט אין פאַרבינדונג מיט דעם פּעריאָד . . . דער אָנהייב ווערט געמאַכט מיט איובן, וואָס ווערט אָנגענומען פאַרן עלטסטן און ווערט פאַררעכנט פאַרן וויכטיקסטן ווערק. די הערשנדע מיינונג איז, אַז איוב איז געשאַפן אינם פערטן יאָרהונדערט פ. קר.. מען איז כמעט זיכער, אַז ס'איז ניט קיין איינהייטלעך, נאָר אַ צוזאַמענגעשטעלט ווערק. דער פּראָלאָג און עפּילאָג, נעמט מען אָן, זענען אָדער פריער געשאַפן געוואָרן, אָדער שפּעטער צוגעגעבן געוואָרן צום ווערק. די וואָס נעמען עס אָן, האַלטן, אַז ניט נאָר זענען זיי ניט קיין אינטעגראַלער טייל פונם ווערק, נאָר זיי פאַרמינדערן זיין ווערט דערמיט, וואָס זיי ציען אים אַראָפּ פון זיין פילאָזאָפישן הויך און שטעלן אַוועק גאָט אין ניט קיין שיינער ליכט . . .

אין פּראָלאָג ווערט דערציילט ווי אויף זיין יערלעכן צוזאַמענקונפט מיט די מלאכים באַרימט זיך גאָט פאַרן שטן מיט זיין טייערן און איבערגעגעבענעם קנעכט, איובן. דער שטן ווערט ניט נתפּעל פון גאָטס באַרימעריי און בלייבט געטריי צו זיין צעשטערנדער אויפגאַבע : ער זאָגט צו גאָט, אַז איובס איבערגעבנהייט איז ניט קיין פּלאַטאָנישע, גלאַט אין דער וועלט אַריין, נאָר אַן אויסגערעכנטע : — ס'לוינט זיך אים צו זיין גוט און פרום, ווייל גאָט האָט אים געגעבן אַלץ, וואָס זיין האַרץ האָט געגלוסט . . . זאָל אָבער גאָט דאָס אַלץ פון אים צונעמען און זאָל אים נאָך אַביסל פּלאָגן פיזיש דערצו, וועט איוב אָנהייבן ריידן אַנדערע רייד און ער וועט אויך אַנדערש האַנדלען און וועט אויפהערן צו זיין גוט און פרום . . . גאָט לאָזט זיך איבעררעדן און גיט איבער איובן אין שטנס הענט אַריין ער זאָל צו אים טאָן וואָס ער וויל, נאָר ניט טויטן, און מען וועט זען ווי איוב וועט האַנדלען . . . גאָטס האַנדלונג איז גאָרניט קיין שיינע : — ער גיט איבער זיין בעסטן פריינט צום טייוול אין די הענט, אַז ער זאָל מיט אים עקספּערימענטירן און עס זאָל אים אָנהייבן צו אַרן,

---

דאָס ציטירטע פון איובן איז גענומען פון יהואשעס איבערזעצונג.

וואָס זיין איבערגעבנסטער פריינט ליידט פון די גרויזאַמסטע ווייטיקן און יסורים אומזיסט און אומגישט . . . איז דאָס נאָך ווייניק: — איז ווען איוב קאָן ניט איבערטראָגן די שרעקלעכע ליידן, וואָס ער איז זי־כער, אַז ער האָט זיי ניט פאַרדינט, ווייל ער האָט ניט געזינדיקט און ער קומט אַרויס מיט טענות, דערשיינט גאָט אין עפּילאָג אין אַ שטורעם־ווינט און נעמט זיך באַרימען פאַר איובן מיט זיין כוח און קאָסמישן אויפטו און דערפאַר, הייסט עס, קאָן ער טאָן מיט זיין באַשאַף וואָס ער וויל און איוב קאָן ניט וויסן זיינע וועגן . . . דאָס מיינט גאַנץ איינפאַך, אַז ניט נאָר אַרט אים ניט, וואָס זיין בעסטער קנעכט ליידט אומזיסט און אומגישט, ווייל ער האָט אים איבערגעגעבן דעם טייוול אין די הענט אַריין, נאָר ווען ער באַקלאָגט זיך, אַז ער קאָן שוין די פּייניקונגען ניט איבערטראָגן, שיט ער אים נאָך זאַלץ אויף די וואונדן מיט באַרימעריי, אַז ער האָט זיינע אייגענע חשבונות אין וועלכע מאָראַלע פּראָבלעמען ווערן ניט גענומען אין באַטראַכט. דאָס מיינט פאַקטיש די גאַנצע באַרימעריי, ווייל די פראַגע איז ניט צי ער קאָן דאָס טאָן. — איוב צווייפלט ניט אין זיין מאַכט, נאָר צי מעג ער עס טאָן, ווען ער גיט צו, אַז איוב האָט ניט געזינדיקט.

ס׳איז שווער צו פאַרשטיין, ווי דער מחבר פון פּראָלאָג און עפּי־לאָג האָט ניט געזען, אַז ער טוט גאָט אַ בערישע טובה דערמיט, וואָס ער מאַכט אים זיך צו באַרימען מיט זיין גרויסקייט און מעכטיקייט. געוויס ווייזט עס, אַז דער מחבר איז געווען אַ גאָר גרויסער פּאָעט און האָט גע־האַט אַן אומבעגרענעצטע פאַנטאַזיע, ער האָט פּשוט צעקוועטשט איובן מיט דער געטלעכער מעכטיקייט, אַז „איוב האָט זיך נאָך געשלאָגן על חטא און איוב האָט געענטפערט צו גאָט און האָט געזאָגט: זע, ווינציק וואָס בין איך, וואָס קאָן איך דיר ענטפערן, איך טו אַרויף מיין האַנט אויף מיין מויל, איין מאָל האָב איך גערעדט, און וועל מער ניט ענטפערן, יאָ, צוויי מאָל און וועל עס ווידער ניט טאָן. אָן אַנדער ברירה האָט איוב געהאַט לויטן יידישן באַגריף? וואָס דען האָט אַ רעליגיעזער ייד געקאָנט זאָגן? אָבער מאָראַליש האָט דער מחבר פון דעם טייל פאַרלוירן, מאָראַליש האָט זיין גאָט אַסך פאַרלוירן און דער מחבר האָט עס ניט געוואוסט . . .

נעמט מען אָבער איובן פילאָזאָפיש, זעגען דער פּראָלאָג מיטן עפּי־לאָג אַ בייזאַך, וויכטיק איז דער פילאָזאָפישער עיקר. דער עיקר באַ־שטייט פון דער דראַמאַטישער באַטראַכטונג וועגן דעם זין פון מענטש־לעכן לעבן. עס ווערט אין דער פילאָזאָפישער פּאָעמע געפרעגט צי ס׳איז פאַראַן אַ זין אין לעבן אין אַלגעמיין? און דער עיקר, צי ס׳איז פאַראַן אַ זין אין מענטשלעכע ליידן? און צי ס׳איז איבערהויפּט פאַראַן גע־רעכטיקייט אין דער פירונג פון דער וועלט? אויף די אַלע פראַגן ענט־פערט איוב מיט אַ קאַטעגאָרישן ניין: ס׳איז ניטאָ קיין זין אין לעבן,

און געוויס ניט אין ליידן און עס איז ניטאָ קיין גערעכטיקייט אויף דער וועלט. ער קאָן באַווייזן, אַז ס׳איז אַזוי מיט זיינע אייגענע ליידן. — ער ווייסט, אַז ער ליידט אומזיסט און אומנישט, זיינע טעג זענען געציילטע און נאָך אָט די אַלע ליידן וועט ער פאַרשווינדן אין דער אייביקייט און דאָס וועט זיין דער סוף און דאָס האָט געזאָגט אַ טיף־רעליגיעזער מענטש, וואָס האָט פאַר איין מינוט ניט געצווייפלט אין גאָט און אין זיין הערד שאַפט, צווייפלען אין גאָט איז אים געווען פרעמד.

ער האָט פּראָטעסטירט פאַר דער אומגערעכטער האַנדלונג און האָט געצויגן דעם שלוס, אַז ס׳איז אין אַלגעמיין ניטאָ קיין גערעכטיקייט אויף דער וועלט, און ווען קיין גערעכטיקייט איז ניטאָ האָט דאָס לעבן און דער עיקר די ליידן, קיין שום זין ניט. ער זאָגט: „איך בין אומשול־דיק, מיך אַרט ניט מיין נפש, מיר איז נמאס מיין לעבן. עס איז אַלץ איינס, דערום זאָג איך: דעם אומשולדיקן אַזוי ווי דעם רשע פאַרלענדט ער. ווען די רוט טויטעט פּלוצלינג, שפּאָט ער אויף דעם גוסן פון די אומ־שולדיקע. די ערד איז איבערגעגעבן געוואָרן אין דער האַנט פון רשע, דעם פּנים פון אירע ריכטער פאַרדעקט ער, אויב ניט, ווער דען איז דאָס?״

איובס אויסגאַנגס פּונקט איז: — אַזוי ווי ער ליידט אומזיסט און אומנישט (אַז ער ליידט אומזיסט ווייסט איך „גאָט״ . . .) איז אַ סימן, אַז גאָט קלייבט ניט אויס ווען צו שטראָפן, נאָר די רוט פון צאָרן פאַלט וואו ס׳מאַכט זיך . . . זיין אַנקלאַגע קעגן גאָט איז נאָך אַ שטאַרקערע: ער (גאָט) שפּאָט אויף דעם גוסן פון די אומשולדיקע. איוב זאָגט אויס־דריקלעך, אַז גאָט האָט איבערגעגעבן די וועלט אין די הענט פון רשע און די ריכטער האָט ער געמאַכט בלינד, זיי זאָלן ניט זען קיין גערעכטי־קייט. איוב ווייסט אַז די אַנקלאַגע קעגן גאָט איז אַ זייער ערנסטע, ער פרעגט אָבער, ווי קאָן מען אויף אַן אַנדער אופן דערקלערן זיינע אומ־שולדיקע ליידן. ער גייט נאָך ווייטער אין זיין באַשולדיקונג, ער זאָגט: „אַז איך וואָלט זיך געוואַשן מיט שניי־וואַסער, און געררייניקט מיט לויג מיינע הענט, וואָלסטו דענסטמאָל אין אַ גרובן מיך איינגעטונקען, אַז מיינע קליידער וועלן זיך עקלען מיט מיר. ווארום ניט אַ מענטש, ווי איך, איז ער, איך זאָל אים ענטפערן, מיר זאָלן אינאיינעם צום משפּט גיין. ניטאָ צווישן אונדז קיין אַנטשיידער, וואָס זאָל לייגן זיין האַנט אויף אונדז ביידן״. עס מיינט, אַזוי ווי גאָט איז מעכטיק, טוט ער וואָס ער וויל און דאַרף קיינעם ניט אָפּגעבן קיין חשבון פאַר זיינע מעשים; — ער לאַכט זיך אינגאַנצן אויס פון מענטשלעכע ליידן . . . אָבער אַזוי ווי איוב איז אַ ייד, וואָס אָפּערירט מיט מאָראַלע פּרינציפּן, רופט ער גאָט צו געריכט פון געוויסן; ער ווענדט זיך צו גאָט און זאָגט: „דיין האַנט דערווייטער פון מיר, און דיין אימה זאָל מיך ניט שרעקן. און רוף און איך וועל דיר

ענטפערן, צי איך וועל ריידן און ענטפער דו מיר. וויפל האָב איך זינד און חטאים? מיין פאַרברעך און מיין חטא לאָז מיר וויסן. פאַרוואָס פאַרבאָרגסטו דיין פּנים, און רעכנסט מיך פאַר אַ שונא צו דיר? צי אַ געטריבן בלאַט ווילסט איינשרעקן, און אַ פאַרטריקנטע שטרוי ווילסטו נאָכיאָגן?״

אויף דער פראַגע: פון וואַנען האָט זיך צו אַ שטרענג רעליגיעזן יידן גענומען אַזאַ דרייסטקייט, אַז ער זאָל גאָט אַרויסרופן אויף אַ דין תורה, איז פון אַ היסטאָרישן שטאַנדפּונקט שווער צו ענטפערן, ווייל מען ווייס ניט ווען די יידן האָבן געמאַכט זייערע אנקלאַגן קעגן גאָט, (מען ווייס ניט ווען איוב, אָדער די אנקלאַגעס אין אַלגעמיין, זענען געמאַכט געוואָרן (לויט סאלאמאן שעכטערן אונטערשיידן זיך די מיינונגען ווען איוב איז געשריבן געוואָרן אויף אַזויפיל, אַז אייניקע נעמען אָן 1320טן יאָר פ. קר. און אַנדערע נעמען אָן אַזוי שפּעט ווי 200 יאָר פ. קר. זע „סטודיעס אין דזשודאַאיזם״ סעקאָנד סיריעס ז. 46).

דער אויסדרוק אָנקלאַגעס, בלשון רבים, איז גענוצט געוואָרן מיט אַ כיוון, ווייל איוב איז ניט קיין אויסנאַם. מען באַגעגנט זיך אין תהילים מיט אַ היפּש ביסל באַקלאַגענישן, אויב ניט קיין דירעקטע באַשולדיקונגען, הגם אויך זיי זענען פאַראַן. עס איז גענוג צו דערמאָנען די קאַפּיטלען: עג, קב, ווי ביישפּילן פון אַן אומגעהויערער צאָל יאָמערן און קלאָגן אויפן ניט־פאַרדינטן גורל . . . איובס איז נאָר די שטאַרקסטע און אויסגעהאַלטנסטע אָנקלאַגע קעגן גאָט . . .

ווען מען קאָן אויף דער פראַגע ניט ענטפערן היסטאָריש, קאָן מען אויף איר ענטפערן פּסיכאָלאָגיש. אין דעם ערשטן טייל פון דער יידישער געשיכטע זענען דערשינען די נביאים און האָבן אָנגעהויבן אַ קאַמף אין נאָמען פון אַ מאָראַלן גאָט, וועלכער פאָדערט פון זיין פאָלק גערעכטיקייט. דער גאָט האָט ענדלעך געזיגט און אין בבל איז ער פון די יידן פולשטענדיק אָנגענומען געוואָרן און זיי האָבן אָנגענומען „זיין״ תורה פאַר זייער קאָנסטיטוציע. — פּסיכאָלאָגיש איז דער בונד פון יהוה, ווי דער אוניווערסאַלער מאָראַלער גאָט, פון די יידן אָנגענומען געוואָרן אין בבל. דערפאַר האָט זיי „גאָט״ צוגעזאָגט הרים וגבעות . . . ווען אָבער פון אַלע צוזאָגונגען האָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזט, איז געווען נאַטירלעך, אַז דיזעלבע יידן, וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט נביאים, וואָס האָבן אַזויפיל געדונערט אינם נאָמען פונם אוניווערסאַלן עטישן גאָט, צו וועלכן זיי האָבן זיך אַליין דערטראַכט, זאָלן אונטער די געענדערטע באַדינגונגען, אַרויסברענגען „סופרים״, וועלכע האָבן דעמזעלבן מאָראַלן ווײ־געשריי, געווענדט אין דער קעגנגעזעצטער ריכטונג: — פון די יידן צו גאָט . . . פּסיכאָלאָגיש האָט מען פאַר זיך דיזעלבע מאָ־

ראַלע דערשיינונג, זי איז נאָר געווענדט פאַרקערט . . . פאַרשטייט זיך, אַז קעגן גאָט קאָן מען ניט אָנווענדן ענלעכע וואָרנונגען, ווי „ער האָט גענוצט" און געוויס האָבן עס די שטרענג־רעליגיעזע יידן ניט גע־קאָנט טאָן, דערפאַר האָט מען ענדונגען, וועלכע שטעלן מאָראַליש ניט צופרידן (אייגנטלעך האָט נאָך נביא חבקוק זיך באַקלאָגט אויף גאָט . . .). מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז אין דער צייט ווען „איוב איז געשריבן גע־וואָרן האָבן די יידן ניט געוואוסט פון קיין „יענער וועלט", דער שכר ועונש האָט געדאַרפט אויסגעטיילט ווערן אויף דער וועלט; דערפאַר דער ווײ־געשריי „צדיק ורע לו רשע וטוב לו". איוב קאָן אײַנגאַנצן ניט פאַרשטיין וואָס קומט דאָ פאַר מיט גאָט אין זיין באַציאונג צו די מענטשן. ער זאָגט: „דער מענטש געבוירן פון אַ פרוי, האָט קורצע טעג און זאַט פאַרדרוס. ווי אַ בלום קומט ער אַרויס און ווערט פאַרשניטן, און ער אַנטלויפט ווי אַ שטן און באַשטייט ניט. און אויף אַזעלכע האַלסטו אָפן דיינע אויגן? און מיך ווילסטו ברענגען צום משפט מיט דיר? ווער קאָן מאַכן ריין פון אומריין? קיין איינער ניט. אויב זיינע טעג זענען צוגעשניטן, די צאָל פון זיינע חדשים זענען באַ דיר, גרענעצן האָסטו אים געמאַכט וואָס ער קאָן ניט אַריבער, קער זיך אָפּ פון אים, כדי ער זאָל האָבן רו, ביז ער וועט דערפילן ווי אַ געדונגענער זיין טאָג".

וואָרום פאַר אַ בוים איז דאָ אַ האָפענונג, אַז ער ווערט אָפּגעשניטן באַנייט ער זיך ווידער, און זיין שפּראָץ הערט ניט אויף. אַז אַלט אין דער ערד ווערט זיין וואָרצל, און אין שטויב שטאַרבט אָפּ זיין שטאָם, פון ריח און וואַסער בליט ער אויף, און לאָזט ריטלעך אַרויס ווי אַ פלאַנ־צונג. אָבער אַ מאַן שטאַרבט און פאַלט אַוועק, און פאַרגאַנגען דער מענטש, און וואו איז ער? וואַסערן גייען אַוועק פון ים, און אַ טייך ווערט אויס־געטריקנט און טרוקן, און דער מענטש לייגט זיך און שטייט ניט אויף, ביז קיין הימל וועט ניט זיין וועלן זיי זיך ניט אויפכאַפּן, און ניט אויפ־וואַכן פון זייער שלאָף . . . אַז אַ מענטש שטאַרבט וועט ער דען לע־בעדיק ווערן?!

אַזוי רעדט ניט איינער, וואָס האָט אַ באַגריף וועגן אַ „יענער וועלט" און אַז שכר ועונש ווערט דאָרט אויסגעטיילט. איוב און זיין צייט, האָט ניט געהאַט דעם קלענסטן באַגריף וועגן עסקאַטאָלאָגיע, וואָס איז באַ די יידן אַנטשטאַנען אַסך שפּעטער אום טאַקע צו „לייזן" דעם איוב פּראָב־לעם . . . און נאָך עפּעס, איוב האָט איינגעזען דאָס, וואָס דר' מאַקדאָ־נאַלד און אַלע טעאָלאָגן ווילן ניט, אָדער קאָנען ניט איינזען און דאָס איז, אַז דער ייד האָט טאַקע, לויט זיין דענקען זיין פרייהייט, ניט אַוועק־געגעבן: פרייווויליק איז ער ניט געוואָרן קיין פאַטאַליסט אין זיין איי־גענעם דענקן. אָבער דער אַלמעכטיקער „גאָט" האָט, לויט איובן, די

פרייהייט באַ אים סיי ווי צוזאַמענומען. „ער״ (גאָט) האָט „זיינע״ (דעם מענטשנס) טעג צוגעשניטן . . . ביז ער וועט דערפילן ווי אַ געדונגע־נער זיין טאָג. דער מענטש וויל טאַקע זיין פריי, אָבער „גאָט״ לאָזט ניט...

ווען איוב פּאַרלירט מיטאַמאָל אַלע זיינע זין און טעכטער, זיין גאַנצן האָב און גוטס און ער ווערט נאָך געשלאָגן מיט קרעץ (נאַטירלעך, אַז ער ווייסט ניט, אַז גאָט האָט אים איבערגעגעבן דעם שטן אין די הענט אַריין, ער זאָל אויף אים עקספּערימענטירן), קומען זיינע פריינט אים טרייסטן. ווען אָבער ער הייבט זיך אָן באַקלאָגן פאַר זיי, אַז ער ליידט אומזיסט, אַז ער האָט ניט געזינדיקט, איז אַנשטאָט אים צו טרייסטן, בעמען זיי זיך אָן פאַר גאָט, אַז ער שטראָפט ניט אומזיסט. עס אַנטוויקלט זיך אַ וכוח, אַ מין דיסקוסיע צווישן איובן און זיינע פריינט. אויסער דעם פּראָלאָג און עפּילאָג, באַשטייט דער אינהאַלט פון אָט דער דיסקוסיע: — זיינע פריינט באַמיען זיך אים צו דערוויזן, אַז גאָט שטראָפט ניט אומ־זיסט און ער אַרגומענטירט, אַז ער איז אומשולדיק. זאָגט צו אים איפז פון תימן: „דערמאָן זיך נאָר, ווער איז אומשולדיק אונטערגעגאַנגען, און וואו זענען רעכטפערטיקע פאַרטיליקט געוואָרן. ווען דליק איך האָב געזען, איז די וואָס אַקערן אומרעכט, און זייען אומגליק, זיי שניידן עס״. און אַ צווייטער זאָגט אים: „וועט דען גאָט פאַרדרייען דעם משפּט? און וועט דער אַלמעכטיקער פאַרדרייען די גערעכטיקייט״ און אַז. וו. איוב ענטפערט: „איך ווייס אַז אַזוי איז עס — און ווי קאָן אַ מענטש גערעכט זיין קעגן גאָט? אַז ער זאָל וועלן זיך קריגן מיט אים — וואָלט ער ניט געקאָנט ענטפערן איינס פון טויזנט. קלוג אין האַרצן און שטאַרק אין כוח — ווער קאָן זיך עקשנען קעגן אים און אַרויס גאַנץ? דער וואָס רוקט איבער בערג און זיי מערקן ניט, ווען ער קערט זיי איבער אין זיין צאָרן, דער וואָס טרייסלט אויף די ערד פון איר אָרט, אַז אירע זיילן ציטערן. דער וואָס הייסט דער זון, און זי שיינט ניט, און די שטערן פאַרחתמעט ער, ער האָט אויסגעשפּרייט די הימלען אַליין, און ער טרעט אויף די הויכן פון ים. ער האָט געמאַכט די בערנשטערן, דעם אָריען און דעם זיבנשטערן, און די קאַמערן פון דרום. ער טוט גרויסע זאַכן אַזש ניט צו דערפאַרשן, און וואונדער אַזש אָן אַ צאָל. אָט גייט ער מיר פאַרביי און איך זע אים ניט, און ער ציט דורך און איך מערק אים ניט. אָט כאַפּט ער אַוועק, ווען קאָן אים אָפּהאַלטן? ווער קאָן אים זאָגן וואָס טוסטו? גאָט קערט ניט אָפּ זיין צאָרן, אונטער אים האָבן זיך געבויגן די העלפער פון רחב. קלייבן מיינע ווערטער קעגן אים? וואָס אפילו איך זאָל גערעכט זיין, קאָן איך ניט ענטפערן, בעטן מוז איך באַ דעם וואָס משפּט מיך. אפילו איך זאָל רופן און ער זאָל ענטפערן, וואָלט איך ניט גלויבן, אַז ער האָט פאַרנומען מיין קול. ער וואָס צערייבט מיך מיט

שטורעם־ווינט, און מערט מיינע וואונדן אומזיסט. ער לאָזט מיר מיין אָטעם ניט אָפּציען, נייערט ער זעטיקט מיך מיט ביטערנישן. אויב אין כוח איז ער מעכטיקער, און אויב אויף אַ משפּט, ווער קאָן מיך לאָדן? אפילו איך זאָל זיין גערעכט, וועט מיין מויל מיך פאַרשעלטן, איך מעג זיין אומשולדיק, וועט ער מיך מאַכן קרום".

אַזוי קומט פאָר דער וויכוח איבערן גאַנצן בוך; זיינע פריינט ווילן אים איבערצייגן, אַז גאָט איז גערעכט, ער שטראָפט ניט אומזיסט און ער האַלט אין איין באַשולדיקן גאָט פאַר זיינע האַנדלונגען, אַז ער טשעפּעט זיך צום מענטשן גלאַט אין דער וועלט אַריין. אין אַ צווייטן ענטפער צו זיינע פריינט, ווענדט ער זיך מיט זיינע פראַגן צו גאָט. ער פרעגט: „וואָס איז דער מענטש וואָס דו האַלטסט אים אַזוי גרויס און וואָס דו האָסט אים שטענדיק אין זינען? און דו דערמאָנסט זיך אין אים יעדן פרימאָרגן און יעדע רגע פּרובירסטו אים אויס . . . איז האָב איך גע־זינדיקט, וואָס קאָן איך האָבן געטאָן דיר, דו היטער פונם מענטשן? פאַרוואָס האָסטו מיך געמאַכט פאַר אַ ציל פון דיין אָנפאַל? פאַרוואָס פאַרגיסטו מיר ניט מיינע זינד, שאַפסט ניט אָפּ מיין פעלשונג? ווייל אָט באַלד לייג איך מיך אין שטויב, און זוכסט מיר, בין איך שוין ניטאָ". און נאָך אַ טענה האָט ער צו גאָט: „פאַרוואָס גיט ער ליכט דעם וואָס מאַטערט זיך, און לעבן די פאַרביטערטע אין געמיט? די וואָס וואַרטן אויפן טויט, און ער קומט ניט, און זיי אַקערן נאָך אים מער ווי נאָך אוצרות; די וואָס וואָלטן זיך פרייען מיט שמחה, וואָס וואָלטן קווועלן, אַז זיי וואָלטן געפונען דעם קבר" און אַז. וו.

פאַרשטייט זיך, אַז די ליטעראַרישע פאָרמע פונם וויכוח דאַרף אויס־געלאָזט ווערן, דער איוב פּראָבלעם איז וויכטיק צוליב די ראַנגלענישן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין אַ טיף־רעליגיעזער נשמה, וואָס איז גע־קומען אין ווידערשפּרוך מיט די פּאַסירונגען פון לעבן. זאָגט פּראָפע־סאָר זשאַסטראָף, אַז בּאַ איובן איז אַנטשטאַנען אַ ווידערשפּרוך אין דער „אַנטוויקלונג פון דער אידייע וועגן גאָט אין דער עטישער ליניע".— אינם ראַנגלען זיך פון אַ רעליגיעזער נשמה, וואָס האָט געוואָלט מאַכן שלום צווישן זיין רעליגיעזן גלויבן מיט די פאַקטן פון דערפאַרונג. די מחברים פון דעם בוך, איוב, כאָטש זיי זענען געווען רעוואָלוציאָנערן, האָבן זיי קיינמאָל ניט אַריבערגעטראָטן די גרעניצן פון גלויבן. זיי האָבן נאָר פּראָטעסטירט, אַז דער פּראָבלעם, מיט וועלכן איוב ראַנגלט זיך, קאָן ניט דערקלערט ווערן מיט דער הילף פון די אָנגענומענע אַרגומענטן, אַז ליידן איז אַ רעזולטאַט פון זינד און אַז די וואָס ווערן געשטראָפט, פאַר־דינען די שטראָף (זע „די בוק אָוו דזשאב" ז. 186).

אייַן קלייניקייט: די מחברים (ער נעמט אָן, אַז ס׳איז געווען מער ווי איין מחבר) האָבן גאָר ניט געגלויבט, אַז גאָט איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט; אָבער אין גאָטס הערשאַפט האָבן זיי יאָ גע־גלויבט . . . אָבער וואָס קומט אַרויס פון גאָטס הערשאַפט, אויב קיין גערעכטיקייט הערשט ניט אין דער וועלט? זאָל זיין, אַז גאָט איז גרויס און מעכטיק, ער קאָן טאָן וואָס ער וויל, אויב אָבער ער איז ניט באַ־הערשט פונם געפיל פון גערעכטיקייט, פאַרלירט ער זיין געטלעכע באַ־דייטונג . . . מען קאָן זען, אַז די פילאָזאָפישע באַדייטונג פון דער פּאָ־עמע באַשטייט אין דעם, וואָס עס ווערט אין איר, אויף אַ גאַנץ איינפאַכן און העכסט קינסטלערישן אופן, באַטראַכט דער וויכטיקסטער פּראָבלעם, וואָס אינטריגירט דעם מענטשלעכן געדאַנק אַלע צייטן, נעמלעך: וואָס איז דער זין פון לעבן און ספּעציעל וואָס איז דער זין פון ליידן. די ביידע פראַגן זענען פונדאַמענטאַל פאַרן רעליגיעזן מענטשן. די צווייטע פראַגע איז אָבער אַ סך אַ וויכטיקערע פון דער ערשטער פראַגע, ווייל אין איר ווערט גאָט געשטעלט צום משפט: איוב פרעגט גאַנץ איינפאַך באַ גאָט: זאָל זיין איך האָב געזינדיקט (עס דאַרף באַטאָנט ווערן, אַז ער גיט עס ניט צו . . .), איז וואָס האָב איך דיר אַזעלכעס געטאָן? און ער פרעגט נאָך מער: צי דאַרף איבערהויפּט דער אַלמעכטיקער היטן דעם מענטשן אויף טריט און שריט, טאָמער באַגייט ער אַן עוולה? מיט דער פראַגע ווערט אָפּגעפרעגט דער געטלעכער סדר פון דער וועלט און עס ווערט געטאָן אין אַזאַ מין קאָנקרעטער פאָרמע, אַז די פראַגע איז אַזוי בולט איצט, ווי זי איז געווען מיט דריי און צוואַנציק הונדערט יאָר צוריק, ווען זי איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן . . .

ווי פריער געזאָגט, איז אַ גאַנץ גרויסער חידוש, וואָס אין דער שטרענג רעליגיעזער יידישע אַטמאָספערע זאָל געשאַפן ווערן אַ ווערק, וואָס שטעלט אַ פראַגע־צייכן אויף גאָטס גערעכטיקייט. דאָס צוזאַמען מיט די ניט־יידישע נעמען פון די העלדן פון דער דראַמע, האָט אייניקע געמאַכט צווייפלען צי די פּאָעמע איז אינגאַנצן אַ יידישע. ערנסט אָבער נעמט קיינער ניט דעם צווייפל, ווייל ווי דזש. אַדאַם סמיטה זאָגט, אַז אַזאַ עטישער פּראָבלעם האָט אין דער אַלטער וועלט אין ערגעץ, אויסער דעם יידנטום, ניט געקאָנט אַנטשטיין. דאָס עטישע אינם אידנטום איז אָריגינעל יידיש (זע „די לעגאַסי אָף איזראַעל״, אָריינפּיר). איז פאָרט די פראַגע: ווי דערקלערט מען דעם אַרויסטריט קעגן גאָט? דער ענט־פער דאַרף זיין אַזאַ: די יידן, וואָס האָבן מיט זייער טיף מאָראַלן גע־פיל, זיך דערטראַכט צום עטישן מאָנאָטעאיזם, האָבן מיט דער הילף פון דעמזעלבן מאָראַלן געפיל, איינגעזען, אַז „גאָטס״ פירונג איז גאָרניט אַזוי כשר־וישר, ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַן עטישן גאָט . . . און איינ־

געזען האָבן זיי עס דעמאָלט, ווען פון אַלע „זיינע" הבטחות האָט זיך אויס־געלאָזט אַ בארג אַש . . .

ווען מען באַטראַכט זיי פּסיכאָלאָגיש, קאָן מען זאָגן, אַז איוב און די אָנקלאַגן אין די קאַפּיטלעך תהילים, זענען באַשטאַנען פון אַ מין אַנטיקלימאַקס קעגן די שאַפונגען פון די נביאים. זיי קאָנען מיינען: זע, גאָט, מיר האָבן דורכגעפירט אונדזער טייל פונם בונד מיט דיר, ווי די תורה און די נביאים האָבן עס געפאָדערט פון אונדז. מיר גלויבן אין דיר באמונה שלמה און מיר דינען דיר מיטן גאַנצן האַרצן. איצט, ליבער גאָט, וואו איז די צוגעזאָגטע גערעכטיקייט פון דיין זייט?

אין דער קורצער אָפּהאַנדלונג וועגן איובן איז באַטראַכט געוואָרן דער צענטראַלער פּראָבלעם, ווי ער ווערט פילאָזאָפיש אינטערפּרעטירט: — זיינע פיזישע ליידן האָבן איובן געפירט צום געדאַנק, אַז אין דער וועלט הערשט ניט קיין מאָראַלע אָרדענונג, אַז גאָט רעכנט זיך ניט מיטן מענטשן און ניט מיט זיינע גוטע מעשים און אַז אָדער ער האָט די וועלט איבערגעגעבן אין די הענט פון שטן, ער זאָל אין איר טאָן וואָס ער וויל, אָדער ער האָט געלאָזט דעם צופאַל הערשן אין איר . . .

די מיינונג קאָן יעדער איינער אַרויסלייענען פון איובן, עס איז אָבער ניט די איינשטימיקע מיינונג. עס זענען אויך פאַראַן אַנדערע מיי־נונגען וועגן דעם צענטראַלן געדאַנק אין איובן. אין זיין אָפּהאַנדלונג „איוב, אַ פּאָעמע פון דעם יידישן פרייעם געדאַנק" ציט דר' זשיטלאָווסקי דעם שלוס, אַז „אין זיין פאַרזענלעכן פאַל האָט ער (איוב) דערבליקט דעם גורל פון דעם מענטשן איבערהויפּט און זיין נשמה איז אויפגעציטערט געוואָרן פון דעם שוידערלעכן אמת, וואָס האָט זיך פלוצים אַנטפּלעקט פאַר זיינע אויגן. ער האָט זיך דערפילט ניט דעם איוב, אָט דעם באַ־שטימטן ליידנדן יחיד, נאָר דעם מענטשן, דאָס שפּילכעלע אין די הענט פון דער אַלוועלטלעכער מאַכט" (ב. 1 ז. 213). אין אַלגעמיין איז דר' זשיטלאָווסקיס אָפּהאַנדלונג אַ זייער אינטערעסאַנטע און אַ ריכטיקע. זיין שלוס, אַז „זיין נשמה איז אויפגעציטערט געוואָרן . . . ער האָט אין זיך דערפילט ניט דעם איוב . . . דעם ליידנדן יחיד, נאָר דעם מענטשן" און אַז. וו. קאָן ניט אָנגענומען ווערן דערפאַר, וואָס דאָס מיינט, אַז דער אַזוי אָנגערופענער „וועלט שמערץ" האָט שטאַרקער און טיפער געווירקט אויף איובן ווי זיינע אייגענע פיזישע ליידן . . . אויסער דעם, וואָס מען זעט ניט דעמדאָזיקן שלוס אין דער פּאָעמע גופא, איז עס ביאָלאָ־גיש און פּסיכאָלאָגיש אַ פאַלשער שלוס: די סוביעקטיווע עמאָציעס ווירקן שטאַרקער פון דער קאַלטער און אָביעקטיווער אַבסטראַקטער לאָגיק. ווי קאָן מען איבערהויפּט פאַרגלייכן אַן אַבסטראַקטן, מען קאָן זאָגן, אַן אַלטרואיסטישן געדאַנק, מיט פיזישן פּיין צו וועלכן עס ווערט נאָך צו־

געגעבן דער באוואוסטזיין פון אומשולד? ניין, דער שלום איז אינגאנצן א פאלשער, אי ביאלאגיש, אי פסיכאלאגיש: איובסליידן זענען ניט געווען פאראורזאכט פון „וועלט שמערץ״, כאטש א פילאזאפיש געשטימטן לייענער וואלט זיך געוואלט אזוי זיי צו אינטערפרעטירן . . .

ווען מען באטראכט איובן פון דעם פילאזאפישן שטאנדפונקט, זענען דער פראלאג און עפילאג א שטערונג און, ווי פריער געזאגט, זענען איוב־קאמענטירער גענייגט אנצונעמען, אז די טיילן באלאנגען ניט צו דעם מחבר פון די דיאלאגן. עס הערשט א מיינונג, אז די מעשה איוב האט עקזיסטירט לויטן פראלאג און עפילאג (אן ענלעכע אויף איובן מעשה איז פאראן וועגן די ליידן פון א קעניג פון בבל; זי ווערט איבערגעגעבן פון פראפעסאר זשאסטראוון אין זיין „איוב״. אין איר איז אבער ניטא דער איוב־פראטעסט און מאראלער מאמענט: אין איר הערשט די בור־דיסטישע רעזיגנאציע). האט א געניאלער דענקער און פאעט צו דער מעשה צוגעגעבן דעם פילאזאפישן טייל. פארשטייט זיך, אז דאס איז ניט מער ווי א השערה.

טרעט מען צו צו דער איוב פאעמע פון דעם ליטעראריש־פסיכא־לאגישן שטאנדפונקט, קאן זי באטראכט ווערן פאר אן איינהייטלעכער שאפונג. דאס טוט דזש. מעקעקניע אין זיין בוך איוב (דזשאב). ער נעמט אן דעם פראלאג פאר אן אריינפיר אין דער דראמע און מיטן עפילאג פארענדיקט זיך די דראמע. פון דעם ליטערארישן שטאנדפונקט איז זיין אפהאנדלונג זייער אינטערעסאנט. ער באשעפטיקט זיך אסך מיט דער פסיכאלאגיע פון דעם קאנפליקט פון איובן מיט זיינע חברים. דאס אלץ, הגם עס איז זייער אינטערעסאנט און איז געשריבן מיט גרויס פארשטענ־דעניש און טאקע אויך מיט טאלאנט, איז אויסער די גרענעצן פון דער ארבעט. וואס אין זיין אפהאנדלונג איז וויכטיק פון דעם שטאנדפונקט פון דער ארבעט און צוליב וואס מעקעקניע ווערט באטראכט, איז וואס ער אינטערפרעטירט גאטס דערשיינונג ווי א מיסטישע איבערלעבונג אין איובן גופא: עס זאל פארקומען א מין פסיכישע ענדערונג אין איובס דענקען און ער דערזעט די קאסמישע דערשיינונגען אין אן אנדער ליכט און גאט קומט ארויס א גערעכטער אין איובס אייגענע אויגן . . .

דאס איז אן אלגעמיין טעאלאגישע אינטערפרעטאציע פון איובן (אויך יידישע טעאלאגן פון אלע דורות טייטשן אויס איובן אזוי . . .). ווען מען איז מיסטיש גענייגט, קאן מען באאיינפלוסט ווערן פון מעקעק־ניעס אויסערגעוויינלעך גוטער אפהאנדלונג; ווען מען איז אבער א ניכ־טערער ראציאנאליסט, קאן מען זיין אויסטייטשונג ניט אננעמען פאר צוויי טעמים: ווען דאס זאל זיין דער צענטראלער געדאנק פון דער פאא־עמע וואלט „גאט״ געדארפט ארויסקומען מיט נייע און מאראליש־אי־

בערצייגנדע אַרגומענטן, וואָס זאָלן קאָנען ווירקן אויף איובן מיט זייער גערעכטיקייט, און ניט „גאָט" זאָל זיך באַרימען מיט זיין כוח און מיט זיינע אייגענע אינטערעסן אין וועלכע דער מענטש שפּילט ניט קיין שום ראָלע. „גאָט" גיט קיין שום נייס ניט צו: איוב האָט דאָס אַלץ פריער געוואוסט און האָט עס אַליין געזאָגט. „גאָט" האָט גאָרניט צוגעגעבן, אַז ס׳זאָל געוועזן קאָנען ווירקן אויף איובן, אַז ער זאָל זיך פסיכיש ענדערן. וואָס ס׳איז אָבער נאָך וויכטיקער איז, וואָס „גאָטס" דערשיינונג ענדערט ניט דעם פּראָבלעם וועגן דעם זין פון לעבן און פון מענטשלעכע ליידן: איובס אָנקלאָגע קעגן גאָט ווערט ניט פאַרענטפערט: איוב צווייפלט ניט אין גאָטס כוח, ער פרעגט נאָר צי מעג ער מאַכן מענטשן ליידן אומזיסט און אומנישט. קיין מאָראַליש באַרעכטיקטן ענטפער גיט „גאָט" ניט און פונם מאָראַלן שטאַנדפּונקט קאָן „ער" אַזאַ ענטפער ניט געבן . . . אין דעם ליגט טאַקע די באַדייטונג פון דער פּאָעמע: זי האָט אַוועקגעשטעלט אַ פונדאַמענטאַלן פּראָבלעם, וואָס די טעאָלאָגן פון אַלע צייטן קאָנען אים ניט דערקלערן . . .

**מ אַ ט ע ס   ד ײ ט ש**
**פּאָעט־עסייאיסט**
**שיקאגא**

אַרויסגעגעבן די ביכער: „אינם לאַנד פון די יענקים" — „צווישן ימען און פלאַמען" — „אליהו", נייע ווערסיע צו מענדלסאָנס אָראַטאָריע — געווען הויפּט רעדאַקטאָר פון דער „מיד־וועסט־מערב אַנטאָלאָגיע" און „בריקן" — באַטייליקט זיך אין די אָפּאַטאָשו־לייוויק „זאַמלביכער" — „אינזיך" — „צוקונפט" — „באָדן" — „יידישע קולטור" — „ליטעראַרישע בלעטער" — „המשך" — „שפיגל" — „שיקאגא" — „קוריער" — „האַמער" — „פרייהייט" — „אויפקום" — „יונג שיקאגא" — „אינאיינעם" און אַנד.

(אַן עקספּאָזע פון פּאָעטישע חלומות און צווייגעשטאַלטיקייט)

# 1

יעקב גלאַטשטיין איז דער פּראָדוקט פון צוויי יידישע וועלטן — די יידיש־פּוילישע און די יידיש־אַמעריקאַנישע; דעריבער ווען ער איז אין איינער, חלומט ער פון דער צווייטער, און ניט נאָר חלומט ער, ער פּרובירט זיי צוזאַמענבינדן, מאַכן פון ביידע עקסטרעמע פּאָליוסן איין שייכות, איין המשך — איין יידנהיים, אַן אויסגעחלומטע יידנהיים.

דאָס איז בנוגע טראַדיציע, השפּעה, טעמאַטיק, שפּראַך — דער גאַנצער יידישער וואָרטאַל.

סטיליסטיש — ווייל פּאָעט — עקספּאָזירטער געדאַנקען מיט דער אומרו און דמיונדיקייט פון פּאָעזיע: ריטם, שוואונג, מעטאַפאָר, וואָרט־געשטרייט וואָס איז מפליג די רעפּאָטענץ פון שפּראַכשאַפט כדי דער אויס־שטראַל, קודם כל, פונם געמיט־אַרויס, זאָל איבערשטייגן און זיך אויס־שפּרייטן ווי דעם פּאָעטס אייגנקייט איבער אַלץ — די עמפּינדעלכקייט.

ער איז דינאַמיש ווי די וועלט אין בראַשית. דערפאַר די פאָרם זיינע אין פּילפּאַכע פאַלן — אַ פאָרם אין אַ פאָרם מיט פּילפאָרעמדיקייט געפורעמט.

דער פּאָעט זעט און טראַכט פון אינזיך.

ער איז וואָרטדערפינדעריש און געדאַנקעמפּינדעריש.

אָט אַזוי איז ער אין דער מעדיטאַציע, שילדערונג, באַשרייבונג צי אין געמעל — פון זיין אינזיך־אַרויס צו דער וועלט, צו אונדז; מחמת נאָר אַזוי איז דער פּאָעט אין זיין באַנעמען די וועלט, אויפפּאַסן סביבה, די גאַנצע באַוועגלעכקייט פונם אַרומאונאַרום, וואָס איז אַן אייגנזעעוו־דיקע טראַנספאָרמאַציע וואָס ער פאָרמולירט זי קינסטלעריש־ווערקלעך — פּסיכאָלאָגיש געאַנט.

גלאַטשטיין איז שטענדיק פּאָעט. און אָט א־די־אָ שטענדיקייט־פּאָעטשאַפט פירט אים, אַנט אים, באַוועגט אים צו טראַכטן אַ פּילצאַ־ליקן טראַכט פון אַמאָל, איצטער, שפּעטער, אין אַ מיליאָן יאָרן אַוועק, צי — בע, מע, טע — אין דער גאַנצער אייביקייט אַרום אין וועלכער מע וועט נאָך אין איר לעבן מירצעשעם . . .

גלאַטשטיין איז אַלעמאָל און אימערמאָל אָט־א דער צייטפלאַטער, וואָס פליט איבער שטחים, היפּט איבער זמנים, שפּרינגט איבער צייט, פלאַטערט אינם געדאַנק, יאָגט זיך אַליין אַריין אין די אייגענע געדאַנקען ווי אַ וויבראַציע פון ווינטמוזיק — ער מישט און פאַרטוישט און טאַשט־איבער רעאַליזם און אַבסטראַקטיזם אין איין אָטעם; ער איז גאָלע באַ־

וועגלעכקייט — פליגל. און ווייל גלאַטשטיין איז דער שטענדיק־פּאָעט איז ער דעריבער אַ שפּרינגער פון וועלטן, פון איין וועלט אין דער צווייטער יאָגט ער זיך אַריין אפילו ווען ער שרייבט שוין, אַזוי צו זאָגן, פּראָזע; ס׳איז עכט דיכטעריש, בעתן טראַכטן, פליען און יאָגן זיך איבער דער לופט, סטראַטאָספערישן און אפשר — טראַדיציאָנעל — נאָך העכער!

ער איז דער וועלטנשפּרינגער.

דער שטענדיק־פּאָעט.

ווארום ס׳איז אַ כלל, אַז אין זיין קלענסטן ליד געפינט זיך שוין מער ווי איין שטים, מער ווי איין געשטאַלטיקט טראַכטן, מער ווי איין שטימונג, מער ווי איין גראַדאַציע סיי אין אָנרעג און סיי אין פרוכפּערקייט צי אין דער גאַנצער עמאַנאַציע פון פּאָעטישער קונסט.

דערימעך זענען גלאַטשטיינס אַלע געשטאַלטן ניט מער ווי מעטאַמאָרפאָזן פונם פּאָעטס אייגן געשטאַלט אין איר פילפאַכקייט אַנטפּלעקט.

אַן עכטער אינטראָספּעקטיוויסט.

ס׳איז כולו וידוע.

ער איז אויך עכט יידישלעך, דער יידישדיקסטער הן אין דער פאָרם — דער צלם פון זיין שפּראַכיסטיק און הן אין זיין אינהאַלט, דער תוכן פון דיין טעמאַטישער פּאַנאָראַמע.

ער איז ליטעראַטור־טראַדיציאָנעל־קערנדיק — חומשדיק.

ווייל אַן ענטפער אויף אַן ענטפער, אַ פראַגע אויף אַ פראַגע, אַ מעשה אין אַ מעשה, אַ געדאַנק אין אַ געדאַנק, איז מחשבותן, עכטער יידישער נוסח. און ער איז די קולמינאַציע פון גאַלן יידישן נוסח אינם אופן און אַרט שרייבן זיינעם, סיי פּאָעזיע און סיי פּראָזע. חוץ וואָס ער באַנוצט דעם מעדיום „פּראָזע" ווי אַ פּאָעט, נוצט ער אים לויטן יידישן גוסט און טיפּישן חן פון יידישטימלעכקייט — פילפורעמדיקייט אין אַן איינמאַליקער טראַכטשאַפט; בליצטראַכטשאַפט.

ווי אין דער נגינה אַזוי בייטן זיך באַ אים די פאַלן אויף פילע וואַריאַנטן; ער איז דער מנחם מענדל פון דער וואָרט־קונסט; ער עדיפירט אָט־א דעם העכסטן גראַד, ביז דער פערפעקטער מדרגה פון אַ ריין יידישלעכער וואָרט־קונסט. זיין וואָרטיליזם אַנטהאַלט שאַרפקייט, חכמה־דיקייט, פּלאַסטישקייט, קאַריקאַטור און די עלאַסטישקייט פון טיפּזיניקער אידיאָמאַטישקייט, הן פאָלקסטימלעכע און הן סוביעקטיווע. ער באַזיצט די סאַגאַסיטיס פון דורות, ער אָפּערירט מיט דער וויזהייט פון אַן אייגנאַרטיק פאָלק, וואָס פאַרמאָגט אַ פילפעלקערדיקע דערפאַרונג און אַ פילפעלקערדיקע געשיכטע.

אָט דער צייכן האָט זיך אָפּגעשטעמפּלט אויפן לשון, ספּעציעל אויף דער שפּראַך באַ אים.

חוץ אָט־א דעם גאַנצן געווימל, הויערט אין אים אַן אומרואיקע יידישע בענקשאַפט; אַלע זיינע געשטאַלטן זענען באַהויכט פון איר מיט אומגעזעטיקטקייטן. ער איז דער איוב־מאַן, וואָס דענקט אין גרונטאָווגע אופנים כדי צו דערקינדיקן די אייביקע אמתן. ס'איז די בענקשאַפט נאָכן „צוריק" ווען יידיש לעבנשטייגער איז געווען אַ יש, אַ וואָרצלדיקער בוים פון אַ וואַלד, וואָס האָט געווימלט מיט אַ פולסירט לעבן.

און ער בענקט נאָך יידישער לעבנסגאַנצקייט, ער בענקט אַזוי שטאַרק נאָך דעם, אַז ער דענקט, פילט און זעט אַלצדינג נאָר דורך אַזויגע יידישע אויגן — חומשדיקע אויגן.

באַ אים בענטשט די הור ליכט, פאַרלעשט זיי און גייט צו די זעלנער. שבתי צבי און יעקב פראַנק זיצן באַ אים אויף באַנק קעגן באַנק און גיבן זיך אָפּ חשבון־הנפש — ס'איז די יידישע באַנק פון געוויסנמאַטער — און יידן בני רחמנים פילן זיי מיט, נעבעך.

באַווייזט זיך טאַקע אַ קליין יידעלע (געראָטן אינם „אורח חיים") און שרייט זייער בייז אָן אויפן „זעער".

— וואָס האָסטו זיך אַוועקגעשטעלט טרייבערן די אָדערן באַ די צווי מענטשן? וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף זיי און דו מאָנסט באַ זיי אַ חשבון? רבונו של עולם, זע ווי די צווי יידן האָבן זיך מקריב געווען פאַר דעם אמת מיט זייער פאַלשקייט. זיי האָבן אַזוי בולט געוואָלט אַרויסברענגען דעם אמת, און זיי האָבן געוויזן די לינקע זייט פון דער מטבעה. זיי זענען דערגאַנגען ביז שאול תחתיה, כדי צו ווייזן וואוהין די פאַלשקייט קען דערפירן, און דו מאָנסט נאָך באַ זיי אַ דעכענונג? (ווען יאַש איז געקומען).

אָט אַזוי ווייזט אונדז גלאַטשטיין ווי דאָס שטאַרק און אמתדיק יידיש לעבן פייפט אויף די פאַלשע משיחים — עס גייט זיך זיין גאַנג ווי דער שטענדיקער שטראָם פון אַ טייך. ער בענקט אַזוי שטאַרק נאָך אַ גאַנץ יידיש פנים פון פאַרקלערטקייט, נאָכן שעפערישן געזיכט פון אַ פאַרגאַנצט מאַמע־לשון, אַז ער שטעלט אַרויס אַזאַ עקזעמפּלאַר פון אָט־א דער פרוכטבאַרקייט: די שיקסע וואָס דינט באַ בוכלערנערן, וויל ניט אַז ער זאָל זי רופן שיקסע. זי רעדט באַ אים בכיוון אַזאַ זאַפטיקן אייַנגעוואָרצלטן יידיש. זי זינגט טאַקע באַ אים, אָט די שיקסע:

אַ פאַסטוכל איז געווען אַמאָל אין דעם לאַנד כנען . . .

ער האָט דעמאָנסטראַטיוו אונטערגעשטראָכן דעם כח פון יידישער סביבה, די רעפּאָטענץ פון מאַמע־לשון.

ווידעראַמאָל — אונדזער אייַנציקער צייכן, די נאַציאָנאַלע פאָרם.

אָט־א די אַלע באַווייזן און זעאונגען ווימלען שוין אינם סאַמע ערשטן קאַפּיטל — דער גאַנצער געווימל פון אַ העפטיקער יידישער סביבה.

ער ליגט אויף אַ באַרג, אונטער דער זון און חלומט. פון צייט צו צייט מאַכט ער אויף די אויגן. זיין בליק פאַלט אויף אַ מעשן בילדל, וואָס הענגט קעגנאיבער אים אויף אַ בוים. ער ווערט זייער שטאַרק אַנט־ציקט פון דער גראַווירונג. ער וואָלט עס אַריינגעדרוקט צו זיך אין קע־שענע, נאָר ער האָט מורא, אַז דורך געהיימע דראָטן ועלן זיך צעקלינ־גען אַלע קלויסטערס. די מורא איז באַ אים יידישלעך. ווי מעג זיך אַ יידישע האַנט צורירן צו אַ געטשקע? די אייביקע מיסטישע מורא פאַר אַ טריף־פסול. ס׳מאַכט ניט וואָס ער אַנטפלעקט זיך צו אים ביבליש:

„. . . ער האָט אויסגעקוקט פּאַטריאַרכיש ווי אַ יעקב אבינו, אָבער פונדעסטוועגן האָט פון אים צו מיר געבלאָזן אַ פרעמדקייט. ער איז דוכט זיך אַן אונדזעריקער, נאָר אַביסעלע געשמדט . . .״

אָט אַזוי ליגט ער, גלאַטשטיין, אויפן באַרג און חלומט מיט די אויגן, מיט זיין בליציקן מאַרך. ער זעט איבער־און־אויסעראַל וואָס ער האָט געזען, בייגעוואוינט, געהערט און וואָס ס׳האָט זיך מיט אים גע־טראָפן אין דער יידנוועלט. און ער לעבט דורך די לויה פון זיין מאַמען. ווי ער האָט געקויפט די קרקע פון די לובלינער יידן פאַר זיין מאַמעס קבר. ער זעט זיי מיט חומשדיקע אויגן — זיי זענען חתים! ער ווערט פאַרוואַנדלט אין אברהם אבינו, וואָס טענהט צו עפרונען אינם לאַנד פון די חתים.

און אָט גראָד דעמאָלט גיט ער זיך אַ טראַג קיין אַמעריקע, צו דער איסט־סייד; אָבער צו אַ־דער איסט־סייד, וואָס איז שוין צו אים אויך ווי אַ שטיק חומש; דער אַמעריקאַנער יידישער אַלטערטום, די „גרינע יאָרן״ פון אַ פאָלק אין אַ ניי לאַנד, דער בראשית פון ווערן אַ טייל פון אַ נייער סאָרט יידישקייט אינם יידישן לעבן. ער זעט אין איין מאָל אויפאַמאָל די פאַרגאַנגענקייט און די צוקונפט מיט נאָך אַ פאַרגאַנ־גענקייט ווי אַ צולאָג — צוויי אַמאָלן אַנטפלעקן זיך צו אים ווען ער נעמט די יידישקייט פון פריערדיקע צייטן אונטער פאַרגרעסער־גלאָז.

אָבער נאָך איינעם בענקט ער אָן אַ שעור, כאָטש בײדע וועבן זיך באַ אים אין איין בשותפותדיקן טראַכטן און חלומען אויף איינמאָלוויז. דעריבער מישט ער אין בילד אינם אַנדערן — ביידע וועלטן ווילן אויס־דרוק ראַפּטאָמנע און קריגן טאַקע אויסדרוק צו איין און דערזעלבער צייט, מאָמענטום!

אָט דאָס איז דער אינטעגראַל גלאַטשטיינס. ער שפּאַנט אַריבער צייט, איבער זמנים, איבער אַלע סטילן פון דער שרייבשאַפט, פון וואָרט־קונסט; ווייל ער ווערט געפירט פון אַ מער ממשותדיקן צייכן און אַנ־האַלט ווי צייט; ס׳איז אַ פילבענקעוודיק אויג, וואָס נייטיקט זיך ניט אין קיין צייטמאָס, אדרבה, עס ווישט אָפּ און פאַרנײנט אַלע אַנגענומענע

צייטצייכנס און צייטגרעניצן. ס׳איז דאָס פּאָעטישקינסטלערישע אויג, וואָס פאָלגט נאָך דעם מענטשן אויף אַלע נסיעות און וואָלגענישן פונם וויגעלע ביזן קבר. ס׳איז אַן אויג אַריינגעוואַקסן אין אים און ער — אין דעם.

ס׳איז אַ ריין יידיש־איינציק אויג.

און גלאַטשטיין איז עס — גאַלע אויג.

יידיש אויג, חומשדיק אויג.

ער זעט מיט די געהירן, זיין גאַנצער גוף איז איין גרויסע לענס . . .

און וואָס זי זעט איז גאַלע נשמה־רעקאָרד, גייסטיקער פּנקס, מאַרכ־בילדערישע זעעוודיקייט פון אַן איבערזעער.

כאָטש די טיפן זיינע זענען ניט קיין נייע, נאָר אפילו גאַנץ באַ־קאַנטע, פונדעסטוועגן באַנייט ער זיי אין אַן אַנדערשדיקער געשטאַלטי־קייט און די באַנייאונג איז אַ ספּעציפיש גלאַטשטייניסטישע, ער גייט דורך דורך יעדן העלד זיינעם מיט זיין אינדיווידועלער אידיאָמאַטישקייט, מיט זיין דורכדרינגלעכן געדאַנק פון בליצטראַכט, מיט זיין פּאָעטישן אומרואיקן געמיט און ליידנשאַפט פאַר חכמה — דערהויפּט מיט זיין דיכטערישער עלאָקווענץ, וואָס איז באַ אים ספּעציעל אַן אַנדערשדיקייט אפילו אינם וואָרטשאַפט — יידיש.

ער איז אַ גרויסער חסיד פון יידיש. ער האָט אַן אַ שיעור פּיעטעט פאַרן לשון און ער ווייזט עס אַרויס זייער אַנזעעוודיק אין יעדן ליד כמעט, אין יעדן אות, זילב, פּרעפיקס און סופיקס; יעדער יידיש שטריכעלע און קנייטשעלע אינם יידישן קלאַנג צערטלט ער און פּיעשטשעט, און דער עיקר גיט ער אָוועק זייער פיל לאַסקעס צו אָט די יידישע טראָפּן, וואָס סימבאָליזירן טראַדיציע — ער איז אַ גרויסער חסיד פון יידיש, ווייל ער איז דער גרעסטער שאַפער פון יידיש גופא, ווי אַ שאַפן אַן און פאַר זיך, אַלס אַ באַזונדער פעלד פון פּרוכפּערקייט.

יידיש ווי דער קינסטלערישסטער לייטער בלויז פאַרן וואָרטקינסט־לער צום שטייגן.

ער איז דער איינציקער וואָרטיליסט, סטיליסט און שפּראַכיסט־יידישיסט צווישן אַלע שרייבשאַפט־מענער אין דער בעלעטריסטיק פון אונדזער צייט און ער וועט אַסך דורות באַאיינפלוסן נאָך אונדז, ווי ער האָט אונדז באַאיינפלוסט מיט זיין באַנייען דעם יידישן וואָרטאַל ווי אַן אייגנאַרטיקער וואָרטפורעמער.

דאָס אַלץ בנוגע זיין שפּראַכיסטיק ווי אַ וואָרטדערפינדערישער עדיסאָן.

זיין טעמאַטישער שורש איז דערזעלבער וואָס פּרצעס, שלום עליכמס און אויב איר ווילט — אפילו מענדעלעס. ער איז אָט־א־דאָ מאַקע גאָר־

ניט מחדש; ווייל דאָס גאַנצע יידישע לעבן בכלל האָט זיך ניט באַנייט מיט קיין פרישצאַפּלדיקן שטייגער לעבן, מיט יונגדורותדיקער אינאָוואַציע פון יידישער שעפערישקייט ווי אַ פאָלק אויף אַלע געביטן; נאָר ניט מער מחמת זיינע העלדן גייען דורך דורך אים און ספּעציעל ער — דורך זיי — ווערט עס פאַר אונדז ווי אַ שעפערישע באַנייאונג, ווי אַן אויפלעב פאַר גרויסע מעגלעכקייטן צום וויטערדיקן יידישן לעבן אין זיין רייכן לשון — דער שפּיגל פון אַ פאָלק.

אין דער מאָדערנער פּאָעזיע האָט ער דעם וויטסטן שפּריז געטאָן. ער האָט איר געגעבן דעם באַקאַנטן שטויס צו גיין אַביסעלע ווייטער, אַ האַרעלע אַנדערשדיק. ער האָט איר אָפּגעמינטערט מיט אַ קינסטלעריש סטיליזירטן בלענד פון יוגנשאַפטלעכע זעעוודיקייט.

דער בלענד — זיין פילזעעוודיק וואָרט.

זיין פּסיכאָלאָגיש דענקען; פּסיכאָלאָגיש־פּאָעטיש אויסשטאָטן טיפן געשטאַלטן, און ווערטערלינגוועז.

דערויף איז ער אַ מייסטער ווי די קלאַסיקער.

אַ מאָדים מיט אַלע קניפּיקלעך.

ס'איז אוודאי אמת אַז מיר זעען זיינע יידישע געשטאַלטן ווי לעצטע, ווי סוף־שטראַלן פון זונאונטערגאַנג, אָקטאָבערדיקע בענקשאַפטן, זיי זענען ווי דער לעצטער סך־הכל פון טראַכטעניש פון אַן אָפּגאַנג־פאָלק; דער וויטיק זייערער איז ווי פון אַן אַנטדעקטן זעלטענעם שבט, וואָס ציילט שוין די טעג פון זיין סוף־זיין — נאָך אָט־א דער דאָזיקער דור — און אויס מיט אונדז.

ס,איז המשך און ניט קיין המשך; ס'איז עפּעס אַ המשך פון אַ „סוף" וואָס איז ווי אַן עפּאָפּייאישער אחרית הימים . . .

ער אַליין י. ג. איז עס דער באַוויז. ער איז דער ווישקראָב־קינסטלער פון אַ יחוסדיק אַלט פאָלק, וואָס האָט זיך שטאַרק געבריהט צו לעבן אין גלותן ווי אַ יחוסדיק פאָלק, נאָר סע האָט שטענדיק געגילט ווי אַן אַפּעטיטעניק (פאָרשפּייז) פאַר די מעכטיקע פעלקער, וואָס האָבן עס איינגעשלונגען אין זייער בלוטיקן טאַראַראַם נאָך וועלט־גזלה! אָט־א דער ווישקראָב־חכם פון צווישן די בני יידיש, באַווייזט מיט וואָס מיר „האַנדלען", אונדזער סחורה איז „געהירן", אונדזער בעסט אַרטיקל, פאַר אונדז און דער וועלט, איז אונדזער „מאַרך". אָט דער געדאַנק וועט אייביק הויערן צווישן יידישן פאָלק: תורה איז די בעסטע סחורה. י. ג. גייסטיקער שווייס און האָרעוואַניע, זיין קינסטלערישע פּראַצע און מיזאַמקייט פון צעאַקערן דאָס וואָרט און צעשפּרייען דעם געדאַנק פאַרן קינסטלערישן אידיאָם, איז ווי אַ נעאָן־שילד וואָס רעקלאַמירט אַז מיר האָבן געבראַכט אַ נאַציאָנאַלע סחורה — געהירנשטאָף.

מיר זענען אין אַ פּאַרמעסט — בליצטראַכט קעגן בליצקריג!

אַט־א דער ווישקראַב־קינסטלער איז געבענטשט מיט אַלע מעלות, ער איז דער גערעַטנסטער פון אַלע באַגאַבטע קינדער — ער איז דער מייסטער־ליבלינג אין אונדזער אַזוי שטאַרק צעקאַליעטשעטער, פאַר־צווייפלטער צייט, וועלכע האָט זיך ווי אַ סערום אַריינגעשפּריצט אין אונ־דזערע אָדערן, אין אונדזער בלוט וואָס פּולסירט צוזאַמען מיט די שרעק־לעכסטע וועלט־מלחמות פונם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט און דידאָזיקע קאַטאַסטראָפע קאָן ניט געשטילט ווערן. גלאַטשטיין וויל זי איינגעמען, זי צוימען, באַהערשן, ווענדט ער אָן אַלערליי סטילן, כל המינים פאָרמען פון דער וואָרטשאַפט און שרייבקונסט, כדי פּרעדאָמינירן די גורמדיקע פאַרצווייפלטקייט אין אונדזער צעקאַליעטשעטע יידיש לעבן. דערפאַר הויערן באַ אים, אין איין ווערק, אַלע סטילן וואָס די ליטעראַטור האָט זיך דערוואָרבן. „ווען יאַש איז געקומען" איז דאָס ווערק פון ווערק — אַ יידיש ווערק לויטן גייסט און נוסח ווי עס איז געשאַפן סטיליסטיש און שפּראַכיסטיש.

איצט צום תמצית פון ווערק.

## 2

וואָס איז די צענטראַלע אידייע פון בוך?

ווען מע זאָל מיך פרעגן, וואָלט איך געהויבן מיט די אַקסלען. גלאַטשטיין אַליין וואָלט אויך ניט געענטפערט על רגל אחת, אין איין אָטעם, ער וואָלט מסתמא דעקסטראַזיש געוואָרפן מיט דערקלערונגען ביז ער וואָלט צוגעקומען צו דער אולטימאַ.

ניט פּאָליטיש, ניט אידעאָלאָגיש, בלויז קולטורעל־פאַרנינפטיק איז דאָסדאָזיקע בוך.

דאָס מאָסנלעבן מיט די פאַרשיידענע אַקטיוויסטן: קלייזלעך, קרייז־לעך מיט די כלערליי שיכטן און פּאָליטישע פאַרטייען — האָט ער דאָרט וואו ער איז געווען און געזען, לחלוטין ניט אָנגערירט, כאָטש ער פאַר־מאָגט אַזאַ גילדענע פען; פאַר אָט־א דעמדאָזיקן פאָלקס־יש, פאַר אָט דער מאַסנפאַנאַראַמע קלעקט זיין באַגאַבטער פען קיין כוחות ניט. די קרעפטיקע פעריפעריעס, די ריזיקע פלאַסטן פונם יידישן פאָלק ווי אַ גאַנצע נאַציע האָט זי ניט אָנגערירט. אינם באַשאַף פון די פּראָזע־ווערק באַ אים געפינט זיך ניט אַזוינס.

ניטאָ דאָרט קיין אינטענסיוו פאָלקלעבן.

ער איז דער שרייבער פון בלויז יחידים־שילדערונג, דער איינצל־נער, דער אינדיווידואַליסט פלאָנטערט זיך אים אונטער זיין שאַרפער פען און

פאַרפלאָנטערט זיך מיטן מחבר צוזאַמען אין עקספּאָזיעס פון פּאָעטישע חלומות; און די חלומות — אין נאָך חלומות.

די העלדן זיינע ציגגלען באַ אים צופיל וועגן שענקייט־חכמות ווי זיי וואָלטן געווען דעם מחברס מוילשטיק. אַלע זענען גלאַטשטייניסטן; מע דערקאָנט אין זייערע רייד גלאַטשטיינס מויל. ער קאָן פון זיי זיך ניט אָפּטיילן פונקט ווי פון זיך אַליין.

ער איז דורך און דורך סוביעקטיוו — פּאָעט און פּענחכם.

באַשטייט דאָך ניט דאָס לעבן, אפילו דאָס יידישע, נאָר פון אַ רבינס הויף און עטלעכע פאַרקאַיליכטע דאַטשניקעס?

ס'איז זייער אויפפאַלנד!

יעדער בר־דעת איז זיך מחייב אַז ס'איז ניט דאָס גאַנצע יידישע לעבן, דער סקאַרבאָווער המון־עם. מיט זיין גאַנצער שאַרפזיניקייט פון אַ טיפן זעער, זעט ער ניט מער ווי אָט די יחידים, וואָס קרייזן אים אַרום אָדער קרייצן אים דורך זיין וועג, אי דאָס נאָר די זייניקע, דער מיטלקלאַס מענטש (פון דער אייגענער הויט און סביבה שפּרינגט מען ניט אַרויס). און אויב ער ווייזט אונדז שוין יאָ אַן אַנדער מיטגליד פון דער יידישער אָרימקייט און פאַרצווייפלטקייט, איז ער ווי פון אַ מין קאָמיטעט, וואָס רעפּרעזענטירט אַ גרופּע צי אַ קלאַס — פאַרטרעטער. אַ יחיד פון כמעט יעדער שיכט באַם פאָלק, רעדט זיך מיט אים דורך אין אַ פיינעם, גלאַט־שטייניסטישן שמועס, מכח זיין לאַגע און השגה. די מערסטע טאַקע מיטן קוקעלע צו אַמעריקע. אָבער די מאַמע־אָרימקייט, וואָס הערשט און בראַדזיעט אַרום ענ־מאַס, רירט ער ניט אָן מיט זיין אָריגינעלער פּעדער.

אַ שאָד. מיר פאַרלירן אַסך דורך דעם.

און אדרבה, אָט־א דאָ איז ער בפירוש ניט אינטראָספּעקטיוויסטיש, פאַרקערט, ער גיט אונדז צוועלף געשטאַלטן, וואָס פאַרטרעטעווען אָפּ די פּוילישע אָרימקייט און פאַרצווייפלטקייט. עס איז אין אַ קלאַסיש־פּאָפּו־לערער פאָרם געשריבן. עס איז ניט ניי. ס'איז טראַדיציע.

האָט דאָך דער זיידע מענדעלע נאָך, ווי אַן ערשטלינג, באַם סאַמע ברעג פון אונדזער ליטעראַרישן אָנהייב, געגעבן אי וואָרטשאַפט, אי מייס־טערשאַפט פון סביבה; אי תוך פון שרייבשאַפט און אי דעם יושר־געפיל צי אפשר שוין אויך דעם אָנהייב פון קלאַסנבאַוואוסטזיין צווישן דעם מאַסאָוון מענטש פון גלופּסק.

איר זעט, אַז שוין דאַן, אין מענדעלעס קליינשטעטלדיקער סביבה, האָט זיך שוין געגומען רודערן און אויסטיילן דער פּרצוף פון יידישן פאָלקסמענטש. היינט אַ פשיטא אין אונדזער צייט; עס דאַרף זיין דאָס קערנדיקסטע אויב ניט דאָס פאָלקשאַפט גופא ווי אַ גאַנצע זעלבסט.

איז עס באַ אים גאָר ניטאָ.

קאָן מען טאַקע און מע דאַרף האָבן גרונטאָוונע טענות צום מחבר. וואו איז דער אויפגעוואָקסענער פּראָלעטאַריאַט? די יוגנט מיט אירע אַספּיראַציעס? די סטודענטנשאַפט? די גאַנצע אינטעליגענציע מיט אירע אַספּעקטן? דער גאַנצער מעטראָפּאָלישער מענטש? כאָטש דער לייענער פון די דאָן פּאָפּולערע „ליטעראַרישע בלעטער״? פון דער גרויסער יידישער ליטעראַטור אין פּוילן, וואָס האָט שטאַרק געגלויבט, אַז איר קומט די העגעמאָניע?

פון אָט־אָ דעם לעבנסגעבראַזג איז לא היה ולא נברא ער איז עס אפילו ניט פאַרבייגעגאַנגען.

האָט ער גענומען דאָס יידישע לעבן לקולא.

דער גאַנצער טיפּאַזש זיינער איז אַנטדעקט געוואָרן פון אים אין אַ פּענסיאָנאַט אויף אַ דאַטשע, ערגיץ אין אַ העק אויף אַן אינדזל מיט פּאַרקאַיליכטע, און ער ציט אַרויס פון דאָרטן, טאַקע אמת, גוט־פאָטאָגראַפירטע געדאַנקען, וועלכע ער רעפּראָדוצירט זיי אין פאַרשוינען, וואָס קוקן אויס ווי ספּעציעל געמאַכטע פאָטאָסטאַטן פון אַ במקום לעבן — אַקטועל לעבן, אַ זשוויביק, שעפעריש און קאָנסטרוקטיוו לעבן איז באַ אים ניטאָ. ס'איז אַ וועלט וואָס הענגט אויף דראָטן, ווי אַ געמעל אין אַ שיינער ראַם, וואָס הויכט אויף אונדז אָן דעם אָטעם פון לעבן. ס'איז קונסט־לעבן.

ווייל אמתדיק לעבן איז ניט אין קיין ראַם.

עס מעג די ראַם זיין כפתור ופרח, גאָלע קונסט שבקונסט, איז עס אַ פאַרצאַמטקייט פאַרן סאַמע עצם תוך פון לעבן; ס'איז אַלאַ לעבן.

אָרים אָבער פריילעך, ווי שלום עליכם האָט געזען דאָס יידישע לעבן האָט ער ניט געזען; אָבער אָרים און קעמפעריש? זעט ער אויך ניט?! איז עס שוין גלאָט אַ מין פאַטש אין פנים אַריין דעם רעאַלן לעבן. ניט ער האָט אין דעמדאָזיקע פּראָט מקבל געווען פון אונדזערע קלאַסיקער אויף ווייטער פאַרטזעצן און טאַקע אַרויסברענגען אונדזער האָרעפּאַשנעם, אינדוסטריעלן עלעמענט — אונדזער וועלטלעכקייט.

איז עס אַ גרויס צער.

עס ווייטיקט ביז גאָר.

ווייל אַזאַ פילזעוודיק אויג ווי גלאָטשטיינס, וואָלט דווקא יאָ געדאַרפט דערבליקן דאָס יידיש־וועלטלעכע לעבן אין אַלע זיינע מאָסן און וואָגן; די אַקטועלקייט אויף אַלע געביטן אין איר פולער פילקייט, דעם נערוועזענטער פון גאָר דעם פאָלק — דער יידנטערן וואָלט געדאַרפט דערפילירן פאַר די אויגן פון יאַש—יעקב און באַשיינען זיין ווערק, פון טאָוול ביז טאָוול, מיט זיי.

אָבער איך דענק און בין גוט איבערצייגט (איך מעג אויף זיך אפשר

ברענגען די שטראָף פון סקילה צו חנק) זאָג איך עס פאַרט, אַז פאַר אַזאַ זעאַכץ: גיבן די גאַנצע פולקייט פונם יידישן מאַסנלעבן, איז בייטיק פאַרן מחבר, חוץ אַ קינסטלעריש אויג, אויך און טאַקע, אַן אידענטיפי־צירטע אידעאָלאָגיע וועגן דעם סאָציאַלן לעבן אונדזערן און די אַלוועלט־לעכע היינט־צייטלעכקייט. נאָר יאַש—יעקב איז דער פּראָדוקט פון אַ פאַרגרייזטן דור פון קליינבירגערלעכע, ענגע פאַרקריזטקייטן.

שרייט טאַקע דאָס לעבן צו אים אויף אַ שטאַרק קול: דו ביסט אַ בורח!

און ער דאַרף אַפּענטפערן דערויף.

אַ קינסטלער טאָר ניט פאַרשיבן מיט זיין פען דעם עסענץ פון לעבן, דעם תוך־הגדול פונם מענטשנס עקזיסטענץ, פונם פאָלקס־קיום. זיין פען איז דאָך ניט קיין פייער־שאַרנדיקער שטעקן, נאָר „אַ בליענדער מאַנדלשטעקן", ווי גלאַטשטיין זינגט עס אַזוי וואָרטבליענדיק אויס אין זיינס אַ ליד.

איז דאָס בוך דער פּרעליוד צווישן די יאַשן, וואָס זענען געפאָרן און געקומען און דעם יאַש—יעקבן, וואָס דאַרף נאָך זען און זען דאָס רעאַלע לעבן, כדי ניט צו חלומען מאַיאָרנע אין אַ מיטנטאַגיקן לעבן. דאַן וועט ער, בלי ספק, דעם גאַנצן מוראדיקן קאַמף אינם לעבן מיטן לעבן, ניט אויסלאָזן נאָר אדרבה, ער וועט שוין מכריע זיין ווי אַזוי צו פאַרפיקסירן עס און עס רעכטפערטיק באַהאַנדלען. ווייל אַזוי איז עס בלויז אויסגעמיטן געוואָרן, ער איז עס פאַרבייגעגאַנגען, ווי אַ רייזנ־דער וואָס אים איז באַשערט צו מאַכן אַ דעטור. מחמת ער האָט עפּעס גאָלע איבערגעבליבענע, די פּלטים פונם לעבן, אָדער פיינער געזאָגט: עטלעכע, פאַר־אים צוגעגרייטע מוסטערפאַרשוינען פונם לעבן כדי ער זאָל זיך מיט זיי אַ קינסטלערישן שפּיל טאָן (קאַפּריזיש) און אַזוי אויס־ליידיקן זיינע געמיטן און חלומות דורך זיי.

מחשבותן, דאַטשניקעס און רביימשע הויפן זענען אַלט ווי די ליטעראַטור גופא. דערפאַר איז זיין גאַנץ שרייבן ניט מער ווי רעטראָ־ספּעקט. ער נעמט אַלע זיינע לערער אַריין, אַלע זיינע ליבעס און אַלע זיינע אַלקייטן, וואָס האָבן אַ דירעקטן שייכות מיט זיינע מעמוארן. קיין שום עווענטועלקייט איז פון זיין זייט ניט אַריינגעבראַכט און ניט אַרויס־געבראַכט געוואָרן אויף דער דעק פון זיין פּילגעבלימטן טעפּיך — כשופ־דיקן טעפּיך. מיט זיין גאַנצער גלאַטשטייניסטישער שאַרפזיניקייט, דרינגט ער אַריין בלויז אין דער פּסיכאָפּאַטעטיק פון זיין טיפּאַזש. און אפילו פונם ריין בעלעטריסטישן שטאַנדפּונקט איז עס אויך ניט מער ווי אַ ספּעּ־קולאַטיווער ענין — דער קאָמפּלעקס פון אַ שיינשרייבער, פון אַ פענחכם מיט אַ פּסיכישן מוז.

אַלע טייכן, אַלע שטראָמען, ריטשקעס און שליוזן פליסן צום ים און אַלע ווערטער, אַלע קלאַנגען, אַלע רעדנסאַרטן און פסיכישע קאַפּריזן און ספּעקולאַציעס פּילן אָן דעם שריפטשטעלער. ער איז מיט זיי אין אַ קאָרעלאַטיוון צושטאַנד.

ס'איז אמת.

אָבער ווען מע גייט צו צום סאָציאַל־פּאָליטיש־עקאָנאָמישן ווירוואַר פון לעבן, קאָן מען זיך שוין ניט דערלויבן צו סתם ספּעקולירן און זיך שפּילן מיט דידאַזיקע כוחות ווי מיט ראַקעטלעך פייערווערק. עס איז ניט נאָר די קונסט־סימעטריע אַליין, וואָס פאָדערט זיך צו די חכמה פון גאָר דער קונסטשאַפט אפילו — אוניווערסאַלער אידעאַליזם, היסטאָרי־שער אידייענגאַנג, מאַרקסיסטישע דיאַלעקטיק, אינפיניטיווער ווילן און דענקשאַפט; אָט וואָס פאַר אַ כוחות עס דאַרפן גורם זיין.

ער טראַכט ניט וועגן אַזוינע באַגריפן, ער גריבלט זיך ניט אין אַזוינע עיקרים. ער איז אַ זעער און ניט קיין טראַכטער. אַ פּסיכאָלאָ־גישער זעער.

און אָט דאָס איז קלאָר, ער איז אָן אַ וועלטפילאָזאָפיע; ס'איז וואָר אַז ער איז ניט קיין סאָציאַלער פרעגער, קיין בעל־מאַנער באַ דער וועלט, אויך ניט. ער גיט אַ זעץ מיט דער טיר און לויפט צוריק אין געטאָ . . . ער איז ניט קיין זוכער פון אמת און יושר, ווי עס זענען בפירוש געווען די קלאַסיקער אונדזערע; און דווקא מיט זייער גאַנצער הויך פון שייב־שרייבעריי און ראָמאַנטיק — זענען זיי שטענדיק געווען מיט אַ קוק אויף סאָציאַלקייט. באַ זייער סאַמע שווערן בויען די ליטעראַטור: איר נוסח, טעמאַטיק — דעם גאַנצן ניוואָ סיי בנוגע דער שפּראַך און איר וואָרטאַל און סיי איר קינסטלערישע אידיאָמאַטישקייט, האָבן זיי זי תמיד פאַרבונדן מיט פאָלקלעכקייט און סאָציאַלקייט.

גלאַטשטיין פאַרבינדט זיין גאַנץ שאַפן בלויז מיט „בענקשאַפט" צו פאָלקלעכקייט, צום באַשאַף — יידיש.

יידיש, ווי דער קוואַל פון יצירה, יידיש ווי דער אויסשטראַל פון דער שכינה־הקדושה, יידיש ווי דער וואונדער פון וואונדערלאַנד — יידיש.

נו, איז ער טאַקע דעריבער דער פאַרבענקטער נעאָ־בראַצלאַווער, וואָס זוכט נאָר די שכינה צו אַנטפּלעקן, די גאַנצע קדושה וטהורה אַרויס־ברענגען, אַרויסוויקלען פונם גשמיותדיקן לבוש — לעבן.

ס'איז באַ אים אַ זינגעוודיקער חלום.

ווייל ער איז אַ זוכער פון חסידות און פון חכמה.

און איך זאָג עס בקול רם: איך בין מסופק צי ער מיינט טאַקע ניי־חסידות, אָבער אַ נייעם קוק אויף חסידות — יאָ. דערפאַר קריטי־

קירט ער אַזוי ברוטאַל אַט די שרייבער, וואָס האָבן געגעבן חסידישן ראָ־מאַנטיציזם — לויט זיין מיינונג נאָך — דורך אַ שליסללאָך אַריינקוקן.

אַט דאָס הייסט געוואַגט!

טאַקע ממש אין כעס זיין!

דער יאָש אין אים האָט זיך צעברויזט מיט עשו׳ס אָראַגאַנץ!

ווייל ער איז דאָ אויסן אַסך. ער גיט כלומרשט אָנצוהערן . . . כ׳האָב אַ מויל מיט שרעק דאָס קיילעכיק אַרויסצוזאָגן! איך וויל ניט זיין קיין וואַנדראָוניק איבער גלאַטשטיינס מחשבות; כ׳בין ניט קיין „יאָשע קאַלב״, צי דער „תהילים איד״ און כ׳וויל סתם ניט בלאָנדזשען אין די „פוילישע וועלדער״.

אַלנפאַלס האָב איך געטראַכט לאמר, אַזוי צו זאָגן: הייסט עס אַז דורך דער „ריינער״ קונסט קאָן מען געבן אַ חשובן טעלעבענדע אויך אויב מען וויל און עס לוינט זיך פאַר כמה וכמה אורשפּרינגערלעך.

נו.

איז עס כולו טוב אינגאַנצן — ניט. כאָטש קריטיק אויף אַ גוטן און געזונטן אופן לוינט זיך שטענדיק. דורך יעדער פאָרמע שאָדט זי ניט, אַבי זי איז נאָר קאָנסטרוקטיוו און ניט חס ושלום עמאָציאָנעל!

עמאָציאָנעלע קריטיק איז דערווייליק, אַ לפי־שעה זאַך; עס בלייבט פון איר גאָרניט אויף שפּעטער. זי וועפּט זיך אויס און נאָכהער בלייבט די חרטה . . .

מיר האָבן שוין געהאַט גענוג וויג־דינסטן, קיי־דינסטן און קראַץ־דינסטן. מיר האָבן שוין אויך, דעם אמת געזאָגט, געהאַט צופיל שפּיז־וואַרפער, בלאָטע־שפּריצער און גראָבפינגערדיקע געפעכטערײַ.

וואָס פאַר אַ בוך קאָן מען ניט אַראָפּרייסן? וואָס פאַר אַ סאָרט שרייבער, באַ יידן, קאָן מען עס ניט מבטל מאַכן? און ווער קאָן עס דען ניט טאָן, באַ אונדז, אָט דידאָזיקע מלאכה? . . .

יעדער שרייבער וואוינט אונטער אַ גלעזערנעם דאַך . . .

ניט ווייל דער מחבר פון שיינשרייבערײַ האָט אָט־אַ דאָ מפסיק געווען, אַרט מיך; ניין. נאָר ווייל ס׳איז אַ דערווייליקייט, און גלאַט־שטיין איז דאָך געוויס ניט קיין דערווייל־שרייבער. ער איז עס דאָך ניט אינם ליד.

פאַרקערט, אין דער פּאָעזיע איז ער אידייאיש, פרעגער, זוכער פון יידיש־תוכיקייט און סאָציאַל.

יאָ, בפירוש און אַבסאָלוט סאָציאַל איז גלאַטשטיין אין דער פּאָ־עזיע. אינטעלעקטואַל.

מאָלט אייך. אין דער פּאָעזיע איז עס שוין אויך מער ניט גילטיק — דער מין סאָרט סתם־שענקייטסשפּינערײַ — כאָטש אין דער עמאָצי־

אָנעלער לידיק איז עס נאָך מיט חסד, מען קאָן דעם פּאָעט נאָך דן לכף זכות זיין. אָבער אין דער פּראָזע? קיין תירוצים ניט! בפרט נאָך ווען איינער שרייבט רייזע־בילדער, ביאָגראַפישן מאַטעריאַל מיטן טראָפּ אויף רעטראָספּעקט? טאָר ער געוויס ניט האַלטן אין איין שפּינען — און — וועבן פאַרזיך און פונזיך אַרויס — דומעס.

פּאָעזיע איז חלום, וואָס קאָן קיינמאָל ניט אויסגעחלומט ווערן אינגאַנצן, ביזן סוף.

פּראָזע איז וואַכזאַמקייט וואָס דאַרף שטענדיק שטיין אויף דער אייגענער וואַך, כדי זיך צו היטן פאַרן מינדסטן דרעמל· דאָ גילט ניט קיין אַליבי.

איך קאָן זיך בשום אופן ואופן ניט פאָרשטעלן אַז מנחם באָריישא, דער איינציקער אין דער דיכטונג וואָס איז באמת שטענדיק און אַלעמאָל גאָלע פרעגער, תוך־זוכער, סביבה־געבער — דער אינטעלעקטואַלער גייער, זאָל אָנשרייבן אַ בוך אין פּראָזע און זאָל אויסלאָזן דעם סאָציאַלן עלעמענט, דעם אינטעגראַל פון אַ פאָלק. איך קאָן זיך עס קוים פאָרשטעלן.

בנוגע י. ג. דערוואַרט איך אויך אַזאַ פאָרשטעל.

אַ ביישפּיל?

טאַקע די איינציקע אין איר אַרט, די פּאָעמע „יאָסל לאָקש" פון כעלעם. ס'איז פאַראַן אין איר מער סביבה פון יידישן גראַנגל, וואָס איז ניט נאָר ענלעך אויף סאָציאַלקייט, נאָר איז פּאָזיטיוו היינטצייטלעכער כאָציאַלער קאַמף ווי תמידיקער.

דער אייביקער קלאַסנקאַמף.

בפרט אָבער אין אַזאַ ווערק ווי „יאַש איז געקומען" איז עס צענפאַכמאָל נאָך פיל נייטיקער סע זאָל זיך אָפּשפּיגלען דער אויסגעשפּראָכענער און בולטער קלאַסנקאַמף. דער טאָפּעלער יידישער גראַנגל: ייד און וועלט!

וואָס איז יידישער תכלית אין איצטערקייט?

איז פּונקט דאָ, פעלט ער זייער שטאַרק.

איך האָב באַם אָנפאַנג געזאָגט, אַז סטיליסטיש איז דאָס בוך געשריבן געוואָרן פון אַ פּאָעט, אָבער איצט וויל איך מוסיף זיין, אַז תוכיק — אויך פון אַ פּאָעט.

יאָ, ס'איז בעשיינפערלעך אַזוי.

און דאָס ווערק אין פּראָזע ליידט פון גאָלע שיינשרייבעריי, פּענחכמהדיקייט, קולטור־גלאַנץ.

מען קאָן ניט בלויז שפּינען־און־וועבן בעלעטריסטיק מיט כלה־מיידלשע פאַרחלומטע פליטערלעך אַליין, ווי קינסטלעריש זיי זאָלן ניט זיין· קונסט אָן אַ צענטראַלע אידייע און — אחרי ככלות הכל — אָן אַן

אוניווערסאַלער אידייע, איז אַ רײנער בלויז, אַ איז אָן אַ באַשטימטן וואָס.

אָבער גלאַטשטײן, דער פּאָעט פון „יאָסל לאָקש", ווייסט דאָך אויך אוודאי און געוויס, וואָס תוך איז און ווי נייטיק ס'איז אידעאָלאָגיע און קלאָרקייט אינם קלאַסנקאַמף. ער שרייבט דאָך ניט פאַר־דערוויייל, בלויז פאַר איצט, נאָר אויך פאַר להבא. ספּעציעל ווען עס קומט צו קריטיק, ווי ער טוט עס אַזוי גראָבפּליישיק לגבי דער פּלעיאַדע פונם חסידישן ראָמאַנטיציזם. און ער ווערט אָן אמתער זרית וואָס טרעפט גלייך אין קאָרב אַריין.

טאָ פאַרוואָס טאָקע ניט אָנטאָן פריער פאַר אַלץ אויף זיך אַליין אָט דידאָזיקע קיידאַנעס ?

אמת, עס פעלט אים חלילה ניט קיין מוט און אויך ניט קיין טרעפ־לעכקייט. מעסט ער און שניידט און צילט און טרעפט ! איז פרעגט זיך טאָקע אַ שאלה, אויב שוין יאָ אַזוי גורמדיק שאַרף זיין, איז פאַרוואָס איינהאַלטן דעמדאָזיקן שפוך־חמתך און די נעמלעכע טרעפלעכקייט און זיי ניט אָנווענדן אינם שפּאַן פון אונדזער צוויי־וועלטיקייט ?

אַי ווי גוט און וואויל ס'וואָלט געווען טאָקע צו מעסטן און שניידן — צילן אין דער ריכטיקער פּלייצע אַריין, אין דער נייטיקער מאַטעריע.

מע קאָן אים חלילה ניט חושד זיין, אַז ער איז אָן אבור־לב צום יידישן פאָלק, חס וחלילה ! ער וואַרפט דאָך די גוים צו זייער גאַנצע ציוויליזאַציע, די גרויסע פאַרשטינקענע וועלט.

ניין, ניט אים קאָן מען חושד זיין אין האַרטהאַרציקייט צום יידישן פאָלק. איז ער דאָך געווען דער סאַמע ערשטער אַרויפצולייגן די געלע לאַטע אויפן יידישן ליד ווי אַ שטאָלצע, נאַציאָנאַלע אינסיגניע !

ניין, ער איז דאָס ניט.

ער ליבט שטאַרק דאָס יידישע פאָלק.

## 3

און איצט, פאַרן ברעג פונם סוף פון אָט דער אַרבעט, איז כדאי נאָך אַ קאַפּיטשקע אויסדרעשן די „זאַנגען" און אויך די קרומקייטן פון זיין חלומען פּרובירן אויסגלייכן. אפשר גאָר זיי פּותר־חלום זיין . . . ס'איז זייער כדאי.

דאָס חלומען זיינס איז אַ מוסטער פון גאָלע יידישע פאַרקריפּלט־קייט ; ווי אין לעבן אַזוי אין חלום. דער פּועל יוצא איז, אין דער לי־טעראַטור — אויך ס'נעמלעכע.

ער זעט מיט די געהירן — אידיאָזענקראַזיע !

ניט נאָר קאָן י. ג. די יידישע טיפּן פון פאַר פופצן יאָר, און ער

רופט זיי אַרויס פאַר אונדז ווי אַ הודיני, דער פאַקוסניק, נאָר אפילו די פאַרצייטיקע טעאַטער־טיפּן קומען אים צו חלום. אַט אַזוי חלומט ער אויס דאָס רעאַלע לעבן אויף די ווינטפליגל פון דמיון, ביז עס ווערט חלום אין חלום — היגערפלעט־רעאַליטעט; חלום־שפּיל; טעאַטער־בלענדעניש; אַ ספּעקטאַקל וואו ס'איז זייער שווער אונטערצושיידן איצ־טיק לעבן פון געוועזן לעבן; עס טאַשן זיך באַ אים קעגנוואַרט און פאַר־גאַנגענהייט אויף איין פילמע.

גלאַטשטיין גיט נאָר אַ צערוק דעם פאַרהאַנג פון זכרון. אַ קלינג־אַן אינם אויער און עס יאָווען זיך (פאַר אים און פאַר אונדז) אַלע יידישע קאָמפּלעקסן: ווי מיר פירן זיך אויף אין דער היים און אין טעאַטער, אויף חתונות און אויף לויות.

ווארום, ווי ווי, וואָס אין אַ יידישן מוח טוט זיך . . . בפרט אין מוח פון גלאַטשטיינען? אַ גאַנצער פּרווידיסטישער ווייגגאָרטן . . .

אָט איז ער —

ברוך הבא, אַלץ איז דאָ . . .

מיר זענען אַמאָל געווען עגל־הזהבניקעס, הויפנשפּילערס, פורים־שפּילערס, פערד־גנבים, משכילים, שלעכטע כהנים, מיר האָבן געהאַט פאַלשע משיחים, געשריבן שלעכטע מעשה־ביכלעך, געוואויגן אויף פאַלשע וואָגן, געדרעדט זשאַרגאָן, געשאָלטן אין גראַמען, מיר זענען ניט קיין עס־טעטן, מיר האָבן געפירט שלעכטע ליבעס, מיר האָבן זיך גופא פיינט און יידישקייט — נאָך פיינטער! . . .

איז . . .

דעריבער, טאָקע און דערפאַר —

אַז מע וואַרפט עס אַריין, אָט דאָס גאַנצע געריממל, אין אַ יאַרמעלקע (ווי נומערן צום פּלעצל) און מע גיט עס צו אַ יינגעלע, אַז ער זאָל עס גוט אויסמישן אויף ציען . . . וועט מסתמא אַרויסקומען דער ריכטיקער סדר — אַ נייער סטיל, אַ פיקאַנטער גראָטעסק, אַ נוסח־פּאַטש צו גוט שבת . . .

סיידן ער חלומט און עקספּאָזירט זיין אונטערבאַוואוסטזיין ווי יאַש־יעקב? . . .

נאָר דאָס איז צו פאַנפעוואַטע געזאָגט.

אַביסעלע דירעקטער.

פאַרוואָס טראַכט גלאַטשטיין אימערצו קרום וועגן סעקס? אַלעמאָל און שטענדיק אַזוי ספּאַראַדיש? סעקס מאָנטעט פון אים אַרויס דעם העכסטן שאַרפזין מיט ציניזם.

אמת, אַז סע ווילט זיך אים זאָגן עפּעס אַזוי אַ גראָבס, אַ מין איי־דעלע וואולגאַריטעט, טוט ער עס חלילה ניט זאָגן מיט ר' יעקבס אייגענע

לעפּצן, פֿאַרשטייט זיך, נאָר ער טוט אַ צערוק דעם קאָלירטן פֿאַרהאַנג וואָס דאַרף כלומרשט העגנען בלויז פֿאַרן לעבנסשענקייטס וועגן . . . ס׳איז פֿאַראַן און סע באַווייזן זיך שוין כלעדליי טיפּן, וואָס זאָגן עס מיט גרויס פּלייס פֿאַר אים, טאַקע אין דער ספּעציפֿישער שפּראַך וואָס ער גופא וויל אַ דבר טאָן.

אַ דאגה דורך ווּעמען ?!

יידיש לעבן האָט געשאַפֿן אַ געניגנדיקן טיפּאַזש פֿון אָט דעם וואול־גאַרן סאָרט רעטעניש. דאָ וועט פֿאַר אים אַרויסטרעטן אַן אַלטער בע־סאַראַביער בחור און מיט אַ צעלאָזט יאַשס מויל טוט ער אַביסעלע זיך אָפּקוויקן אין אַזאָרט פֿון גאָלע גראָבריידעריי, אַז איר פֿילט ווי דאָס איז גלאַט געדויבעט איידעלע שרייפּלעך מיט אַ שלאַגהאַמער ; כאָטש אָט דאָס אַלץ איז געשריבן מיט אַ פּען, וואָס האָט קינסטלערישן זשעסט אין זיך, פּסיכאָלאָגישע אָטעמדיקע פּליטערלעך פֿון אַ צעהיצטן עסטעט ; אַן עס־טעט וואָס שניצט אַ ליאַלקע פֿון אַ שייטהאָלץ דווקא מיט זייער איידעלע טאַשנמעסערלעך, נאָר פֿון צייט צו צייט גיט ער אַ כאַפּ אַן האַקמעסער און גיט מיט דעם אַ זעץ איבער דער שיינגעקינסטלטער שניצונג . . .

צי אַ שטייגער, אין אַן אַנדער פּלאַץ :

וואָס האָט ער געהאַט צום משוגענעם, נעבעך, וואָס איז געגאַנגען מיט זיין אַלטן טאַטן פֿאַרטאָג איבער די וואַרשעווער גאַסן, אַז ער זאָל (אויפֿן באַפֿעל פֿון אַ חדר־ייִנגעלע, באשר בכן יענער האָט אים געגעבן אַ שטיקל פֿון זיין פּוטער־באַשמירטן פּלאַמפּלעצל) אים ווייזן די מילה און זי דרייען ווי מע ציט אַן אַ זייגער, בעת דער טאַטע זיינער פֿאַרגלאַנצט מיט די אויגן. מילא, דאָס איז אויך אַ טייל פֿון דער פּרנסה . . .

אָט דאָס איז גאָלע יאַש שביאַש און ניט פֿון קיין עסטעט אַ שריי־בער, אַ שרייבער וואָס צילט צו שענקייט. נאָר דאָס איז ער — יאַש. ער דערמאָנט אינם גרויסן ליבהאָבער פֿון גאַרטנלופּט וואָס לייגט זיך אין פּאַרק אויפֿן גראָז לעבן קוסטעס מיט בלומען און דעקט דאָס פּנים איבער מיט זיין אַלטן, פֿאַרשווייסיקטן קאַפּעליוש . . .

איז עס טאַקע אוודאי אַ גרויסע אומשענקייט ! . . .

געגנוג וואָס דעם אַלטנס זון איז נעבעך אַ משוגענער, ניט פֿאַר קיין מענטש געדאַכט, דאַרף ער, גלאַטשטיין דער עסטעט, דער קינסטלער, פֿאַרן אַזש פֿון נעוויאָרק קיין וואַרשע כדי איינצוטונקען די בעלעטריסטישע פּען אין זיין אומגליקלעכער שאַנד ?

וואו איז די הומאַניטאַרישקייט, וואָס אפֿילו אויך אַן עסטעט פֿאַר־מאָגט פֿון איר אַביסעלע ?

פֿריער פֿאַר אַלץ דאַרף אַ שרייבער־קינסטלער זיין אַ הומאַניטאַר,

און ער איז עס — די קונסט פון שרייבשאַפט איז הומאַניטאַרישקייט. דער דאָזיקער טריב איז בולט אין אַלע קונסטן.

און גלויבט מיר, אַז גלאַטשטיין איז אַ הומאַניטאַר און אַן עסטעט. כ׳בין זיכער, ווען ער זאָל דאָס נעמלעכע מין טשיקאַוועקייט זען אין זאָ־אַלאָגישן גאָרטן, וואָס מיר הערן פון זיינע העלדן, וואָלט ער פון דאָרטן אַ פאַרשעמטער אַנטלאָפן. זיין אונטערבאַוואוסטזיין וואָלט מיט אים גע־מאַכט דעם אמתן ויתרוצצו.

און דערפאַר אפשר איז זיין שרייבן טאַקע סורעאַליסטיש?

ער טיילט ניט אָפּ די טראַכטעכצן זיינע מיט קיין שום להבדיל — וואָס באַ אים אויף די געהירן טוט געשען, אָט דאָס אַלץ רעדט זיין פּען...

יאָ, ער איז ניט שולדיק, ער זעט מיט די געהירן . . .

ספּעציעל, איז דאָס קאַפּיטל טעאַטער, דאָס סאַמע געהירנדיקסטע זעאַכץ. ער איז שאַגאַליסטיש סורעאַליסטיש. ס׳איז אַ מוסטער פון, אויפן בוידעם איז אַ יאַריד. און ווידער איז ער טאַקע עכט יידישלעך אָט דאָ, הן אינם אופן טראַכטן און הן — טראַדיציאָנעל. אונדזער נאַאיווע יידיש־קייט פון אַמאָל אַמאָל: געוויאָרקער און וואַרשעווער עטצ. ווען מיר זענען נאָך ניט געווען וועלטלעך אָדער עסטעטן . . .

ער איז ווי לעשפּאַפּיר.

ער האָט צופיל אַריינגעזאַפּט אין זיך קרומקייטן, יידישע קרומ־קייטן טאַקע, נאָר אַזוי ווי ער איז דאָך פאַרט דער גרויסער קינסטלער פונם וואָרטשאַפט קומען זיי אַרויס באַ אים קינסטלעריש, אָבער מיט אַבי־סעלע צופיל הויכבערגיקע ליידנשאַפטלעכע קליגערייען.

ער איז איבערגעשטאָפּט מיט אַלערליי קינסטלערישע קרומקייטן; ער איז פעט פון פענהכמה; ער איז גראָב פון איבערגערייפטער קינסט־לערשאַפט; ער איז אויסערגעוויינלעך איבערגעגעסן מיט דער חכמה פון קונסט.

און היות, אַן איבערגעגעסענער מוז ווערן אַ ציניקער, קהלת — איידל געזאָגט — בלאָטע שבבלאָטע, איז דאָס לעבן, הכל הבל . . .

מענדעלע, אַן איבערגעגעסענער פון זיין סביבה־קרומקייט און פיינט־שאַפט, איז געוואָרן אַ סאַטיריקער. ער איז שוין באַלד געגליכן, להבדיל אלף הבדלות, צו אַ ציניקער, וואָס איז גאָלע נעגאַציע. מענדעלע איז אַזוי נעגאַטיוו צו דער יידישער סביבה, אַז ס׳איז שוין ממש באַלד ווי ניט קיין שעפערישער כח, נאָר איינפאַכער הוריקאַן — סטיכישער כח.

נאָר מענדעלע האָט אויפן שפּיץ פונם אויבער, אַרויפגעצויגן די פּאָן פון רחמים. טיף אין זיין אינגעווייד איז ער געווען אַ הומאַניטאַר:

— מיין אומה, מיין ציטערדיק טייבעלע, וואָס שרעקסטו זיך נעבעך...

דער בעסטער ביישפּיל איז משה נאַדיר.

ער, נאַדיר, האָט די גרעסטע העלפט פון זיין טאַלאַנט אַריינגעוואָרפן אינם הונגעריקן פּיסק פון ווערטלעכער לײדנשאַפט. ער יאָגט זיך ווי אַ יעגער נאָכן פאַנג אין דער לויער און אין דער אַנטפּלעקטקייט נאָך — וואָרט־קאָמבינאַציע, וואָרט־עפעקט, וואָרט־שאָטן־און־ליכט, וואָרט־גע־פלעפטקייט — אַלץ צוליב וואָרט־דערפינדערישקייט ווי אַ געציג פאַר זיך זעלבסט, כדי אַרויסברענגען די געדאַנק־עמפינדערישקייט אין וואָרט־ניואַנס ווי דער טענצער: דורך פאַנטאָמימעס און מימיק.

ווי אַ מוזיקער האָט ער געוואָלט מיט אַ זעכצנטל פון וואָרט דער־גרייכן אַן עפעקט.

אָפּט, ווען איך לייען גלאַטשטיינען, און פון זיין יידישן לשון ווער איך דערוואָרעמט, מחמת די שפּראַך באַ אים איבט אויס אויף מיר דעם כח פונוועגן פאַרמשפּחהוען מיין איצטיקייט מיטן עבר פון שטאַרקע דורות, טראַכט איך אויף אַזאַ שנירעוודיקן אופן:

משה קבל תורה מסיני, און האָט זי איבערגעגעבן צו יהושען, יהושע צו די עלטסטע און אַזוי ווייטער א. וו.

דאָס איז וועגן דער תורה.

וועגן דער ליטעראַטור?

מענדעלע האָט זי געקראָגן פונם פאָלק און זי איבערגעגעבן צו שלום עליכמען און ער צו בערגלסאָנען און בערגלסאָן צו גלאַטשטיינען. גלאַטשטיין פאַרמאָגט אַזויפיל קערנדיקייט פון אָט די דריי, אַז ס'איז זייער אַנזעעוודיק. ספּעציעל וואָס איז שייך וואָרטשאַפט און יידישע פּקחות. אַ לײדנשאַפטלעכע קלוגשאַפט וואָס נעמט בלויז צוהילף וואָרטשאַפט, וואָרט־איינפאַל, וואָרט־קאָמבינאַציע־פאַלן, וואָס ווערן פאַרוואָרפן ווי פאַנ־טעאַנען כדי דער סופר־שכל זאָל קאָנען אַריבערגיין ווי אַ טאַנקע — מיטן אָפענעם מויל געצילט צום הימל — — —

נאָר גלאַטשטיין איז איבערגעגעסן מיט שפּראַך, איבערגעגעסן מיטן וואָרט. ווי משה נאַדיר איז עס. און דעריבער וועלן זיי אַריבערשווי־מען זיך גופא, די אידייע, די טעמאַטיק — אַלץ ווערט וואָרט־פאַרפלייצט. ווי אַ פאַס וואָס ווערט איבערגעגאָסן, פליסט די פליסיקייט אין אַלע די־רעקציעס.

מיליטערישע איבערגעגרייטקייט פירט צו הריגה — מלחמה. קאַ־פּיטאַליסטישע איבערגעזויפנקייט פירט צו עקספּלואַטאַציע.

גלאַטשטיינס וואָרט־איבערגעגעסנקייט טרייבט אים צום אויסערסטן עקסטרעם צו זען מיט דעם ווי דורך אַ קאַלײדאָסקאָפּ; אָן אַ פילאָזאָפיע,

אַן אַ וועלטאַנשויאונג, אַן אַ וועלט־געפיל צו אַ וועלט־טריב, וואָלט איך געזאָגט.

ער איז גאָלע צעשווימנדיקע אימפּולסן.

ער איז ניט קיין אַלטער פרעגער, נאָר אַ יונגער זעער. ער זעט ווייטער ווי ער פרעגט.

ער איז דעריבער מערער יום־טוב ווי וואָך. אַביסעלע צו שמחת־תורהדיק־פאַרשייעט ווען ער טוט ריידן פאַרן בראַצלאַווער צו זיין סופר נתן, דאַן איז דער בראַצלאַווער צו וואוילינגעריש.

עס געלינגט אים אָפט צו געווינען דאָס האַרץ פונם יידישן פאָלק. און אַז מע געווינט דאָס האַרץ פון אַ פאָלק קאָן מען זיך אַוועקשטעלן מיט אַ וואָכעדיקן מנחה־מעריב, אויסטענהן מיט גאָט ווי לוי יצחק בן שרהס:

— ס׳קאַצל קומט, טאַטע פאָטער, איך בין געקומען צו דיר אין פעדערשטוב און זאָג דיר גוטנאָוונט. היינט איז אַ פּראָסטער מיטוואָך, יידעלעך האַנדלען און וואַנדלען, מסחרן, חלילה נישט פאַר זיך, נאָר פאַר ווייב און קינדער, פאַר דעם הויזגעזינט. דער קאָפּ איז פאַרדרייט מיט כלערליי דאגות, אָבער פונדעסטוועגן שפּאָרט מען אָפּ פאַר דיר אַ מנחה ומעריב. אינמיטן דערינען גיט מען זיך אַ שטעל אַוועק, און מע הייבט אויף די אויגן צו דיר, טאַטע פאָטער, פרעג איך דיך, איז עס רעכט פון דיר, אַז דו זאָלסט אונדז אַלעמאָל וואַרפן דעם גט צו די פיס, הלמאי דו האָסט אונדז אויסגעקליבן פאַר אַ פאָלק? וועמען דען, זאָג אַליין, האָסטו געקאָנט אויסקלייבן? אדרבא, זאָג! ווייסט אפשר פון אַ בעסערער אומה?

אָט־אָ דאָ דערקאָנט מען אויף אַ רעאַלן וואונדער וואָס עס מיינט יאַש־יעקבס שפּיגל פון וואָרט. מע דאַרף וויסן וואו עס רעדט יאַש און וואו — יעקב.

מע מוז וויסן; אומבאַדינגט.

דאָס וואָס דער זעכצניעריקער עילוי, דעם רבינס זון אַנפּלעקט פאַר אונדז סיי אין שירים און סיי אין חבורים צי דורך זיין סופּער־פּי־לאָזאָפישער חקריה, איז דאָס, דאָס קול — קול יעקב. אַ סימן, אפילו די צוויי פּרויען, דעם רבינס טעכטער, זעט יאַש צום ערשטן מאָל מיט יעקבס אויגן . . . און דאָ פאַלט פאַר אונדז אַראָפּ דער שלייער פון דער צווייאיקייט־געשטאַלט — יאַש־יעקב. און עס ווערט קלאָר, אַז די נבול־פּה רעדט יאַש.

פונקט ווי אין משה לייבן האָט זיך געראַנגלט פּוילישע סענסואַלי־טעט מיט יידישער סענסיוויטעט, אַזוי אויך אין גלאַטשטיינען.

און דער רעזולטאַט בײַ ביידן — איז גראַבריידערײַ.

זיי ווערן גערייצט פונם וואָרטס מאָמענטלעכן אויפבליץ, פון דער שאַרפער רויקייט.

עס איז די וואַכיקייט, וואָס עסט אויף די שבתדיקייט. און עס גע־שעט נאָר דאַן ווען דער פּאָעט קאָן ניט איינצוימען זיינע אימפּולסן פון נידעריקע אינסטינקטן, נאָר גיט זיך נאָך און זיי צעלאָזן זיך ווי מכשפות אין וואַקכאַנאַליעס.

אָבער דאָס איז דער מאָמענט פון פאַרצווייפלטקייט און דער פּאָעט דאַרף אים איבערקרייצן מיט שעפערישקייט; אויב ניט פאַלט ער אַריין אין דבקות אָדער אין ציניזם.

משה לייב האָט עס געטאָן אויס ריינער בונטאַרישקייט.

גלאַטשטיין? ווייל דער יאוש אין אים שטויסט זיך מיט יעקבן ניט אַנדערש! . . .

אָט איז יאוש —

וואָלט ער זיך ניט אַריינגעכאַפּט, דער בריונא, צו רב יעקבן אין דער פען כדי זיך אויסלעבן מיט זיינע גראָבקייטן, וואָלט ער געוויס ווי אַסך פון אָט־דעם מין פעבל, זיך איינגעשטילט מיט ענלעכע ווערטער, וואָס ער וואָלט זיי געשריבן אויף די ווענט אונטער אַ בריק.

אָט דאָס איז יאוש.

און אַזוי איז יעקב — די פען גלאַטשטיינס:

אָט דאָס איז יעקב — מיט דער גרעסטער בענקשאַפט ווי אַזוי צו געפינען אַ באַשייד פאַר דער פען. און דערפאַר קאָן זיין אפשר, פּרואווט ער זי אויס אויף אַלעמען.

ווארום די חריפות פון אַ זעכצניעריקן, מעג ער זיך טאַקע זיין אַ עלוי, איז פאָרט שאָקירנדיק ווען ער פאַרקלאָגט זיך אויף דעם גאַנצן יידישן שאַפן . . .

— איך האָב דורכגעלייענט די גאַנצע יידישע ליטעראַטור. איך קאָן אַלעמען און אַלץ. אָבער וואָס פאַרמאָגן זיי אַחוץ לשון? פּרצעס חסידי־שע מעשׂיות זענען אַנעקדאָטן מיט אַ מאָראַל. עס איז פון דרויסן אַריינ־געקוקט דורכן שליסל־לאָך און געטאַנצט קדוש. איך וויל קומען פון אינעווייניק. איך וויל באַנייען דעם גאַנצן יידישן געדאַנק. קודם, דאַרפט איר פאַרשטיין, מוזן מיר אָפּשאַפן די גויאישע פאָרמען. אונדזערס אַ שאַפונג מוז כולל זיין אַלץ: פּאָעזיע, פּראָזע, פילאָזאָפיע, דראַמע, פּסי־כאָלאָגיע, אַסטראָנאָמיע, עפּיגראַם — אַלץ. וואָס דאַרפן מיר די קליינע שאַכטעלעך? מיר דאַרפן ווערן אַ שעפערישע ענציקלאָפּעדיע, איר הערט? אַן ענציקלאָפּעדיע, אָבער אַ שעפערישע. איר כאַפּט דעם גוואַלדאָווענעם רעיון? איר האָט אַמאָל געלייענט דעם בראַצלאַווערס אַ מעשׂהלע? אָט איז מיין העלד פון חסידות. איך בין פאַרליבט אין אים, איך טראַכט וועגן

אים גאַנצע טעג. ער איז געווען אַ מחדש און ער האָט ליב געהאַט יידיש. איר ווייסט וואָס איז אַזוינס יידיש? איר האָט כאָטש אַ באַגריף וואָס פאַר אַ וואונדערלעך לשון דאָס איז?

איז דאָס ניט ווידעראַמאָל און אָבעראַמאָל י. ג. מיט זיין בענק־שאַפט צו געפינען אַ באַשייד פאַר דער פען? פאַרן שאַפן? פאַרן וואָרט? פאַר יידיש?

רייד פון אַ צעפלאַמטן חסיד.

איז ער טאַקע גאָלע וואָרטשפיגל.

און מע דערקענט אים אין דער שפיגלקייט פון וואָרט ווען ער זאָל עס ניט אָנקליידן. צי ס,איז אַ בעל עגלה, צי שטיינמאַן, צי בוכ־לערנערס שיקסע, צי איינער פון זיינע לערער, צי סאָבע — אַלע מיטן געשפיגלטן וואָרט־רייד — זענען יעקב גלאַטשטיין.

מיין אויספיר איז אָט דער:

טראַכט איך וועגן גלאַטשטיינען, קומט מיר אויפן זינען אַזאַ געדאַנק:

באַם געוויינלעכן מענטשן איז דער סדר אַז מיט די קומענדיקע יאָרן פאַלן אָפּ די כחות. אָבער באַם שרייבער, באַם שעפערישן מענטשן, ספּע־ציעל באַ אַזאַ וואָרטקינסטלער ווי גלאַטשטיין, איז גאָר פאַרקערט — מיט די קומענדיקע יאָרן פאַרמערן זיך באַ אים די שעפערישע כחות, די פּאַ־טענץ.

דערפאַר וועט ער אונדז אין זיין דריטן בוך אַסך פאַרענטפערן.

ער וועט מוזן. כאָטש ער איז אַ דערגאַנגענער.

מיר געטרויען אים אַן דאָס יידישע לעבן אויף ווייטער. ער וועט אויסקנעטן דאָס ווערק וואָס מיר ווילן פון אים און ער — נאָך מער ווי מיר, וויל עס שאַפן פאַר אונדז און פאַר די דורות נאָך אונדז..

גלאַטשטיין ווי אַ דערגאַנגענער קינסטלער מוז צו אָט דעם פאַר־גאַנצטן ווערק דערגיין.

דערגיין — צוליב פולקאָמענקייט, צוליב דער עסטעטיק פון וואָרט און דער סאָציאַלקייט איבם לעבן . . .

**אַלטער עסעלין**

**פּאָעט**

**מילוואָקי**

אַרויסגעגעבן די ביכער: „קנויטן" (1927) — „אונטער דער לאַסט" (1936) — באַטייליקט זיך אין די „פרייע אַרבעטער שטימע" — „קונדס" — „נייע וועלט" — „די פעדער" — „טאָג" — „צוקונפט" — „דאָס וואָרט" — „אויפקום" — „אינאיינעם" — „יונג שיקאגא" — „ליטעראַרי־שע בלעטער" — „ליד" — „סטודיאָ" — „מיד־וועסט מערב אנטאלאגיע" — „שיקאגא" — „פרייהייט" — „קוריער" — „אינדריצעס יום־טוב בלעטער" און אַנד.

# אַלטער עסעלין

## וידוי

1

איך האָב געלעבט לאַנגע יאָרן,
געצאָלט ביז פול פאַר יעדע שעה:
פאַר גראָבע שקאָרינקעס פון קאָרן
און — ניט אַ לעק אמבראָזיאָ.

געזען זיך אין בונטע פאַרבן,
ווי אונטער פען פון אַ פעטראַרק;
פאַר פרייד געטרונקען שאַרפס אַ ירדן,
פאַר נויט געגעבענטיקט אין אַ פאַרק.

געקליבן אותיות, געקליבן גראַמען,
ווי דימענט אונטער דינאַמיט —
סאַראַ שפּאַר געטאָן עס האָבן סמען,
און דאָס איז דאָך געווען מיין ליד.

אין קראַנקע טעג און בייזע נעכט
האָב איך דורך טרער צו גאָט גערעדט.
צי ווערן ניט דורך טרערן עכט
די רייד פון אַ פּאָעט?

מיין ליד איז עכט, דאָס ווייס איך קלאָר,
נאָר פליען איז איר ניט באַשערט:
אַ קורצע בריק נאָר פון איין דור,
דערנאָך איז תהום און גאָרניט מער.

דער תהום איז אָפן, דער תהום איז טיף,
עס זינקט מיין ליד מיט מיר צוגלייך;
איך נעם מיין שיינעם יחוס־בריוו
און וואַרף עס ווי אַ שטיין אין טייך.

2

וואָלט איך געלעבט אין צייט פון דוד
ווען טעמפּל־ערא האָט געבליט,
וואָלט איך געהאָפט אויף רום און כבוד
און גרויסע כאָרן פאַר מיין ליד.

איך וואָלט דעם הימל איבערטרוימען,
קושן גראָז, האָלדזן בוים.
מער פאַרטרויט ווי רות און נעמין
וואָלט איך געוועזן מיין לאַנד און היים.

די שפּעטקייט הילכט ווי מעגאַפאָנען,
פאַרשטאָפּ דעם אויער — העלפט עס דען?
אַז גאָט אַליין וויל זיך אַנטראָגען,
ווער ציקלט איצטער מיט אַ פען?

אויף לאַנג פאַרבלייבט מיט אונדז דאָס ביטערס
אין זקנס האַרץ, אין זויגלינגס מויל.
די גראָבע פויק און צאַרטע ציטרע
איז ריטמיש טריי דעם מחריבס זויל.

אַ טרייסטער זיין כאָטש אַרום קלאָגער,
אפילו דאָס איז ניט באַשערט מיר;
אין מדבר אומקומען ווי הגר,
אויף שטיינער פאַלן מיינע ווערטער.

דער שונא איילט מיט לעמפּערט־שפּרונגען.
ער איז שוין דאָ, זיין אָטעם בריט.
איך האָב מיין וידוי־ליד שוין אָפּגעזונגען
און איר, חברים, פאַרשפּעטיקט ניט.

3

איר, נאָך אונדז, און קומען וועט איר,
ניט קומט ווי דער וואָס פון נוצרת.

מאַנט אויף דעם חוב, זייט גוטע בעטער
פאַר אונדז אויף פרעמדע סעמעטעריס.

אין יעדן לאַנד, ים, יבשה,
וועט איר געפינען אונדזער סימן:
שריפט אין בלוט, דער לעצטער לשון,
ליד פון שטומען סופּער־דמיון.

נעמט וועלכן בוך איר ווילט און בלעטערט,
וועט אַ שפּרינג טאָן אונדזער עפּעס,
און פאַר אייך, אין וויטן שפּעטער,
וועט זיין געגנוג, כאָטש נעם און שעפּ עס.

דערמאָנט אונדז אין אַ הייסער שורה,
ווי מיר די אבות אין דעם סידור.
און פון אונדזער זעלנשטורעם
זאָלט איר שרייבן שיינע לידער.

4

יינגל ליבער,
וואָס וועט זיין אַז די צייט וועט אַריבער:
איך וועל געהערן צום גראָז פון די אבות
און דו — צום ווייפּלטן גלגול — אַ „האַמאַ נאָוואוס”,
איך וועל ניט צערטלען דיך מער און ניט קושן,
וואָס וועסטו טאָן מיט דער שווערער ירושה
וואָס איך לאָז דיר דאָ איבער אין אָפענע שאַפעס:
תכלית פון וואָך, פּערל פון יום טוב און שבת;
דורות האָבן אַ תוך דאָרט באַהאַלטן.
וואָס וועסטו טאָן מיט אַלטע, ברוינע פאָליאַנטן:
חובת־הלבבות, חיי־אדם, קב־ישר, עין־יעקב,
און דינינקע ביכעלעך לידער — געשאַנקען
פון יידישע פרינצן, מאָנאַרכן. —
עס זאָגט מיר דאָס האַרץ אַז דו וועסט זיי ניט דאַרפן,
כאָטש זוכן זיי וועסטו, אין דעם בין איך זיכער,
דורך אַנדערע וועגן און אנדערע ביכער.

ס׳וועט קומען דער „דזשאַנקער״, אַ ייד אין קאַלטנס
וואָס זעט אויס (נאָך אַ באָד) ווי דער מלך אין קאַרטן
און אַ פלייץ טאָן אין גאַס מיט אינגבער פון היימוויי:
„עני רעגס, עני באַטלס טודעי״?
רוף אים אַריין און טו אים אַ פרעג
צי האָט ער געגוג שפּיגאַט פאַר געפעק?

און צי איז ער חלילה ניט קיין געבריכטער
צו שלעפּן אַ שווערע קולטור־געשיכטע? . . .
און וויַיז אים די אַלמערס, די קופערטס — סחורה, פּאַפּיר,
און פאַרגעס ניט אין קעלער דעם סואוועניר
פון דעם הייליקן באָרד — דעם טלית און תפילין,
(מיט דעם וועט אפילו די קאַץ זיך ניט שפּילן).
אַ לעצטן גלעט די טאָוולען און צויטן
ווי דו וואָלסט געגלעט מיין אייגן טויטע
און העלף אים טראָגן די ספרים צום וואָגן
און אַז דו וועסט וועלן מעגסטו אים זאָגן
אָן רייד — ווי בלומען דורך ריחות
אַז דו שטאַמסט פון יחוס:
דיין זיידע איז געווען אַ מחבר, אַ נסתר,
דיין טאַטע — אַ שעלי, אַ בייראָן אַ וויסטער,
און אַלץ וואָס געבליבן איז דאָס וואָס ער האָט
אין וואָגן, וואָס גייט דורך פייער צו גאָט.

## דיר איז באַשערט

דיר איז באַשערט צו זיין וואָס קיינער קען ניט ווערן:
חכם, געגאַרטער, קעניג אָן מדינה.
דורך דיר גייט אויף דער רוף צום לאָם און צו האינע,
זייט גרייט: די וועלט קען באַלד זיך איבערקערן.

מיט ארגוס־אויגן איבער אַלע לענדער, איבער אַלע ימען.
זען אַלץ, הערן אַלץ, דאָס ניט געאַנטסטע — אַנען,
קיין אויסוועג איז ניטאָ — אַזיל און ווידער שפּאַנען
דורך בלוט, ווי האָניק קלעפּן די אינפערנאָ־פלאַמען.

האָסט פֿאַר אַלץ געצאָלט הויכפּרייז און כּפֿלים,
אַפֿילו פֿאַר דעם שטעכדראָט אַרום געטאָ.
אָט איז די לאַנדקראָט דײַנע: יאַלטאַ, פּראַג, טאָלעדאָ,
כּאַראַ לאַנגער רויטער שטרײַף פֿון וואַרשע ביז מצרים.

און יעדעס מאָל אַ נײַער פּיגמי האָסטיקט מיט דערפֿאָלגן,
זײַן דרייסטער פֿאָקל צייכנט: נײַע וועלט־אידייע!
דײַן אַלטער פּנים קראַמפּט, דײַן ווײַסע באָרד און פּאה
זע איך אינם נעפּל ווי ירמיהו אין וואָלקן.

גליקלעכער, ניט גליקלעכער, אין אַלע פֿאָלקס־אַנאַלן
איז ניטאָ אַזאַ טערמין, וואָס זאָל באַרעכטיקן דײַן קיום,
און נאָך יעדן שטורעם הייבסטו אָן ערשט בליִען,
שטאָלצער, שטאַרקער נאָך יעדן שווערן פֿאַלן.

וואָס האָסטו ניט געהאַט? וואו ביזטו ניט געווען שוין?
הבל הבלים און זע סאַראַ אַזאַרט, ווי שעפּעריש דײַן כּח,
נאָך יעדן חורבן קומסטו מיט דעם אַלטן למנצח,
מיט אַ משל פֿון דער חיה אויף דער גוטסקייט פֿון דעם מענטשן.

## דער טויט פֿון סיינט בערנאַרד

(באַלאַדע וועגן אַ הונט)

סיינט בערנאַרד איז געלעגן אין גראָז מיטן עק אונטער זיך.
איין אויג פֿאַרקלעפּט מיט געלס, די צווייטע — אַ גרינער פֿייערשפּאַלט.
וואָס ער זעט איז ניט נײַ, נאָר פֿאַרוואָס איז די יולי־זון קאַלט?
די וועלט אַזוי קליין: די בודע — אַ פֿינטל, דער בוים — אַ שטריך.

אַלט איז זײַן ריזיקער קאָפּ, די בראָנזענע מאָרדע ליגט
פֿאַרשטעקט אין די פֿיס, די אויערן הענגען ווי שמאַטעס אין ווינט,
די צונג קריכט פֿון מויל, אַ דינינקער שנירעלע רינט,
און זעגט מיטן האַלדז ווי אַ ביין וואָלט אין גאָרגל געשטיקט.

וואו זענען זיי איצט, די אַלע וואָס ער האָט באַמאַנט
און זאָט געמאַכט מיט ספֿערם פֿון דעם פֿיינסטן מין?

איצט, ווען ער איז הילפלאָז קעגן מינדסטן זשוק און בין,
וואָלט עמיצער געקומען אים אַ גלעט טאָן מיט אַ האַנט.

וואָלט כאָטש אַ שטיין געפאַלן פון דעם רויטן דאַך
מיט אַ שמעטערקלאַפּ — עס דערמאָנט זיך אים:
אַ שנייבאַרג אין די אַלפּן, אַ פאַל, אַ שניידנדיקע שטים
און אַ באַקאַנטער רונדער פרויען־קערפּער איז געלעגן פלאַך.

עס האָט ניט געהאָלפן די ספּירט־פאַס אויף זיין קאַרק,
דאָס לעקן אויף די באַקן: עפן, טרינק.
דאָס בלוט האָט אים פאַרווירט, נאָר ער האָט דרייסט און פלינק
אַראָפּגעשלעפּט זיין טויטע האַרנטע פון באַרג.

דערנאָך — באַם טויטן־מאַרש, ער — באַם זייט פון קאַטאַפאַלק,
העכער פון דער פלייט און פויק האָט מען זיין יאָמערן געהערט.
אַ מאָדנע זאַך דער טויט: אַ שטילע גרוב, בויגיקע ווערים אין דער ערד.
אָ ווי לאַנג דאָס איז, יאָרן פליען ווי ענטלעך פון אַ זאַלפּ.

פערצן יאָר, אַ לאַנגער וועג ווי אויף אַ שווינדלבריק,
געטונקלט און געליכטיקט, ווי אַ כאַמעלאָן.
וואו איז ער ניט געווען? וואָס האָט ער ניט געטאָן?
געדינט מיט „אויג״ אַ בלינדן פריסט, געשפרונגען אין אַ צירק.

יוגנטיאָרן, אַ היימלאַנד ווייטע, עס געדענקט זיך נאָך
די יאַגד־לייט מיט די ביקסן, דעם עכאָ פון אַ שאָס.
אָט דאַכט אים ווי ער שוועבט אין גרינס מיט אַ צאַפּלדיקן האָז
כאָטש רירלאָז ליגט ער ווי אַ שטיין אין מאָך.

גיי דערצייל ווי אָפט, אַמאָל אין מיטן נאַכט
האָט ער געהערט אַ טרינקענדיקנס געוואַלד,
און ער — אַ שפּונג אין טייך ווי אַ בליץ אין וואַלד
און אָט איז ער צוריק: אַ שטאַרך האָט אַן עופהלע געבראַכט.

פאַר זיג און פרעמדן גליק געצאָלט מיט טויט־געפאַר.
ווער קאָן אים איצט? נאָר אין די אַנאַלן פון „פאָליס גאַזעט״
לעבט נאָך די שריפט וואָס אונטער זיין פאָרטרעט:
„יאַקאָב סיינט בערנאַרד — דער העלדן־עקזעמפּליאַר״.

ווי קליין דער לוין, אָפּט געהונגערט און געדאָרשט.
דאָס לעבן איז אַ רויטערביין מיט ווייסע חזיר־שמאַלץ.
פאַרוואָס אָבער ווערגט אים איצט דער קאָלנער אויפן האַלדז?
צי וועט ער קאָנען שלינגען כאָטש אַ רעדל לעבער־וואורשט?

אַ ווינטל בלאָזט. בלעטער לאַכן, פּאַטשן זיך מיט גאָלד.
אַ פּיצל פייגל אין דער הויך צעגיסט זיך אין אַ ליד.
יאַקאָב הערט — איז וואָס? אים אַרט שוין קיין זאַך ניט.
וואָלט ער נאָר געקאָנט — ער וואָלט און וואָלט.

די זון פאַרגייט. אַ רויטקייט פאַרגיסט זיין דולן קאָפּ,
פליגן שטראָמען, רייסן דורך זיין סאַמעט, קריכן אים אין מויל.
וואָס שמעקט דאָס אַרום אים אַזוי האַרב און פויל
ווי אַלטע פיש־יויך אין אַ ברודנעם טאָפּ.

ער הערט אַ פייף. אַ לעצטער קיצל פון אַזאַרט.
ער וואָלט אַ שפּרונג געטאָן צום רוף פון גוטן ווירט,
ער אָנט, מ׳גייט, ס׳האָט אים עמיצער באַרירט.
נאָר שטיל און רואיק איז געלעגן סיינט בערנאַרד.

## פון איינעמס אַלבאָם

ווער ס,האָט פון בענדיקע ביכער געלערנט
איידלקייט, פיינע מאַניערן,
גלאָריע פון פעלקער, נעמען פון שטערן,
מיר האָט דאָס לעבן געגעבן אַ ראַסן־מתנה —
אָקסישן נאָקן צו שלעפּן אַ גורל אַ שווערן;
הענט ווי אויכנשטאַמען
און אַ פיינגעפיל פאַר יאַמבן און גראַמען.
אין אַכטן יאָר־עלטער
בין איך געווען שוין אויסגעבונדן
מיט הונגער און נשמה־וואונדן.
אַזוי ווי מ׳קאָן ניט אָן היימלאַנד פאַרגעסן,
געדענק איך די בויט פון שפּאָרן פון עסן:

ברויט מיט „קאַפּטשאַנקע" פֿאַרטרינקען מיט וואַסער,
קליין ווי איך בין — שוין אַ סקאָרפּיאָן, אַ האַסער.
טרער פון מיין מאַמען, אָ יאָרעלעך קלאָרע,
קרעכץ פון מיין זיידן באַ דער געלער גמרא,
קינדער קראַנקע מיט וואונדן און בלאַטער,
און אין מיר פון אַ הונט די געטרייקייט, צאַרטקייט פון קאַטער;
אַ שיקסל אַ בלאַנדס מיט אויגן ווי אַגרעס,
וואָס איך טרוי ניט דער מאַמען, פאַרטרוי איך דער בוגרת
און אַ בוידעם געדענק איך וואו טויבן וואָרקען,
דאָרט ליגט נאָך מיין גנבה — אַ ביכל פון גאָרקין
אויף די ראַנדן פאַרשריבן מיט בוכשטאַבן קליינע:
כ׳וועל אויך אַמאָל שרייבן לידער אַזוינע. —
נאָר מיר איז באַשערט ווי דעם קעניג מאַקבעט:
אַ פינצטערער קרוינזאַל באַם ברעג פון אַ תהום
און האָט ניט זיין טראָן וואו אַהינצוטאָן . . .
מיין ביטערקייט מאַנט, מיין מיזערע רעדט;
אַדאָ שטיי איך איצט מיט טויזנט אין רייען,
אין רינשטאָק — וואו אַלע שפייען —
פון דאַנען מיין ליד, מיין שנאה.

## זעלנעלנט

מ׳האָט מיך געלאַדן און איך בין געקומען,
אַ פרעמדער, אַ וויטער, פון טויזנטער מיילן.
באַפאַנצערט מיט עלנט
ווי אַ בופלאָקס באַשטאָכן מיט פיילן.

אַזויפיל ליכט פלייצט פאַר די אויגן.
פאָמפּ אין שייד פון העפלעכקייט;
אויף וואָס דו זיצסט איז פוך,
אויף וואָס דו קוקסט — רעגנבויגן.
נאָר איך בין דאָ דער רייפסטער ווידערשפרוך:
אַ יאָלד אַ שטומער.

שפּעטער, ווען זשעסטן ווערן ווייכער,
ליסע קעפּ ווי פלעקן אויף קעז

ציען זיך צו דעקאָלטע אין ראָז.
ווייס לייב שמעקט ווי בעז —
לעבן אויף ווי גלי־ווערים אין שאָטן
סעקס אַגעקדאָטן. —
דינער שמייכל אויף קאַרמענע ליפּן.
טענאָרן לאַכן ווי טעאַטער־טיפּן.
אויפן רויטן מאַהאגאַני טיש
נעמען קנאַקן קאָרטן —
בין איך דער ערשטער אויף די פיס
און לויף מיט מיין קאָלטן —
מיין זעלבעלנט.

איך בין ווידער צוריק
מיט מיין עמיליען און וואָלטן
און מיט מיין גוטן ליבן פּרוסט.
סאַראַ נאַר איך בין.
כ׳האָב דאָך פריער געוואוסט
אַז איך בין איבעריק דאָרטן.

נאַכט דו ווייסע, נעם מיך, נעם מיך,
מיש מיך אויס מיט זיין זויבערן חלום.
זיי זאָגן איך בין עלנט און אָרים:
אַזויפיל זילבער אין דער לבנה,
אַזויפיל דימענט אין די שטערן.
ניט וואָר, האַרץ מיינס?
— ניט וואָר. ניט גוט.
עס קומען ווידער טרערן.

## לאַקאָניק

ווי ליב איך האָב די קלוגע שוויגער
וואָס צאַמען זייער שאַרפזין און ריידן אויפן וואונק
און רייצן אויף דיין אויער אַזאַ נייגער
ווי האָניק־טראָפּנס אויפן צונג.

דין ווי רויך און פאַרביק ווי אַגאַט

דאַרף זיין דאָס וואָרט, ווי שטאַרקער מעד,
וואָס שלאָגט פאָראויס דעם אַראָמאַט.
איך ווייס נאָך אויך וועגן שוויגן רעדט.

וועגן איבעריק, ווייל באַדנלאָזער וואָרט
קלאָפּט ווי אַ האַמער אויף בלעך.
מיין זיידע, מיט טראַכטנדיקע פינגער אויפן באָרד,
פלעגט אויסשעפּן דעם איידלסטן געשפּרעך.

וועגן ניט וועגן אַ בליץ טאָן מיט אַ זאָג,
שאַרף, קורץ און ניט אומגעריכט.
מאָלעריש איז ער געווען, וואָן גאָג,
נאָר מיט אַ שמייכלענדן געזיכט.

# וועסט אויספאָרן די גאַנצע וועלט

ווענסט אויפאָרן די גאַנצע וועלט
און אויסהערן די קליגסטע רייד,
ווענסטו ניט וויסן וואָס דיר פעלט
און אין וואָס דאָס גליק באַשטייט.

אַז וואו דו ביזט איז אַלץ פאַראַן,
עס שפּאָרט ווי וויין פון אונטער שפּונט.
נאָר טהאָראָ זאָגט און דער קאָראַן:
צי ווייסטו פיל דו דאַרפסט אין גרונט?

אַ פלאַקסן העמד פייכט פון שווייס,
און שעם זיך ניט מיט אַ מאַזאָל;
ווייך פון טובות ווי פון בייז,
אפילו פאַר אַ שמייכל צאָל . . .

אַ שטיקל ערד פלאַך און רוי,
אַ שטאַרק פערד און ריינע שטאַל;
אַ האַרץ פאַר פידל, ביר און פרוי
און אַ רייכן טרערנקוואַל.

און הער זיך איין אין קאַלטן ליים —
אַ בלינדער וואָרעם באַ דיין פוס
וועזט דיר אָן דעם קעניגס היים —
און דיינע אויך אין זיין רשות.

## איך בין פאַרליבט אין לידער

איך בין פאַרליבט אין דיכטער און אין לידער,
ווי גאָט, אייביק איז דאָס וואָרט פון דעם פּאָעט.
אָפט לעב איך אַזאַ שענקייט איבער
ווי קיטס באַם פאַרענדיקטן סאָנעט.

איך קאָן דערקענען וואו די פלינקע, כיטרע
פעדער פון דעם דיכטער קריצט;
דעם דינסטן ציטער פון דער צאַרטער ציטרע
און וואו דער שאַרפער מעסער שניצט:

בלוט פון ווערטער אויף די פינגער פלייצן,
און אויסגעשמידעטער אמת אין דעם פערזן־בוי
רעדט, רייצט און וועט אייביק רייצן
ווי רייפע רונדע אברים באַ אַ פרוי.

נאָר דאָרט וואו לידער נעמען פּעכיק ציען
דעם ליגן, וואָס טרינקט זיך אין דעם טינט, —
אַזוינע לאָז איך פון מיין פענצטער פליען
ווי אין האַרבסט די בלעטער אויפן ווינט.

## מיין לעבן פאַר אַ ליד

לידער זענען פידלען אין אַ וואַלד,
דער שפּילער — אַ שטענדיקער הערמיט,
סאַראַ רירנדיקע שענקייט פון זיי קוואַלט.
מיין גאַנצן לעבן גיב איך פאַר אַ ליד.

דאָס ליד אָבער זאָל ווערן א י ך א ל יי ן:
מיין שטימע און מיין חתימה פון דער שריפט
זאָל קלינגען ווי כאַיאַם. זאָל קלינגען ווי ווערלעין
און ווי פון אָוונט־טרויער הייסער האָניק טריפט.

כ׳וואָלט איינגעטונקט אין בליצנשטאָף די פּען
און צינדן מיט לידערליכט די וועלט;
נאָר מיר איז נאָך ביז איצטער ניט געווען
באַשערט צו ווערן אַזאַ העלד.

# כ׳וועל זינגען אַלטמאָדיש

כ׳וועל זינגען אַלטמאָדיש, זינגען פּראָסט,
אין אַלטע געטאָ־ווערטער,
און שלעפּן מיין גורל שווער ווי אַן אָקס:
אַזוי און אַזוי איז באַשערט מיר.

מעג מען זאָגן אויף מיר: זע ווי ער קריכט,
ער זינגט פאַר שלעפּער און מאַרקלייט, —
נאָר איבער מיר, מיין גלויבן — מיין ליכט,
ווי דימענטפינקל דורך האַרטקייט.

פאַר ליב נעם איך אַן די האַרבע שטראָף:
מבינות און מוסר צו הערן;
נאָר איך זאָל אַזוי ווי אַ זויגלינג אין שלאָף
יעירן, וואַקסן, ווערן.

פול זאָל נאָר זיין מיין אַלטמאָדישע ליד
ווי פון ברונען אַ טריפנדער עמער;
ניט אַרן זאָל מיך וואָס עס זינגען מיך ניט
די נייע וועלט־באַנעמער.

אויך זיי זענען שטויב; אַלט ווי מאָך
איז דער געשליפנסטער רמז.
גאָט, איך וויל מיין ליד זאָל אין תוך
ניט פעלשן דעם אמת.

צו שענקייט וועל איך נאָך דערגרייכן אַמאָל
ווי צו מיידלשע רונד לייב — אַ יינגל;
מיך אַרט ניט, צי וועלט וועט דערהערן מיין קול,
נאָר ליכט, ליכט אין מיין ווינקל.

## אַ וואונטש

איך זע שוין דעם פּאַנאַנדערפאַל,
ער האָט מיך ניט אויסגעמיידט,
בלויז דעם שולדיקן פאַרפעלט.
וואו איז דער כּף־הקל ?
גאָט, וואו ענדיקט זיך דיין וועלט ?
איך וואָלט אַהין אַוועק אויף הירשנפיס,
מיטנעמען פיל עס קאָן אַ האַנט
אין אייל, רעשטלעך ביטער־זיס —
ווי אַ סואווניר פון אַ פאַרשוועכטן דעקאַלאָג :
דעם אַלטן תהילים ; אַ דאָסטאָיעווסקי באַנד ;
וואָן גאָגס פאַרבלוטיקט ליכט פון טאָג ;
די שלוכצנדיקע פלייט פון דעבוסי
און משה לייבס אַ ליד — מוסטער פּאָעזיע
וואָס פוילט ביז גרונט אין דרוק־פּאַפּיר,
און מיט אַ וואָרף דעם שליסל פון מיין טיר
ווי מ׳וואַרפט אַ לופט־קוש צו אַ פרוי
וואָלט איך אַוועק פויגל־פלינק און רייך,
און זאָל איך שוין אַזוי און אַזוי
אויב איך וואָלט געבענקט נאָך אייך.

## ליבע פלאַמט ווי פייער

די זון פאַרגייט צום באַנהויף,
מאַריאַנקע גייט פון מעלנער.
אַנטקעגן ווי אַ גנב
רוקט זיך אָן אַ זעלנער.

ווער איז ער ? און פונוואַנען ?
מיט אַ ביקס און העלם,
ענלעך אויף איר וואַגיען —
זיבן יאָר שוין נעלם.

פיר אויגן ווי מיט האָקן
פאַרשטעכן זיך מיט גלוסטונג :

דער מעלזאַק אויף איר רוקן
בעט זיך צו די קוסטן.
ער דרייט אַ בלאָנדע וואָנצע
און לאַכט — כאָטש נעם און מאָל אים,
ביסלעכווייז דערקאָנט זי
שפּורן פון אַ חלום.

זי קוקט אים גלייך אין פּנים
און קרימט איר מויל אין פּליסטער,
זי רופט אים אָן באַם נאָמען
וואַניאַ, יאָ, דאָס איז ער.

אַ שיקסע מוז זיך שעמען,
אַ יון בלייבט אַ יון.
זי לאָזט אַראָפּ די ברעמען
ווי די זון אין אָוונט.

ער נעמט זי פאַר די צעפּ אָן
און שמעקט פון לייב איר אָפּיום.
— אָי, דו ליבער דעמאָן
און לאָזט שוין מער ניט אָפּ אים.

די וועלט איז פריש ווי אַאיר.
דער קוסט שפּילט פילהאַרמאָניק.
די ליבע פלאָמט ווי פייער
און שמעלצט זיך אויס אין האָניק.

## אויך דער שמעטערלינג ווייס

עס איז קיינעם ניט גרינג,
לעב אַ שעה, צי אַ יאָר אַכציק.
עס ווערט דיר אפילו דער שמעטערלינג,
וואָס איז לאָסטלאָז, דאַכט זיך,
דערציילן פון פלאָנטער און מאַטער.
גרינגער איז שוין דער לעצטער פלאַטער
באַם ראַנדעוואו

מיט דעם מקור פון רו;
זוכט ניט אפילו קיין גרעזעלע צוקאָפּן
ווען אים לייגט אַוועק
אַ גראָבער רעגנטראָפּן.

## דער טויט איז מעכטיקער פון ביכער

דער טויט איז מעכטיקער פון ביכער
און קלאַסישער נאָך פון מאָנטעין,
זיין וועג איז אָפן, גראד און זיכער,
נאָר אַ בריק אַריבערגיין.

סיי דער וואָס מיט דער לאַסט ווי אייזן
וואָס טראָגט זיך אָפּ נאָך פאַר דער צייט,
סיי דער וואָס ציפּערט און וויל ווייזן
זיין אויפטו פאַר דער אייביקייט.

אַלע מיט פאַרמאַכטע אויגן,
מיד ווי זויגלינג נאָכן פּרעס
קניען זיך צום שלאָף פון אייביק:
דער פּחדן ווי דער הערקולעס.

טויטע העלדן פון דער קלאַסיק,
אומשטערבלעכקייט — אַ פּוסט געשריי;
דער דינער וואָרעם איז ניט מפסיק . . .
ווען מיר אַדאָ דערמאנען זיי.

## דעם סטאָליערס ליד

ניט ווי יענע ווייך־הענטלער מיט קאַרמאַזין נעגל,
וואָס עסן (אויס איידלקייט) טאָרט מיט אַ גאָפּל.
איך בין אַ בעל מלאכה מיט דלאָטן און זעגן,
און — קוים וואָס מיר קלעקט אויף ברויט מיט קאַרטאָפּל.

איך טראָג ניט קיין „האַנטשו" און בלום אין די לאַצן,

און שיך לאַקירטע, ווי אַ לומפּ אַן אַדעסער;
איך פיר אַ לעבן ווי עס פּאַסט אַ בעל־פּראַצע,
נאָר מיר ווערט פון דעם אַ האָר ניט בעסער.

איך אַרבעט פון אַלבע אויס שאַפעס און בעטן,
און שלעסער פאַרריכט איך מיט שרויפן און קאַרבע;
נאָר מיינע פּרנסות — ווי יענער בעטלער,
וואָס שלעפּט זיך אַרום מיט אַ לאָך אין טאָרבע...

נאָר ניט דאָס — עפּעס אַנדערש מיך מאַטערט:
פאַרוואָס איז באַשערט מיר אַ האַרץ פון אַ שוטה?
פאַרוואָס זאָל מיך אַרן אַ בלעטל אין פלאַטער...
און אפילו די שטומע לבנה מיר ווײ טאָן?

א ציטער גייט דורך מיין לייב ווען איך הער נאָר:
אַ הונט וויינט אין הונגער, אַ קעצל — אין פראָסט.
כ׳וואָלט ליבער אין מדבר געגערט זיך מיט דערנער
ווי זען אויף הפקר אַ לעבן פאַרוואָרלאָזט.

נאָר וואָס קומט אַרויס פון מיין טראַכטן און ווינטשן,
און וואָך ליגן נעכט אויף מיין האַרטן געלעגער;
נאָך גוט וואָס מ׳קאָן כאָטש פאַר טרוימען ניט לינטשן,
אַזוי ווי מיין פינצטערן שכן, דעם נעגער.

אַז בלויז פאַר אַ שמייכל צו איינער אַ קליפּה,
אַ ווייסע, אַ ווייכע, מיט קאַרמענע נעגל,
האָט מען אים פאַרשמיסן מיט גומענע קניפּן
און אַ טויטן געבראַכט אויף אַ קינדער־וועגל

אַהיים, צום ווייב, וואָס האָט ניט פאַרשטאַנען:
וואָס דאַרף זי אַזויפיל פלייש „שוין געמאַכטע״?
און האָט זיך געהכמעט, געחכמעט — ביז וואַנען
איר קאָפּ האָט געגומען זיך דרייען ווי אַכטן.

צו מיין זיס לעבן — פעלט מיר באַנאַכט נאָך
הערן ווי עס וויינט די יונגע אַלמנה,
די תפילות און יאָמער פאַרשטיקט אין אַ האַנטוך —
באַם „רויכערל״ פון דער יעזוס־איקאָנע.

באַטאָג קומען אָן נאָך די האָזענע טרייסטער
מיט לעקעך פאַר איר יינגל דעם קאַרליק,
צעקלינגט זי זיך ווידער אַזוי ווי אַ קלויסטער
און פאַלט אויפן טויטן און רופט אים „דאַרלינג".

אַמאָל פאַלט מיר איין, אַז איך בין דאָס יעזוס.
איר קול אין מיין האַרץ — איז אַזוי ווי מיט צווענגלעך,
עס שטראָמט איבער מיר פון אַלדאָס ווייזעס,
און פונקט ווי ער, אַ פאַרגולמטער, הענג איך.

כ׳וועל אויפשטיין אַמאָל אין אַ מאָרגן אַ שיינעם:
אַ קוש טאָן די זון דורך די וואָלקנפאַלדן
און אַרויפגיין אַ פּרזאוו טאָן די שטריק אויפן בוידעם,
וואו די רו מיינע ליגט ווי אין אוצר באַהאַלטן.

# אַ מענטש חלומט

דער מענטש אין בעט שנאָרכט געשמאַק און פּלייסיק,
הענט און פיס ווי אין אַ מאַרטער־קלעם;
מייסטער טרוימען־האַר פּלאָנטערט קלוג און בייסיק
זיין איבּיקן נאָקטורנעם וועלט־באַנעם.

דאָס האַרץ פון טרוימער הייבט זיך העכער, ברייטער,
דער מענטש איז נייגעריק, זיין גאַנצער גוף איז להוט:
אים דאַכט, ער קלעטערט אויף אַ לאַנגן לייטער.
וויפל שטאַפלען ביז דעם לעצטן טראָט?

וויפל מאָל נאָך צאַפּלען דאַרף דאָס אַלטע האַרץ
ביז גוף דערטאַנצט דעם קורצן עראָס־וואַלץ,
אָפּט געפּאָרט מיט פרעמדס, וואָס ניט דו דערוואַרטסט,
וואונדערט זיך: פון וואַנען קומט דאָס אַלץ?

דאַכט זיך אַלץ איז אַלט, וואוילבאַקאָנטע זאַכן...
און זע ווי ס׳איז געקייטלט מיט שווערער זעלבסטפאַראַט.

נאָר וואָס נוצן אויגן וואָס זעען אויבערפלאַכן.
ניין. ניט אַלץ איז ווי אַ קינדערהיגטן גלאָט.

צוויי און צוויי איז פיר. די אַריפמעטיק שטימט,
קלאָר, גראַדליניק ווי רעלסן פון אַ באַן.
נאָר אומקלאָר איז, ווי קומט אַ חלום און פאַרקרימט
די שטרענגע לאָגיק פון אַן ערנמאַן?

צו וואָס דאָס שעמען זיך און שטאַמלען וועגן חלום?
וואונטש איז פאָטער פון געדאַנק און האָט אַ צונג צום ריידן,
און אויב דו גלויבסט אים ניט — זיי דו דער שערלאק האָלם
וואָס זאָל דערפאָרשן דיך גרינטלעך און אַנטשיידן.

איז די ליבשאַפט קלאָר? איז נאָר עגאָ — עיקר?
איז די פיינטשאַפט פינצטער און מטושטש?
פאַרוואָס לאָזט זיך איינער רייסן פון זיך שטיקער
און וויל נאָך באַ זיין תליה אונדז אַ קוש טאָן?

דער סדום׳ער, אין וויגעלע, ווען ער האָט נאָך גע׳עופּלט,
האָט אימיצער געשענקט אים אַזוי אַ גוטן קנאַק.
ער וואָלט אָפגעלייקנט — אין בעסטן פאַל — געצווייפלט
אַז פון דאָרטן ציט זיך זיין ליבע צו אַ האַק.

דער צדיק — ערשט פון שול, געטנהט מיט דעם רבין...
(ערגעץ האָט פאַרצייכנט דער אַלטער זיגמונד פרויד)
צי פייניקט עס אים גאָט? ניין, ס׳איז דאָ אַ סוד אין לעבן
און ניט ווייל די ווייב איז אַלט, גענדזלט זיך אים מויד.

אַמאָל איז זי ניט דאַאיק, אַן אויסגעטראַכטער וועזן
פון דער ווייטסטער זאַן: בילד, שטיין גאָר,
אין מוזיי געזען, צי אין אַ בוך געלעזן,
צי אין רינשטאָק אויפן וועג צום שענקער.

נאָר שטענדיק איז זי יענע צאַרטע און אינטימע,
גראָב באַרירט מיט פינגער פון געוויסן;
דורך וויפל פרויען האָסטו געהערט איר שטימע?
געהערט, געטראַכט און מיט אַ ליפּ פאַרביסן.

And yet each man kills the thing he loves

די שענקייט אָבער בלייבט — אומשטערבלעכער קאָנצעפּט.
קיינמאָל פּלאַצט ניט דער דינער זייפנבלאָז.
דו ליבסט די „זאַך" אפילו ווען דו האָסט זי שוין געקעפּט.

ווי זון אין ווינטערנעפּל, קוים אַן אָנזונג האָסטו
פון דיינע קינדעריאָרן, פון דער באַוואָלטער איז בלויז אַ שפּור געבליבן.
האָסטו איר אָנגעסט פּאַראַליטיקט? האָסטו איר צער געמאָסטן?
זי אָבער דערמאָנט ווי אַ געדענק־בוך אָ פאַרשריבנס.

דאָס איז זי דער דיבוק, זי — דער יצר־הרע,
אפילו נאָך איר טויט איז זי דיין שטרענגער דיין
וואָס מאָנט, דערמאָנט — ביז מאָמענטאַ מאָרי
און דו וועסט אַלעמאָל די שולדיקייט באַנייען . . .

ווי אומגעריכט זי קומט, אומגעריכט פאַרשווינדט זי,
אויף דיין קישן שמעקט אַ ווייל איר ליבעס־עליקסיר;
אַמאָל אָבער — אויס העפלעכקייט — און געוויס פאַרדינט זי
אַז דו זאָלסט זיך מטריח זיין צו איר.

טאָ גיי דעם מאָדנעם וועג, ניט פרעג וואוהין, צו וועמען?
כּוֹ ווי זי פאַרלאַנגט: זעסט דעם לייטער? קריך,
אפילו דורכן קוימען (ניטאָ זיך וואָס צו שעמען)
און ניט פאַרענטפער זיך.

## מאַטעס דייטש

צוועלף מנינים צענער

## אונדזער יידיש וואָרטשאַפט

מענדעלע האָט עס קינסטלעריש געשליפן און אַנטדעקט פאַרן פאָלק.
שלום עליכם האָט עס פּראָסט־פּשוט געבענטשט באַם פאָלק.
פּרץ האָט עס שבת־יום טובדיק אויסגעחלומט אינם פאָלק.
ראָזנפעלד האָט עס באַזעלט מיט שאַפ־מוזע אַליין אין קאַרוזאַדיק געוויין.
יהואש האָט עס געוויקלט און געווינדלט אין ביבלדיקן פורעם.
ביאַליק האָט עס אָנגעשאַרפט אויף אַלע ציינער מיט נביאימשן שטורעם.
בערגלסאָן האָט עס מיט אַ געזונטער קלוגשאַפט באַלייבט די ביינער.
שאַפּירא האָט עס ווי אַ געביטער באַפוילן צוגעבערן נקמה אַליינער.
זשיטלאָווסקי האָט עס מיט לאָגיק באַשטאַט קעגן די שפּעטער און פאַרניינער.
אַש, האָט עס מיט דורותדיקער ראָמאַנטיק אַרויסגעשיקט צום אַלוועלטלעכן לייענער.

## צו הערשל גרינשפּאַן

כ׳וויין ניט ווען אַלע פעלקער איצט וויינען
באַר זינג צו גאָט וואָס זיין וואָרט איז אַ וואָרט.
האָט ער דען ניט געוואָרנט אונדז מיט ניינען?
צי ניט פאַרגעזאָגט אונדז אין יעדן אָרט?

אויב אַלדאָס־בייז זיינס האָט אונדז געשלאָגן;
פרייט מיך דערום וואָס אויך אַזוי האָט געטראָפן
די פעלקער, ווי גאָט האָט געטין זאָגן —
איצט איז גרינגער מיר אויף דערלייזונג האָפן.

אַ, ציטער דו איצט, נאַצישער פעלקעראַל,
ווייל מקוים ווערט דער געטלעכער וואָרטאַל.

# מיינע לייענער . . .

מיינע לייענער זענען מיט גרויע קעפּ;
ניטאָ צווישן זיי קיין בלאָנדהאָריקע —
זיי ציילן זיך פון פופציקיאָריקע
און העכער נאָך — זיידע־באָבע יאָרן־טרעפּ.
די אייניקלעך וועלן קיין יידיש ניט קענען.

מיינע לייענער זענען זיידע־באָבע מענטשן;
כאָטש אָן תהילימלעך און אָן צאינה־וראינהס,
אָ, וואָרטשאַפט פון דורות! צום לייענער גענען עס:
זאָל ער אַליין כאָטש אויך אַביסעלע טון בענטשן
די פילגעצאָנקטע יידישריידליכט וואָס ברענען.

אַ קרישטאָלגעשליפענע וואָזע ליגט צעבראָכן,
געבראַכט האָט אויף יום טוב זי די מי פאַר עולם הזה.
אין סאַמע טומלקייט פון אונדזער אינדערוואָכן
האָט זיך אויסגעחלומט די אידעאַל־יידישע פּראָזע.
צעגאָסן פליסט דער אַלטער, האַרבער ווייַן
וואָס טוט ציען קלוגע יידיש־דורותדיקע רייד:
פאַר דאָ און פאַר דאָרט — פאַרן גאַנצן וועלטזיין —
ווער קאָן עס אונדז גיבן דעם עכטן באַשייד?

אַ קרישטאָלגעשליפענע וואָזע אונדזער דימענדיקער יידיש,
ווייזט מען עס צום יידנפאָלק קוקט עס ווי אויף אַ חידוש.

# מיין מאַמע און דער ווילנער גאון

איבער מיין שרייבטיש איז געהאַנגען אַ בילד;
דאָס רעמל אין בלאַטפאָרמאַט ווי אַ גראָב תהילימל —
אַ צייכענונג פונם ווילנער גאונס קלוג־שטרענג פּנים.
ער האָט אַראָפּגעקוקט מיט זיין שאַרפקאַלטער גאונות
צו מיין שרייבן און געמוטשט: ראשית חכמה — וואָרט־אחריות.
האָב איך אַרויסגענומען זיין שטרענג פּנים פונם רעמל

און אַרייַנגעזעצט דאָס צאַרטע פּנים פון מיין מאַמען.
פילט זיך מיין האַרץ באַם שרייבן היימיש, פריי — אַ חיות.
אָבער נאָכדעם, ווען איך לייען איבער מיין כתב־יד,
פּענטעט מיך צוריק דעם ווילנער גאונס שטרענגע אחריות.

## מיין האַנט

איך מאַך אויף מיינע אויגן אינם גלאָזאַרטיקן וואַסערראָום
און זע מיין האַנט שווימען פאַראויס־מיר ווי אַ באַשעפעניש.
כ׳קוק אויף איר ווי איך וואָלט זי צום ערשטן מאָל געזען
אין מיין אייגענעם לעבן — ס׳אַראַ מאָדנע גלויביקייט אין איר.
מיין אָטעם שפּרינגט אַרויף אין בולבעס ווי לעבעדיקע נאָטן
און איך טראַכט גלאָזיכטיק מיט אונטערוואַסער ימיקע געדאַנקשאַפטן:
ווי אַזוי וואָלט מען געלייגט תפילין אין אַזאַ וואַסער־וועלט?
כ׳אַראַ סאָרט שיסקייטן וואָלטן מיר געשאַסן אויף אונדזער זעלבסטקייט?
און דער נביא וואָלט געווים געוויינט מיט טרוקעניש: אוי, איר פישפעלקער!
איך זינג ווייל איך זע מיין האַנט, גאָט ברוך הוא, שווימען אויבן.

## איך — לייב

איך האָב אויסגעשטרעקט מיינע הענט אויפן שרייבטיש,
ווי אַ לייב זיינע לאַפּעס, פאַראויס, זיי אויסגעצויגן.
פּאַפּיר און טינט מיט צעקרישלטע, בלוטיקע ווערטער,
אָנגעהויפנט ווי אין סטויגן אין דער גרעסטער גערעטעניש.
נאָר מיין געמיט, מיט לויערגעפיל פאַרפולט, איז אומרואיק;

דערפאַר זאָל קיינער ניט וואַגן איצט מיין אָנוועזנהייט טשעפּען,
אָדער פּרוּוון אָנרירן אַ שורה, אַ וואָרט צי אפילו גאָר אַן אות;
כ׳וואָלט צערייצט און פאַרצווייפלט אַרויפגעשפּרונגען אויף אים
ווי אַ הונגעריקע חיה, גרייט בלוטדורשטיק פאַרצוקן, —
פאַרוואָר, כ׳בין מיטן וואָרט נאָך ניט באַרוט, נישט אָנגעזעטיקט.

## יעזוס — מיין פעטער דוד

לעם מיין געלעגער הענגט צוגענאָגלט יעזוסעס צעקאַליעטשעט אָפּבילד.
זיין קאָפּ איז מיט אַ ניי דערנערקרענצל — גויאישע טייטש־ווערטער:
דאָס האָט די וועלט, הייגטצייטלעך, אָנגעטאָן איר יידנגאָט.
עס טראָגט זעקס אויפשריפטן: „אומגלויבן, היפּאָקריטסטווע,
ציניזם, מאַטעריאַליזם, קאָמפּראָמיס און פּוסטער ריטואַל".

מיט די וואונדן לעם צעקנייטשטן בערדל און אָפּגעצערט קלויזניק־פּנים
איז ער ענלעך צו מיין פעטער דוד דעם פּאָגראָם־קדוש.
אַסך מאָל פרעג איך אַ ווייטיקדיקן שמועס מיטן געפּייניקטן ה א ר:
צו וואָס האָט דיר געטויגט ווערן אַ יסורימדיקער אָפּגאָט באַ זיי?
ביז ווילאַנג וועסטו וויקן אין אַלע גרוילן, פעטער דוד מיינער?

## גאָט און וואָרט

אין דער מענטשהייטס קינדער־יאָרן האָט גאָט גערעדט צו איר
אויפן וואָרט מיטן וואָרט, דורכן וואָרט צום וואָרט — מענטש:
זאָל עס גאַנץ פרי פאַרשטאַנען ווערן וואָס איך רעד צו דיר.
הער, פאַרנעם הושימדיק דאָס איינציק־וואָרטאָוונע וואָרט פון מיר,
און זע, ווי זריעה וועט עס זיך אין אַ וואָרטאַל צעוואַקסן אָן שיעור.

האָט דער מענטש מיט נשתומם זיינע אויגן אויסגעוואַשן אַפּריער
און נאָכדעם ערשט—די אויערן: נעשה ונשמע, נישטויג נישפּלויג.
אַלץ קאַפּויר. איז גאָטס רחמנות מיטן וואָרט געווען פאַטערלעך
אָט דאָ,
און אומגעהויער רעדן גענומען מיט הימלישע פאַרבן צום
מענטשנס אויג
אינם פרימאָרגנדיקן אויפגאַנג און אין פאַרנאַכטיקער אָפּגאַנג־
שעה.

# דו, מיט דיין מאַט־קיל פנים . . .

דו, מיט דיין מאַט־קיל פנים,
מיט דיין ברענענדיקן אָטעם —
וועלטן צוויי — אייביקע שונאים.

מיינע ליפּן ווילן אָנרירן, אָנצאָל,
די איבערדעק פון דיין הויט,
באַם זעען דיך אַזויפיל מאָל
לעבעדיק, פאַר מיין געלעגער שטיין,
ווי העם בוראס דינער — דער טויט.

דו, מיט דיין מאַט־קיל פנים,
דו, מיט דיין ברענענדיקן אָטעם.

# סוף פון אַ לענגער ליד

איך זע יידן, צעשראָקענע, באַבערדעטע יידן.
אַ טייל גייען, אַ טייל פאָרן, אַ טייל לויפן;
קיין זיצנדיקן זע איך ניט,
און פאַר אַביסעלע אָפּרו טוען זיי אַ פאַל
צווייפלהאַפטיק: וועט מען נאָך אויפשטיין?

גאָט שליאָנדערט אַרום ווי אַ תם
צווישן די יידן לעם די ערדישבלוטיקע וויגן;
ער ווייסט ניט צי זאָל ער וועקן די יידן
צי אָפּטרייבן פון זיי די בייזע, גיפטיקע פליגן.

אָ, ווי שווער ס'איז צו זיין היינטיקע צייטן, אַ גאָט.

# דו, דו, דו . . .

דו, מײַן ייִדישיסטישער װאָרטאַל!
מיט יעדן צײַטלעכן שװידעראַל,
עפּנסטו אױף אַ נײַעם פּאָרטאַל.

פֿונעם אַלערשטן פּאַנאַנדערפֿאַל

ביזן לעצטשײַטערדיקן כּף־הקל
טראָגסטו טרײסט צו מיר פֿון איבעראַל.

דו, מײַן אײנציק יחוסדיקער מוזיקאַל;
ביסט דאָס ריטשקעלע, דער װאַסערפֿאַל;
דער ברױזיקער ים, דער שטילער קװאַל.

דו, מײַן לעצטער ייִדישער נאַכטיגאַל . . .

# סטאַלינגראַד

די גאַנצע װעלט האָט זיך אַרײַנגעצױגן צו דיר,
דו, העלדנשטאָט פֿון אַלפֿאַרבאַנדישן פֿעלקערטום.
ירושלים אָדער רױם,
מאָסקװע קעגן בערלין,
די אױסגעסטאַרטשעטע אױגן פֿון דער מענטשהײט
קוקן איצט געשפּאַנט נאָר אַהין —
זײַ זענען באַטאָג און באַנאַכט װאַך,
צוזאַמען מיטן האַרץ פֿון דער װעלט — סטאַלינגראַד!

דער זקן שטײט אױף צו חצות
(ס'איז מײַן טאַטע זאָל לעבן)
ער גיסט אָפּ נעגלװאַסער באַגלײט מיט אַ שװערן קרעכץ
און די ערשטע מחשבה זײַנע איז — סטאַלינגראַד.
— טאַטע פֿון אַלע װעלטן, ראַטעװע סטאַלינגראַד

און דיין ירושלים וועט שוין בלייבן
ירושלים קעגן רוים־און־בערלין אין דיינעם רוים . . .

אין אַלע מגילות פון די פּילגעפּלאָגטע פעלקער
וועט אייביקן דער שטאָלצער מענטשנגאָמען — סטאַלינגראַד!
אָ, סטאַלינגראַד, גואל־הדם פאַר די געשענדעטע פעלקער —
ביסט דאָס שטאַרקסטע קאַפּיטל תהילים פון פאָלקסהעלדישקייט,
פון דער פרייער פעלקערשאַפט
וואָס האָט אויף דורותדיקן שטענדיק,
מיט לייב־און־לעבן,
זיך אַריינגעקליבן צו דיר — סטאַלינגראַד
סימבאָלישע מוסטערשטאָט, געטרייע.

דו, מוטערשטאָט פון דער פרייער וועלט
וואָס האָלט אין געבוירנווערן אָט באַלד, באַלד. —
זי שיילט זיך פון אַלע געפּערלעכסטע געפאַרן צו אויסגעפאַר.
דיינע ווייען פלייצן מיט ליכטיק געזאַנג צווישן פלאַמען,
די אַלטע וועלט טוט אויס אַצינד איר לעצטע העמד דערפאַר
און איז גרייט צו שטיין מיט דיר פאַר דיין אמת — צוזאַמען.

אָ, זי וועט אים זינגען צוזאַמען מיט די שטערן,
צוזאַמען מיט די קאַווקאַזער בערג,
צוזאַמען מיט די טייכן, דניעפּר, דאָן און וואָלגע,
צוזאַמען מיט די סטעפּעס, שניי און וועלדער
פון דער הייליקער פּאַרטיזאַנישער רוסישער ערד —
אַלע וועלן זינגען דאָס געזאַנג פון דער סימבאָלישער שטאָט:
מזמור שיר צו סטאַלינגראַד.

אַן אייביק געזאַנג צו דער מוטערשטאָט פון אַלע פעלקער
וואָס האָבן זיך אַריינגעצויגן צו דיר
און זענען דורך רויטאַרמייער די באַפרייטע וועלט.
אַ געזאַנג צו דער צוקונפט איז עס
פון די טיפענישן פון גערעכטן בלוט זינגט זיך,
פונם גואל־הדם פאַר דער פאַרגוואַלטיקטער וועלט, אַ זינגען,
דאָס זינגעוודיקע געזאַנג — סטאַלינגראַד.
די געעפנטע טיר צו דער באַפרייאונג פון אַלע פעלקער.

# אײביקער ייד

(בעסער איז שוין באַוואוסטזיניק שטאַרבן
אײדער אומבאַוואוסטזיניק לעבן).

דאָרן און פלאַם — פאָלק מײנס.
ווי אַ דאָרן ביסטו אַלעמען אין די אויגן;
אַלעמאָל, אימערמאָל און שטענדיקמאָל.
ווי אַ פלאַם פלאַקערסטו שרפֿהדיק אין אַלע צײטן —
נישט אויסברענען קאָן מען דיך
ווארום דעם צינדערס האַנט איז קורץ
און דו? אומאויסראַטבאַר, אומפאַרטיליקבאַר
אויף דער אדומשער, בראַנדישער וועלט.

אדום וועט דיך אויסהרגענען ביזן מינדסטן
און דיך ניט אויסוואָרצלען פון דער וועלט.
אַזוי איז עס בעשיינפערלעך געבאָטנגעוואָרן:
ישראלס זאָמען זאָל זיך יידישן ביזן לעולם ועד, —
ס׳איז ניט קיין פרייסטשאַפט־וואונטש,
ס׳איז דער וועלט פון לאַנג שוין אַנטפלעקט:
נישט דער שייטערהויפן, די אינקוויזיציע־באַנק,
נישט פאַגראָמען צי אַסימילאַציע —
מיט גוטן אָדער מיט בייזן —
מיר זיינען אומאומברענגלעך.
מיר זיינען פאַרהברט צום דאָרן און פלאַם
ווי אַן אייביקער זיווג;
ניט דער דאָרן ווערט פאַרברענט
און ניט דאָס פייערפלאַם — אויסגעלאָשן.
ס׳איז אַ געטלעכער ירושה־אַקט
צווישן ייד און אינסופֿלעכקייט — אַ פאַקט.

אדום! אדום! דו וועסט געהרגעט ווערן,
פאַרלייזיקט ווערן אויף די מלחמה־סטעפעס,
וועסט מיט זיך באַמיסטיקן אַלע ערדן —
פאַר דיין אומוויסנקייט און גאוהדיקייט;
און דאָרטן וואו דו וועסט פוילן דאָס געפויל פון שלעכטס

וועלן יידישע מחנות אויפשטיין,
זיך דערהייבן צו העכערע שטאַנדן איבעראַל.
נישט ווייל זיי ווילן עס אַזוי,
נאָר דאָס אינפיניטיווע לעבן וויל אַזאַ רעכנשאַפט.

הער, אדום! און דו אויך, עמלק, זאָלסט עס האָרכן!
מיר זענען שוין ניט־געווען אין מצרים,
אין בבל, פּערסיע, רוים שפּאַניע; שוין ניט־געווען;
און איצט — דויטשלאַנד — גלייך ניט־געווען אונדז.
אָבער וויפל קוילן עס טרעפן דיך פון אונדזערע?
און וויפל שפּראַצונגען גייען־אויף, יידישע,
איבער דיין לייב־באַמיסטיקונג?
סטאַלינגראַד האָט דעם ענטפער דיר געגעבן!
לענינגראַד, מאָסקווע, רזשעוו, ראָסטאָוו —
אַ זעקסטל פון דער ערד האָט דעם ענטפער פאַר דיר.
דניאל, מיין זון, האָט די יידישע ענטפערס צעבליצט
איבער דיין קרימינאַלן קאָפּ און נאַצישן טמא־געביין!
נאָר אפשר ווילסטו גאָר אויסראָטן די לופט?
מיר זיינען די לופט!
צי אפשר ווילסטו גאָר אויסמעקן די זון?
מיר זיינען די זון!
אָדער ווילסטו אפשר גאָר גאָט טויטן?
מיר זיינען לופט, זון און — גאָט . . .

ווען פעניקס דערציילט זיך בלויז אַ לעגענדע,
אָבער מיר זענען דער יידישער פאַקט:
אין אונדזער אונטערגאַנג גייען מיר אויף.
און ווייל מיר ווייסן דאָס אַזוי קערנדיק,
האָבן מיר קיינמאָל ניט געגלויבט אין אַרמייען,
(כאָטש מיר האָבן געהאָלפן פאַרמערן כלערליי מחנות).
אונדזער אייגענער שוץ איז אינם סנהישן פלאַם, —
אָט־אָ־דאָ קענען מיר זינגען דאָס ליד פון מוט,
פון נסיון; אַ ליד פון טויט וואָס שמעקט מיט לעבן;
יעדער ייד קען עס זינגען און זינגט עס!
עס ווערט געזונגען פון יידישע קינדער
אין די וויגן, אין די מאַמעשע בייכער — — —

אָ, דאָרן און פלאַם — פאָלק מיינס.
דיינס אַ פּאָעט וואָס האָט ניט געווידמעט
קיין ליד צום טויט פאַרן גרויסזיין פון טויט,
איז ווי אַן עקרה, צענגמאָל נעבעך, —
זיין פּאָעטישער טראַכט איז פאַרשלאָסן
פאַר אַזאַ אוניווערסאַלן ווייטיק.

אָ, דאָרן און פלאַם — דיכטונג מיינע.
ווי גרויס איז דאָס
„זאַמל זיך איין, פאָלק, משה וויל צו דיר ריידן"
געווען אַט דאַן ?

און איצטער ?
נאָך וואַנדערן טויזנטער יאָרן אין פלאַמיקן מדבר,
קומען מיר אַכט און פערציק טויזנט שטאַרק,
מקבל פנים זיין מיכאָעלסן און פעפערן אין „פּאָלאָ גראַונדס"
ווען עס מיסטיקן ווידער די נאַציס, מיט זייערע לייבער,
די רוסישע ערד לעם קורסק, אָריאָל און בעלגאָראָד . . .

אָ, דאָרן און פלאַם — פאָלק מיינס.
ס,איז בעשיינפערלעך געבאָטנגעוואָרן:
זאָלסט אומאויסראָטבאַר זיין, אומפאַרטיליקטבאַר
און אומאומקומדיק זאָל זיין ישׂראלס זאָמען !

דאָרן און פלאַם — פאָלק מיינס !
דער טויט קוקט אויף דיר
ווי אויפן אייביקן קוואַל פון לעבן —
ס'איז ווערט צו שטאַרבן דערפאַר
אָן שום ערדישער מורא, בלויז צו וויסן
אַז דאָרן און פלאַם — מיינט אייביקער ייד — — — —

# אַ פּאַרטיזאַניש ליד פון ניינצן הונדערט דריי און פערציק

(נאָך אַן אַלט־יידישן מאָטיוו)

עראָפּלאַן, עראָפּלאַן,
וואַרף מיר אַראָפּ
אַ ביקס מיט קוילן,
אַ ביקס מיט קוילן.

אויף וואָס דאַרפסטו,
ייִנגעלע בלאָסער,
אַזאַ שווער געווער,
ווען דו קענסט קוים גיין?

כ׳וועל טראָגן די ביקס
אין וואַלד צום טאַטן
וואָס קעמפט צוזאַמען
מיט פּאַרטיזאַנער.

עראָפּלאַן, עראָפּלאַן,
וואַרף מיר אַראָפּ
אַן אַוטאָמאַט־געווער,
אַן אַוטאָמאַט־געווער.

אויף וואָס דאַרפסטו,
יידישע מאַמע,
אַן אַוטאָמאַט־געווער
ווען דו ביסט אַליין?

כ׳וועל אים אָפּטראָגן
צו מיין זון דעם העלד
וואָס וואַכט אין לויער
מיט יאַטן אין בערג.

ערפֿלאַן, ערפֿלאַן,
וואַרף מיר אַראָפּ
אַ האַנטגראַנאַט,
אַ האַנטגראַנאַט.

אויף וואָס דאַרפֿסטו,
מיידעלע קליינע,
אַ האַנטגראַנאַט,
ווען דו קענסט קוים שטיין ?

כ׳וועל פֿויזען באַנאַכט
צו לייגן אים גראַד,
באַנאַנד מיט מיין האַנט,
אויף נאַצישער רעלס.

# משה זעט דאָס לאַנד — זיין פֿאָרגעטרוים

נ אַ ד י ר ע ט ן

וויאַזוי ביסטו, נאַדירל,
אַוועק, דו, לאַכיקער אַדירל ?

דיין געלעכטער אָפּגיך
אינם וואָרט פֿון אונדז־זיך,

פֿאַרפֿאַקט אין דער ערד
כאָטש עס הענגט — אַ שווערד

אויף דיין פּען ווי אַ בליץ
אין וואָלקן איבער היץ.

די הומאָריק, פֿוראָריק נאַדירעט,
די, שפּאַספּליטער, וואָרטשפּליטער ראַדירעט.

מיט דיר אין איר שויס
ווען די ערד (ווי גרויס

צי קליין זי איז) ענדלעך פאַרמאַכן
אויף ערדנאַכט־שלעסער אונדזער לאַכן.

אָ, זונווערטיקער פלאַמנאַדירעט,
זשאָנגליריקער, זינגצויבערעט.

אַז דו ביסט שוין טויט, נאַדירל,
דו, שטיפעריש, ווערטלעכווערק אַדירל,

טאָ זאָלן שוין אָט־איצטער זינגען
די בלויזע האַרמאָנישע רינגען . . .

אַדיר, אַדיר עולם —
צום אַלוועלטפאַריקטן גולם.

דו, מיין ציטערדיקער
וואָרטשאַפט פיטערדיקער —

פאַר אַלדילעצטע — רימערדיקער פּאָעט ;
דו, אַלערבלענד, דו, שפּרודלדיקער נאַדירעט.

בלימער פון קליגער קונסטפּורעמשאַפט,
שמידער און שמוקלער — איין נאַדירשאַפט.

זשאָנגליריקער זינגצויבערעט
פון שפּראַך־דזשאָנגל וואָרטאַליטעט.

דו, דו, דער פינקלסטער עפּיטעט,
דו, דו, דער טראַגישער פּענשפּילטעט.

נאַדיר — צוליב וואָרטבענקשאַפט,
נאַדיר — צוליב וואָרט׳חנ׳שאַפט,

דיינע הומאָריסטישע נאַדירגעווערן
האָבן אָפּט געפינקלט מיט קינדערשע טרערן.

— — —

געוועזן,
געזען
ווי איין רעג,
דורך אַ פלעג
אויף אַ שטעג
אין אַ מעג
צו אַ ברעג —
אין דער ריי
נאָך זיי . . .
צו די פיל יידישע שעפּערלעך,
די פאַרמאָרעטע עדרה,
די צעשפּליטערטע צעדרע —
געלייטערטע צדיקימלעך.

— — —

דער טויט איז געקומען צו אים מיט אַ שמייכל,
פאַר אַזויפיל לייכטקייט פון בליציקן שכל,

האָט ער אַוועקגעלייגט די קאָסע און די מאַסקע
און אַזוי, מיט גאָלער לאַקייאישער לאַסקע,

געלייענט פאַר אים אַ זינגעוודיק שטאַפּעטל,
איבערגבויגן, טיף, לעם זיין ווייסן בעטל —

אָט אַזוי־אָ, היימיש און פאַני־בראַטיש:
ניט געכעסט זיך און ניט געהאַסט פאַנאַטיש.

— אַ גרוס דיר פון משה לייבן דעם בונטאַר
וואָס איז אין לאַנד פון לענד דער גערעכטער האַר.

און פון זישא לאַנדוין וואָס וואַנדערט
מיט יהואשן און ראָזענפעלדן באַנאַנדערט —

מאָלדיך, ס׳איז שוין איינמאָל אַ דרילינג;
מלא טעם — אַן אייביקער פרילינג.

זיי שפּאַצירן — צדיקים צווישן ווייץ און קאָרן
אָן שטרייטן, נאָר צעקנאָספּן דאָס וואָרט אַרום דאָרן.

ווי אַ קדוש, ליעסין, ברוך הוא,
אָט, נאָ, זע, משה נאַדיר, נו?

ער שטרעקט קעגן זיי די הענט אין ווייסן אַרבל־קיטל
אַזש ראובן לודוויג ציט פאַר אים און פאַר זיי זיין היטל.

בערנאַרד לואיס וואַרפט אָפּ מיט זשעסט דאָס ווערטער־בוך
און נעמט משה וואַרשען אויף די הענט ווי אַ פוך.

קוק אַריין, משה נאַדיר, נו, זע: —
ס׳איז דאָך דיין לאַנדגעטרוים — די מוזע.

אַבא שטאָלצנבערג האָט עס דערגרייכט באַרוט ווי אַ פּאַסטאָראַל;
נאָר איין יאָסל קאָטלער איז אַריין אַהין מיט אַ פּראַל . . .

אָט־דאָס איז עס דאָך, דאָס לאַנד, אָן אייפער;
הערסט כאָטש די מוזיק? ס׳איז יאַנקל שייפער.

ווי אַ קינד — פאַר אַ צאַצקע קריגן — פאַרמאַך די אויגן
און מאַך זיי שוין אויף אַדאָרטן ווי פייל אויסן בויגן.

ביסט זיך שוין מסתמא אַליין אויך מחייב
אַז ס׳איז צוריק דער אָנהייב — טאַקע נאַראַיעוו.

אָט, דער הימישער הימל מיט די רויטע וואָלקנקריעס
ווי ערב שבועות, פול מיט גרינס און זון אויף די וויעס.

נו, נאַדיר? די משפחה ז׳איצט געוויס דיר ניכער;
טאָ זאָג זשע: בידך אפקיד רוחי, וואָס גיכער.

— — —

משה זעט דאָס לאַנד אָן לענג, אָן ברייט,
אַלץ וואַקסט דאָרט, ווער ס'האָט נאָר פאַרזייט.

אַלע עכטע יידן זענען אַדאָרט — שיכטנפיל ס'פאָלק;
דורות מיט דורות מאַכן רעכטיק צווישן זיך אַ טאָלק.

אַלע פראָפעטן, וואָרטגעבערער,
אַלע פאָעטן, פלעגער און שפּראַכנערער.

אַלע אור־אור־אור־יידן — מיליאָנמיליאָס און מער;
די טאַטע־מאַמע־ביימער — פון אורדורות דער פער.

דער בעל־יידיש, חיים וויטעבסקער, איז שוין אויך דאָרט דאָ,
איז פאָלג מיך, טו אַ שפּרינג און זאָל זיין אין אַ גוטער שעה.

זע, דעם אַלטן פילאָ־צדיק, האָב איך איינגערעדט
אין קאַלגערי, און נאָך דיר געקומען צו דיין בעט — — —

נו, ניטע מיט דיין שטאַרבטאָן זיך ניאַנטשע אַרום;
זיי דו דער חכם, מאַך עס ווי ס'פּאַסט פאַר דיר, נאָר קום.

אָט אַזוי, כל זמן ס,איז נאָך דאָ ס'ביסל שכל . . .
דער טויט איז געקומען צו אים מיט אַ שמייכל.

— — —

אָ, איר דיכטער יידישע, צדיקים צאַרטע, גאַרע;
אין וואָרטגעשפּאָן פאָרט נאַדיר אָפּ צו אייך, מאַכט אַ וואַרע!

אַ וואַרע אינם איינציקן לאַנד פאַר אים
וואו אויפנעמען וועט די דיכטערשאַפט זיין שטים:

פון יידנוועלט, פון מענטשנוועלט — דעם פונקבאַשטאַנד;
די וואָרטשאַפטהאַנט — דאָס אויפגעלייזטע נאַדירלאַנד.

— — —

לעם דיר שטיי איך אַליין — דיין מייסטערוואָרט־פאָרטרעט;
מיין נאַדירעט, זשאָנגליריקער זינגצויבערעט.

אָ, טראַגיש געציר אין פאָווע־פּעכער געשלעפּ,
דו ביסט דאָך, משה, דער שפּאַלטער פון וואָרט דורך קלעפּ.

האָסט זיך אויסגעפּלאָטערט מיט שטענדיקן וואָרטגעפּלירט
אין סטילוואָגלעריש וואונדער — אַ צעשראָקענער הירט.

ס׳איז ניט דער טוים, דו, מעלאַנכאָלישער מאַעסטראָ מיין,
כ׳בין דיין אייגן וואָרט־טלית וואָס וויקלט דיך לעצטמאָל איין.

אָט אַזוי, שפּאַר זיך אָן אויף מיר, איך בין פליגל;
געהיט וועל איך טראָגן דיך — זונגאָלד אַ קריגל.

דו האָסט מיך געטראָגן פינפטהאַלבן צענער יאָר
וועל איך איצט טראָגן דיך אין דער יידישער וואָר.

משה זעט קלאָר דאָס לאַנד, זיין פאָרגעטרוים,
זיין וואָרטגעשפּיל — דאָס קאָסמיש שטויב אין רוים.

מ. גיציס

# דער וועג
# צום בארג

**מ. גיציס**
**נאָוועליסט־דראַמאַטיסט**
**שיקאגא**

אַרויסגעגעבן די ביכער: „גלאָקן" (1926) — „נאָוועלן" (1932) — „די זון אין מזרח" (1936) — „בטחון" (1939) — באַטייליקט זיך אין די „ליטעראַרישע בלעטער" — „אָפּאַטאָשו־לייוויק זאַמלביכער" — „אינזיך" — „יידישע קולטור" — „האַמער" —— „אויפקום" — „די פעדער" — „בריקן" — „מעקסיקאַנער שריפטן" — „העפטן" — „יידישער קעמפער" — „פרייע אַר־בעטער שטימע" — „שיקאגא" — „מאָרגן פריי־הייט" — „פילאַדעלפיער יידישע וועלט" — „דער שפיגל" — „סיגנאַל" — „קוריער" און אַנד.

אין וואָרט איז ניט אַלץ וואָס די צונג רעדט אויס,
נישט אַלץ וואָס די פעדער פאַרשרייבט;
וואָס מערער די צונג און די פעדער דריקט אויס,
אַלץ מערער אין שטומקייט פאַרבלייבט.
(מאַני לייב).

# I

„. . . אין שפּאַניע, אויף די פעלדער, צווישן טאָלעדאָ און אַלקאַזאַר, ליגט מיט אַ צעשאָסענער ברוסט, דער יונגער אידעאַליסט און קעמפער, מיכל באַראַש. ער האָט געגעבן זיין לעבן פאַר ברידערלעכקייט, פרייהייט און גערעכטיקייט . . . סאַלוט, קאַמעראַד! . . .״

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

באַראַש האָט אין זיך טיפן ווייטיק אויפגענומען די בשורה וועגן מיכלס טויט מיט דעם בליק פון אַ פאַטאַליסט, וואָס ווייסט, אַז דער מענטש איז מאַכטלאָז צו רעגולירן און צו קאָנטראָלירן די וועגן פון לעבן און טויט. עס זענען אָבער געווען מאָמענטן, ווען ער האָט געפילט ווי אַ גרענעצלאָזע פאַרצווייפלונג רייסט זיך אין אים, גרייט צו עקספּלאָדירן.

די ערשטע טעג האָט ער ניט געהאַט דאָס האַרץ צו ווייזן אַדאַן דעם בריוו, וואָס איז אָנגעקומען פון שפּאַניע פון מיכלס אַ חבר; ער האָט אָבער געוואוסט, אַז ס'איז בעסער מיטאַמאָל איבערצוקומען דעם קלאַפּ, איידער צו לאָזן די שרעק הענגען, ווי אַ שוואַרצע כמאַרע איבער ציטערדיקע הערצער. און ווען ער האָט איר געגעבן דעם בריוו, האָט ער געזען, ווי דאָס בלוט פליסט אָפּ פון איר שטערן און פון אירע באַקן און עס בלייבט אַ געלקייט פון אַ מת, אַ טויטמאַסקע פון אַ מוטער, וואָס האָט פאַרלוירן איר יונגן זון. זי האָט געקוקט ערגעץ אין דער ווייטנס, געלאָזט זיך מיט שוואַכע טריט צום שלאָפצימער און דאָרט ערשט האָט זיך פון איר ברוסט אַרויסגעריסן אַ יאָמער און אַ געוויין, און באַראַש האָט געוואוסט, אַז איצט פאַנגט זיך אָן אין איר גאַנצן וועזן דער פאַנאַנדערברוך, וואָס וועט צע־

רייסן די נערוון, צעשפליטערן דאָס האַרץ און וועט זי אַריינוואַרפן אין כאַאָס. און אַזוי איז עס געווען.

אַ שווייגנדיקער האָט ער איבערגעטראָגן אירע באַשולדיקונגען, אַז ער, ער איז דער שולדיקער אין דעם זונס טויט. ווייל ער, אַלס מאַן, אַלס פאָטער, האָט באַדאַרפט אַרויסרייסן פון דעם אינגלס מח די ווילדע גראָזן פון אוטאָפּישע אידעאַלן, אויסוואָרצלען די זינלאָזע רעוואָלוציאָנערישקייט, וואָס פאָדערט, און פאָדערט, און פאָדערט אַזוי פיל קרבנות; ער האָט באַדאַרפט צאַמען אים, איינפלאַנצן אין אים אַ ליבע צום אייגענעם הויז, צו דער מוטער, צום פאָטער, צום לעבן, — און זען, אַז קיינע אַוואַנטיורעס זאָלן אים ניט פאַנגען אין סאַמע בלי פון לעבן. און באַראַש האָט געשוויגן און האָט גענומען די שאַרפע, בייטשנדיקע ווערטער אירע, ווי אַ שולדיקער, ווי איינער, וואָס איז גרייט אויסצוטרינקען דעם גאַנצן סם, וואָס גיסט זיך פון איר האַרצן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

„. . . . אין שפּאַניע, אויף די פעלדער צווישן טאָלעדאָ און אלקאזאר, ליגט מיט אַ צעשאָסענער ברוסט, דער יונגער אידעאַליסט און קעמפער, מיכל באַראַש . . .״

מיכל . . .

דער אידעאַליזם איז אין אים געווען ווי אַ יונגער, ברויזנדיקער ווין. ער האָט זיך נאָך ניט איינגעשטעלט מיט שטאַרקייט, דער ווין, און ער האָט זיך נאָך ניט אויסגעלייטערט פון ברויזנדיקן, שוימיקן שפּיל. ביינצן יאָר איז ער אַלט געווען. און די שלאַנקייט פון קערפּער, און די פלעמעלעך אין די קלוגע אויגן, און דער שמייכל אַרום די שטאַרקע, ווייסע ציין, און די ווינטיקע געדאַנקען אַרום דער טשופּרינע שוואַרצע האָר, האָבן געצויגן און פאַרכאַפּט. די חברים זיינע האָבן אים ליב געהאַט פאַר זיין סאַנגווינישקייט, פאַר זיינע אָפענע, דרייסטע רייד און פאַר זיינע ערלעכע, אומדערשראָקענע שטעלונגען. און ער, פון זיין זייט, האָט ליב געהאַט די חברים זיינע, ליב געהאַט די הייסע, היציקע דיסקוסיעס, ליב געהאַט די שפּיל אין שפּאַן פון לעבן און מער פון אַלץ — ביולאַן. ביולאַ, די טאָכטער פון אַ אידישן פאָטער און פון אַ שפּאַנישער מוטער. אַ מיידל, וואָס האָט געטראָגן איר גראַציעזקייט און ליבע, ווי דאָס געמישטע יידישע און שפּאַנישע בלוט אין איר. און ווען ער האָט זי צום ערשטן מאָל געבראַכט אין הויז אַריין, האָט באַראַש געקוקט אויף איר, געפרייט זיך און געבענקט נאָך עפּעס. עס האָבן אים דערוואַרעמט מיכלס ווערטער, ווען ער האָט אים פאַרגעשטעלט און געזאָגט צו איר: און דאָס איז מיין פאָטער — אַ אידישער פּאָעט. — אייער פאָטער און מוטער זענען נאָך אַזוי

יונג . . . — האָט זי געזאָגט צו מיכלען. — אזוי יונג . . . און אויך דאָס האָט געפּרייט צו הערן, כאָטש באַראַש האָט עס אָפּט געהערט אין ער פלעגט הנאה האָבן, ווען מענטשן האָבן ניט געוואָלט גלייבן, אַז ער איז שוין פינף און פערציק יאָר אַלט.

און איינמאָל איז ביולא געקומען אַליין, ווען בלויז ער אַליין, באַראַש איז געווען אין דער היים. ער האָט זי אויסגעפרעגט וועגן אירע עלטערן און זי האָט אים דערציילט, אַז איר פאָטער איז אַ מוזיקאַנט און די מוטער אַרבעט אויך אַמאָל, ווען עס פעלט אויס געלט, און זי אַליין שטודירט אין אַ טאַנץ־סטודיאָ און טרוימט צו ווערן אַ באַלעט־טענצערין. זיי זענען אַלע ראַדיקאַל געשטימט און אַ דאַנק דעם ראַדיקאַליזם אירן האָט זי זיך באַקאַנט און באַפריינדעט מיט מיכלען. און ער איז אַזאַ טייערער בחור, מיכל . . . ער איז אָבער צופיל אידעאַליסט, צו ברענענדיק, צו אימ־פולסיוו. אָט האָט ער זיך אַריינגענומען אַ געדאַנק אין קאָפּ — אַוועק־צוגיין מיט די חברים זיינע קיין שפּאַניע קעמפן קעגן די פאַשיסטן. און ווי קאָן זי זאָגן גיי ניט, ווען זי אַליין פילט, אַז זי וואָלט אויך גענומען אַ ביקס אין האַנט און וואָלט געגאַנגען אויסשיסן די משוגענע פאַשיסטן. ווי קאָן זי זאָגן „ניין" און ווי קאָן זי זאָגן „יאָ", אַז זי האָט אים אַזוי ליב . . .

באַראַש האָט געהערט און געטראַכט, אַז דאָס האָט זי דאָך אויס־געדריקט אויך זיינע געדאַנקען און געפילן. און ער האָט געקוקט אויף איר און עס איז אים געווען טרויעריק. און ווען זי איז אַוועקגעגאַנגען, האָט אין זיינע אויערן נאָך לאַנג געזונגען איר שטימע, ווי דער טאָן פון אַ פידל אין דעם בין־השמשות פון אַ האַרבסטיקן טאָג.

און דערנאָך, ווען מיכל איז אַהיימגעקומען, האָט ער אים געזאָגט, אַז ביולא איז געווען און עס האָט זיך אים אויך געוואָלט זאָגן וואָס פאַר אַ שטימונג זי האָט אָנגעווייעט אויף אים, אָבער אָנשטאָט דעם האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— דענקסטו טאַקע אין ערנסט צו פאָרן קיין שפּאַניע און אַריינ־טרעטן אין דער בריגאַדע?

— יאָ — האָט מיכל געענטפערט, ניט פּרובירנדיק אפילו צו פאַר־ענטפערן זיין באַשלוס.

— עס איז אַ געפערלעכער שריט, מיכל . . . — האָט באַראַש געזאָגט.

איך ווייס, פאָ — האָט מיכל געענטפערט. — אָבער וואו ליגט די וויכטיקייט פון דעם שריט, אויב איך וועל אים נעמען מעסטן צי ער איז געפערלעך צי ניט? דער ציל איז דאָך די הויפּט זאַך. דאָס איבעריקע איז שוין בלויז . . . דער וועג צום ציל.

— די מאַמע וועט ליידן.

— איך ווייס, אָבער איך קאָן ניט העלפן — האָט ער שטילער גע־ענטפערט. — דו, פּאַ, וועסט מיך פאַרשטיין. איך האָב ניט געלייענט אַלע דיינע ווערק, אָבער פון די וואָס איך האָב געלייענט און פון די פּיעסי דיינע וואָס איך האָב געזען, ווייס איך, אַז דו דענקסט ווי איך, אָדער ריכטיקער: איך דענק ווי דו — האָט ער זיך צעשמייכלט. — דו ביזט, זאָגן אַלע, אַ סאָציאַלער שרייבער און אַ ראַדיקאַלער מענטש, וועסטו זיכער באַגריפן מיין באַשלוס און מיין שריט.

— מ׳קאָן באַגריפן אַ שריט און דאָך ליידן — האָט באַראַש געענט־פערט.

— אָבער דו וועסט דאָך ניט נעמען אָפּרעדן מיך פון מיין באַשלוס....

— איך ווייס ניט . . . איך בין זיך מודה . . . אַז איך ווייס ניט וואָס איך וויל. די פראַגע האַלט מיך ווי אויף אַ שיידוועג . . .

— טאָ שטיי אויף דעם פּונקט, פּאַ. איך פאַרשטיי דיין צושטאַנד. לאָז מיך אויסקלייבן דעם ריכטיקן וועג.

— כ׳האָב מורא, אַז אַזוי וועט עס מוזן זיין.

פון יענעם טאָג אָן האָבן זיי מער ניט גערעדט וועגן דעם. זיי האָבן, אין אַלגעמיין, געהאַט וויניק געלעגנהייטן צו רעדן. אַ גאַנצן טאָג איז באַראַש געווען באַ דער אַרבעט און אין אָוונט פלעגט מיכל קומען שפּעט און פאַרנעמען זיך מיט זיינע ביכער און מיט זיינע כעמישע עקספּערי־מענטן. און זייערע וועגן, האָט באַראַש געוואוסט, זענען איצט צוויי באַ־זונדערע וועגן, כאָטש די קערנדלעך אין די הערצער זענען דיזעלבע. ער, באַראַש, אין זיין אייגענער יידיש־קולטורעל׳ער וועלט, און ער, מיכל, אין זיין יוגנטלעך־אַמעריקאַנער קולטורעלער וועלט — דערזעלבער ציל אויף באַזונדערע שפּראַכן און אויף באַזונדערע וועגן.

און איצט — שפּאַניע. דער פּאַראַדאָקסאַלער וועג פון יידישער געשיכטע, וואָס איז אים, באַראַשן, געווען אַזוי גוט באַקאַנט און וואָס איז אים, מיכלען, געווען אַזוי וויניק באַקאַנט. און אויב באַקאַנט — איז ווי אַ געשיכטלעכער עפּיזאָד, ווי הונדערטער אַנדערע עפּיזאָדן, וועלכע ער האָט אויסגעלייענט פון ביכער. באַ באַראַשן איז דאָס געפיל פון איי־ראָניע און פון שטאָלץ, וואָס זיין זון, אַ ייד, גייט באַפרייען שפּאַניע, געווען אַ טיפער, עכט יידישער; און באַ מיכלען — אַ חוב פון אַ יונגן רעוואָ־לוציאָנער, וואָס קוקט ניט צוריק אויף דער געשיכטע פון אַמאָל, נאָר בלויז פאָרווערטס, פאָראויס . . . אויף די צילן פון דער צוקונפט . . . אָבער, כאָטש די יאָרן האָבן איינגעשטילט און אויסגעלייטערט אין אים דעם ברויז פון רעוואָלוציאָנערן אידעאַליזם און געלאָזט אים אַ דענקענדן און פילאָזאָפירנדן, האָט ער אָבער פאַרשטאַנען און באַגריסט און געפרייט זיך

אפילו מיט מיכלס יוגנטלעכן פייער, מיט מיכלס שפּאַן און דראַנג — אפילו ווען עס איז געווען טרויעריק, זייער טרויעריק אויף דער נשמה.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

„. . . . אין שפּאַניע, אויף די פעלדער צווישן טאָלעדא און אלקאַזאַר, ליגט מיט אַ צעשאָסענער ברוסט דער יונגער אידעאַליסט און קעמפער, מיכל באַראַש . . .״

עס זענען שוין אַוועק חדשים, זינט דערדאָזיקער בריוו איז אָנגעקומען. דאָס לעבן האָט ווי מיט אַ ריזיקער, אײַזערנער קאַטשעלקע געפירט איבער די טעג און נעכט, איבער די גרויסע און קליינע פּאַסירונגען, איבער וועגן און סטעזשקעס און אויסגעגלייכט, אויסגעפרעסט דאָס געשעענע. עס האָבן זיך אָבער ניט געלאָזט אויספרעסן טיפע וואונדן. עס האָבן זיך ניט געלאָזט צעדריקט ווערן שוואַרצפליגלדיקע געדאַנקען, ווען יעדער נייער טאָג און יעדע נאַכט האָבן געזען דעם ווידערגעבורט פון נייע טאַטן און פון נייע ליידן.

באַראַש איז אָנגעגאַנגען מיט זיין טאָג־טעגלעכער אַרבעט; אַדאַ איז אָנגעגאַנגען מיט איר טאָג־טעגלעכער אַרבעט; אָבער באַ זיינע שלייפן האָבן זיך גענומען זילבערן די האָר און אונטער אַדאַס אויגן האָבן זיך גענומען לייגן שוואַרצע פּאַסן. די גאַנצע מוטערלעכע ליבע און אויפמערקזאַמקייט און מורא פאַר עפּעס האָט זיך איצט קאָנצענטרירט אויף דער שוואַרצאויגיקער טעכטערל עווא, אויף דעם קינד, וואָס האָט מיט איר דינקייט און מיט איר טריבן שמייכל געטראָגן אַ ניט־אַרויסגעזאָגטע, פלאַטערנדיקע סענסיוויטעט פון געדאַנק און געפיל. די טאָג־טעגלעכע אינטערעסן האָבן ווי שקלאַפנטרייבער געטריבן צו טאָג־טעגלעכע פליכטן, צו טאָג־טעגלעכע רייד, צו טאָג־טעגלעכע מענטשן און אַן אומבאַקאַנטער, מיסטעריעזער הערשער האָט געפאָדערט: לעב און טו דאָס מענטשלעכע, ווייל בלויז אין דעם ליגט די שטאַרקייט און דער קיום פון מיין קיניגרייך. און סיי באַראַש און סיי אַדאַ האָבן יסורימפולע געפאָלגט, און בלויז אַדאַס אויסגעשרײַען אין דער נאַכט, און איר געוויין, און אירע ווערטער, ווערטער ווי קלאַפּנדיקער רעגן, זענען געפאַלן באַ די פיס פון דעם מיסטעריעזן הערשער פון לעבן און געמאָנט, געפאָדערט אַן ענטפער וועגן גערעכטיקייט און וועגן דעם זין פון לעבן און מענטשהייט.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

ביולא איז אַ פּאָר מאָל געקומען. די באַקן אירע, אָפּגעצערטע און מאַטע, האָבן געטראָגן אויף זיך די ליכטיקייט און שאָטנקייט פון געלייטערטקייט און פון ליידן. אין אירע ווערטער איז געלעגן טרייסט און

אַ טיפער גלויבן, אַז מיכלס טאַט איז געווען אַ הייליקער און גערעכטער טאַט, וואָס דאַרף דערמאָנען די איבערגעבליבענע, די לעבעדיקע, אַז דער קאַמף איז ניט פאַרענדיקט. זי האָט ניט גערעדט קיין סך און באַראַש האָט געזען, ווי אין אירע אויגן ליגט אַ שטילע פאַרטראַכטקייט און ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז ווען זי בלייבט אַליין, שווייגט זי און מעדי־טירט, און זוכט ערגעץ אַן ענטפער, אַ ליכט, אַ קלאַנג, אַ רוף . . .

און איינמאָל, ווען אַדאַ איז גראַד ניט געווען אינעדרהיים, האָט זי געבראַכט מיט זיך מיכלס בריוו — בריוו פון שפּאַניע — צו איר. מיט ציטערדיקע הענט האָט זי איבערגעגעבן באַראַשן די בריוו און זי האָט געזאָגט: — די בריוו זענען מיינע, בלויז מיינע . . . בריוו צו מיר . . . אָבער אין די בריוו איז דאָ זייק בשמה און איעדער טייל פון דעם איז אויך אייערס . . . מעגט איר זיי לייענען, די בריוו. איך ווייס, אַז ס'וואָלט אים ניט געאַרט, ווייל מיט בריוו פון האַרצן דאַרף מען זיך ניט שעמען.

באַראַש האָט גענומען די בריוו און געבעטן זי, אַז זי זאָל זיי לאָזן מיט אים, ער וויל זיי לייענען, ווען ער וועט זיין אַליין. איז זי אַוועקגע־גאַנגען און האָט אים געלאָזט אַליין. אין יענעם אָוונט, האָט ער געלייענט דעם זונס בריוו — בריוו צו אַ געליבטער. און ווען ער האָט זיי איי־בערגעלייענט, איז ער לאַנג געזעסן אַ פאַרטראַכטער. געזען אים, מיכ־לען, אין צימער, און דאָרט . . . אויף די פעלדער, צווישן טאַלעדאָ און אלקאַזאַר, געזען אים שוועבן מיטן געדאַנק צו איר, צו דער דינער, עקזאָטישער ביולאַן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

טעג אין אַרבעט — נעכט אין געשפּרעכן. אַמאָל האָט עס דער־הויבן, אָבער אָפטער האָט עס געשלעפּט צום גרונט. ווען ער פלעגט אָבער בלייבן אַליין אויף אַ ראַג, אַליין אין דער נאַכט, אונטער דער קרייצונג פון ליכט און שאָטן, פלעגט אים אַרומכאַפּן אַ מיסטיש געפיל און דער געדאַנק האָט זיך אָפגעזאָגט צו קלעטערן אין די הויכן פון אומ־באַגרייפלעכן געניוס פון מענטש.

ניו־יאָרק — געשאַפן פון מענטשן, אָט אַזעלכע מענטשן ווי ער, אַ מענטש, וואָס שטייט אין דער טונקלקייט . . . ניו־יאָרק — דער טויזנט־מאָל געכפּלטער בבל — און ער, וואָס שטייט אין שאָטן פון הימלקראַ־צערס, — ער איז דער באַשאַפער, דער אויבערמענטש און דער פּיגמי. ער, מענטש, דאַרף זיין שטאָלץ מיט זיך, ער פילט אָבער ניט דעם שטאָלץ, ער פילט זיך ניט שטאַרק און ריזיק, ווי די בערג פון שטאָל, ווי די גיגאַנטן־הימלקראַצערס, וואָס קוקן אַראָפּ אויף די וואָלקנס.

ניו־יאָרק — געשאַפן פון מענטש, מענטשן ווי ער, אָדער אַנדערע, גאָר אַנדערע מין מענטשן. זענען אפשר יענע מענטשן — די אמתע מענטשן? ליגט אפשר דער סוד פון זייער גבורה אין דער באַלאַנסירונג פון גייסט און קערפּער, צי אפשר בלויז אין קערפּער? און אפשר פילט ער, באַראַש, דעם דרוק פון לעבן און ער קאָן זיך ניט דערהייבן צו די מאַטעריעלע הויכן, ווייל ער באַלאַנסירט זיין לעבן בלויז אויף די וואָג־שאָלן פון געדאַנק און עמאָציע?

די געדאַנקען פלעגן לויפן אין די נעכט אַריין און די נעכט האָבן ניט געענטפערט. פון אונטער דעם אַראָפּגעבויגענעם הוט האָבן זיינע אויגן געקוקט מיד און טרויעריק, געקוקט אין דער מיסטיש־צויבערלע־כער און ציווילעזירטער נאַכט אַריין און געמאָסטן אין געדאַנק דעם וועג אַהיים, די היים פון וועלכער ער איז אַרויס, ווייל דאָרט, אינדערהיים, האָט זי, אַדאַ, געוויינט. ער האָט גערעדט, ער האָט געטרייסט, ער האָט פילאָזאָפירט און רעזאָנירט — דער געוויין אירער איז אָבער געווען שטאַר־קער. דער געוויין אירער, ווי אַ גרויער, אומאויפהערלעכער רעגן אין דער קאַלטער, האַרבסטיקער נאַכט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

אין אייראָפּע, אין אַזיע, אין אַפריקע און אפילו אין אַמעריקע האָבן שוואַרצע שאָטנס, מיט ברענענדיקע פאַקלען אין די הענט, געשאַרט זיך אין די רעגירונגס־לאַבירינטן, געפלאָכטן דיפּלאָמאַטישע נעצן, געשאַרפּט קינזשאַלן, געמישט גיפטן, אונטערגעלייגט פאַרבאָרגענע מינעס, אונטער־צוצינדן און אויפצורייסן די וועלט. באַראַש האָט געזען אין יעדן ווינקל דעם שאָטן, דעם אונטערצינדער; געהערט זיין שטימע פון יעדער ראַדיאָ, געשפירט דעם פאַרראַט און פּראָוואָקאַציע אין יעדן וואָרט. און כאָטש אויסערלעך רואיק, האָט אָבער אַ געפיל פון נקמה געטליעט אין די ווינק־לען פון זיין האַרץ און ווינטן פון האס און פון כאַאָס האָבן געבלאָזן און פונאַנדערגעבלאָזן די פונקען און געצונדן זיין מח מיט פאַנטאַסטישע, סטי־כישע און פאַרצערנדע פייערן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

די טאָג־טעגלעכע אינטערעסן האָבן גערופן צו טאָג־טעגלעכע פליכטן, צו טאָג־טעגלעכע רייד, צו טאָג־טעגלעכע מענטשן; און דער גייסט פון קונסט, וואָס האָט זיך פאַרשטופּט אין אַ ווייטן ווינקל פון באַ־ראַשעס נשמה, האָט גענומען לאַנגזאַם אַרויסקוקן פון זיינע פאַרטראַכטע אויגן און האָט גענומען רופן אים, ציען אים מיט איידעלע פינגער און מיט האַרבסטיקע ניגונים, ציען אים צום שטול, וואו ער פלעגט שאַפן

זיינע חלומות, אילוזיעס און וויזיעס, פאַרקערפּערן זיי דורך ווערטער אין געדאַנקען, בילדער, און געשטאַלטן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

אין שאַפּ, ווען באַראַש האָט געאַרבעט, איז געלעגן די גרעניץ פון זיין עקאָנאָמישן מצב. ווי אַריבערצוטרעטן די גרעניץ, האָט ער ניט געוואוסט. עס זענען שוין פאַרביי עטלעכע יאָר אין דעם ווינקל פון שאַפּ, וואו ס׳זענען געלעגן זיינע פאַרבן, זיינע בערשטלעך, זיין פאַרטוך — און דאָס ווינקל האָט שוין פאַרכאַפּט אַ שטיק פון זיין לעבן.

ער פלעגט דאָרטן שטיין אַ שווייגנדיקער, מאָלן אויף סאַמעט אָדער אויף זייד, ביליקע, פּרימיטיווע פייזאַזשן, וואָזעס מיט בלומען און טאַנצנ־דיקע קאַוואַליערן און דאַמען, די געדאַנקען זיינע פלעגן אָבער וואַנדערן איבער די פאַרבאָרגנסטע ווינקלען פון לעבן.

דער באַלעבאָס זיינער, אַ קליין כיטרע מענטשל, פלעגט אָפט בלייבן שטיין נעבן אים און ווען עס פלעגט זיך אים אויסווייזן, אַז באַראַש איז לאַנגזאַם אין זיין אַרבעט, פלעגט ער אָפּטרעטן אַ פּאָר שפּאַן פון אים, באַ־טראַכטן אים פון אַלע זייטן, מעסטן מיטן בליק באַראַשעס הויכע, דינע פיגור, דאָס מאַט־טונקעלע פּנים און די לאַנגע האָר; און באַראַש האָט געפילט אויף זיך זיין חוזק־בליק, די איראָניע און ביטול, וואָס ער, דער אינטעליגענט, שטייט דאָ אין שאַפּ און אַרבעט פאַר אים, פאַר דעם דער־פאָלגרייכן ביזנעסמאַן, וואָס האָט אַלץ, וואָס געלט קאָן קויפן. און באַ־ראַש האָט עס אפילו אָפט געהערט פון אים און עס האָבן באַליידיקט די גראָבע רייד און דער חוזק און ביטול־טאָן.

פלעגט באַראַש אַ קוק טאָן אויף אים פון אונטער זיינע ברעמען. בלייבן שטיין מיטן פּינדזל אין האַנט, ווי מ׳בלייבט שטיין מיט אַ מעסער און עס פלעגט זיך אים גלוסטן אַ כאַפּ צו טאָן דעם קאָנטראַקטאָרל פון הינטן, באַם האַלדז, אויפהייבן אים און טראָגן אים אַזוי צו זיך אַהיים, אַנידערשטעלן אים צווישן די שאַפעס מיט ביכער און, אַנווייזנדיק אויף זיי, זאָגן: זעסט, דאָ, צווישן די מיליאָנען ערנסטע, לעבעדיקע און צאַפּל־דיקע געדאַנקען און ווערטער, ליגן אויך מיינע געדאַנקען, מיינע וויזיעס, מיין פּיין, מיין פרייד און מיין גייסט. אָט דאָ שטייען זיי, זעסט — זעקס בענדער מיט דעם אינהאַלט פון מיין מח און פון מיין נשמה. דאָס בין איך און דאָ בין איך און איצט — מאַרש! אויפעפענען די טיר און אַרויס־וואַרפן אים ווי אַ דערשראָקענעם האָז.

אַזוי, פלעגט ער טראַכטן, וואָלט ער באַדאַרפט טאָן, ווען עס וואָלט מעגלעך געווען דאָס צו טאָן. אָבער צו וואָס דערציילן אים וועגן זיך, צו וואָס רעדן וועגן זיך, ווען אפילו אין דער אייגענער, אין דער נאָענטער

סביבה באַטראַכט מען זיין שרייבן ווי אַ לוקסוס־זאַך, ווי עפּעס אַ צייט־פאַרטרייב, וואָס רייסט אים אָפּ פון מער ניצלעכע מעגלעכע דערגרייכונגען. און אפילו באַ אַדאַן, וואָס האָט רעספּעקטירט און ליב געהאַט דאָס אידישע וואָרט און דעם אידישן שאַפער, אפילו באַ איר פלעגט זיך אַמאָל אַרויסרייסן דער געשריי, דער געשריי פון אמת: ווער דאַרף דיינע ביכער ?! ווער לייענט דיינע ביכער ? ווער גיט אַרויס דיינע ביכער ? . . . די ווערטער האָבן געשטאָכן מיט אמת. אָבער ערגעץ טיף אין האַרצן צי אין מח, איז געלעגן אַ ליכטיק אויג און אַ קלוגער, מענטשלעכער שמייכל, וואָס האָט געטרייסט און געטראָגן צו עפּעס אַ גלויבן.

עס פלעגן זיין מאָמענטן, ווען ער האָט געפילט אַ מין אינפעריאָריטעט אין דעם גייעג נאָך דערפאָלג. ער האָט געוואוסט, אַז ער איז ניט דער איינציקער, וואָס ווייסט ניט ווי אַרויפצוכאַפּן זיך אויף דעם פייערדיקן פערד, אָנכאַפּן אים באַ דער גריווע און טראָגן זיך אין לעבן ווי אַ זיגער. ער האָט אָבער אויך געוואוסט, אַז דאָס פערד איז גראָדע אַ שטאָלן פערד, אַ פערד, וואָס מ׳רופט אַטאָמאָביל. אָט דאָס שטאָלענע פערד איז באַ דעם ציוויליזירטן מענטשן געוואָרן דער סימבאָל פון דערפאָלג. און אַזוי האָט אויך אַדאַ געמאָסטן אָפּט דעם דערפאָלג פון אירע פריינט. איר שטרעבן צו דעם גלאַריפיצירטן לעבנס־שטאַנדאַרד איז אָבער געווען ניט בלויז צוליב דער מעגלעכקייט צו לעבן אין לוקסוס מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, וואָס רייכטום ברענגט, נאָר הויפּטזעכלעך צו האָבן די מעגלעכקייטן צו עקספּלואַטירן אַלע מיטלען פאַר גייסטיקער דערהייבונג, וואו ס׳זאָל הערשן די אַטמאָספערע פון אַ מין קינסטלערישן אַריסטאָקראַטיזם.

און כאָטש זי האָט ליב געהאַט די אָרעם־באָהעמישע אַטמאָספערע פון באַראַשעס קאָלעגן, און זי האָט געוואוסט, אַז בלומען און מוזיק אין די לידער פון די באַקאַנטע און נאָענטע דיכטער זענען אמתער, ממשותדיקער, ווי די אויסגעטרוימטע באַגערן, האָט זי דאָך ליב געהאַט צו טרוימען וועגן דעם און דערצו נאָך געבענקט נאָך אינדיווידועלן אויסדרוק, נאָך זעלבסטשטענדיק קינסטלערישע דערגרייכונגען. און ווען די אומצעשטערבאַרע באַריערן פון לעבן האָבן ניט דערלאָזט אירע אַספּיראַציעס פאַרווירקלעכט צו ווערן, איז דער פלאַם פון די טעג און נעכט געווארן אַ בלויער, אַ ציטערנדיקער, אַ מעלאַנכאָלישער.

זי איז געווען נאָך זייער יונג, אַדאַ, ווען באַראַש האָט זי צום ערשטן מאָל באַגעגנט. דערזען האָט ער זי דעמאָלט אויף די טרעפּ פון דעם קונסט מוזעאום. זי איז געזעסן, מיט איר פאָרטפעל אויף די קני, און האָט דורכגעקוקט צייכענונגען. דעמאָלט האָט זי נאָך געשטרעבט צו ווערן אַ דעזיינערין פון פרויען־קליידער; געטרוימט אפילו צו פאָרן קיין פּאַריז

און פאַרפולקאָמען אירע קינסטלערישע פּיאיקייטן; געהאָפט, אַז זי וועט קריגן אַן ערשטקלאַסיקע שטעלע אין אַ גרויסער קליידער־פירמע, אָדער אין האָליוואָוד אַלס דעזייענירן אין דער מואווי פּראָדוקציע.

און ער, באַראַש, האָט זיך דעמאָלט אויך אַרומגעטראָגן מיט פּראָ־יעקטן. דער לאָקנדער טרוים איז געווען אָט דער, צו וועלכן ער האָט דערגרייכט. און מאַלעריי איז געווען בלויז דער פאַך, דורך וועלכן ער האָט געשאַפן מיטלען פאַר עקזיסטענץ. ער האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם פרימאָרגן אויף די טרעפּ. זי איז געווען געקליידט אין אַ גרינער טוניק — איר אייגענע קרעאַציע. און איר הויך געשטאַלט, און די רויט־פלאַמיקע, צעשויבערטע האָר און אירע גרינע אויגן, האָבן אין דעם וויב־טיקן פרימאָרגן דערמאָנט אים אן אַ פייער אויף דעם גרינעם ים. און, באַמערקנדיק זיין בליק און הנאה האָבנדיק פון זיין פאַרגאַפטקייט, האָט זי אים אַ פרעג געטאָן, פאַרוואָס ער קוקט אַזוי אויף איר. — ס'איז דער פלאַם אַרום אייך און אפשר אויך אין אייך, וואָס האָט מיך פאַרכאַפט. — האָט ער איר געענטפערט מיט אַ פּאָעטישער פראַזע.

זי האָט אַ שמייכל געטאָן און אַ קוק געטאָן אויף אים מיט אַ שעל־מיש־דורכגעטריבענעם בליק, וואָס האָט אים איבערראַשט אין איר — איבערראַשט מיט פרויענשער רייפקייט. און אַזוי אַרום האָבן זיי זיך צורעדט וועגן מאַלעריי און וועגן קונסט אין אַלגעמיין. און אַזוי אַרום האָבן זיי אָנגעהויבן צו באַגעגענען זיך כמעט יעדן אָוונט. און עס איז אים געפעלן געוואָרן אין איר, איר רייפער בליק און כאַראַקטער, וואָס האָט אין דער־זעלבער צייט געוואָרפן אַ מין גרין־בלויע ליכט פון סענטי־מענטאַליטעט. עס האָט אים גערירט צו זען אירע אַ טרער אין שטראָם פון מוזיק און עס איז געווען אנגענעם צו זען איר שמייכל איבער זיינע בלומען, וועלכע זי האָט שטענדיק ליב געהאַט. די סענטימענטאַלע שטריכן און די ליבע צו קונסט האָט זי געטראָגן ווי גאָלדענע און בלויע פעדים, איינגעוועבט אין דעם גרויען געוואַנט פון לעבן.

זיי האָבן אָפט גערעדט וועגן זיך זעלבסט, געפירט זיך דורך פראַזן צו אינטימיטעט פון געפילן און סיי אים און סיי איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי קאָנען שוין איינער דעם צווייטן דורך און דורך. באַראַש האָט אויך אָפט פאַרפירט געשפרעכן וועגן אירע עלטערן און דערציילט איר אַסך וועגן זיינע עלטערן. עס האָט אים אינטערעסירט צו וויסן מער וועגן איר משפחה, ווייל ער האָט געגלייבט, אַז אין דעם ליכט פון אָפּשטאַם דער־זעט מען און מ'דערקאָנט אַ מענטשן בעסער און טיפער.

און ווען ער האָט צום ערשטן מאָל באַזוכט איר הויז און דערזען אירע עלטערן און איר שוועסטער, האָבן זיי אים אנגענעם איבערראַשט מיט זייער אינטעליגענטן אויסזען, כאָטש זייער האַלטונג, האָט זיך אים

אויסגעוויזן, איז געוועזן צו רעזערווירט און אָנגעשטרענגט. דאָס ערשטע, וואָס האָט זיך אים געוואָרפן אין די אויגן, זענען געווען די שאַפעס מיט ענגלישע און יידישע ביכער. און ווען ער האָט שפּעטער אויסגעפונען, אַז איר פאָטער איז אַ פאַרוואַלטער אין אַ גרויסן בוך־געשעפט און איז אַ ליידנשאַפטלעכער קאָלעקציאָנער פון ביכער, האָט ער זיך שוין ניט געוואונדערט איבער דער גרויסער הויז־ביבליאָטעק און עס האָט אים שוין אויך ניט געוואונדערט, וואָס אַדאַ רעדט און לייענט אַזוי גוט יידיש. אין יענעם אָוונט האָט ער זיך איבערגעגעבן אין געפאַנגענשאַפט צו דער צוקונפט, צו וועלכער ס׳האָבן אים געפירט אַדאָס אויגן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

באַראַש איז געגאַנגען צו דער קאַפע „טעאַליט״, וואו אַלע יידישע קינסטלער פלעגן זיך פאַרזאַמלען און פאַרברענגען. ער האָט ליב געהאַט צו זיצן דאָרט, טרינקען קאַווע און שמועסן מיט די קאָלעגן. כאָטש אָפט, אַהיים קומענדיק, פלעגט ער ליגן אין בעט און טראַכטן וועגן דעם גע־הערטן און וועגן דעם געזאָגטן און עס האָבן געעקלט די רכילותן, די בייזע אייפערזוכט, דער סאַרקאַסטישער קיבעץ און ציניזם פון אייניקע פון די קאָלעגן. איך דידאַזיקע מינוטן האָט ער געפילט, אַז עפּעס פעלט, עפּעס פאַדריסט, עפּעס באַאומרואיקט. אויך די אייגענע רייד און פאַראַדאָקסן פלעגן אַרויסשווימען ווי פעטע פלעקן אויף ריינעם וואַסער און די אומ־צופרידנהייט מיט זיך אַליין האָט געביסן און געבורעט און דער שטאָלץ מיט דעם עסטעטישן און שעפערישן פלעגט אָפט צעברעקלט ווערן אין רעדוציהט ווערן צו אַ גלויבן, אַז דער איינציקער זין פון לעבן איז צו שפּילן און פאַרשפּילן זיך אָן אונטערשייד מיט וואָס ס׳זאָל ניט זיין.

עס האָט ביז ווייטיק פאַרדראָסן און געפייניקט דער אייביקער שטרייט צווישן רעכטס און לינקס, דער קריג צווישן די אַרבעטער און דער קריג צווישן די שרייבער, וואָס האָבן ניט געקאָנט און ניט געוואָלט זוכן אַ קאָמפּראָמיס־וועג און האָבן עקשנותדיק געשפּאָנט אין דעם טיפן זומפּ אונטער די שימפּערייען און זידלערייען פון דער פּרעסע. גרויסע שרייבער האָבן ניט געזען זייער גרויסקייט אין דער וואָקכאַנאַליע פון צע־ברויזטע ליידנשאַפטן און קלענערע און קלייניקע שרייבערלעך האָבן איז דער וואָקכאַנאַליע דראַפּירט זיך אין די צעריסענע מאַנטלען פון די פאַר־וואונדעטע און געפאַלענע פירער און לערער, און האָבן אויך געשימפּט און געזידלט און געפאָכעט מיט פאַפּירענע שווערדלעך אין דעם כאַאָס פון אויסגעלאָשענעם יושר און פון צעטראָטענער טאָלעראַנץ. און שווער איז אים געווען, באַראַשן, צו האַלטן דעם באַלאַנס אין דעם שטורעם פון אָנגעצונדענע עמאָציעס; און שווער איז אים געווען צו האַלטן הויך,

קרישטאָל־ריין און אמתדיק דאָס קינסטלערישע וואָרט אין דעם שטורעם פון האַס און הפקרות. און שטייענדיק אינדערמיט פון די אייגענע צע־רודערטע געדאַנקען און געפילן, האָבן פראַגן, ווי באַהאַלטענע שונאים אין מח, געלאָקט אויף אים און פאַרפאַלגט. וואָס איז פאָרט דער זין פון דעם אַלעמען? וואו ליגט פאָרט דער וועג צו שלום, צו מענטשלעכער פאַרשטענדעניש, צו ברידערלעכקייט און צו קינסטלערישן אמת און אויפ־ריכטיקייט? ער האָט געוואוסט, אַז די פראַגן זיינע וועלן ניט פאַרענט־פערט ווערן, ער האָט אָבער ניט געוואוסט וואוהין און ווי אַזוי צו אַנט־לויפן פון זיי. און דאָס, וואָס מ׳האָט גערופן „די יידישע גאַס״, האָט גע־שראָקן מיט עם־הארצישקייט, מיט אומבאַוואוסטזיניקער גרויזאַמקייט, מיט פרעכהייט און מיט פוסטקייט. און דאָס געפיל פון רחמנות צום אייגענעם צעשפליטערטן, צעשפּענערטן פאָלק, וואָס האָט געשפּריצט מיט פונקען, גרייט פאַרברענט צו ווערן אין אייגענעם פייער, דאָס געפיל האָט געטריבן אין ווינקלען, וואו עס האָט זיך געדוכט, אַז עס רוט נאָך די שכינה פון העכערן, פון עסטעטישן און פון אייביק־אמתן. אָבער די ווינקלען זענען געווען ערגעץ פון יענער זייט פון סמבטיון און דער וועג צו זיי האָט געפירט דורך דעם „טעאַליט״.

אַמאָל אָבער פלעגט ער זיך אין געדאַנק אויפהייבן איבער ניו־יאָרק און זוכן צווישן די מויערן און אין די גאַסן דעם סוד, די נשמה, דעם זין פון דעם ריזיקן מענטשלעכן קיבוץ און, אָפּשטעלנדיק זיך אויף דעם „טעאַליט״ פלעגט אים קומען אויף דעם געדאַנק, אַז ער און די קאָלעגן זיינע, די שרייבער און די איבעריקע קינסטלער דאָרט, קוקן אויס און זענען טאָקע אפשר עפּעס אַ מאָדנע סעקטע, וואָס זיצט און רויכערט, אין טרינקט קאַווע און אַרגומענטירט און קריגט זיך, און טראָגט דעם עול פון דער גאַנצער וועלט אויף די שוואַכע יידישע פּלייצעס.

און עס האָט אים געצויגן צו אָט דער סעקטע, וועמעס טעמפּל עס איז געווען דער ענגער, פאַררויכערטער, טומלענדיקער „טעאַליט״.

אין דעם אָוונט האָט ער געטראָפן אין „טעאַליט״ דעם אַלטן שריפט־שטעלער בענדער.

— נו, וואָס הערט זיך עפּעס, קאָלעגע בענדער? — האָט אים באַראַש אַ פרעג געטאָן, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַנידערגעזעצט נעבן אים און האָט באַשטעלט קאַווע.

— וואָס זאָל זיך הערן? — האָט בענדער געענטפערט. — ס׳איז דיזעלבע וועלט און דיזעלבע מענטשן ווי אין אַלע אַנדערע ציטן, מיין פריינט. די מענטשהייט איז דערצויגן אויף פאַרראַט און אויף נידער־טרעכטיקייט און איך ווייס ניט אפילו וועמען צו באַשולדיקן אין דעם. מיך? אייך? די פירער?

— אוודאי איז די געשיכטע פון דער מענטשהייט אַ קאַוואַלקאַדע פון בלוטיקע עפּאָכעס — האָט באַראַש געזאָגט. — אָבער אונדזער עפּאָכע, אונדזערע טעג זענען דאָך די נאָענטסטע צו אונדז. יעדער טאָג און יעדער טאָט איז דאָך ווי אַן אייגן העמד אויף דעם לייב, טאָ ווי קען מען ניט רעאַגירן און ניט רעדן וועגן דעם, ווען דו פילסט, ווי דיין העמד ווערט נאַס און רויט פון בלוט.

— נו, אוודאי איז דאָס אַזוי — האָט בענדער צוגעגעבן אַ פּאַר־טראַכטער. — און ווי עס ווייזט אויס, ליגט טאַקע די טראַגעדיע פון דער מענטשהייט אין איר אומפייאיקייט צו אָריענטירן זיך, אין איר אומפייאיקייט אַרויסצוגעבן פון זיך אַזעלכע פירער, וואָס זאָלן קאָנען אויפגע־מען איעדער איינער באַזונדער און אַלע צוזאַמען די אַלגעמיינע נויט; און פּראָבלעמען פון דער מענטשהייט, אויפנעמען און לייזן זיי אַזוי, ווי עס ווערן געלייזט וויסנשאַפטלעכע אָדער אינזשעניערישע פּראָבלעמען. ערשט היינט האָב איך אונטערגעהערט אַ כאַראַקטעריסטישן געשפּרעך צווישן צוויי אַרבעטער. ווי איך פאַרשטיי, האָבן זיי גערעדט וועגן אָט דער וואונדערבאַרער זאַך, וואָס הייסט גליק און פרייהייט. —ווער בעט זיי, די פירער, אַז זיי זאָלן אונדז פירן אין קאַמף ?! — האָט איינער פון זיי אַרגומענטירט. — ווער בעט זיי, זיי זאָלן זיך שטעלן אין דער שפּיץ פון באַוועגונגען און פירן אונדז אין קאַמף פאַר פרייהייט ?! ווער ? דאָס פאָלק ? דאָס פאָלק בעט זיך: קומט, פירט אונדז אויף דעם מזבח — אונדזערע העלדזער זענען גרייט . . . פירט אונדז, פירער פון אַלע באַ־וועגונגען און פון אַלע צייטן און פון אַלע פרייהייטן ! טינקט די פאַנען אין אונדזער בלוט, אַז אונדזערע קינדער זאָלן האָבן מיט וואָס צו פאַראַ־דירן אין די קומענדיקע קאַמפן מיט נייע קומענדיקע פירער ! ווער בעט זיי, די פירער, צו פירן אונדז צו די גרויסע דערלייזונגען ?!

— אָט אַזוי טאַקע האָט גערעדט דער אַרבעטער ? — האָט זיך באַראַש פאַראינטערעסירט.

— נו, אויב ניט מיט דידאָזיקע ווערטער, איז אין דעמדאָזיקן זין.

— און וואָס דענקט איר וועגן דעם אַרבעטערס רייד ?

— איך האָב געשפּירט אין זיינע רייד די קלוגשאַפט, וואָס ליגט אין די סקאַלעס, אין די ביימער, אין די גרעזעלעך און אין יעדער שטום־באַשאַפענער חיה, וואָס ווייסט אינסטינקטיוו בלויז פון יענער פרייהייט, וואָס די נאַטור אַליין באַווילט.

— עס איז אַ זייער פרימיטיווער באַגריף און צוגאַנג — האָט באַראַש באַמערקט.

— יאָ, אַ פרימיטיווער — האָט בענדער צוגעשטימט — אָבער אָט טאַקע אין אָט דער פרימיטיווקייט ליגט דער אמתער צוגאַנג צו אמתער

ברייהייט. גלויבט מיר, באַראַש, ווען מענטשן וואָלט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די דאגות פאַר דער וועלט, ווען זיי וואָלטן ניט געטראָגן דעם וועלט־שמערץ ווי אַ הייליקייט צו וועלכער מ׳דאַרף ברענגען קרבנות, ווען יעדער מענטש וואָלט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די משא, דעם פּאַק, וואָס די ציוויליזאַציע און די פאַרמעלע קולטור וואַרפט אויף אים אַרויף, ווען דער מענטש בלייבט בלויז מענטש אין דער משפחה פון אייגענע און פריינט, און ווען ער הערט אויף צו זאָרגן זיך פאַר דעם קיום און מאָראַל פון דער מענטשהייט, וואָלט ער, דער מענטש, דערלייזט געוואָרן.

— אויב אַזוי, צוליב וואָס שרייבט איר? צוליב וואָס שאַפט איר? און פאַרוואָס פרייט איר זיך און איר זענט שטאָלץ, ווען אייערער אַן אַרטיקל אָדער בוך דערגרייכט צו די מאַסן און דערוועקט זיי געדאַנקלעך און גייסטיק? — האָט באַראַש געפרעגט.

— אָט־אָ־דאָ ליגט טאַקע, צו אַלדע שוואַרצע יאָר, דער פּאַראַדאָקס פון דער אומפאַרשטענדלעכער קראַפט, וואָס דאָס לעבן האָט אויף אונדז. מיר זענען אין דער מיט פון אַ פאַרכישופטן קרייז און גייט זייט אַ חכם און רייסט זיך אַרויס. גלייבט מיר, באַראַש, אַז ווען איך האָב מוט און ווייס, אַז איך וועל אויסהאַלטן דעם באַשלוס פון דעם שריט, און ווען איך האָב עמיצן, אָדער עפּעס אַ סיבה, וואָס זאָל מיר אַ זעץ טאָן אין איך בעט אייך איבער און אַרויסשיסן מיך פון דעם פאַרכישופטן קרייז, זאָל זיין צום טייוול אפילו, וואָלט איך ערשט דעמאָלט פּרובירט צו ווערן אַן אמתער מענטש און וואָלט אָנגעהויבן צו לעבן אַ ניי לעבן, וואָס האָלט זיך בלויז אויף דעם פרימיטיוון, אינסטינקטיוון, וואָס איז דאָס אמתע און דאָס גערעכטע. נו, בין איך אָבער אַ שקלאַף גלייך מיט די איבעריקע און עס גלוסט זיך ניט צו פאַרלאָזן דאָס איינגעזעסענע אָרט און די ווייב און די קינדער און אָט דאָס . . . דעם „טעאַליט". אָבער איך זאָג אייך — עס וועט אַמאָל אָנלויפן אויף מיר אַזאַ מינוט און איך וועל עס טאָן. ווי כ׳בין אַ ייד, כ׳וועל עס טאָן! אָט ווי טאָלסטאָי האָט עס געטאָן אויף דער טיפער עלטער.

באַראַש האָט געשמייכלט און געטראַכט, אַז וויפל מאָל האָט ער אַליין שוין אויך געטרוימט וועגן אַזאַ מין ראַטעווען זיך פון דער ציוויליזאַציע, קולטור און מאָראַל; וויפל מאָל האָט ער אַליין שוין געטרוימט ווי אַ יינגל וועגן אַן איינזאַמען אינדזל און וועגן אַ ניי לעבן אין אַ פרעמדן לאַנד, צווישן פרעמדע מענטשן . . .

דער אָוונט מיט בענדערן איז געווען ווי אַנדערע אָוונט אין „טעאַליט". מ׳האָט גערעדט, מ׳האָט פאַנטאַזירט, מ׳האָט געטרונקען קאַווע און געריכערט איז פילאָזאָפישן טרויער — מער איז אָבער גאָרניט נישט געשען. אָבער באַם אַוועקגיין האָט בענדער אַ פרעג געטאָן:

— און וואָס הערט זיך מיט אייער נייעם בוך, באַראַש ? ווען דער־שיינט ער שוין ?

די פראַגע האָט אַ וואַרעם געטאָן באַראַשעס האַרץ :

— אינגיכן, גאַר אינגיכן . . . — האָט ער געענטפערט און דער „טעאַליט״ האָט אויף אַ רגע אויפגעלויכטן מיט נשמהדיקייט.

דער וועג אַהיים איז אין דערדאָזיקער נאַכט געווען אַ קורצער, אַ שנעלער.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווען באַראַש איז אַרויסגעגאַנגען אינדערפרי צו דער אַרבעט, האָט ער אין בריווקעסטל געפונען אַ בריוו פון דעם אַרויסגעבער און רעדאַק־טאָר פון דער „יידישער פּאָסט״. דער רעדאַקטאָר פון דער צייטונג, בירמאַן, האָט אים געשריבן, אַז ער זאָל גלייך, אין דעמזעלבן טאָג, אַריינקומען אין דער רעדאַקציע, ווייל ער וויל זיך דורכשמועסן מיט אים וועגן דעם ענין, וועלכן זיי האָבן שוין אַמאָל באַריורט, דאָס הייסט — וועגן אַ שטעלע איך דער „יידישער פּאָסט״.

באַראַש האָט זיך מיט אַ געפיל פון פרייד געלאָזט גיין צום סאַבוויי. ער האָט געטראָפן בירמאַנען אַ שיינענדיקן און אַן אויפגעלייגטן. דער־זעענדיק באַראַשן, האָט ער גלייך אַ זאָג געטאָן :

— באַראַש, מיר דאַכט זיך, איך האָב פאַר אייך אַ שטעלע.

— אדרבה . . . — האָט באַראַש געענטפערט.

— די מעשה דערפון איז אַזאַ — האָט בירמאַן אָנגעהויבן, זוכנ־דיק ווערטער ווי בעסער אויסצודריקן, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן. — מיר דאַרפן דאָ אַ האַנט. סילווער, ווי איר האָט אפשר געהערט, איז ווי־דער קראַנק געוואָרן און די געשיכטע מיט זיין קראַנקהייט קאָן זיך ציען און פאַרציען שיינע עטלעכע חדשים. האָב איך זיך דערמאָנט אָן אייך. איך ווייס, אַז איר האָט שטענדיק געוואָלט אַריין אין אַ צייטונג, נו, איז איצט, דאַכט זיך, געקומען די צייט. ס'איז אפילו אַ צייטווייליקער דזשאַב, און די שכירות וועלן אויך זיין אַביסל געשניטן, ביז איר וועט אָנשלאָגן אַ האַנט, דערפאַר וועט איר ניט דאַרפן ברעכן אייער קאָפּ מיט שרייבעריי.

— ניט דאַרפן ברעכן מיין קאָפּ מיט שרייבעריי ? — האָט באַראַש אַ קוק געטאָן אויף אים אַ פאַרוואונדערטער. — וואָס דען וועל איך דאַרפן טאָן ?

— איר וועט לייענען קאָרעקטורן, ווי סילווער און . . . אַנדערע קלייניקייטן אַרום און . . . אַמאָל אָנשרייבן אויך אַן אַרטיקעלע.

— דאָס אַלעס ? — האָט באַראַש געפרעגט און געפילט ווי דאָס פנים נעמט אים פלאַמען.

— ליידער, דאָס אַלעס, באַראַש. איך ווייס, אַז איר זענט אַ פיינער שריפטשטעלער, אַ צייטונג פאָדערט אָבער אַן אַנדער מין שרייבן. איר זענט מער . . . אַ קינסטלעריש . . . מעדיטאַטיווער שרייבער און דאָ דאַרפן מיר בלויז גענויטע הענט פאַר טאָג־טעגלעכן רעפּאָרטאַזש און פאַר קורצע קאָמענטאַרן. אַ ראָמאַן, ווייסט איר, האָבן מיר שוין. פּובליציסטן האָבן מיר צוויי און אַז מ׳וויל, דריי. איך שרייב אויך אַמאָל. מיט לידער און לידלעך זענען מיר פאַרוואָרפן, און חוץ דעם שרייבט לאַזאַרין יעדן פרייטיק אַ ליד — האָבן מיר דאָס אויך. וואָס זשע בלייבט פאַר אייך? שרייבן באָבע־מעשיות? האָבן מיר שוין אַ קרענק אויף דעם אויך. גלויב איך, אַז פאַר אייך וועט זיין גענוגנטער צו זיצן באַם טיש און בלויז כאַפּן די גנבים — כ׳מיין די גרייזן און דרוקפעלערן. כאָטש מיט די גנבים און אָן די גנבים איז אַלץ איינס. וואָס זשע זאָגט איר?

— וואָס זאָל איך זאָגן, אַז . . . איר דאַרפט ניט קיין שרייבער? די דאָזיקע טאַלאַנטלאָזיקייטן, וואָס פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון שרייבער און שטעלן אייך צו די סחורה, האָט איר דאָך, און מיט לידער פאַרוואָרפט מען אייך אומזיסט, מסתמא, און אַ קרענק פאַר באָבע־מעשיות האָט איר אויך — דאַרפט איר דאָך בלויז אַ האַנט, ניט אַ שרייבער — טאָ וואָס האָב איך צו זאָגן?

—כ׳האָב געוואוסט, אַז ס׳וועט ניט גיין — האָט בירמאַן אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— ניין, ס׳וועט ניט גיין, בירמאַן — האָט באַראַש געענטפערט.

— וואָרן אויב זיין בלויז אַ האַנט, בין איך אַ האַנט באַ אַ מאַלער און איך פאַרדין מער אָדער ווייניקער און ער ווייסט ניט אפילו, אַז איך בין אַ שרייבער. דאָ, אָבער, דאָ באַ אייך אין דער „פּאָסט״, וואָלט איך געוואָלט, אַז מיין טרוים זאָל ענדלעך געפינען אַ תיקון. איך בין אַ שרייבער, האָב איך געוואָלט, אַז מיין טאָג־טעגלעכע באַשעפטיקונג זאָל באַרעכטיקן מיין קינסטלערישן באַרוף, און מיין קינסטלערישער באַרוף זאָל זיך באַרעכטיקן מיט טאָג־טעגלעכער אַרבעט, זאָל זיין אין אַ צייטונג אפילו. אָבער זיין גלאַט אַזוי אַ שטומע האַנט, לייענען טאָג־איין טאָג־אויס ביליקע סעקסועלע, גראַפאָמאַנישע שטיק, זיצן באַם טיש און זען ווי די פּרעסע, דאָס גרויס מויל, רעדט און רעדט און רעדט יעדן טאָג אומגעלומפּערטע, דעמאַגאָגישע און פאַרפירערישע רייד און דערצו נאָך אויף אַ שלעכטן יידיש און איך זאָל זיצן און מוזן שווייגן בלויז צוליב עטלעכע טאָלער, — ניין, אַ דאַנק . . .

— כ׳האָב געוואוסט, אַז ס׳וועט ניט גיין — האָט בירמאַן ווידער־אַמאָל געזאָגט.

— איר האָט באַדאַרפט וויסן — האָט באַראַש גערעדט שטיל, אָבער

מיט טיפן ציטער — איר האָט באַדאַרפט וויסן. אָבער ס׳איז ניט אייער שולד. דאָס איז די שולד פון דעם אחריותלאָזן צושטאַנד פון אונדזער קולטור און אפשר ניט נאָר פון אונדזערער. עס איז אין בלוט פון גרויס־שטאָטישן לעבן: ס׳איז האַנט, געניטקייט, דזשאָב, סענסאַציע, און „האַרי־אָפּ" און עקסטראַ! עקסטראַ! פאַר צוויי סענט די אַרבעט פון הענט, אָבער ניט פון קעפּ. ניין, ס׳ווייזט אויס, אַז איך וועל שוין קיין שרייבער ניט ווערן . . . .

— סע גרימט אינעווייניק פון אייער איראָניע — האָט זיך בירמאַן פאַרקרימט — ס׳איז אָבער אמת, אמת . . . איר, דער שרייבער, דאַרפט ווערן אַן אַרבעטער באַ אַ מאָלער אַ שמירער און דער וואָס איז אַ שמירער, ווערט אַ שרייבער און רעדט צו דער וועלט. אָבער גלייבט מיר, עס איז ניט מיין שולד . . .

— איך האָב דאָך געזאָגט, איך באַשולדיק אייך ניט. און אַ דאַנק אייך סיי ווי פאַר אייער . . . מי — ער האָט זיך אויפגעהויבן און האָט אַ שמייכל געטאָן צו זיך אַליין.

— אַ גוטן טאָג, בירמאַן.

— אַ גוטן טאָג, באַראַש, האָט ניט קיין פּאַראַיבל.

דער טאָג איז שוין געווען פאַר באַראַשן אַ צעשטערטער. די האָפענונג, וואָס האָט אינדערפרי אַ שיין געטאָן אויף אַ ווײַלע, איז פאַרשוואונדן און געבליבן איז בלויז אַ גרויע און פאַסיווע שטימונג. עס האָט זיך שוין ניט געוואָלט גייען צו דער אַרבעט. אַ האַלבער טאָג איז שוין אַוועק און דער שאָפּ דאַרטן, האָט ער געוואוסט, וועט אים נאָך צום איבעריקן דערשלאָגן. איז ער אַוועק איבער די גאַסן און סקווערן, אַרומגעדרייט זיך אָן ציל און אָן גראַדליניקן געדאַנק; אַריינגעגאַנגען אין אַ קאַפעטעריע, גענומען קאַווע און צובייסן; געקוקט אויף די מענטשן און ניט געקאָנט קאָנצענטרירן די געדאַנקען אויף עפּעס, עפּעס, וואָס זאָל אים אַרויספירן פון דער כאַאָטיש־גרויער שטימונג. פאַרנאַכט איז ער אַהיים געקומען און האָט דערציילט אַדאַן וועגן בירמאַנס בריוו און וועגן דעם געשפּרעך.

— אָט איצט, גלויב איך, וועסטו זען דעם אומזין פון דיין שאַפן אין יידיש — האָט זי געזאָגט.

— שאַפן איז ניט אומזין אין וואָס פאַר אַ שפּראַך עס זאָל ניט זיין — האָט ער געענטפערט.

— איך זאָג ניט, אַז שאַפן איז אומזין — האָט זי פּרובירט צו דעפינירן איר געדאַנק — איך זאָג אָבער, אַז די קאָמפּענסאַציע פאַר דעם יידישן שאַפן איז נול און דאָס יידישע בוך און דאָס יידישע וואָרט איז באַנקראָט.

— אַז מיר האָבן ניט קיין מאַרק פאַר אונדזערע ביכער און אַז מיר

האָבן ניט קיין לייענער, הייסט עס נאָך ניט, אַז דאָס וואָרט, דער אמת און דער גייסט, וואָס דאָס וואָרט דריקט אויס, איז באַנקראָט.

— ניין, דער אמת און דער גייסט איז אפשר ניט באַנקראָט, אָבער אויב דו לעבסט זיך ניט אויס אַלס שרייבער, אויב דו ביזט שרייבער און דיכטער בלויז אין די מאָמענטן פון אינספּיראַציע, פון שרייבן, ביזטו ניט דורכגענומען מיט דעם ביז דעם מאַרך פון די ביינער.

דאָס האָט אים אָנגעצונדן און אויפגערעגט. ער האָט גענומען שפּאַנען איבערן צימער הין און צוריק און גערעדט:

— אַך, ווי קאָנסטו אַזוי רעדן, ווען דו קאָנסט מיך אַזוי גוט. איך בין ניט אַ שרייבער דורך און דורך ביז דעם מאַרך פון מיינע ביינער? פאַרוואָס? ווייל איך זיץ ניט אין אַ רעדאַקציע, ווייל איך שרייב ניט טאָגטעגלעך פּאָליטישע און היפּאָקריטישע אַרטיקלען? צי ווייל איך מאַך ניט געניג געלט מיט מיין שרייבן? ווייסטו דען ניט, אַז פון מיין יוגנט אָן איז דאָס קינסטלערישע וואָרט די ענערגיע, דער גייסט, וואָס פילט אָן מיין לעבן? און מיינע ביכער, און מיינע שאַפונגען אין צענדליקער זשורנאַלן און צייטונגען, און אָט־אָ־דאָס — האָט ער אַ כאַפּ געטאָן פון טיש אַ שווערן, פילזייטיקן באַנד — דו זעסט אָט דעם בוך? אָט דאָ זענען פאַרזאַמלט די שענסטע שאַפונגען פון די בעסטע מייסטער פון יידישן וואָרט און געדאַנק, און אין אָט דעם בוך איז דאָ פּלאַץ אויך פאַר מיר, פאַר מיין נאָמען, פאַר מיין וואָרט און געדאַנק. איז דאָס ניט דערפאַר, ווייל איך בין אַ טייל, אַ גליד פון דער שרייבער־משפּחה, אַ שרייבער צווישן שרייבער, וועמעס גורל עס איז פאַרבונדן און פאַרקניפּט מיטן גורל פון דער יידישער ליטעראַטור? ניין, דיין באַציאונג איז פּונקט אַזאַ אויבערפלעכלעכע ווי די באַציאונג פון מענטשן, וואָס מעסטן דעם גייסט און די קאַריערע פון אַ שרייבער ניט מיט זיין אינהאַלט און קינסטלערישקייט, נאָר מיט דעם דזשאַב און מיט די דאָלאַרן, וואָס ער מאַכט מיט זיין פּען. און עס פאַרדריסט, עס טוט וויי, וואָס דו רעדסט אַזוי. דו, וואָס שטייסט אַזוי נאָענט צו דעם . . .

זי האָט ניט געענטפערט און ער האָט ניט געוואוסט וועגן וואָס זי טראַכט. איז ער אויך אַנטשוויגן געוואָרן. דער ביטערער טעם איז אָבער געבליבן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

אין שאַפּ, וואו באַראַש האָט געאַרבעט, איז פאַר די לעצטע עטלעכע וואָכן צוגעקומען נאָך אַ מאלערין, אַן איטאַליענערין אין די דרייסיקער, מיט סימנים פון שענקייט אויף איר טונקעלן פּנים. זי פלעגט אָפט אָפּשטעלן זיך באַ זיין מאָלבערט, זאָגן אַ פּאָר ווערטער, מאַכן אַ פּאָר באַ־

מערקונגען און צוריקגיין צו איר פּלאַץ, ווי מיטטראַגנדיק מיט זיך אַ ניט־אַרויסגעזאָגטן געדאַנק, אַ ניט־אויסגעשעפּט געפיל. ער האָט אפילו אָנגעהויבן צו באַמערקן, אַז זי קוקט אָפט אויף אים פון איר ווינקל, גלייך ווי זי וואָלט אים געוואָלט איבערגעבן עפּעס מיט איר בליק.

איינמאָל, ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען פון דער אַרבעט, האָט זי אים אָפּגעשטעלט און געזאָגט:

— איר וועט מיר אַנטשולדיקן, מיסטער באַראַש, אָבער . . . איך וואָלט אייך געוואָלט עפּעס פרעגן.

— פרעגט, פאַרוואָס ניט, מיס באַרנאַרדאָ.

— זענט איר פאַרהייראַט?

— יאָ — האָט ער געענטפערט — צו וואָס ווילט איר דאָס וויסן?

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת . . . איך האָב זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ פּלאַן . . . אָבער דער פּלאַן, ווייזט אויס, וועט ניט קאָנען פאַרווירקלעכט ווערן.

— עס אינטערעסירט מיך זייער — האָט באַראַש געזאָגט.

— איר איילט זיך, מסתמא, אַהיימצוגיין? — האָט זי געפרעגט.

— ניין, איך אייל זיך ניט.

— אַמאָל עס איך אָט־דאָ — האָט זי אָנגעוויזן אויף דעם רעסטאָראַן אַנטקעגן. — וואָלט איר געוואָלט אַריינגיין מיט מיר?

— מיט פאַרגעניגן — איז ער באַשטאַנען.

זיי זענען אַריינגעגאַנגען אין רעסטאָראַן, פאַרנומען אַ טיש אין אַ ווינקל.

— עס איז אפשר געווען אַביסל צו דרייסט, אָדער נאַריש פון מיין זייט, אָפּצושטעלן אייך מיט אַזאַ פראַגע, ווי איך האָב עס געטאָן — האָט זי געזאָגט.

— דירעקטקייט און אָפנהאַרציקייט זענען די קורצסטע וועגן צו אַ מענטשנס צוטרוי — האָט באַראַש געענטפערט.

— איר געפעלט מיר, מיסטער באַראַש, און דערפאַר קוק איך אויף אייך אַזוי אָפט אין שאַפּ.

— זייער אנגענעם — האָט באַראַש אַ שמייכל געטאָן — איך האָב עס באַמערקט. און אויף אייך איז אויך זייער אנגענעם צו קוקן. איר באַרואיקט מיט אייער שטילקייט און רואיקייט.

— איר קוקט אויס צו זיין וואָס איר זענט. איך מיין אַן אַרטיסט.

— יאָ?

— מיין מאַן איז געווען זייער אַ פראַזאַאישער מענטש. און ווי פראַזאַאיש ער איז געווען, אַזוי פראַזאַאיש האָט ער אויסגעקוקט. ער איז

געווען אַן אימפּאָרטער פון איטאַליענישע דעליקאַטעסן, ער האָט אָבער געוואוסט ווי צו שפּאָרן געלט.

באַראַש האָט געקוקט אויף איר, ניט וויסנדיק וואָס צו זאָגן. דער־ווײַלע איז צוגעקומען דער קעלנער און זיי האָבן באַשטעלט זייער מאָל־צײַט. ווען דער קעלנער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט זי פּאָרטגעזעצט:

— מײַן מאַן איז געשטאָרבן און ער האָט מיר איבערגעלאָזט אַ קליין פּאַרמעגן. איך האָב זיך אָבער אויסגעלערנט פון אים שפּאָרן געלט און לעבן עקאָנאָמיש, האָב איך דאָס געלט, וואָס ער האָט מיר געלאָזט, ניט אויסגעבראַכט. איך בין, ווי איר זעט, אַוועק אַרבעטן. איך אַרבעט און איך מאַך געענוג פאַר זיך. עס איז אָבער אַ לאַנגווײַליק לעבן צו זײַן אַליין.

— האָט איר דען ניט קיין פרײַנט? — האָט זיך באַראַש צוגעאײַלט אַ פרעג צו טאָן.

— יאָ, אייניקע פון זײַן משפּחה. איר פאַרשטייט . . . ער האָט מיך מיטגענומען מיט זיך פון איטאַליע; ווען איך בין נאָך געווען זייער יונג. און דאָ האָבן מיר געפירט אַ פאַרשלאָסן לעבן. פון געשעפט — אַהיים און פון דער היים — צום געשעפט. אַזוי, יעדן טאָג. נאָר, אַז ס׳פלעגט קומען אַ יום־טוב, פלעגן מיר גיין באַזוכן זײַנע קרובים, אָדער זיי פלעגן קומען צו אונדז. פלעגט מען זיצן און עסן און טרינקען, און אַמאָל זינגען און . . . דאָס אַלץ. צום אומגליק, איז ער נאָך געווען זייער אַן איפּערזיכטיקער און ער פלעגט מיך היטן, ווי מ׳היט אַן אוצר. אין איטאַליע האָב איך זיך געלערנט מאָלעריי. איך האָב געטרוימט צו ווערן אַ קינסטלערין. דאָ אָבער, האָב איך געמוזט אויפגעבן מײַנע אַמבי־ציעס. איך פלעג בלויז מאָלן אינדערהיים און דאָס אויסגעמאָלענע אוועק־שענקען צו זײַנע קרובים.

— און איצט — האָט באַראַש געפרעגט — טראַכט איר ניט פון הייראַטן?

— איך וואָלט, מסתמא, געקאָנט געפינען אַ מאַן — האָט זי אַ קוק געטאָן אויף אים באַדייטנד — עס ווילט זיך אָבער ניט גלאַט אַ מאַן. גלאַט אַ מאַן האָב איך שוין געהאַט. עס ווילט זיך מיר האָבן אַ מאַן, מיט וועמען איך זאָל קאָנען טיילן מײַן לעבן און מײַנע טרוימען.

— אַזוי דאַרף זײַן — האָט באַראַש געענטפערט.

עס איז צוגעקומען דער קעלנער און זייער געשפּרעך איז אויף אַ ווײַלע איבערגעריסן געוואָרן. ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט זי גע־זאָגט:

— איך האָב געטרוימט פון אַזאַ מאַן ווי איר. אייער אויסזען און אייער פּראָפעסיע.

— עס איז זייער אַנגענעם.

— אָבער . . . ווען איך האָב געפרעגט צי איר זענט פאַרהייראַט האָב איך געהאַט עפּעס אַנדערש אינזינען. איך וויל אייך גלייך זאָגן, אַז איר זאָלט מיך ניט פאַרשטיין שלעכט און איר זאָלט ניט מיינען, אַז איך האָב זיך געקליבן צו מאַכן אַ הייראַטס־פאַרשלאַג, אָדער אַ ליבע־דער־קלערונג צו אייך.

— אָ, איך פאַרשטיי, אַז עפּעס האָט איר געהאַט אינזינען, וואָס האָט ניט אַ שייכות מיט הייראַט — האָט באַראַש אַ שמייכל געטאָן.

— יאָ, מיט אַ ניט־פאַרהייראַטן מאַן, וואָלט מיין פּלאַן אפשר לייכ־טער פאַרווירקלעכט געוואָרן.

— וואָס איז דער פּלאַן? — האָט זיך באַראַש פאַראינטערעסירט.

— איך האָב געהאָפט, אַז איר זענט ניט פאַרהייראַט; און ווער איר וואָלט ניט געווען פאַרהייראַט, וואָלט איך אייך פאָרגעשלאָגן, אַז מיר זאָלןביידע עפענען אַ סטודיאָ, מאָלן און פאַרקויפן די בילדער. וואָס דאַרפן מיר אַרבעטן באַ אַ פרעמדן, ווען איך האָב גענוג געלט פאַר אַזאַ מין סטו־דיאָ? אָבער איצט . . . אַזוי . . . ווען איר זענט פאַרהייראַט . . . די סיטואַציע וואָלט אפשר געוואָרן צו קאָמפּליצירט. ערשטנס, וואָלט עס אפשר ניט געפעלן געוואָרן אייער פרוי און זי וואָלט געווען אייפערזיכטיק; צווייטנס, צו זיין אָפנהאַרציק, וואָלט עס מיר אפשר בלויז געשטערט . . .

— געשטערט אין וואָס? — האָט באַראַש געפרעגט.

— ס'איז אפשר בעסער און שענער פאַר מיר, ניט צו רעדן צו־פיל. אַמווייניקסטנס . . . דעם ערשטן אָוונט . . . — האָט זי אַראָפּ־געלאָזט די אויגן.

— איך בין זיכער, אַז איר וועט זיין דערפאָלגרייך, ווייל איר האָט אַ פּראַקטישן קוק אויף דעם לעבן — האָט באַראַש געזאָגט.

— אַ פּראַקטישן קוק און אַ טרוימערישע נשמה — האָט זי צוגעגעבן.

און אַן אַנגענעמענעם, צוציענדן שמייכל — האָט ער שוין צוגע־געבן. — אָבער זאָגט מיר, מיס באַרנאַרדאָ, ווען איר האָט געהאַט אינזינען אייער פּלאַן, האָט אייך ניט געאַרט, וואָס איך בין אַ ייד?

— איז וואָס?! — האָט זי געענטפערט — עס איז דאָך אַזוי נאַריש פון מענטשן צו אַנטלויפן און אָפּשיידן זיך איינער פון צווייטן בלויז דער־פאַר, ווייל מ'איז פון באַזונדערע רעליגיעס. אָט, לאָמיר זאָגן, גלויבט איינער אין מאַלעריי און דער צווייטער אין מוזיק, מוז מען אַנטלויפן דער־פאַר איינער פון צווייטן?

— און ס'איז ניט ווייניקער נאַריש פון מענטשן צו אַנטלויפן איינער פון צווייטן בלויז דערפאַר, ווייל ער אָדער זי איז פאַרהייראַט — האָט באַראַש געזאָגט און אַ קוק געטאָן אויף איר צו זען ווי עס ווירקן אויף איר זיינע ווערטער.

— אה . . . — האָט זי געזאָגט פאַרוואונדערט און באַראַש האָט ניט געוואוסט, צי די פאַרוואונדערטקייט איז אַ נאַטירלעכע, אָדער אַ געמאַכטע.

— דער ציל איז דאָך דערזעלבער — האָט ער פאָרטגעזעצט — צו דערנענטערן זיך צום געליבטן מענטשן און טיילן מיט אים אַ טייל פון אייגן לעבן, פון געמיינשאַפטלעכע טרוימען. פאַרוואָס זשע מוז די הייראַט שטערן? אויב באַזונדערע גלויבנס אין באַזונדערע קונסטן אָדער אידייען דאַרפן ניט שטערן, טאָ וואָרום מוז הייראַט שטערן?

— איר מיינט עס? — האָט זי נאָך אַלץ פאַרוואונדערט געפרעגט.

— זיכער מיין איך עס.

— איך בין ניט פון דעם טיפ פרויען, מיסטער באַראַש . . . — האָט זי שטיל געזאָגט.

— אָ, אַנטשולדיקט, מיס באַרנאַרדאָ! — האָט ער זיך געוואָלט צעלאַכן — איך האָב ניט געמיינט מיט מיינע ווערטער צו אינסינואירן און פאַרבינדן מיט זיי אייך, אָדער זיך. דאָס איז געווען בלויז אַן אַבסטראַקטער געדאַנק, אַן אמת, וועלכן מ'דאַרף ניט אַפּלייקענען און פאַרצוימען, ווען ער בעט זיך אַרויסגעזאָגט צו ווערן.

— איך האָב ניט געוואוסט, אַז איר זענט אַזוי . . . פריי געניגט

— האָט זי שוין אויך אַ שמייכל געטאָן און באַראַשן איז געפעלן געוואָרן איר חנעוודיקע שעמעוודיקייט.

— איך האָף אַז מיין . . . פריי־געדאַנקלעכקייט שרעקט אייך ניט אָפּ פון מיר? — האָט ער געזאָגט אין אַ שפּאַסיקן טאָן.

— ניין, עס שרעקט מיך ניט. איך בין אָבער דערצויגן געוואָרן אַנדערש.

— און מעג איך אייך פרעגן, מיס באַרנאַרדאָ, צי וואָלט אייך אייער דערציאונג ניט געשטערט צו הייראַטן מיט אַ מענטשן פון אַ פרעמדער רעליגיע . . . ווען עס טרעפט זיך אַזאַ מענטש?

— יעדע רעליגיע איז מאָראַליש — האָט זי אומדירעקט געענטפערט.

— אויך פרייהייט פון געדאַנק און פון ליבע קאָן זיך שטיצן אויף גלויבן און זיין מאָראַליש, אפשר נאָך מיט מער באַרעכטיקונג ווי רעליגיע, ווייל עס האָט ניט צו טאָן מיט מיסטיציזם און מיט אָבערגלויבן. עס האָט צו טאָן מיט קלאָרן זין, מיט שכל און מיט די געזעצן פון דער נאַטור.

— אפשר . . . אָבער הייראַטס מאָראַל איז אַ העכערע מאָראַל.

— איך צווייפל — האָט באַראַש געזאָגט.

— איר צווייפלט? — האָט זי געפרעגט פאַרוואונדערט.

— דענקט איר דען, אַז די הייראַט מיט אייער מאַן און אייער לעבן

מיט אים, פון הויז צום געשעפט און פון געשעפט צום הויז, אַ לעבן, פאַר־שקלאַפט מיט אייפערזיכט, איז געווען „העכערע מאָראַל״ . . . ?

— איך . . . ווייס ניט . . . — האָט זי, טראַכטנדיק אַ ווײַלע, געענטפערט.

— איר זעט, אַזוי זענען מיליאָנען מענטשן פאַרבונדן אין דעם בונד, וואָס איר מיינט, אַז ס'איז העכערע מאָראַל. און גלייבט מיר — די בענקעניש פון פרוי צו מאַן און פון מאַן צו פרוי, מעג זיין אפילו ניט פאַרבונדענע דורך רעליגיע און געזעץ, אָבער פאַרבונדענע אין נאָענטע, אינטימע און מענטשלעכע באַציאונגען, איז אַסך מאָראַלישער ווי די הי־פאָקריטסטוואָ פון לעגאַלער הייראַט.

— איר זענט אַנטוישט אין אייער הייראַט ? — האָט זי געשטעלט די פראַגע מיט אַ טאָן פון מיטלייד.

— ניין, איך בין ניט אַנטוישט, ניט אַנטוישט אינדיווידועל. כ'האָב אָבער דאָ אינזינען געהאַט אַרויסצוברענגען, אַז אפילו אין פאַרהייראַטן לעבן, צי עס איז גליקפול צי ניט, איז נאַטירלעך און אויך מאָראַליש פאַר־כאַפּט צו ווערן פון געוויסע מאָמענטן אין אינטימקייטן אין לעבן, וואָס קומען צו אונדז ווי חלומות.

— איך פאַרשטיי אייך, מיסטער באַראַש, און איך האָב אַסך צוטרוי צו אייך. ווען איר רעדט, ווייזט זיך מיר אויס, אַז איר זענט עפּעס מער ווי גלאַט אַ מאָלער בײַ בערמאַנען. איר קוקט אויס און איר רעדט, ווי אַן אמתער קינסטלער.

—חוץ מאָלער בין איך אויך אַ שרייבער ,מיס באַרנאַרדאָ. אָדער אפשר פאַרקערט : חוץ שרייבער, בין איך אויך אַ מאָלער.

— איר זענט אַ שרייבער ? וואָס פאַר אַ שרייבער ? — האָט זי זיך פאַרוואונדערט.

— איך שרייב ביכער און איך דרוק זיך אין זשורנאַלן און אין צייטונגען.

— טאָ פאַרוואָס אַרבעט איר אין שאַפּ ?

— מיס באַרנאַרדאָ . . . — האָט באַראַש פּרובירט צו געפינען אַן ענטפער — עס וואָלט גענומען צו לאַנג צו דערקלערן אייך די באַזונדערע לאַגע פון אַ יידישן קינסטלער־שרייבער. עס איז אַ ספּעציפישער באַרוף און קאַריערע, אַן לוין כמעט. דערווײַלע האָב איך אויפגעדעקט פאַר אייך אַ סעקרעט, וואָס קיינער אין שאַפּ ווייסט ניט און דאַרף ניט וויסן.

— פאַרוואָס ניט ?

— ווייל, ווען איך בין בלויז מאָלער אין שאַפּ, בין איך אַ גאַנצער מענטש, אַ נאָרמאַלער מענטש, כמעט — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל — און דאָס איז געזונטער פאַר מיר.

— איך פאַרשטיי . . . — האָט זי געזאָגט און אָנגעשטעלט אויף אים אירע גרויסע, שוואַרצע אויגן.

זיי האָבן געגעסן זייער מאָלצייט און, טרינקענדיק שוין די קאַווע, געפירט פאַרזיכטיק דעם געשפּרעך איבער דעמזעלבן צירקל, וואָס זיי זענען שוין דורכגעגאַנגען. און פּראָזע, ווידערהאָלונגען פון פריער, זענען אַליין געקומען אויף צו זיין געבויט אויף אַ ברעג — ווי אַ נאָדל פון אַ גראַמאָפאָן קומט צום ברעג און צו אַן ענדע איבער די צירקלען פון אַ פּלאַסטינקע. און אינדרויסן שוין, באַם געזעגענען זיך, האָט זי געדריקט זיין האַנט און געקוקט אויף אים טריב.

— ביז מאָרגן — האָט ער געזאָגט.

— ביז מאָרגן — האָט זי אויך געזאָגט און דערנאָך שטיל צוגעגעבן: — איך וועל האָבן אַ גאַנצע נאַכט צו טראַכטן וועגן אייערע רייד. נאָך אַלעמען . . . מיר זענען אַלע מענטשלעך . . .

ער האָט איר נאָכגעקוקט און געטראַכט, ווי שיין עס זענען די פליגל פון באַגער און פון טרוים, ווי שווער אָבער עס איז די לאַסט, וואָס זיי דאַרפן אויפהייבן אין זייער פלי . . . צו דערפליען . . .

ווען ער איז אַהיים געקומען, האָט ער דערציילט אַדאַן וועגן דעם געשפּרעך. און כאָטש אַדאַ האָט געשמייכלט, האָט ער אָבער אין איר בליק געזען דעם שאָטן פון פאַרדאַכט, פון ניט־צוטרוי און אומצופרידנקייט.

— איך בין זיכער, אַז ניט אַלץ וועגן וואָס איר האָט גערעדט, האָסטו מיר איבערגעגעבן — האָט זי געזאָגט.

— מעגלעך, אַז ניט אַלץ — האָט ער געענטפערט. און ער האָט געוואוסט, אַז ס'איז אַזוי. אין אונטערבאַוואוסטזיין און אפילו אין דעם באַוואוסטזיין, האָט עפּעס קאָנטראָלירט און געוואָרנט: גיי פאַרביי די טיפע, אינטימע, פאַרבאָרגענע קנייטשן און ניואַנסן פון דעם געשפּרעך . . . גיי פאַרביי און פאַרגעס, און דערמאָן ניט אפילו די פלאַטערדיקע שטימונגען אין ריטם פון בענקענדיקן האַרץ פון אַ פרוי . . . גיי פאַרביי . . .

. . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . .

אין אַ זונטיק אינדערפרי, ווען באַראַש איז אויפגעשטאַנען און ער האָט דערזען, אַז דער האַרבסטיקער פרימאָרגן איז ליכטיק און אין דער קלאָרער דורכזיכטיקייט זעען זיך אינדערווייטנס די קאָנטורן פון די הימלקראַצערס, איז ער צוגעגאַנגען צו עוואַס געלעגער און ער האָט זי אויפגעוועקט.

— שטיי אויף, מיר פאָרן דאָך היינט צו דער „סטעטשו אָף ליבערטי", עוואטשקאַ.

זי האָט גלייך גענומען אָנטאָן זיך. דאָס אַרויספֿאָרן מיטן פֿאָטער איז פֿאַר איר געווען אַ יום־טוב, ווייל עס פֿלעגט ניט פּאַסירן אָפֿט. אָבער מיט אַ פּאָר אָוונטן פֿריער, ווען זיי האָבן געהערט אויף דער ראַדיאָ אַ מוזיקאַלישע רעציטאַציע וועגן דער „סטאַטוע פֿון פֿרייהייט", האָט באַראַש געטראַכט, אַז ס'איז אַן אומפֿאַרגעבלעכע שולד פֿון זיין זייט, וואָס ער נעמט ניט עוואַן אָפֿטער צו זען און צו באַקאַנען זי מיט די היסטאָרישע און אפילו בלויז קאָנסטרוקטיווע מאָנומענטן פֿון דער אַמעריקאַנער גע־שיכטע און ציוויליזאַציע. זי לייענט, זי פֿאַרשטייט, און זי שטעלט אָפֿט פֿראַגן, אויף וועלכע ער אַליין קאָן ניט ענטפֿערן אָפֿט, אָבער איר גאַנצע יוגנטלעכע לעבנס־פּעריפֿעריע איז באַגרענעצט מיט ביכער, מיט קינאָס, מיט דער שול און מיט דעם פּאַרק נעבן הויז. און דאָס, וואָס זי ווייסט וועגן ניו־יאָרק און וועגן אַמעריקע, קומט פֿון די לערנביכער און אָט דער אַבסטראַקטער וויסן ווערט מיט דער צייט אויסגעוועפּט און פֿאַרגעסן. באַראַש האָט אויך געטראַכט, אַז אפילו ער אַליין און די גרעסטע צאָל פֿון דער יידישער און ניט־יידישער עמיגראַנטישער באַפֿעלקערונג, ווייסן זייער ווייניק וועגן זייער נייער היים אַמעריקע, ווייניקער אפילו, ווי עס ווייסן זייערע יונגע קינדער.

האָט ער באַשלאָסן, אַז אויב ער קאָן ניט אויספֿירן צו באַקאַנען זיך אַליין מיט די אינטערעסאַנטע מאָנומענטן און רעליקוויעס פֿון דעם אַמעריקאַנעם לאַנד און געשיכטע, וועט ער, אַמווייניקסטנס, באַקאַנען עוואַן כאָטש מיט דעם, וואָס איז אַזוי נאָענט, אין דער סאַמע שטאָט, וואו זי לעבט איר לעבן.

אַדאַ איז געבליבן אינדערהיים און ער מיט עוואַן זענען אַוועק־געפֿאָרן. און דער אַרויספֿאָר מיט איר האָט געמאַכט אויף אים אַ באַ־זונדערן איינדרוק. ער האָט שטענדיק ליב געהאַט צו קוקן אויף איר. באָבאַכטן זי, ווי זי זיצט, ווי זי לייענט, ווי זי שפּילט פּיאַנאָ, ווי זי טאַנצט; און צו דעם פּאָרטעלעכן געפֿיל פֿון ליבע, פֿלעגן זיך צוזאַמענפֿליען גע־דאַנקען, וואָס האָבן דערמאָנט, אַז זי וועט טראָגן דעם שטראָם פֿון זיין בלוט ווייטער, וויקטער אין דער צוקונפֿט אַריין. ער האָט געוואָלט גלייבן, אַז בלויז אין דער איבערגעבונג פֿון יעדן כאַראַקטעריסטישן ניואַנס פֿון זיין יעדן אַטאָם פֿון קערפּער, ווערט אויך זיין גייסט, זיין נשמה איבער־געגעבן אין דער צוקונפֿט אַריין און ווערט אומשטערבלעך. דער ציני־קער־פֿילאָזאָף אין אים האָט אָבער געלאַכט און געשפּאָט: נו און דו? האָסטו אויך מיטגעבראַכט אין דיין לעבן אַריין די כאַראַקטער־שטריכן פֿון דיינע עלטערזיידעס? און אויב דו האָסט עס יאָ מיטגעבראַכט מיט זיך, איז מיט וואָס ווערט זייער אומשטערבלעכקייט רעאַלער, טרייסט־פֿולער און זינפֿולער פֿאַר זיי, די אַוועקגעגאַנגענע אין דער אייביקייט?

ווייסן זיי וועגן זייער עקזיסטענץ אין דיר? וועסטו וויסן, אַז דו לעבסט אין דיין אוראייניקל, ווען פון דיין געביין וועט שוין גאָרניט, גאָרניט ניט בלייבן?

באַראַש האָט אָבער ניט געוואָלט צוגעבן, אַז עס בלייבט גאָרניט, אַבסאָלוט גאָרניט און ער איז געווען איבערצייגט, אַז ער טראָגט אין זיך פּאָרט שפּורן און כאַראַקטער־שטריכן פון זיינע זיידעס און אַז אַ טייל פון אים, פון זיין בלוט און פון זיין גייסט וועט דורך עוואַן געטראָגן ווערן ווייטער אין לעבן אַריין.

דידאָזיקע געדאַנקען האָבן אים צוגעבונדן צו איר און, אַז עס פלעגט אַמאָל טרעפן און זי איז קראַנק געוואָרן, פלעגן אים באַפאַלן טונקעלע געדאַנקען און יעדער קלאַפּ פון פּולס, און יעדער ציטער פון אירע ליפּן האָט אים אָנגעפילט מיט טיפער צערטלעכקייט און מיט גרייטקייט אַוועקצוגעבן דאָס לעבן פאַר איר. אָבער אין די טעג פון איר נאַטירלעכער און געזונטער אַנטוויקלונג, ווען איר געלעכטער האָט אָפּגעהילכט אין די צימערן, און אירע ווערטער און לידער אין דער שפּראַך פון לאַנד האָבן זיך געגאָסן אין אַ פרייען און פריידיקן שטראָם, גראָדע אין דידאָזיקע מאָמענטן פלעגט אים אַרומנעמען אַן אומהיימלעך געפיל און ער האָט געטראַכט, אַז ניין, ניט זי, די טאָכטער זיינע, וועט טראָגן מיט זיך אין די דורות אַריין זיין וואָרט — דאָס יידישע וואָרט, זיין ליד — דאָס יידישע ליד. ניט זי. ער האָט עס געזען און ער האָט עס געוואוסט. ווען ער פלעגט אַמאָל פאַרלייענען עפּעס פאַר אַדאַן, אָדער פאַר אַ גאַסט, אַ קאָלעגע, פלעגט ער שפּירן אין איר קינדערישן בליק אַ פרעמדקייט און עפּעס אַ פאַרשעמטקייט, עפּעס אַן אומגעדולד און נערוועזיטעט.

און שטייענדיק שוין מיט איר אין דעם טאָג באַ דער „סטאַטוע פון פרייהייט" האָט ער געטראַכט: און וואָס וואָלט געווען, ווען זי גייט שוין דורך דאָס לעבן מיט דעם יידישן וואָרט, אַט אַזוי ווי ער? וואָלט דאָס יידישע וואָרט אירס געהאַט מער וואָג, ווי איר וואָרט אין ענגליש, וואָס פאַראייניקט און פאַרשמעלצט מיליאָנען מענטשן? וואָלט איר ווירדיקייט געשטיגן העכער און איר גליק וואָלט געווען פולקאָמענער? ער האָט ניט געוואוסט וווּ עס ליגט דער אמתער זין פון זיינע צווייפלונגען.

דער טאָג מיט איר האָט אים אָבער אָנגעפילט מיט אַ געפיל פון חוב, מיט דעם אומבאַגרייפלעכן זין, וואָס פאַרבינדט פאָטער און קינד, מיט דעם זין וואָס ציט זיך פון בראשית אין דער אומענדלעכער אייביקייט אַריין. ער האָט געקוקט אויף איר, געקוקט אויף דעם סימבאָל פון פרייהייט און אויף דעם וויטן האָריזאָנט, וואו עס האָט זיך פאַראייניקט הימל און אָקעאַן און אין מוח האָבן זיך געצויגן די ווערטער:

„. . . . אין שפּאַניע, אויף די פעלדער צווישן טאָלעדאָ און זאַלקאַזאַר, ליגט מיט אַ צעשאָסענער ברוסט דער יונגער אידעאַליסט און קעמפער, מיכל באַראַש . . .״

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

באַראַש איז נאָך דער אַרבעט געפאָרן צום בוכבינדער נעמען עט־לעכע קאָפּיעס פון זיין ערשט־דערשינענעם בוך „לבנה־ליכט אין בלוט״. ווען ער איז געפאָרן אַהיים, האָט ער געהאַלטן די ביכער אויף די קני, געקוקט אויף זיי און געפרייט זיך, וואָס ענדלעך איז דערשינען דאָס בוך, וואָס האָט געטראָגן מיט זיך דעם לעצטן סך־הכל פון זיין וועלט־אנשויאונג. טונקעלע געדאַנקען האָבן אָבער געפלאָטערט איבער אים ווי שוואַרצע פליגל און ער האָט געהערט זיך אַליין רעדן: נו, אָט, אַ ניי בוך, אַ בוך, וואָס פירט דורך דערנער צום נאַרס גן־עדן. נו, נאָך אַ בוך! . . . אָבער . . . איז דאָס בוך, ווירקלעך, וויכטיקער פון אַ קאָנקרעטן פאַרזיכערטן עקאָנאָמישן באַדן? איז ניט די קונסט דיינע, און קונסט בכלל, דער מיקראָב, וואָס פאַראורזאַכט גלייכגילטיקייט און אַפּאַטיע צו דעם מאַטעריעלן וואוילזיין פון לעבן? אַזוי האָט ער גע־רעדט צו זיך און געוואוסט, אַז דער ענטפער ליגט ערגעץ אין זיין היב־טערבאַוואוסטזיין און שווייגט. און נאָך טיפער אין אים האָבן באַאומ־רואיקט געפילן, וואָס זענען געווען די וואָרצלען צו די געדאַנקען; גע־פילן, וואָס זענען געווען ענג פאַרבונדן מיט אַדאַס באַציאונג און צוגאַנג צו זיין פּערזענלעכן, אינדיווידועלן אַרט שאַפן. איר צוגאַנג איז געווען אַ פּשוטער, אָן פּראָפעסיאָנאַל־קינסטלערישע פּרעטענזיעס, אָבער טריי צום אינטואיטיוון אמת. און, ווי ער האָט ניט געשעצט אירע טרעפלעכע באַמערקונגען וועגן זיין שאַפן, פלעגט אים אָבער פאַרדריסן איר איינ־זייטיקער און צו־פּערזענלעכער צוגאַנג צו די העלדן פון זיינע ווערק. ער האָט אָבער געוואוסט, אַז אין דעם איז שולדיק די נאָענטקייט, וואָס האָט געשטערט דער פּערספּעקטיווע און אויך די כאַראַקטערן און פּאַ־סירונגען אין וועלכע זי האָט שטענדיק געפונען אים אַליין און זיינע פּער־זענלעכע איבערלעבונגען. און שולדיק אין דעם איז אויך געווען דער אונטערשייד צווישן איר און זיין אויפנעמען פון דער מאָראַל און עטיק פון מענטשן בכלל און פון שרייבער איבערהויפּט. און דער אונטערשייד איז געלעגן ניט אין דעם אַבסטראַקטן בליק, נאָר אין איר ספּעציפישן צוגאַנג צו אים, צו באַראַשן, און צו זיין אַרט דענקען און שאַפן, וואָס איז אָפט אַוועק ווייט פון די אָנגעצייכנטע סטעזשקעס, אויף וועלכע די אָפי־ציעלע, טראַדיציאָנעלע מאָראַל האָט געפירט. און גראַד אין זיין דרייסט־קייט און אין דער אויפריכטיקייט פון געדאַנק, האָט זי געזען די ווילג־

לאָזיקייט פון אַ מאַן, וואָס קאָן ניט און וויל ניט ביישטיין די נסיונות פון געדאַנק און פון טאַט.

— עס איז בלויז די עסטעטישקייט דיינע אין דיין שרייבן, וואָס איז ווערטפול. ניט די עטישקייט — האָט זי אים איינמאָל געזאָגט. — דיינע געדאַנקען און דיינע טאַטן גייען אפשר האַנט אין האַנט, זיי דינען אָבער דיר זעלבסט, ניט דער מענטשהייט, ניט דער וועלט.

ער האָט געלאַכט מיט ווייטיק:

— אָבער אַ שרייבער טאָר ניט און דאַרף ניט שרייבן לויט דעם פּלאַן פון אַ מאָראַל. אַ שרייבער איז אויך מענטש און ער דאַרף ניט ווערן מאָראַל־פּרעדיקער און מאַרטירער און ער טאָר ניט גלייבן, אַז בלויז יענע מאָראַל, די אָנגענומענע מאָראַל, איז די עכטע, די אמתע מאָראַל.

— אַ קינסטלער דאַרף אינספּירירן מיט זיין אייגענעם אַרט לעבן, דעמאָלט גלייבט מען אים — האָט זי אַרגומענטירט.

— אַ קינסטלער און אַ פּירער און יעדער מענטש קאָן אַמאָל איג־ספּירירן מיט זיין אייגענעם אַרט לעבן און מיט זיינע טאַטן — האָט ער איר געענטפערט — און ס'איז אודאי גוט, ווען דאָס לעבן פון אַ קינסטלער לייגט זיך אויס אַזוי, אַז די עפּיזאָדן און די טאַטן פון זיין לעבן ווערן מוס־טערן פון העכערן גייסט. ווי אָפט טרעפט אָבער, אַז דו לייענסט אַ קינ־סטלעריש בוך און דו ווייסט אַבסאָלוט גאָרניט וועגן דעם שרייבער, דו ווייסט ניט ווי אַלט ער איז, דו ווייסט ניט אפילו צי ער לעבט צי ער איז טויט. ווערט שוין דאָס בוך אויס קינסטלעריש און אויס ווערטפול, ווייל דו ווייסט גאָרניט, אַבסאָלוט גאָרניט וועגן דעם דיכטער? ניין, קונסט האָט איר אייגענע שפּראַך און זי רעדט פאַר זיך. ווייל אַלס מענטש, איז דער קינסטלער אונטערגעוואָרפן צו אַלע געזעצן פון דער נאַטור און אין דער קונסט דאַרפן עקזיסטירן דיזעלבע געזעצן, דע־מאָלט איז די קונסט עכט און אמתדיק.

אַזוי פלעגט ער אָפט רעדן צו איר, ווייל זייער אָפט פלעגן זיי באַ־רירן דידאָזיקע פראַגן. און אויף דעם פּאָרוואורף, אַז אין דעם שאַפן איז ער באַאיינפלוסט מער פון עסטעטישקייט ווי פון עטישקייט, פלעגט ער איר ענטפערן, אַז אין דער דערהייבונג פון עסטעטישקייט קומט אויך עטישקייט.

און אין דער זוכעניש און אין דער אָנרעגונג פון פראַגן און פון ענטפערס, פלעגן זיך זיינע שטימונגען טראָגן ווי וואָלקנס אונטער אַ שיי־נענדיקער זון — טונקעלער און שווערער פּעסימיזם אונטער אַ ליכטיקן אָפּטימיזם. און איצט, טראַגנדיק מיט זיך דעם ערשט־דערשינענעם בוך, איז ער אַריינגעקומען אין הויז ווי אַ שולדיקער, צוגעגאַנגען צו אַדאַן

און דערנאָך צו עוואַן, געקושט זייביידן און, אָנווייזנדיק אויף די ביכער, געזאָגט:

— אָט זענען זיי. איך בין געפאָרן צום בוכבינדער נעמען אַ פּאָר קאַפּיטעס . . . אָט . . .

ער האָט צוגעטראָגן אַ בוך צו אַדאַן. האָט זי גענומען דאָס בוך, געבלעטערט עס און דערנאָך, ווי דערמאָנענדיק זיך, האָט זי אים אַרומגענומען און האָט אים אַ קוש געטאָן.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט, געקוקט אויף איר, ווי זי מישט ווידער די בלעטלעך אָבער די שטימונג זיינע איז שוין געווען אַ צערודערטע, כאָטש אירע ליפּן האָבן געשמייכלט און אירע ווערטער, נייטראַלע און רואיקע, האָבן זיך געמיט צו אָטעמען מיט וואַרעמקייט.

ער פלעגט אָפט פאַרלייענען פאַר איר זיינע שאַפונגען, איידער ער האָט זיי אַריינגעגעבן אין דרוק, אָבער די נאָוועלע „לבנה ליכט אין בלוט" האָט ער פאַר איר ניט פאָרגעלייענט. און אינדערפרי, איידער ער איז אַוועקגעגאַנגען צו דער אַרבעט, האָט זי אים געזאָגט, אַז אין דעם טאָג וועט זי לייענען דאָס בוך. און, שטייענדיק שוין בײַ דער אַרבעט, האָט ער געטראַכט, אַז געוויסע קאַפּיטלען פון דער נאָוועלע וועלן זיכער אויפשטורעמען איר נשמה מיט פאַרדאַכט, מיט אייפער און מיט ווייטיק. ער האָט זיך שוין ניט איינמאָל איבערצייגט, אַז זיין פאַרגעפּיל האָט אים אין אַזעלכע פאַלן ניט אָפּגענאַרט. און אויך אין דעם טאָג, ווען ער איז אַהיים געקומען, האָט ער, ווי דערוואַרט, געטראָפן זי אין אַ גרויער שטימונג און ער האָט שוין געוואוסט, אַז זי האָט אין דעם טאָג איבערגעלייענט די נאָוועלע.

דער אָוונט איז פאַרבייגעגאַנגען אין גלייכגילטיקע רייד. אָבער ווען זיי זענען שוין געווען אין בעט און בלויז די ליכט פון עלעקטרישן לאַמטערן האָט אַריינגעשיינט אין צימער, האָט זי פּלוצים אַ פרעג געטאָן:

— ווער איז שעליאַ?

— דו מיינסט שעליאַ פון דער נאָוועלע? — האָט ער זי געפרעגט, פאַרשטייענדיק שוין וואוהין זי צילט מיט איר פראַגע.

— דו וואָלסט ניט געקאָנט באַשרייבן זי און די סיטואַציעס אַזוי גוט, ווען דו וואָלסט זי ניט געקאָנט אַזוי נאָענט און אינטים אין לעבן.

— דו האָסט מיר שוין ניט איינמאָל ענלעכעס געזאָגט. יעדעס מאָל, ווען איך באַשרייב אַ פרויען־כאַראַקטער, האָסטו דעם פאַרדאַכט, אַז איך האָב עס קאָפּירט פון לעבן. קאָפּירונג איז אָפט אַ שטערונג צו קינסטלערישער אָריגינאַליטעט.

— מיינסט דאָך ניט צו זאָגן, אַז זי איז אַן אַבסאָלוט פיקטיווע געשטאַלט און מ׳קאָן ניט דערקאָנען אין איר שטריכן פון אַ געוויסער פערזאָן?

— אודאי קאָנסטו געפינען אין איר שטריכן, וואָס דערמאָנען אָן געוויסע פּערזאָנען — האָט ער געענטפערט.

— יאָ — האָט זי פּרובירט צו רעדן רואיק — מ׳געפינט אין יעדן בוך שטריכן פון העלדן, וואָס דערמאָנען אָן מענטשן, וועלכע מיר קאָנען, אין דעם פאַל אָבער איז די ענלעכקייט אַ ספּעציפישע. דו ווייסט עס גוט, דו האָסט אָבער ניט קיין מוט צוצוגעבן עס.

ער האָט געשוויגן אַ ווײַלע. זייער אָפט, ווען עס פלעגט זיי אויס־קומען צו אַרגומענטירן, פלעגט זי זיך באַנוצן מיט דער פראַזע: „דו האָסט אָבער ניט קיין מוט צוצוגעבן עס״, און דאָס פלעגט אים שניידן ווי מיט אַ בייטש.

— איך האָב מוט — האָט ער ענדלעך געענטפערט. — אָבער ניט שטענדיק דאַרפן מיר זיך באַנוצן מיט אונדזער מוט. אָט דאָס, וואָס דו רופסט אַזוי אָפט „מוט״, איז אין אַסך פאַלן בלויז ברוטאַליטעט און סאַדיזם.

— אָ, כאָטש גוט וואָס דו גיסט עס צו. ווילסט ניט, הייסט עס, זיין ברוטאַל צו מיר, ברוטאַל מיטן אמת.

— זאָל זיין אַזוי, אויב דו ווילסט עס אַזוי.

זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן איר עלנבויגן, געקוקט אויף אים אַ ווײַלע און געזאָגט:

— האָסט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז אָפט דערקאָנען מיר זיך, אונדזער אמתן כאַראַקטער, דורך דעם, ווי מיר האַנדלען אין חלום. אַזוי איז אויך מיט דיר, מיטן שרייבער. ס׳איז אפשר אַ חלום, אַ פאַנטאַזיע די גאַנצע באַוועלע דיינע, זי דערציילט אָבער זייער אַסך וועגן וואָס און וועגן וועמען דו טראַכסט. די פאַנטאַזיע, ווי דער חלום, פאַרראַט דיינע אמתע געדאַנ־קען און . . . בענקשאַפטן.

— יאָ אין דעם ביזטו גערעכט און עס איז אפילו אַ זייער טרעפ־לעכע באַמערקונג.

— איך ווייס, אַז איך בין גערעכט — האָט זי זיך דערפילט שטאַר־קער אין איר אַרגומענטאַציע — דערפאַר זאָג איך, אַז די פּערזאָן, וועלכע דו האָסט באַשריבן, ליגט דיר טיף אין דיין נשמה.

— אין לעבן פון מענטשן טרעפן אָפט אַזעלכע פּאַסירונגען, שול־דיקע און אומשולדיקע, ווי דו וואָלסט זיי אָנגערופן, וואָס ווערן אָפט פאַר־פיקסירט אין זכרון ווי אַ פילם. און פון זיך אַליין וויקלען זיי זיך פאַ־נאַנדער אַמאָל און עס גייען פאַרביי בילד נאָך בילד; און אין דער אַסאָ־סיאַציע פון די בילדער, פון כאַראַקטערן פון באַקאַנטע און פון אויסגע־טראַכטע, הייבט זיך אָן צו פאַרמירן אַ חלום, אַ ניט־געשטויגענע, ניט־געפלויגענע מעשה, אַ ניט־געשטויגענער, ניט־געפלויגענער כאַראַקטער, וואָס ווערט אַן אמת, וואָס מיר קאָנען און וואָס מיר קאָנען ניט. אַ שריי־

בער ווייסט, ווי דאָס פּאַסירט, פּונקט ווי מיר פֿאַרשטייען ווי עס פּאַ־
סירט אַ חלום.

— ניט שטענדיק ווייסן מיר.

— נו אָט, ניט שטענדיק ווייסן מיר — גערעכט. און ניט שטענדיק
ווייסט דער שרייבער, ווי אַזוי עס האָט פּאַסירט דער כאַראַקטער אין דער
נאָוועלע אָדער אין דער דראַמע, וואָס ער האָט אָנגעשריבן.

— מייַן אינטואיציע נאַרט מיך אָבער ניט אָפּ.

— און וואָס זאָגט דיר דייַן אינטואיציע ?

— אַפֿילו מיט דייַן תירוץ פֿון אַסאָציאַציע, בין איך דאָך איבער־
צייגט, אַז דייַן העלדין איז דיר זייער נאָענט.

— יעדער כאַראַקטער און פּאַסירונג, וואָס איך באַשרייַב, איז מיר
נאָענט, ווייל עס איז אין מיר.

— איך דערמאָן זיך אָבער אין זאַכן, וועלכע דערציילן מיר איצט
אַסך.

— אַשטייגער ?

— אָפּט פֿלעגסטו אַהיים קומען שפּעט און אָנגעבן ניט־איבערצייגנ־
דיקע תירוצים. און אַמאָל פֿלעגסטו אַהיים קומען אַן אומגאַטירלעך פֿריי־
לעכער און איך האָב געזען און געפֿילט, ווי דייַנע בליקן און געדאַנקען
שוועבן ערגעץ . . . ווער ווייסט וואו . . . אָפּט פֿלעגן זיך צעשפּילן
אין דייַנע אויגן פֿייערלעך און זיי צעשפּילן זיך אויך איצט אַמאָל, און
איך בין זיכער, אַז די פֿייערלעך ווערן ניט אָנגעצונדן דאָרטן אין שאָפּ
בײַ דער אַרבעט און אויך ניט בײַ די מיטינגען. פֿאַרקערט — פֿון שאָפּ
און פֿון די מיטינגען און פֿון די לעקציעס קומסטו אַהיים אַן אויסגעשעפּ־
טער, אַ מידער און נערוועזער. און נאָך אַנדערע קלייניקייטן באַמערק
איך, קלייניקייטן, וואָס דערציילן אַסך.

— דענקסטו ניט, אַז די אַלע אויסגערעכנטע שטימונגען קאָנען קומען
און קומען טאַקע צו אַ שרייבער, ווען ער ווערט אינספּירירט פֿון אַ גוטער
טעמע, אָדער פֿון אַ גוטן געדאַנק, וואָס דערפֿרייט אים און פֿאַרוואַנדלט
אים אין אַ גליקלעכן מענטשן ?

— יאָ, אודאי קאָנען זיי קומען און איך ווייס ווען זיי קומען. דו
אַליין רעדסט און דערציילסט וועגן דידאָזיקע אינספּיראַציעס. וועגן די
רעאַלע רעדסטו ניט — דו שווייגסט.

באַראַש האָט געקוקט אויף איר און געזען איר פּנים באַשייַנט פֿון
פּאָס־ליכט, וואָס איז געפֿאַלן פֿון לאַמטערן. ער האָט זיך צוגעבויגן צו
איר, אַ גלעט געטאָן מיט די ליפּן איר נאַקעטן אַקסל. געבליבן ליגן, ווי
אָפּגעבנדיק דעם קערפּער צו דער נאַכט, וואָס דאַרף אים נעמען און פֿאַר־
זינקען אין רו. די געדאַנקען זענען אָבער געבליבן וואַך. ער האָט גע־

וואוסט, אַז אויב ער וועט ענטפערן אַדאַן, וועט זי ווידער האָבן וואָס צו זאָגן, מיט וואָס צו רעאַגירן און זייער געשפּרעך קאָן זיך פאַרציען אַזוי ביז פאַרטאָג און ער קאָן זיך נאָך ענדיקן מיט טרערן און מיט פאַרדריס־לעכער בייזקייט. איז ער געלעגן אַ שווייגנדיקער. און אַדאַ האָט אויך מער גאָרניט גפערעגט. אויך זי האָט געפילט, אַז ס'איז אפשר בעסער ניט צו פאַרציען דעם געשפּרעך טיף אין דער נאַכט אַריין, כאָטש די גע־דאַנקען האָבן זיך געריסן, ווי פונקען אין ווינט. זי האָט אָבער געוואוסט: עס וועט נאָך אויסקומען ניט איינמאָל צוריקצוקערן זיך צו דעמדאָזיקן געשפּרעך און די רעזולטאַטן וועלן סיִיווי בלייבן דיזעלבע. אין איר וועט רעדן אינטואיציע און פאַרדאַכט און אין אים — די פילאָזאָפיע פון קונסט און שאַפונג; איז בעסער רוען און שלאָפן.

באַראַש איז אָבער ניט געשלאָפן. ער האָט גערעדט מיט זיך אַליין און געפאָדערט פון זיך דעם ענטפער צו אַדאַן — דעם אמתן ענטפער. ער האָט געוואוסט, אַז זי איז ניט אינגאַנצן אומגערעכט, ער האָט אויך געוואוסט, אַז די העלדין פון דער נאָוועלע איזווירקלעך געשאַפן גע־וואָרן אונטער שטימונגען, אינספּירירטע פון אַ באַגעגעניש, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אינטימער פריינטשאַפט. עס האָט מיט אים פּאַסירט: באַגעגענישן, לייכטע און ערנסטע געשפּרעכן, בליקן, ווי גאָל־דענע בריקן און ווערטער, ווי פייערדיקע ראַקעטן. עס האָט פּאַסירט מיט אים, ווי עס האָט פּאַסירט מיט מיליאָנען פון זיין מין — די אייביקע, אומפאַרשטענדלעכע און אומבאַגרייפלעכע קראַפט, וואָס האָט מיט זין און מיט אומזין געטריבן דעם וואונדערלעכן קערפּער און גייסט צו ווייטע הויכקייטן און צו טיפע תהומען. און עס וואָלט ניט געהאָלפן דאָס אָפּ־פרעגן און דער רעוואָלט פון געדאַנק קעגן דער נאַטור — עס וואָלט געווען בלויז אַ קניסטלעכע און היפּאָקריטישע פאַרבלענדונג פון אַ מענטשן, וואָס פּרעטענדירט, אַז ער זעט ניט די העלע פלאַמען און הערט ניט דאָס גע־זאַנג פון בלוט. וואָרן אפילו אַ בלינדער זעט דעם שמייכל פון דער נאַטור און אפילו דער טויבער הערט די שטימע פון דעם אַלמעכטיקן עראָס.

און די, וואָס איז געוואָרן די העלדין פון זיין נאָוועלע, איז גראָדע געווען די צוגעשיקטע פון צופאַל צו פירן אים צו עסטעטישן אויסדרוק דורך דעם שטורעם פון בלוט. ער וואָלט קיינמאָל פאַר קיינעם ניט פאַר־לייקנט די דאָזיקע מאָמענטן און עפּיזאָדן פון זיין לעבן — ער האָט אָבער ניט געהאַט דעם מוט צו קומען צו אַדאַן און דערציילן איר וועגן דעם. אין דעם איז זי געווען גערעכט. די מוטלאָזיקייט באַ אים איז אָבער געקומען ניט דערפאַר, ווייל זיינע אייגענע געדאַנקען האָבן ניט באַרעכ־טיקט די טאַטן זיינע, נאָר דערפאַר, ווייל די טאַטן און די געזעלשאַפט־לעכע מיינונג וועגן די טאַטן, האָבן נאָך ניט דורכגעשלאָגן פאַר זיך אַ

פרייען וועג צו אַ רואיקער פאַרשטענדעניש און זיי וואָלטן, דעריבער, אויפגענומען געוואָרן ווי הפקרדיקע, אומפאַראַנטוואָרטלעכע אַקטן פון אַ מאַן, וואָס טראָגט דעם אמת, ווי אַ באַנדיט טראָגט דאָס מעסער. און דער אמת וואָלט, ווי דאָס מעסער, אויסגעשניטן דאָס האַרץ.

שעליאַ — אַזוי האָט ער זי גערופן און אַזוי איז זי פאַרבליבן. אין בוך — שעליאַ און אין לעבן, פאַר אים אַליין בלויז, אויך שעליאַ. שעליאַ, מיט קלוגע, טיפע אויגן, אונטער וועלכע עס זענען געלעגן טונקעלע שאָטנס; מיט דעם שמייכל, ווי דער רויטער שיין פון אַ לאָמטערן אין אַ ווינטערדיקער נאַכט; מיט איר אַריסטאָקראַטישער האַלטונג און מיט באַהאַלטענע פונקען אין אירע עקזאָטיש־מיסטישע בלוט־פּאַלירטע נעגל.

שעליאַ, מיט פאַרטראַכטער שטאָלצקייט, מיט איר איינגעצוימטקייט און אומצוטרוי, וואָס האָט ווי מיט גרויע זילבערנע רייפן געהאַלטן זי איינגעפּאַסט אַ שווייגנדיקע, אַ טרוימענדיקע. זי איז דערשינען פאַר אים אין אַ שטורעמדיק־סענטימענטאַלער נאַכט, מיט אַן אָנגעצונדענעם לאָמטערן — איר טרוים, צו זוכן רגעס פון מענטשלעכן גליק. דערשינען אין איינעם פון די רוסישע קלובן, וואוהין ער איז צופעליק פאַרפאָרן מיט אַ כאָפּטע מאָלער און אַקטיאָרן. און עפּעס אינטימעס און פאַרשטענדלעכעס אין איר זוכעניש האָט אים גלייך צוגעבונדן צו איר. און פאַרבונדענע זענען זיי שוין געגאַנגען . . . שטילע טעג אין די מור־זייען; ליכטיקע און טונקעלע אָוונטן אין די פּאַרקן; אַמאָל רוישיקע, מיט מוזיק פאַרשכורטע נעכט אין די נאַכט־קלובן און זיסע, ביז פּיין, ביז טרויער אינטימקייט אין שאָטנדיקן צימער אויף דער אָטאָמאַנע צווישן ביכער, צווישן בלומען . . . בלומען אין זומער, בלומען אין האַרבסט, בלומען אויף דעם ווייסן שניי אין די וויכערדיקע נעכט פון ווינטער . . . שעליאַ — מיט איר אָנגעצונדענעם לאָמטערן — איר טרוים, וואָס האָט געלויכטן מיט בענקשאַפט. און די בענקשאַפט אירע האָט גערעדט אַמאָל מיט רוסישן פּאַטאָס און אַמאָל מיט מאַמע־יידיש ווערטער, ווערטער וואָס זענען פאַרפלאָנצט געוואָרן אין איר אין דער ווייטער אוקראַינע, ווערטער וואָס זענען דערהויבן געוואָרן און געלייטערט געוואָרן אין יידישן טעאַטער, אין „טעאַליט״ און אין די טרוים־אָוונטן מיט באַראַשן.

און דערנאָך — — —

די טירן פון פריינדשאַפט האָבן זיך אָנגעהויבן אַליין, פון זיך אַליין, לאַנגזאַם, לאַנגזאַם צו פאַרמאַכן זיך. און די ווינטן פון לעבן האָבן צעריסן די פאַרקניפּטע געפילן. און די לאַנג געשנירלטע, אויף דעם האַרץ געטראָגענע פראַזן און ווערטער האָבן פאַראייגזאַמטע געטראָגן זיך ווי בלעטער אין האַרבסט און ערגעץ אין דער לופטן איז געבליבן הענגען

אַ הויִדענדיקער, צאַנקענדיקער לאַמטערן — דער טרוים. זיין טרוים — איר טרוים. אַזוי איז געשען. אַזוי געשעט שטענדיק.

שטענדיק ?

באַראַש איז געלעגן און האָט געטראַכט. און דער מורמל פון דער נאַכט האָט פאַרוויגט, פאַרוויגט . . .

שטענדיק ?

נייך, ניט שטענדיק. ווייל שוין ניט איינמאָל איז ער און אַדאַ געשטאַנען באַם שיידוועג און דער שטורעם איז פאַראיבער. דער שיידוועג איז געווען אפילו מער אין געדאַנק, ווי אין דער אַקטועלער ווירקלעכקייט — דער געדאַנק האָט אָפט רעוואָלטירט סיי באַ אים און סיי באַ איר און געשלעפּט צום שיידוועג — די הערצער זענען אָבער געווען ווי צוויי פאַריאָגטע, פאַרוואונדעטע און צוזאַמענגעבונדענע פייגל אין אַ שטייג און דער שיידוועג איז פאַרבליבן ערגעץ ווייט . . . אין נעפּל.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

עס האָט גענומען עטלעכע וואָכן, ביז עס איז דערשינען די ערשטע קריטיק וועגן באַראַשעס בוך. באַראַש האָט שוין געוואוסט: עס איז ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס זיינס אַ בוך דערשיינט און אויך ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס זיינע ביכער ווערן פון אייניקע געלויבט און פון אַנדערע אַרונטערגעריסן. דאָס מאָל איז אָבער זיין אינטערעס צו זיין אייגענעם בוך געווען אַנגעצויגן אין דערוואַרטונג. עפּעס האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס וועט זיין זיין לעצט בוך, ווייל ווי אָפּטימיסטיש און פילאָזאָפיש ער האָט זיך באַצויגן צום בוך, איבערהויפּט צום קיום פון יידישן בוך, האָט ער אָבער סוף כל סוף ניט געקאָנט באַקעמפן אין זיך זיינע אייגענע אַרגומענטן, די אַרגומענטן פון אייניקע אַנטוישטע קאָלעגן, און איבערהויפּט אַדאַס אַרגומענט — דעם שטאַרקסטן אַרגומענט. זי האָט אים שוין ניט איינמאָל צוגעפירט צום קאַסטן, וואו עס זענען געלעגן זיינע אייגענע ביכער און, אָנווייזנדיק אויף זיי, האָט זי געזאָגט: דאָס יידישע פאָלק וואַרט אויף זיי און דו האָלטסט זיי דאָ פאַרשפאַרט אין אַ תפיסה. עס טוט מיר וויי דאָס האַרץ, ווען איך קוק אויף זיי . . .

יאָ, אים האָט אויך וויי געטאָן דאָס האַרץ, קוקנדיק אויף זיי, ער האָט זיך אָבער געטרייסט, אַז דאָס איז דער שיקזאַל ניט נאָר פון יידישן בוך. די מאָדערנע ציוויליזאַציע האָט אָוועקגערויבט פון מענטשן די בענקשאַפט נאָך טרוימען, פאַרשלאָסענע אין ביכער. עס האָט זיך אָבער געוואָלט גלייבן, אַז יעדעס בוך געפינט זיין תיקון און עס איז ניט וויכטיק ווען און וואו. און אויב דאָס בוך געפינט ניט זיין תיקון, געפינט אָבער דער

דיכטער די פרייד און דעם לעבנס־אינטערעס, שאַפנדיק דאָס בוך — און דאָס אַליין איז אויך גענוג.

דער קריטיקער, אויף וועמעס וואָרט און מיינונג ער האָט געוואַרט, האָט אונטערגעצויגן אַ סך־הכל צו באַראַשעס שאַפן און באַראַש האָט דערפילט דערפרייענדע און אויך פיינלעכע אמתן. אמתן, מיט וועלכע ער אַליין האָט געקעמפט.

דער קריטיקער ווערשין האָט צווישן אַנדערעס געשריבן:

„... ער (באַראַש) איז אין תוך אַ פעסימיסט. ער שטייט בײַ דער גרענעץ פון אָפטימיזם, וועלכע ער גייט קיינמאָל ניט אַריבער. ער ווייסט, אַז אויף דער צווייטער זייט גרענעץ דערוואַרט אים אַנטוישונג, אַנטוישונג, וואָס דאָס לעבן אַליין שאַפט. באַראַש האָט ליב צו שפּאַנען קעגן שטורעם. ער איז שטענדיק אין געראַנגל. ער נעמט אויף דאָס נייע, דאָס פאַרגעשריטענע, דאָס רעוואָלוציאָנערע — ער נעמט עס אָבער אויף אויף זיין אייגענעם שטייגער. ער גלייבט ניט אין דאָגמעס. און דער אמת זיינער איז בײַ אים שענער און אויפריכטיקער, ווען ער איז אַ ווילדער, אַ נאַקעטער, אפילו ווען ער איז אָפט אַן אויסגעטרוימטער, אַן אויסגעהלומטער ...״

און פונקט מיט אַ וואָך שפּעטער האָט דער שרייבער־קלוב אַראַנזשירט פאַר באַראַשן אַ באַנקעט. באַראַש האָט שוין ניט איינמאָל פאַרזוכט פון דער אַנטוישונג, וואָס קומט נאָך אַלעמען — דאָך האָט ער זיך ניט אָפּגעזאָגט פון דעם כבוד און ער האָט ניט געשטערט די אָראַנזשירער. ווייל דער מענטש אין אים, האָט ער געטראַכט, וויל אויך אויפמערקזאַמקייט, זאָל זיין דאָס ביסל אויפריכטיקע אויפמערקזאַמקייט. ווייל די מענטשן, די אידישע לייענער מעסטן די ווערט און די וויכטיקייט פון אַ דיכטער און פון דעם בוך, מערסטנס, דורך דעם טאַראַראַם אַרום אים. און די ווינקלען פון דער יידישער ליטעראַטור ווערן אַזוי און בלויז אַזוי פאַרוואַנדלט אין יום־טובדיקע אַאַזיסן, וואו עס שלאָגן אַרויס קוואַלן, אָפט פאַרסמטע קוואַלן, פון וועלכע די דורשטיקע דיכטער טרינקען.

און די קוואַלן, אין דעם אָוונט פון באַנקעט, האָבן געשלאָגן, ווי געטריבענע דורך אויפגעריסענע, שטיינערנע שפּיציקע סקאַלעס. מ׳האָט, ווי ס׳איז געווען צו דערוואַרטן, געלויבט דאָס בוך „לבנה־ליכט אין בלוט״; מ׳האָט אָבער אויך, מיט איבערטריבענער אָפנהאַרציקער בראַוואַדאַ, ווי ריטער, וואָס נעמען זיך אָן פאַר דעם אומבאַשטרייטן סאָציאַלן אמת אין דער ליטעראַטור, געריסן דעם פאַרהאַנג איבער באַראַשעס לעבן, וואָס איז געווען ענג פאַרבונדן מיט זיין קונסט און מיט זיין וועלטאנשויאונג.

האָט איינער גערעדט:

„... אין וועג פון מאָדערנעם דיכטער שטייט די סאָציאַלע צע־

ריסנקייט. און סאָציאַלע צעריסנקייט איז קאַמף. און דאָרט, וואו ס'איז קאַמף, דאָרט טרעט מען אויף סענטימענטן. און דיכטער זענען, ליידער, ענג פאַרבונדן מיט זיי, מיט די סענטימענטן. דיכטער זענען ניט קיין בויער — דיכטער זענען אונטערצינדער; זיי צינדן אונטער מיט געדאַנקען, זיי קלאַפּן אין די טירן פון האַרץ און פון קאָפּ; זיי וועקן, זיי רעאַגירן און פּראָטעסטירן; זיי זענען די בונטאַרן פון גייסט און בונטאַרן ווילן ניט און קאָנען ניט זיין פאַרשקלאַפט. דערפאַר שוועבט דאָס באַפליגלטע וואָרט פון דיכטער איבער דער צעריסנקייט, איבער דעם כאָאָס און מ'טאָר ניט, מ'טאָר ניט אַראָפּציען אים ווי אַ געפאַנגענעם פויגל און צובינדן אים צו דער אָדער צו יענער טענדענץ. לאָזט אים פריי, דעם דיכטער, וועט ער אייך ברענגען דאָס אויפריכטיקע, דאָס שיינע, וואָס באַרייכערט און פאַרשענערט אונדזער לעבן. באַראַש געהערט צו אָט דידאָזיקע דיכטער בונטאַרן און . . ."

אַ צווייטער האָט גערעדט:

„. . . עס וואונדערט מיך, וואָס באַ היינטיקע צייטן געפינען זיך נאָך דיכטער, וואָס גייען אויף קדוש־השם צוליב דעם אויסגעבלאָזענעם קרעדאָ „קונסט לשם קונסט". באַראַש האָט דורך דעם העלד פון זיין נאָוועלע געוואָלט פאַראייביקן די אינטעליגענטישע אידעאָלאָגיע, די טיף־איינגעוואָרצלטע סענטימענטן פון דעם באַנקראָטירן יידישן אַריסטאָקראַטיזם. אַמאָל איז דאָס געווען אַ טראַדיציע צו זוכן אין דער ליטעראַטור רעליגיעזע מאָראַל, צו פילאָזאָפירן וועגן די אייביקע אַבסטראַקציעס: טויט, ליבע, געוויסן . . . און זי איז געווען, די ליטעראַטור, ווי אַ נאַרקאָטישער מיטל צו פאַרשלעפּערן זיך, צו פאַרגעסן זיך, צו פאַרשכורן זיך מיט זיסער ראָמאַנטישקייט; אויך אונדזער אָרעמע יידישע ליטעראַטור האָט פּרובירט צו גיין אויף דידאָזיקע וועגן. אין דער פאַרשימלטקייט האָט מען געזוכט די וואָרצלען פון יידישן גייסט; מ'האָט אים געטובלט, דעם אָרעמען יידן, אין טויזנטער מקוות, מ'האָט אים אָנגעטאָן אַ קאַפּאָטע און אַ שטריימל, געצויגן אַ גאָלדענע קייט אויף זיין מאָגערן בויך, ניט זעענדיק, אַז ער איז אַ פאַרהונגערטער, אַ ראַכיטישער, אָן זון, אָן לופט, אָן מוסקולן. נו, אפשר איז די צייט געווען אַזאַ — מ'האָט ניט געזען, ס'איז געווען פינצטער. אָבער איצט? איצט, ווען אַ שרייבער ווי באַראַש, אַ שרייבער, אונטער וועמעס פיס עס קרעכצט די ערד, אַ שרייבער, וועמעס אויגן עס זעען צעריסענע, פאַרבלוטיקטע גלידער פון דער מענטשהייט, אַ שרייבער, וועלכער האָט דורכגעלעבט דעם וועלטשגעון — די פאַרניכטונג פון צוואַנציק מיליאָן מענטשן, אַ שרייבער, וואָס שטייט היינט צו טאָג באַם איבערברוך פון דער וועלט, פון דער מענטשהייט און פון אַלע ווערטן — אַזאַ שרייבער האָט ניט געטאָרט לאָזן זיך

אין כאַאָס פון אייביקע אַבסטראַקציעס און נעמען גריבלען זיך אין די נשמות פון יחידים, צאַצקען זיך מיט די האָר, ווען דער גאַנצער קאָפּ איז אין געפאַר. ניין, שרייבן דאַרף מען, ניט אום צו פאַרזיסן די ביטערקייט מיט שיינער קונסט, נאָר צו מונטערן און צו וועקן צו פּראָטעסט און קאַמף. צוליב דעם דאַרף מען די ליטעראַטור און נאָר צוליב דעם דאַרף מען איצט די שרייבער. מיר ווייסן — באַראַש האָט געבראַכט זיינע קרבנות און אַ הייליקן טראַגישן קרבן — דעם זון זיינעם — אין דעם קאַמף פאַר גערעכטיקייט און פרייהייט. מיר האָפן אָבער, אַז די אַנטוישונג זיינע און דער פּעסימיזם זיינער וועט פאַרשווינדן, ווען עס וועט אויפגיין די זון פון פרייהייט און ער וועט אונדז נאָך געבן שטאַרקע, מוטיקע ווערק, וואָס וועלן דערהייבן דעם גייסט און דערפירן צו אַ ציל . . .״

עס זענען געווען נאָך רעדעס און רעדעס, אייניקע אין דעמזעלבן טאָן, אַנדערע, צו רעאַבּיליטירן באַראַשן און די קונסט בכלל — ביז ס׳איז, ענדלעך, געקומען די צייט פאַר באַראַשן אַליין צו רעדן.

האָט ער זיך אויפגעהויבן, געשטאַנען אַ ווײַלע, שווייגנדיק, און אָנגעהויבן שטיל און לאַנגזאַם, גלייך ווי ער וואָלט גערעדט ניט בײַ אַ באַנקעט, נאָר בײַ זיך אין צימער אין דער אָנווועזנהייט פון זיינע נאָענטסטע קאָלעגן.

„פון אַלע רעדעס — האָט ער אָנגעהייבן — שאַפט זיך דער איינדרוק, אַז איך בין, אַזוי צו זאָגן, אַ דואַליסטישע פּערזאָן. פון איין זייט אידענטיפיציר איך זיך מיט דעם אַרבעטער קלאַס, אויף אַזוי פיל אויף וויפל ס׳איז נייטיק צו שאַפן די אילוזיע, אַז איך בין אַ סאָציאַלער שרייבער; פון דער צווייטער זייט האָב איך גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו פאַראייביקן דעם אַלאַ־באַראַש טיפּ, דעם ראָמאַנטיש־סענטימענטאַלן עסטעט, וואָס ציט אַבסטראַקציעס פון דעם הימל און פון דער ערד.

„ניין, מיינע פריינט, פּראָלעטאַרישע טעמעס זענען ניט גענוג צו סטימולירן דעם געדאַנק, דעם פּראָטעסט אָדער דעם קאַמף. אַ שרייבער טאָר ניט מאַכן פון דער ליטעראַטור אַ מין פּראָקרוסטוסעס בעט און, אָדער אויסציען אירע פיס, ווי עס פאָדערט, לאָמיר זאָגן, די בורזשואַזע ליטעראַטור, אָדער אָפּהאַקן אירע פיס, ווי עס פאָדערט, לאָמיר זאָגן, די פּראָלעטאַרישע קולטור. איך בין מודה (אָן אַפּאָלאָגיעס) אַז איך האָב איינגעזאַפּט אין זיך די זאַפט פון דער אוניווערסאַלער ליטעראַטור און אַז די זאַפט איז אַריין אין מיין בלוט און זי האַלט מיך נאָך ביז היינטיקן טאָג אַ פאַרשכורטן, ווי פון אַלטן זיסן ווייַן. איך בין מודה, אַז די אַלטע ליטעראַטור האָט געהאָלפן אויספורעמען מיין כאַראַקטער אָט אַזוי, ווי איר קאָנט מיך. און איך בין אויך זיכער, אַז די אַלטע מייסטער פון די פאַרגאַנגענע עפּאָכעס, די ניט־פּראָלעטאַריער, זענען געווען דידאַקטיקע, וואָס

האָבן אין מיר, אויך דעם ניט־פּראָלעטאַריער, אויפגעוועקט געדאַנקען און באַלויכטן סאָציאַלע דערשיינונגען און פּראָבלעמען, וועלכע איך וואָלט אפשר אַנדערש ניט געזען. ליטעראַטור דאַרף זיין דער דערציענדער און וועקנדער גייסט, זי האָט אָבער ליב צו קומען אַן עמאָציאָנעלע, אַ פריי־געדאַנקלעכע און טיף־קינסטלערישע דורך אַלע טירן, אַפּט טירן, וואָס זענען ווי פאַנטאַסטישע, אויפגעריסענע שפּאַלטן אין די סקאַלעס פון לעבן. אַזוי וויל איך גיין, ווי איך בין געגאַנגען — דורך אַלע טירן, וואָס האָבן מיך געלאָקט. דורך אָפענע טירן און דורך פאַרשלאָסענע טירן. און דעם אמת זאָגנדיק, און ס׳איז אפשר גאַנץ נאַטירלעך, האָבן מיך די פאַר־שלאָסענע טירן געלאָקט מער ווי די אָפענע; ווייל הינטער די פאַרשלאָ־סענע טירן איז געלעגן אַ סוד — דער סוד פון שאַפן. דער סוד, וואָס דערהייבט דעם גייסט פון שאַפער, וואָס פאַרטראָגט אים, ווי מ׳זאָגט עס, אויף די פליגל פון אינספּיראַציע, צו די הויכקייטן, וואו עס שוועבט דאָס עטישע און עסטעטישע און צו די טיפקייטן, וואו עס קריכט דאָס מיאוסע, דאָס היפּאָקריטישע, דאָס אַבנאָרמאַלע און דאָס בעסטיאַלע. איך בין ניט אַזוי נאַאיוו צו גלייבן, אַז ליטעראַטור דאַרף זיך דערהייבן בלויז אויף די פליגל פון אינספּיראַציע און איר ווייסט אויך זייער גוט, אַז אין מיין שרייבן בין איך ניט דער צעקראַכענער סענטימענטאַליסט, וואָס אָפּעלירט און אָפּערירט בלויז מיט עמאָציאָנעלע ענג־אינדיווידועלע ניואַנסן און כאַ־ראַקטעריזאַציעס און סיטואַציעס; איך ווייס אָבער, אַז מענטשן, צו וואָס פאַר אַ קלאַס זיי זאָלן ניט געהערן, האָבן פיינט זאַמד צווישן די ציין און איעדער פון אונדז האָט ליב בלומען און ראָמאַנטישקייט, סיי אין דער ליטעראַטור און סיי אין לעבן. עס איז אומעטיק צו שרייבן אייביק וועגן שאָפּ; ווייל דער שאָפּ איז גרוי און די פּיקעט־לייק אין גרוי, און אפילו דאָס לעבן איז גרוי, גרוי, ניט קוקנדיק אויף דעם אויבערטויוולישן ספּעק־טאַקל פון עקספּלאָדירטע שטעט און פון מיליאָנען צעריסענע לעבעדיקע וועזנס. אונדז פעלט, מיינע פריינט, עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז אין אמת־דיקן וואָרט און אין דער ראָמאַנטישקייט פון טאָט. זוכן בלויז רעוואָלט און טאָט אין דער ליטעראַטור — איז אַ טעות. אַ לעבעדיקער געראָשוני, אַ באַטווין, אַ לעקערט האָבן געפאַנגען די פאָלקס פאַנטאַזיע מער, ווי טויזנטער פּראָלעטאַרישע ווערק. און די מאַרסעליעזע האָט געצונדן מיט טויזנטער פייערן דורות נאָך דורות און ניט מיט די ווערטער, נאָר מיט דער שענקייט, מיט דער מוטיקייט פון קלאַנג, פון דער מעלאָדיע. און זאָלן מיינע ווערטער ניט אויסגעטייטשט ווערן, אַז איך האַלט, אַז ליטע־ראַטור דאַרף ווערן אַ מין נאַרקאָטישער מיטל, צו פאַרשלעפּערן מיט ראָ־מאַנטישקייט, כדי צו פאַרגעסן, אַז עס עקזיסטירט אַ גרויסע, אומגע־רעכטע וועלט. יאָ, מיינע פריינט, איך האָב ליב די ראָמאַנטישקייט און

די עלעגאַנץ פון געדאַנק און פון טאַט, צי דאָס איז אין דער ליטעראַטור, צי דאָס איז אין דער מוזיק, אין טאַנץ, אָדער אין מאַלעריי. ווייל זי איז שיין, ווי עס זענען אָפּט שיין די אויגן פון אַ פּרוי הינטער אַ האַלב־דורכ־זיכטיקן וואואַל. דאַרף מען אַזאַ ליטעראַטור און דאַרף מען אַזעלכע שרייבער ווי איך? איך נעם זיך ניט אונטער צו ענטפערן אויף דעם. ווייל ניט מיין ענטפער און אויך ניט אייער ענטפער וועט זיין און פאַר־בלייבן דער אַנטשיידנסטער און דער סאַמע אמתדיקער אין דער אייבי־קער דעבאַטע וועגן קונסט. איך ווייס אָבער, און איך זאָג צו זיך: איך בין אַ שרייבער, ווייל איך האָב די פּיאָניקייטן אויפצונעמען און אויסצו־דריקן אַלגעמיין־סאָציאַלע און אינדיווידועל־מענטשלעכע פּראָבלעמען און דורך מיין וואָרט אָנרעגן דעם מוח און אָנווייזן וועגן, וואָס פירן אפשר צו עפּעס אַ וועג, צו עפּעס אַ ליכט; איך בין אַ שרייבער, ווייל איך וויל, אַז דורך מיינע אייגענע ראַנגלענישן זאָל דער מענטש, דער לייענער דערקאָנען זיך אַליין און ער זאָל פּרובירן גלייך מיט מיר צו זוכן און צו געפינען אַן ענטפער צו די פּראָבלעמען פון אונדזער רעאַלן און מיס־טישן לעבן; איך בין אַ שרייבער, ווייל עס ווילט זיך מיר זיין דער טרובאַדור און טריבון, דער דיכטער און דער קעמפער פאַר גערעכטי־קייט, פאַר פרייהייט און פאַר שענקייט אין לעבן, ווייל דאָס וואָרט איז געוואָרן מיין וואָפן און שאַפן איז געוואָרן דער אינהאַלט און דער זין פון מיין לעבן . . .״

ווען ער האָט פאַרענדיקט און ער האָט אַרומגעקוקט דעם עולם פון באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע, האָט ער אין אייניקע אויגן געלייענט פריינט־לעכקייט און פאַרשטענדעניש, אין אַנדערע — קריטישן פאַרוואורף און אַנטוישונג און אין דער מערהייט — גלייכגילטיקייט און מידקייט. קיין סך ביכער האָט מען ניט פאַרקויפט און שאַפיר, אַ יונגער דיכטער און איינער פון זיינע פאַרעהרער, האָט זיך אונטערגענומען אַהיימצופירן אים און אַדאַן און אויך דאָס פּעקל ניט־פאַרקויפטע ביכער.

און ווען ער איז אַהיימגעקומען מיט אַדאַן, איז שוין געווען גאַנץ שפּעט, זיי האָבן אָבער נאָך לאַנג גערעדט און דיסקוטירט די באַגריסונ־גען און די רעדעס פון די שרייבער. אין אַדאָס ווערטער האָט אָבער באַראַש געפילט ביטערקייט. זי האָט ווי מיט אַ שאַרפן לאַנצעט אָפּע־רירט און געשניטן יעדן געדאַנק זיינעם און אַן אויסגעשעפּטער און מידער האָט ער נאָכגעפאָלגט איר געשיקטקייט צו אינטערפּרעטירן די פראַזן פון זיינע קאָלעגן און אַזוי אַרום שאַפן אַ בילד פון אים, אַ קאַריקאַטורע פון אַ סענטימענטאַלן, צעקראָכענעם פאַרשוין, וואָס האָט זיך דורך דער נאָוועלע, דורך זיינע געדאַנקען וועגן זיך, וועגן לעבן, וועגן ליבע אין וועגן פרויען, אין דעם ליכט פון ראָמאַנטישקייט, אַנטבלויזט זיין נשמה

און געוויזן זי פאַר דער וועלט אַ נאַקעטע. אָ, ניט אומזיסט האָט ער דערמאָנט די שיינע פּרויען־אויגן הינטער אַ וואואַל. זי וויסט זייער גוט וועמען ער האָט געמיינט און זיי אַלע ווייסן אויך זייער גוט, ווער זי, די העלדין פון זיין בוך איז. און דערפאַר האָבן זיי ניט גערעדט וועגן איר, ניט באַרירט זי אפילו מיט אַ וואָרט. נו, זאָל זיין אַזוי. פאַר איר זעלבסט ליגט זיין בוך און זיין לעבן אָפן, אָן אַ וואואַל און זי זעט אַלץ קלאָר. זי . . .

ווי אין אַגאָניע האָט ער פּרובירט איבערצייגן זי, אַז אַ שרייבער קאָן ניט שאַפן דאָס לעבן און זיך זעלבסט, אָדער זיך זעלבסט אין אַ וואַקואום, וואו עס איז ניט פאַראַן קיין לעבן, מעג עס זיין אפילו אַן אויסגעטראַכט לעבן; אַז ס'איז שווער אָפּצוטיילן רעאַלע עפּיזאָדן און כאַראַקטעריזאַציעס פון פיקטיווע, ווי עס איז אוממעגלעך אָפּצוטיילן דעם גערוך פון דער פּרוכט, אָדער פון דער רויז. טיילט מען עס אָפּ — ווערט די רויז פאַרוועלקט, די פּרוכט צעריבן אָדער פאַרפוילט; ער האָט פּרובירט איבערצייגן זי, אַז קונסט האָט שטענדיק געגערט זיך און וועט אייביק נערן זיך מיט דער מיסטישער קראַפט פון ליבע. און ניט נאָר די קונסט, נאָר אויך די רעליגיע, דער גאַנצער וועזן פון דער מענטשהייט אויף דעם אומבאַגרייפלעכן, סעקסואַלן. און ווי גוט און אָפן טאָלסטאָי האָט דאָס אויסגעדריקט אין זיין „קרייצער סאָנאַטאַ". און ניט נאָר טאָלסטאָי — אויך האַמסון, אויך שעקספּיר און צענדליקער אַנדערע גרויסע קינסטלער האָבן ניט געקאָנט און ניט געפונען פאַר נייטיק צו פאַרלייקענען דאָס אין זייערע ווערק.

דאָס רעדן זייערס האָט געברענט ווי צוויי פייערן, געבלאָזן פון צוויי קעגנזייטיקע ווינטן. געברענט . . . און לאַנגזאַם, לאַנגזאַם אויסגעלאָשן געוואָרן, לאָזנדיק טליענדיקע, רויכיקע, שוואַרצע, אָפּגעברענטע האַלאַוועשקעס — געדאַנקען און געפילן.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

דער „טעאַליט" האָט עטלעכע נעכט וויברירט מיט באַראַשעס „לבנה ליכט אין בלוט" . . . ביז נייע, וועלט־צעטרייסלענדיקע פּאַסירונגען האָבן ווי טאָרנאַדאָס פאַרטראָגן די „טעאַליט" שטימונגען — פאַרטראָגן ווי בלעטער אין וויכער . . . צייטונגס־קעפּ האָבן געשריגן העכער: נאָך אַ לאַנד צעטראָטן, צעריבן, פאַרברענט . . . נאָך אַ פאָלק פאַרגוואַלטיקט, פאַרשקלאַפט פון דער נאַצי־בעסטיע . . .

דער „טעאַליט" האָט געפיבערט מיטן פיבער פון דער וועלט . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

מיט אַ וואָך שפּעטער, נאָך דעם באַנקעט, האָט אַדאַ דערהאַלטן אַ בריוו פון איר מוטער. די מוטער אירע, וועלכע האָט נאָך דעם פּאַטערס טויט געוואוינט באַ איר איינגערער טאָכטער אין לאָס אַנגעלעס, האָט גע־שריבן, אַז זי האָט זיך צופעליק געטראָפן מיט אירער אַ קוזינע און זי, די קוזינע איז אַ באַרימטע דעזיינערין פון קליידער אין אַ האַליוואָודער סטודיאָ און ווען זי האָט זיך דערוואוסט, אַז אויך זי, אַדאַ, האָט פּייאי־קייטן אַלס דעזיינערין, האָט זי געזאָגט, אַז איצט איז אַדאַס שאַנס צו קריגן אַ שטעלע, ווייל גראַדע איצט זוכט זי אַ פּייאיקע אַרויסהעלפערין. איז אויב באַראַש וועט ניט זיין קעגן (און פאַרוואָס זאָל ער זיין קעגן?) קאָן זי, אַדאַ, אַרויספאָרן דערווייל אַליין מיט דעם קינד און מיט דער צייט, ווען זי וועט זיך אַרויפאַרבעטן, וועט זי אויך באַראַשן אַרויסנעמען קיין האָליוואָוד.

אין איר גאַנצער אַפּאַטיע און טרויער, האָט אַדאַ אין איר מוטערס בריוו דאָך דערזען אַ שטראַל, וואָס האָט זיך דורכגעריסן אין דער פינצ־טערניש פון איר געמיט. זי האָט נאָך ניט פאָרמולירט און קאָנצענטרירט עפּעס אַ באַשלוס. ס'האָבן זיך שוין אָבער געריסן פראַזן פון אירע ליפּן, פראַזן, וואָס זענען געווען ווי אויסשפּירער, אויסטאַפּער אין איר טרוים, וואָס האָט ווידער דערוואַכט.

עווא האָט אויך אָנגעהויבן רעדן און טרוימען וועגן האָליוואָוד. באַראַש האָט ניט געוואָלט רעדן, ניט געוואָלט זאָגן זיין מיינונג און שטערן איר אין אירע פאַרהאַנדלונגען, — געוואוסט, אַז אויב ער וועט זיין קעגן, וועט ער צערייסן אירן אַ טרוים, וואָס מוז זיך אויסלייזן, מיט דער־פאָלג צי אָן דערפאָלג — עס וועט קיין אונטערשייד ניט מאַכן. איז בע־סער וואַרטן, און שווייגן, און ניט מישן זיך. וואָרן דער בריוו, קאָן זיין, איז געווען בלויז אַ צוזאָג, אַ דערמוטיקונג אין אַ מינוט פון מיטלייד; אַ צוזאָג, וואָס וועט מיט דער צייט אויסגעוועפּט ווערן, פאַרגעסן ווערן, און דאָס געמיט וועט זיך דערווייל באַרואיקן.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

אין אַ שבת אינדערפרי, ווען באַראַש איז געשטאַנען באַ דער אַר־בעט, איז צוגעקומען צו אים מיס באַרנאַרדאַ.

— מיסטער באַראַש — האָט זי שטיל געזאָגט — איר האָט אפשר געלייענט, אַז מאַרגן איז די דערעפענונג פון דער אויסשטעלונג פון מאָ־דערנער קונסט . . . וואָלט איר אפשר געוואָלט גיין מיט מיר . . .

אויף אַ מאָמענט האָט באַראַש ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן אויף איר איינלאַדונג, ווען ער האָט אָבער דערזען אין אירע אויגן אַ געבעט, האָט ער געזאָגט:

— אויב איר ווילט, וועל איך גייך מיט אייך.

אירע אויגן האָבן אַ שטראַל געטאָן מיט פרייד און די פרייד אירע האָט אים גראָדע ניט דערפרייט. עס איז אים ניט געפעלן געוואָרן, וואָס ניט־ווילנדיק ווערט ער פון דער פרוי אַרויפגעפירט אויף איר וועג, אויף אַ וועג פון פריינטשאַפט, וואָס קאָן נאָך סוף כל סוף פאַרשלעפּן צו נאָענט־קייט, צו סודות, צו ליגנס, וואָס וואָלטן צעשטערט די רו — זיין רו און אַדאַס רו. דאָך האָט דער פרייער געדאַנק, דער פרייער גייסט אין אים ניט געוואָלט פאַרשטופּן זיך אין אַ ווינקל און ווערן אַ געהאָרכזאַמער שקלאַף און פייגלינג.

— לאָמיר זיך טרעפן דאָרט דריי אַזייגער נאָכמיטאָק — האָט זי געזאָגט.

— גוט. איך וועל וואַרטן אויף אייך.

זי איז צוריקגעגאַנגען צו איר פּלאַץ און ער האָט געהערט, ווי זי זינגט זיך אונטער אַ פריילעכע איטאַליענישע פאָלקס־ליד.

זונטיק איז באַראַש געשלאָפן שפּעט. ווען ער איז אויפגעשטאַנען, האָט ער געטראַכט וועגן זיין צוזאָג צו מיס באַרנאַרדאָ צו טרעפן זיך מיט איר אין דער קונסט־גאַלעריי. געטראַכט, אַז ס׳וואָלט געווען אַסך לייכ־טער פאַר אים צו אַנטוישן מיס באַרנאַרדאָ, ווי צו זאָגן אַדאַ אַ ליגן, דעם ליגן, וואָס איז שוין ניט איינמאָל אַרויסגעקראָכן פון זיין מויל, ווי אַ דערשלאָגענער הונט און געלייגט זיך באַ אַדאַס פיס. אויך דאָס מאָל האָט ער לאַנגזאַם, ווי בעטנדיק און מיט עקל צו זיך אַליין, אַ זאָג געטאָן:

— איך פאָר „דאַון טאַון". כ׳האָב צוגעזאָגט בענדערן צו טרעפן זיך מיט אים.

— וואָס עפּעס? — האָט אַדאַ געפרעגט.

— ווידער וועגן אַ זשורנאַל. עס לאָזט ניט רוען.

— וועל איך נעמען עוואַן צו אַ מואווי — האָט אַדאַ באַשלאָסן.

ער האָט זיך אָנגעטאָן און איז אַרויסגעגאַנגען פון הויז. געפאָרן אין סאָבוויי און געטראַכט, אַז ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען מענטשן וואָלטן ניט באַדאַרפט זאָגן ליגן. אויך ער וואָלט אין דעם פאַל ניט באַדאַרפט זאָגן אַ ליגן. מענטשן זענען אָבער נאָך ניט אַזוי טאָלעראַנט און גרויס־מוטיק צו קאָנען באַקעמפן אין זיך דאָס געפיל פון אייפערזוכט. און אויך אַדאַ איז מענטשלעך מיט איר אייפערזוכט און אויך ער איז מענטשלעך מיט דעם ליגן.

כאָטש דער ליגן — האָט ער געטראַכט — איז בלויז אַ האַלבער ליגן. ער האָט זיך טאַקע באַדאַרפט טרעפן מיט בענדערן און זיי האָבן טאַקע באַדאַרפט דורכשמועסן זיך וועגן אַ זשורנאַל. זיי האָבן שוין פון לאַנג פּלאַנירט אַ זשורנאַל — פּלאַנירט אַ ווינקל וואו דאָס געשאַפענע זאָל

אַוועקגעשטעלט ווערן ווי קונסטווערק אין אַ קונסט־גאַלעריע, וואו דאָס וואָרט זאָל זיך דערפילן היימיש, אינטים, אמתדיק, שיין און קינסטלעריש; וואו בלויז אויסדערווײלטע זאָלן קאָנען אַריינקומען און זאָלן זיך באַהעפטן אין דער תפילה פון שאַפן ווי אין אַ טעמפּל פון קונסט. פון אַזאַ מין זשורנאַל האָט ער און בנעדער געטרוימט. ווייל סיי ער און סיי בענדער האָבן פיינט געהאַט דעם ליטעראַרישן טאַראַראַם, דאָס גרויסע מויל פון ליטעראַרישע נגידות, ווי אויך די קליינשטעטלדיקייט און עם הארצות פון האַלב־ליטעראַרישן קאַבצאַנסק. זיי האָבן ניט געמיינט צו איבערראַשן דאָס ליטעראַרישע ניו־יאָרק מיט עפּעס אַ מין נייעם רענעסאַנס־גייסט, מיט עפּעס אַ מין נייער ריכטונג און מיט אַן אויבערליטעראַרישן אַריסטאָקראַטיזם. זיי, סיי באַראַש און סיי בענדער, האָבן בלויז געזוכט אַ ווינקל וואו ליטעראַטור זאָל קאָנען אָטעמען מיט עכטקייט און מיט אויפריכטיקייט. עס איז זיי נמאס געוואָרן דער האַנדל־וואַנדל פון די זשורנאַל־רעדאַקטאָרן, דער אייביקער קריג פון פּאַרטיי ליטעראַטן, דער כמעט דילעטאַנטישער, פון איין זייט, און דער עכט סנאָבישער צוגאַנג צו ליטעראַטור און צו דיכטער, פון דער צווייטער זייט. דער וואונטש צו שאַפן דעם זשורנאַל פון זייער טרוים איז אָבער, דערווײלע, געבליבן בלויז אַ טרוים. און בענדער האָט ניט איינמאָל געשפּאָסט: אַך, באַראַש, מיר זענען עגאָאיסטן. וואָרן, וואָלטן מיר אַרויסגעגעבן אַזאַ מין זשורנאַל וואו בלויז די שרייבער וואָלטן געלעבט און געאָטעמט ווי דיכטער, וואָלטן די קריטיקער געהאַט עפּעס וואָס צו זאָגן. איינער וואָלט געזאָגט, אַז ס'איז אַ זשורנאַל אָן אַ ריכטונג, דער צווייטער וואָלט געזאָגט — עס איז אַ זשורנאַל אָן אַ פּנים, דער דריטער וואָלט געזאָגט, אַז עס איז בלויז אַ נעסט, דער פערטער — אַז אַזעלכע זשורנאַלן דאַרף מען אינגאַנצן ניט, צו וואָס נאָך אַ זשורנאַל? זענען דען ניט גענוג צוויי, צי דריי זשורנאַלן פאַר דעם יידישן פאָלק? אַך, באַראַש, ס'איז ניט גוט . . .

ווען באַראַש איז געקומען צו דער אויסשטעלונג, האָט ער דערזען מיס באַרגאַרדאָן וואַרטן אין אַ ווינקל באַ אַ בילד. ער איז צוגעגאַנגען צו איר און, געבנדיק די האַנט, דערפילט דעם דרוק פון אירע קאַלטע פינגער און עפּעס אַ פאַרגעפיל איז דורכגעלאָפן אין זיין מח ווי אַ וואָרנונג: ניט באַדאַרפט צוזאָגן און קומען. ער איז שוין אָבער געווען דאָ נעבן איר. און לאַנגזאַם, שפּאַן נאָך שפּאַן, זענען זיי געגאַנגען פון בילד צו בילד, פון צימער צו צימער, טרעפּ אַרויף און טרעפּ אַראָפּ; שטילע זאַלן מיט אַלטע מייסטערס, יאָרהונדערט נאָך יאָרהונדערט אין דער אייביקער מלוכה פון קונסט . . . ביז זיי זענען געקומען צום צימער פון די מאָדערנע קינסטלער. זיי האָבן גערעדט שטיל און איינגעהאַלטן וועגן די מאלער און וועגן קונסט. גערעדט, ניט־געוואַגטע, טראַפאַרעטע, ווי

אויסגעלייענטע פון ביכער, געדאַנקען — אַזוי ער, אַזוי זי. זי האָט אָבער געטראָגן אין אירע ווערטער אַ גלויבן פון עפּעס אייגענעם, פון עפּעס רע־ליגיעזן, וואָס איז געווען פאַרבונדן אין איר דורך דער אַסאָסיאַציע פון די הייליקע בילדער, געמאָלן פון די אַלטע מייסטער. ער אָבער האָט געהוזקט אין זיך. עס האָט זיך מיטאַמאָל פאַרגלוסט צו רעדן צו איר מיט ציניזם און מיט ביטול וועגן די מאָדערנע מאָלער, ער האָט אָבער ניט געוואָגט. ניט געוואָגט, ווייל ער איז ניט געווען זיכער, אַז זיין ביטול און ציניזם איז אַ באַרעכטיקטער; ניט געוואָגט, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז אין זיין בליק אויף קונסט שטייט ער אַן איינזאַמער צווישן די טויזנ־טער, פּרייט צעעפנטע אויגן, וואָס האָבן בלינדע געזען עפּעס אַן אַנט־פּלעקונג פון געניאַליטעט אין דער מאָדערנער סופּער־סורעאַליסטישער קונסט. טיף אָבער, אין זיין אונטערבאַוואוסטזיין, האָט ער געוואָגט און גערעדט: דו! דו ביזט דאָך ניט גלאַט אַזוי אַ באַזוכער פון אַן אויס־שטעלונג. דו ביזט דאָך אויך אַ שאַפער מיט וואָרט און אַ שאַפער מיט פאַרב, דו ווייסט דאָך יאָ ווי אַ בילד ווערט באַשאַפן, דו ווייסט דאָך יאָ די שפּראַך און די פרייד פון פאַרבן, דו ווייסט דאָך יאָ דעם גערודלד פון לייוונט, דעם סוד, דעם גרויסן סוד, ווי אַזוי קאָמפּאָזיציע, האַרמאָניע און פּערספּעקטיווע שפּילן אויס אין ליכט און שאָטן די סימפאָניע פון אי־לוזיע, פון אימפּרעסיע . . . טאָ וואָס שווייגסטו? פאַרוואָס פּראָטעס־טירסטו ניט? פאַרוואָס שרייסטו ניט אויס צו איר, אַז דער גרעסטער טייל פון דער אולטראַ־מאָדערנער קונסט, וואָס פאַרבלענדט מיט קוביזם, פוטוריזם און סורעאַליזם, איז בלאָף, בלאָף, קאָלאָסאַלער בלאָף! דו וואָגסט ניט. ווייל ווי טרעט מען אַרויס קעגן אַ וועלט? ווי צעלאַכט מען זיך אין פּנים פון די געטער, וואָס די מענטשהייט האָט געשאַפן פאַר זיך — געטער, צוליב קונסט־געצנדינעריי? . . .און אפשר . . . אפשר בין איך גאָר דער אינגאָראַמוס, דער . . .

— מיסטער באַראַש . . . איר הערט ניט וואָס איך רעד צו אייך, מיסטער באַראַש — האָט מיס באַרנאַרדא אָנגענומען זיין אָרעם.

— אָ, אַנטשולדיקט, כ'האָב זיך פאַטראַכט — האָט ער אויפגעוואַכט פון זיינע געדאַנקען.

— איך פאַרגיב אייך — האָט זי געזאָגט — קונסט פאַרטראָגט יעדן איינעם צו אַנדערע וועלטן.

— לאָמיר ערגעץ גיין פון דאַנען — האָט ער זי אָנגענומען באַם אָרעם — מיר האָבן שוין אַלץ געזען און וויפל מ"זאָל ניט זיין דאָ, וועט עס דאָך סייווי ניט זיין גענוג.

— אָלרייט — איז זי באַשטאַנען.

זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון דער קונסט־גאַלעריע. עס איז שוין

געוועזן טונקל. טויזנטער פייערן אויף די גאַסן און אין די געביידעס האָבן שוין געשפּילט די באַנאַכטיקע סימפאָניע פון ליכט.

זיי האָבן שפּאַצירט אַ ווײַלע, דערנאָך זענען זיי אַריינגעגאַנגען אין אַ רעסטאָראַן און האָבן זיך אָוועקגעזעצט בײַ אַ זײַטיקן טיש. אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט, אַ פראַזע נאָך אַ פראַזע און עס האָט זיך פאַרבונדן אַ גע־שפּרעך און אין מיס בארנארדאס ווערטער און פראַזן האָבן זיך גענומען אַריינגנבענען פאַרשטיקטע טענער פון בענקעניש, פון עפּעס אַ חרטה, פון אַ גרייטקייט צו גיין אויף דעם קרייצוועג פון געוויסן צוליב עפּעס אַ געשאַנק פון לעבן — — —

באַראַש האָט געשוויגן. ער האָט אָנגענומען אירע קאַלטע פינגער, געהאַלטן זיי אין זיין האַנט, ווי מ׳האַלט די האַנט פון אַ קינד און ענד־לעך האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— מיס בארנארדא, ווי שטעלט איר זיך פאָר אַ פריינטשאַפט צווישן מיר און אייך? ווי אַזוי זאָל איך אָנרופן דאָס געפיל, אָדער דעם געדאַנק, לאָמיר זאָגן, וואָס האָט אייך דערנענטערט צו מיר.

— איך בין, דאַכט זיך, בראַוו גענוג און אָפנהאַרציק . . . און איך האָב עס ניט באַהאַלטן. ווי אַזוי וואָלט איר עס אָנגערופן?

— ס׳איז די עלנטקייט אייערע, מיס בארנארדא, וואָס בענקט און רעדט. עס איז עפּעס אַ פאַרצווייפלונג, וואָס מאַכט אייך בראַוו, און עס איז אפשר די שרעק, אַז איר קאָנט נאָך פאַרשלאָפן און אָנווערן דעם צוג פון גליק, וואָס פליט אַזוי שנעל פאַרביי. איך וויל זיין אָפנהאַרציק מיט אייך, מיס בארנארדא. איר זענט מיר זייער סימפּאַטיש, איך בין אָבער איבערפולט . . . ניט איבערזעטיקט . . . איך בעט אייך צו פאַר־שטיין מיך — איך בין איבערפולט מיט געדאַנקען, מיט פּאַסירונגען, מיט עמאָציעס, מיט פליכט און, מערסטנס, מיט זאָרגן, מיט וועלכע דאָס לעבן איז פול. איך וויל זיך ניט איבערגעבן צו פריינטשאַפט בלויז מיט אַ שאָטן פון מיין האַרץ — איבערהויפּט צו אייך.

זי האָט געקוקט אַ טרויעריקע אין זיינע אויגן, אַ זיפץ געטאָן און פאַרביסן די ליפּן, ווי וועלנדיק איינהאַלטן דעם אויסברוך פון געוויין.

דער קעלנער איז צוגעקומען צו זיי און זי האָט זיך באַהערשט. זי האָט שוין מער ניט גערעדט וועגן זיך. זיי האָבן געגעסן דעם מאָל־צייט און ווידער גערעדט וועגן די בילדער. און דערנאָך זענען זיי גע־גאַנגען אויף דער פאַרנאַכטיקער עוועניו, געשפּאַצירט און ווי פאַרגעסן וועגן דעם אינטימען געשפּרעך.

ער האָט זי אַהיים געפירט און איז געשטאַנען אַ ווײַלע מיט איר אין דעם האַלב־טונקעלן קאָרידאָר. און בײַם געזעגענען זיך, האָט ער ווידער דערפילט אירע קאַלטע פינגער און נאָענט, נאָענט צום פּנים,

דעם אַראָמאַט פון אירע פּאַרפיומירטע האָר. און מיטאַמאָל האָט איר האַנט מיט קינדערישער צאַרטקייט אַרומגענומען זייַן האַלדז און ער האָט דערפילט אויף דעם מויל דעם קוש פון אירע וואַרעמע, ציטערדיקע ליפּן. און ווען זי איז אַוועק, האָט אַ געפיל, ווי צאַרטער פלאַם באַם בילד פון אַ הייליקער, אויפגעלויכטן אין אים און געהאַלטן אים דעם גאַנצן אָוונט אין אַ בלויער שטימונג.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

ער איז געפאָרן פון דער אַרבעט. דער וואַגאָן אין סאָבווי איז געווען געפּאַקט. זייַנע בליקן זענען, מידע און גלייכגילטיקע, געפאַלן אויף די פּנימער פון די מענטשן אַרום. די הענט זייַנע, כאָטש רייך־אָפּגעוואַשענע, האָבן זיך געפילט מיט פאַרב און טערפּענטין; די געדאַנקען האָבן געשוועבט צווישן די פאַרשיידענע רעקלאַמע־שילדן, וואָס האָבן דערמאָנט אין אַרבעט און אין שאָפּ. מיטאַמאָל האָבן זייַנע בליקן אויפגעוואַכט: ווען די טיר האָט זיך צעעפנט אַרויסצולאָזן די מענטשן פון וואַגאָן, האָט ער דערזען שעליאַן — די העלדין פון זייַן נאָוועלע. זי איז אויך אַרויס פון דעמזעלבן וואַגאָן און איז געגאַנגען מיט די טרעפּ אַרויף צו דער עוועניו. ער איז איר נאָכגעגאַנגען מיט אַ געמישט געפיל. שוין אַ לאַנגע צייט, אַז ער האָט זי ניט געזען, האָט ער געוואָלט רעדן צו איר, זען איר בליק און קלוגן שמייכל . . . אָבער דער אויסזען זייַנער און דער גערוך פון פאַרב און טערפּענטין, וואָס האָט געטראָגן פון אים, האָט אים געצוימט מיט אומבאַקוועמלעכקייט. דאָך האָט ער פאַרשנעלערט די טריט און, צוקומענדיק צו איר, אָנגענומען זי באַם אָרעם.

— אָ, האַללאָ . . . — האָט זי זיך דערפרייט, דערזעענדיק אים.

— האַללאָ . . . — האָט ער געזאָגט.

— פון וואַנען? — האָט זי געפרעגט.

— פון דער אַרבעט.

— אַך, די אַרבעט . . . — האָט זי אַ קוק געטאָן אויף אים מיט אַ בליק אין וועלכן עס האָט אַ שוועב געטאָן אַ טרויער. און, שווייגנדיק אַ ווײַלע, געזאָגט: — מיר האָבן זיך שוין אַ לאַנגע צייט ניט געזען.

— אַ לאַנגע צייט . . . כ'האָב געמיינט, וועסט קומען צום באַנקעט.

— אָ, יע . . . דו האָסט אַ נייעם בוך אַרויסגעגעבן און, ווי מ'גיט מיר איבער, האָסטו אַ געוויסע באַקאַנטע . . . דייַנע געמאַכט פאַר דער העלדין פון בוך.

— צו וואָס פרעטענדירסטו?

— ניין, באַראַש, איך פּרעטענדיר ניט, איך ווייס . . . — האָט

זי אים אָנגענומען באַ דער האַנט — איך זאָג עס בלויז מיט די ווער־טער ווי מ׳האָט עס מיר געזאָגט. דו ווייסט ווער?

— ער?

— ער.

— פון וואַנען ווייסט ער עס?

— גוטע פריינט האָבן אָפּט אַ טבע צו קיבעצן איין אַ זייער באַ־איוון, אומשולדיקן וועג . . .

— יאָ, איך קאָן דעמדאָזיקן מיין פריינט.

— איך האָף, אַז דו האָסט מיך געשילדערט שיין און אויפריכטיק . . .

— איך האָף אויך אַזוי.

— פאַרוואָס האָסטו מיר ניט צוגעשיקט קיין בוך?

— איך וועל צושיקן.

— און פאַרוואָס האָסטו מיך ניט אָפּגערופן די גאַנצע צייט?

— צוליב וואָס? . . . ס׳טוט דיר באַנג?

— עס איז געבליבן אַ געפיל פון עפּעס . . . אַ בענקעניש. אַ בענקעניש נאָך ווערטער, וואָס זענען געווען אָנגענעם . . .

זיי זענען געגאַנגען דורך דעם פּאַרק. געגאַנגען אין דער טונקע־לער אַלייע האַנט באַ האַנט און געשוויגן, געפילט די אָנגענעמע נאָענט־קייט בלויז אין דעם באַריר פון די פינגער.

— דו ווייסט — האָט באַראַש געזאָגט — מיר דאַכט זיך, אַז טאַקע בלויז נאָך די ווערטער איז באַ דיר געבליבן אַ בענקעניש. בלויז נאָך די אָנגענעמע ווערטער . . .

— און באַ דיר? — האָט זי געפרעגט.

— איך בענק נאָך אונזערע געמיינזאַמע געדאַנקען, וואָס האָבן אונדז געטראָגן ווי ווילדע גענדז מיט צעשפּרייטע פליגל צו דיזעלבע פאַרלאַנגען.

— דו רעדסט, ווי דו האָסט שטענדיק גערעדט. דו ווייסט אָבער אַליין, אַז ווען ס׳איז שוין ניט געבליבן קיין ווינקל אין מיין נשמה אויס־צושפּירן, האָסטו אָנגעוואוירן די אינספּיראַציע . . . צו זען מיך און צו רעדן צו מיר.

— מענטשן הייראַטן, ווערן צוגעוואוינט איינער צום צווייטן און דאַך געפינען זיי עפּעס געמיינשאַפטלעכעס, וואָס האַלט זיי פאַראינטע־רעסירט און צוגעבונדן.

— אָ, באַראַש . . . דו ווייסט ווי עס איז . . . אָט־אָ־די צוגע־בונדנקייט. אָט־אָ־די צוגעבונדנקייט אין פאַרהייראַטן לעבן האָט אונדז טאַקע אפשר געבראַכט איינער צום צווייטן. ווייס איך דען ניט, וואָס עס הייסט צוגעבונדנקייט און אינטערעס צו מיין מאַן און צו מיין היים? און דו, ווייסטו דען ניט? מיר זענען ביידע צוגעבונדן מיט ליב און

לעבן, איעדער צו זיין היים. פריינדשאפט איז אבער ווי א בוך. מיר לייענען איבער דאס בוך, מיר ווארפן עס אבער ניט אוועק, אויב דאס בוך איז אונדז ליב.

— עס בלייבט ליגן צווישן אנדערע ביכער? — האט בארא א קיבעץ געטאן.

— דו ביזט געווארן א ציניקער.

— ניין, גלאט א קיבעצער.

— דו א קיבעצער . . . כא! דו ביזט קיינמאל ניט געווען קיין קיבעצער. א קיבעצער שטעכט אפט און דו קאנסט ניט שטעכן.

— דו זעסט מיך נאך אין דעם ליכט פון אונזערע ערשטע טעג. איך גלייב, אז איך בין יא געווארן א שטעכיקער.

— פארוואס האסטו ניט אפגערופן אמאל?

— איך האב געטראכט וועגן דיר. און איך האב אפט געפילט א בענקשאפט נאך יענע, נאך אונדזערע טעג.

— טא, פארוואס ביזטו ניט געקומען?

— געווארט, אז . . . די שווערקייט פון די טעג זאל ווערן אומ־דערטרעגלעך. ווען איך וועל פילן אזוי, ווען איך וועל אויפהערן צו שפירן אין זיך דעם כח צו פליען, צו וואגן, צו טרוימען . . . דעמאלט . . . דעמאלט . . .

— דעמאלט וועסטו קומען צו מיר?

— יא . . .

— ווען דו וועסט ווערן אלט? . . .

— דער סוף, שעליא, איז ניט שטענדיק אין דער עלטער. ווען אלץ אין מיר וועט אויסגעשעפט ווערן, ווען די עסענץ פון מיין לעבן, וואס האלט מיך אויף, וועט אויסגעוועפט ווערן, דעמאלט וועל איך אפשר וועלן פרואוון ווידער א פלי צו טאן . . . צום לעצטן מאל.

— עס דערמאנט מיר אן גארקיס א פאעמע, וואס דו האסט אמאל פארגעלייענט פאר מיר.

— א, יא, „דער שטורעמפויגל" . . . ביזט גערעכט. דער פאר־גלייך איז א גוטער. אויב איך וועל ניט קאנען פאנאנדערנעמען מיינע פליגל א פלי צו טאן, וועל איך זיך אראפקייקלען פון דער סקאלע אין תהום אריין, אום ווידער צו שפירן דעם גענוס פון פליען — און אפשר גאר פון פאלן. ווארן, עס ווייזט אויס, אז טאקע בלויז אין דעם מאמענט, וואס פארשליסט, בלויז אין דעם מאמענט ליגט דער גאנצער סוד פון לעבן.

— ס׳איז אביסל א ציניִשער בליק אויף דעם לעבן.

— ציניזם, נאך אלעמען, איז בלויז א פילאזאפישער און ניכטע־

רער בליק אויף דעם לעבן, אויסגעדריקט אין אַן אָפּענעם, נאַקעטן שטיי־גער, און אַזוי פיל איך, לעצטנס, צו זיין און צו לעבן.

— לעבסטו אַזוי?

— ניטאָ קיין מוט.

— טאָ צו וואָס די גאַנצע פילאָזאָפיע?

— עס העלפט. עס מאַכט לייכטער דעם יאָך און נענטער די אילוזיע.

— פאָדערט זיך דען אַזוי פיל מוט צו זיין, וואָס עס ווילט זיך, אָדער ווי עס ווילט זיך זיין?

— אָ, וויפל מוט דאָס פאָדערט . . . וויפל מוט, ווען דו נעמסט באַגרייפן!

— און וואָס וועגן אונזער . . . אָפּקילונג? האָט זיך געפאָדערט מוט אויף פאַר דעם?

— ניין. עס איז געקומען אפשר אַלס רעזולטאַט פון . . . מורא.

— מורא פאַר וואָס?

— מורא פאַרן סוף. ווייל ניט דיר און ניט מיר האָט זיך געוואָלט טרינקען דעם געטראַנק ביזן גרונט; ווייל אויף דעם גרונט בלייבט אָפט דער פּרעסיפּיטאַט, וואָס איז ווי זאַמד צווישן די ציין. און ניט דיר און ניט מיר האָט זיך געוואָלט הערן דעם לעצטן „גוד־ביי" — האָבן מיר אונטערגעצוונדן אונדזער בריק פון ביידע זייטן. דו פון דיין זייט — איך פון מיין זייט . . .

— גלייבסטו, אַז דער בריק איז אינגאַנצן פאַרברענט?

— אָ, ניין, ניט אינגאַנצן. עס זענען נאָך געבליבן אונדזערע טרויערישע לופט־בריקן, וועלכע ווערן קיינמאָל ניט פאַרברענט. און אָט אויף אַזאַ בריק, ווייזט אויס, וועל איך נאָך אַמאָל קומען צו דיר.

— ווייזט אויס, אַז פאַרברענט געוואָרן זענען בלויז די פיזישע בריקן — האָט זי זיך צוגעטוליעט צו אים און איינגעגראָבן זיך מיט די נעגל אין זיין האַנט.

דער סעפּטעמבערדיקער אָוונט האָט פאַרדעקט דעם פּאַרק. ס'איז געווען שטיל אַרום. זיי האָבן געשוויגן. ער האָט געוואַרט אויף אירע ווערטער און אויף אירע פראַגן וועגן זיין נאָוועלע און זי האָט ניט גע־פרעגט און ניט געטראַכט וועגן דעם. איר בליק האָט זיך געצויגן צום ווייט־ווייט פייערדיקן נעאָן־שילד, וואָס האָט געבליצט מיט דעם וואָרט „האָטעל . . . האָטעל . . . האָטעל . . ." און זי האָט זיך געזען אין אַ צימער, אין אַ פרעמדן, אומבאַקאַנטן צימער און אים, באַראַשן, נעבן זיך. ער האָט אָבער ניט געקוקט אויף דעם שילד און ניט געקאַנט

לייענען אירע געדאַנקען. באַם אַרויסגאַנג פון פּאַרק זענען זיי ווידער צוגעקומען צו אַ סאַבוויי סטאַנציע און זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט.

— נו, איך מוז שוין גיין — האָט ער געזאָגט.

— דו מוזט ?

— איך מוז.

— אַמאָל פלעג איך זאָגן „איך מוז שוין גיין” און איצט זאָגסטו. נו, אַז מ׳מוז — מוז מען. איך האָף אָבער, אַז מיר וועלן זיך נאָך זען . . . דו וועסט קומען פאַרלייענען פאַר מיר דיין נאָוועלע. דערווייל — אַ גוטע נאַכט.

ער האָט גענומען איר האַנט און געקוקט אין אירע אויגן; געזען ווי עס שלענגלט זיך אויף אירע ליפּן אַ שמייכל פון אַנטוישונג. האָט



ער אַ קוש געטאָן אירע פינגער, געלאָזט זיי לאַנגזאַם אַרויסגליטשן זיך פון זיינע הענט:

— אַ גוטע נאַכט.

ער איז געשטאַנען און נאָכגעקוקט איר, ווי זי גייט אַוועק פון אים אַ שטאָלצע און עלעגאַנטע. און דער באַגער נאָך איר האָט גענו־מען נאָכלויפן אין זיינע בליקן, און די בליקן האָבן טריב און וואַרעם אַרומגענומען איר קאָפּ, אירע רונדע אַקסלען, אירע שלאַנקע היפטן, ביז דעם קנאָכל פון אירע פיס . . . שעליאַ . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

באַראַש איז געגאַנגען צום „טעאַליט”. עס איז שוין געווען שפּעט־לעך און די גאַס איז געווען פּוסט. געזען ווי עס קומען אים אַנטקעגן אַ מאַן און אַ פרוי, ביידע רעדן וועגן עפּעס און קוקן אויף אים. פאַר־בייגייענדיק, האָט אים דער מאַן אַ שטופּ געטאָן פון ראָג און איז געגאַנ־גען ווייטער. דאָס וואָרט „דזשו” האָט זיך ווי דער שיפּע פון אַ שלאַנג דערטראָגן צו באַראַשן. ער איז געבליבן שטיין און נאָכגעקוקט זיי און דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט מיט ווייטיק. אַ געפיל פון נקמה האָט זיך ווי אויף הייסע כוואַליעס בלוט געטראָגן אין אים און געזוכט עפּעס אַ וועג, עפּעס אַ דורכבראָך. די נאַכט האָט גערוישט אין די אויערן מיט דזשאַנגל־טענער און דאָס האַרץ האָט שוואַך געבעטן זיך: באַפריי מיך . . . באַפריי מיך פון דעם אייביקן פּאַמפּען פון בלוט, פון בלוט, וואָס איז פאַרהאַסט, וואָס צינדט זיך אָן אויף אַ ווילע און ווערט גלייך אויס־געלאָשן — באַפריי מיך . . .

ווען ער איז אַריינגעקומען אין דעם „טעאַליט”, האָט ער זיך ווי

אַן אונטערגעהאַקטער אַראָפּגעלאָזט אויף אַ בענקל באַ אַ זייטיקן טישל און געבליבן זיצן אַ פאַרטראַכטער און מידער.

בענדער, וואָס איז געזעסן ניט ווייט, האָט אים דערזען און, מיט־נעמענדיק מיט זיך דאָס גלעזל קאַווע, איז ער צוגעקומען צו באַראַשעס טישל און אַנידערגעזעצט זיך לעבן אים. עס האָט זיך פאַרבונדן דער געוויינלעכער, ווי אַ רעקאָרדירטער, געשפּרעך: די פּרעסע, די שרייבער, די מלחמה און דער רשע, דער שטייגנדיקער מאַניאַק היטלער. באַראַש האָט דערציילט וועגן זיין באַגעגעניש אויף דעם ראָג און בענדער האָט דערציילט וועגן אַ רעדע פון אַ סענאַטאָר, וואָס ער האָט אין דעם אָוונט געהערט — אַ רעדע פול מיט אַנטיסעמיטישן האַס, אַ רעדע, וואָס האָט געגליוועט דאָס בלוט און פאַראַליזירט דעם מח מיט שרעק און מיט אויפרעגונג.

— ווי דערלאָזט מען דאָס ?! ווי דערלאָזט מען דאָס ?! — האָט בענדער געשריגן — ווי איז דאָס מעגלעך, אַז אין אַ דעמאָקראַטיש לאַנד זאָל דאָס פרייע וואָרט פאַרשאַפן אַזוי פיל צער, אַזוי פיל האַס, אַזוי פיל אומגערעכטיקייט. און נאָך דעם אַלעמען זאָל מען זיך צאַצקען מיט אָט דעם וואָרט און קעמפן פאַר דעם, פאַר דעם וואָרט, וואָס קאָן טראָגן מיט זיך אַזוי פיל סם, אַזוי פיל האַס . . . דעמאָקראַטיע ! „פרי ספּיטש״, בע !

— עס איז גענוג טרויעריק, ווען דו זעסט ווי דאָס פרייע וואָרט ווערט הפקרדיק און אַ געצייג פון מערדער — האָט באַראַש געענט־פערט — טרויעריקער איז אָבער דער פאַקט, וואָס איר און איך דאַרפן רעדן אָט אַזוי, מיט אָט אַזעלכע ווערטער וועגן דעמאָקראַטיע און וועגן דעם פרייען וואָרט. וואָס פאַר אַ פּאַראַדאָקס דאָס איז, כאָטש דער פּאַ־ראַדאָקס ליגט ניט אין דער דעמאָקראַטיע, ניט אין פרייען וואָרט, נאָר אין דעם מענטשן, וואָס ווייסט ניט ווי צו האַלטן עס ריין פון בלוט און פון סם.

— לאָמיר זיך ניט נאַרן, באַראַש . . . די דעמאָקראַטישע אי־דייע, וואָס איז נאָך אַלץ בלויז אַן אידייע און דאָס פרייע וואָרט, וואָס איז נאָך אַלץ בלויז פאַר פּריווילעגירטע, געפינט דעם תיקון דערווײַלע בלויז אין דעם כאַראַקטער און אין די טאַטן פון איינציקע, אינדיווידועלע מענטשן. אויב עס איז אין זייער כאַראַקטער צו זיין דעמאָקראַטיש, וועלן זיי זיין דעמאָקראַטיש אפילו אונטער אַ דיקטאַטור. דער אומגליק מיט דעם מענטשן איז, וואָס ער איז נאָך ניט דערוואָקסן צו דעם, מיר האָבן זיך נאָך ניט אויסגעטשוכעט פון דעם אורנג־אוטאַנגישן קאַשמאַר. מיר זענען נאָך אַלץ ווילד, אפילו ווען די ציוויליזאַציע אונדזערע דערהייבט אונדז צו די הימלען. פאַרוואָס דענקט איר, האָט אייך דער כוליגאַן אַ

שטופּ געטאָן און דערלאַנגט אַ זעץ אין דער ברוסט? און פאַרוואָס דענקט איר, האָט דער סענאַטאָר געגאָסן פּעך און שוועבל אויף אונדז? ווייל די חיה לעבט נאָך אין זיי. די חיה האָסט אינסטינקטיוו, ניט ווייסנדיק פאַרוואָס און צוליב וואָס . . .

— פאַרוואָס, אויב אַזוי, בין איך ניט אַזוי, זענט איר ניט אַזוי? — האָט באַראַש אַ שמייכל געטאָן.

— האָט איר קיינמאָל ניט געזען אין די קינאָס, ווי מאַלפּעלעך, באַבונעך שפּרינגען אויפגערעגטע און דערשראָקענע, ווען זיי דערהערן דעם ברום פון דעם טיגער? יאָ, אפילו צווישן די חיות זענען פאַראַן בלוטדורשטיקע טיגערס און שוואַכע לעמעלעך. די געשיכטע האָט גע־וואָלט, אַז מיר זאָלן זיין די פאַרפאָלגטע און די שוואַכע — וואָלטן מיר אָבער אַריינגעקראָגן אַ מאַכט, ווי די גרויסע מעכטע, וואָלט איר געזען ווי מיר וואָלטן זיך אויסגעמענטשלט, ווי עס וואָלט אַ ברום געטאָן פון אונדז דער אוראַנג־אוטאַנג.

— אויב אַזוי, איז דאָך ניטאָ ווער צו באַשולדיקן, אַחוץ דער נאַטור . . .

— איז טאַקע ניטאָ . . . — האָט בענדער געטרונקען די קאַווע און פּלוצים אַ כאַפּ געטאָן זיך באַ דער ברוסט.

— איר פילט ניט גוט? — האָט זיך באַראַש צוגעבויגן צו אים.

— צו אַלדע שוואַרצע יאָר . . . אָט אַזוי טוט עס מיך אַ כאַפּ, לעצטנס, אַז ס׳ווייזט זיך מיר אויס — אָט, שוין — קאַפּוט! דער מאָטאָר בלייבט שטיין און גענוג געפאָרן . . . ס׳לאָזט מיך אָבער גלייך אָפּ און איך בין ווידער אַ מענטש . . .

— פאַרוואָס גייט איר ניט אַריין צו אַ דאָקטאָר?

— עט! — האָט בענדער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — אַ דאָק־טאָר, מיינט איר, איז עפּעס אַ גאָווערנאָר, וואָס קאָן אָפּלייגן דעם טויט־אורטייל? ניין, באַראַש, אַז די צייט קומט, העלפט ניט קיין דאָקטאָר.

— אַזוי אַלט זענט איר שוין?

— זעכציק יאָר באַ אַזאַ יידן ווי איך, איז אַ גאַנץ אַלטע מדרגה — האָט ער זיך אויפגעהויבן. — איך דענק, איך וועל זיך לאָזן אַהיימגיין. איר הערט, באַראַש, ווען ניט דער „טעאַליט״, וואָלט איך שוין, מסתמא, פון לאַנג געווען אַ טויטער. מיר שטאַרבן אָבער אַוועק . . . איינער נאָכן צווייטן און דער סוף וועט זיין, אַז ס׳וועט ווערן אויס „טעאַליט״. ס׳עט אַוועקשטאַרבן אויך די אינסטיטוציע, וואָס וועט זיכער אַריין אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור. דער „טעאַליט״ — די שוויץ־באָד פון דער יידישער קונסט . . . וואו אַזויפיל דיכטער האָבן זיך געפּייניקט מיט קונסט־שמערץ. בע! אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט, בענדער . . . — האָט אים באַראַש נאָכגעקוקט מיט אַ טריבן שמייכל.

דער דיכטער שאַפּיר איז צוגעקומען צו באַראַשעס טיש.

— זיצט — האָט זיך באַראַש דערפרייט מיט אים. — אַן עלטערער שרייבער וואַרפט אָן אַ טרויער . . . מיט אייך, אינגערע, פילט מען זיך מוטיקער.

— עס וואָלט באַדאַרפט צו זיין אַזוי, פריינט באַראַש — האָט שאַפּיר געענטפערט — עס איז אָבער, דאַכט זיך מיר, פונקט פאַרקערט. מיר יונגע וואַרפן אָן מער טרויער ווי די אַלטע . . . מיר זענען, דאַכט זיך, אַלע זיבעלעך — ניט־דערטראָגענע.

— וואָס עפּעס אַזאַ פּעסימיזם, שאַפּיר ?

— וואו נעמט מען דעם אָפּטימיזם, פריינט באַראַש ? ציען אים פון דעם הימל ? איך האָב דען מיט וועמען אַ יידיש וואָרט אַרויסצורעדן, אַחוץ . . . מיט די אַלטע ? ניטאָ קיין יוגנט, ניטאָ קיין יונגע שאַפער, ניטאָ די בלימעלעך, די ביימעלעך, וואָס זאָלן וואַקסן מיט דעם נאַטיר־לעכן וואוקס, ווי . . . ווי . . . ווי . . . און ניט נאָר דאָס אַלייך . . . ליטעראַטור שרייבט מען איצט ניט אויף ריינעם, ווייסן פּאַפּיר, נאָר אויף אַסיגנאַציעס . . . ליטעראַטור איז געוואָרן אַ „רעקעט״. און יעדער שרייבער, צי ער וויל, צי ער וויל ניט, איז אַ געשטעמפּלטער פון דעם עולם־גולם. איינער טראָגט אַ געלע לאַטע, דער צווייטער אַ רויטע לאַטע, דער דריטער אַ בלויע לאַטע. שרייב איך אָן אַ ליד און דרוק זי אָפּ אין אַ ראַדיקאַלער שריפט — איז אויס, בין איך אַ קאָמוניסט, אַ משומד און די איבעריקע יידישע וועלט וויל פון מיר ניט וויסן. און פאַרקערט. קאָן דען אמתע קונסט, אמתע דיכטונג זיין לינק אָדער רעכט ? קאָן דען אמתע קונסט ווערן אַ . . . אַ . . .

— איך פאַרשטיי אייך, שאַפּיר — האָט אים באַראַש אָנגענומען באַם אָרעם — אָבער ניט איך און ניט איר וועלן שוין ענדערן די לאַגע. איר אפשר יאָ, איר זענט אינגער פון מיר און איר וועט נאָך אפשר האָבן דעם כוח און דעם מוט אַ קלאַפּ צו טאָן אין טיש און זאָגן דעם אמת, דעם גאַנצן אמת וועגן אונדזער ליטעראַטור, וועגן אונדזערע שרייבער און וועגן אונדזערע לייענער . . . אויב מיר וועלן זיי האָבן. אָבער פאַרצווייפלט דאַרף מען ניט זיין. דער גייסט פון שאַפונג שטייט נאָך אַלץ איבער דעם אַלעמען . . . און עס וועלן נאָך קומען עהרלעכע צייטן, שאַפּיר. זיי וועלן קומען.

— עס ווילט זיך גלייבן אין דעם.

— טאָ גלייבט און שאַפט.

זיי האָבן געטרונקען קאַווע, געדריכעדט און גערעדט און ווען זיי האָבן זיך אויפגעהויבן אַהיימצוגיין, איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט.

און ווען באַראַש איז ווידער פאַרבייגעגאַנגען דעם סקווער, וואו הימלקראַצערס האָבן אונטערגעשפּאַרט די טונקעלע וואָלקנס מיט זייערע שטיינערנע קעפּ, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און געקוקט אין דער פינצ־טערער הויכקייט און גערעדט צו זיך: זיי וועלן שטיין שטאַרקע, מעכ־טיקע און שטומע און זיי וועלן קוקן אַרויף צו די שטערן און אַראָפּ צו די אָרעמע, בענקענדיקע מענטשן . . . זיי וועלן שטיין אַ דור, און צוויי און דריי . . . און איך וועל ליגן אין דער ערד און איך וועל גאָרנישט ניט זען און פון גאָרנישט ניט וויסן . . . און קיינער וועט מיין נאָמען ניט דערמאָנען. און אויב מ׳וועט אים יאָ דערמאָנען, וועט ער שוין זיין בלויז ווי אַ סימבאָל, ווי אַן אַבסטראַקציע, ווי אַ מעשה פון עמיצן, וואָס איז געווען — ווי ניט געווען . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, ווען באַראַש איז אינדערפרי אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט, האָט ער דערזען אין דער צייטונג אַ נאָטיץ, אַז בענדער איז פּלוצים געשטאָרבן.

ער איז געבליבן שטיין אַ דערשלאָגענער און צעטומלטער.

און דעם טאָג איז ער שוין צו דער אַרבעט ניט געגאַנגען.

דער טויט האָט דערמאָנט, און דער טויט איז געגאַנגען נעבן אים און האָט פילאָזאָפירט. פון הינטן איז נאָכגעלאָפן אַ טריבקייט, ווי די קאַלטקייט פון וויטן צפון — אין פאַראויס ערגעץ אין דער ווייטקייט זענען געלעגן ווי מיראַזשן, ווייסע באַשנייטע פעלדער איבער וועלכע עס האָבן געשוועבט און געפאָכעט מיט פליגלען שוואַרצע מיסטישע קראָען.

אָפּט, גאַנץ אָפט פלעגט אין סדומיקן ניו־יאָרק אַוועקגיין פון לעבן אַ נאָענטער פריינט, אַ באַקאַנטער שרייבער, אַ באַרימטער מענטש. דע־מאָלט, אין דעם שאָטן פון טויט, פלעגט באַראַש אַוועקלאָזן זיך אין דער קאַלטער איינזאַמקייט פון זיין שטימונג און פירן זיך אַליין, דורך דעם לעבן זיינעם, צום ברעג, צום אייגענעם סוף, וואָס איז ענדלאָזער, אומ־באַקאַנטער, טונקעלער תהום. אַזוי אויך איצט.

אויך איצט האָט ער זיך געפירט דורך דעם פאַרגאַנגענעם לעבן, אויפגעקליבן דאָ און דאָרט פאַרגעסענע טראָפּייען און געזען, ווי זיי ליגן אין זיינע הענט ווי שטויב, נישטיקער שטויב, וואָס ווערט פאַנאַנדערגע־טראָגן פון ווינט. און אַלעס, אַלעס, וואָס האָט געפרייט די נשמה, וואָס האָט געפייניקט די נשמה, וואָס האָט צעצונדן דעם טרוים און געטריבן אין געיעג נאָך גענוס, נאָך רום — אַלעס איז געוואָרן שטויב און ווינט.

דעריבער — האָט דער מוח רעזאָנירט — לאָז די פייערן און די שטורעמס פון לעבן בלאָזן און פאַרצערן. וואָרן דיין פרייד און דיין טריב־קייט איז אומזיסט. דאָס בלוט דיינס איז פונקט אַזוי הייליק און פונקט אַזוי ווערטלאָז, ווי דאָס בלוט פון אַ וואָרעם. און אויב דיין געדאַנק און דיין וואָרט און דיין געלעכטער דערהייבט דיך צו אים, צו דעם אומפאַר־גלייכלעכן זשעני פון באַשאַף, איז אָבער דיין פאַלן, דיין סוף — אַ בי־טערע איראָניע, אַ זינלאָזער פּאַראַדאָקס אין דיינע אייגענע אויגן, אין דיינע אויגן, מענטש.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

עס איז ווידער אָנגעקומען אַ בריוו פון אַדאַס מוטער. זי האָט גע־שריבן, אַז די קוזינע האָט טאַקע באמת אַ שטעלע פאַר אַדאַן — אַ שטעלע אין סאַמע האליוואוד. און אויב זי, אדא, דענקט, אַז ער, באַראַש, וועט ניט זיין קעגן, קאָן זי גלייך קומען און נעמען דעם דזשאַב. עס איז אַ גן עדן אין האליוואוד און מיט דער צייט וועט ער אַליין אויך קאָנען קומען צו איר און . . . וועד וויסט . . .

באַראַש האָט איבערגעלייענט דעם בריוו און געפילט אויף זיך אַדאַס בליקן און געוואוסט, אַז זי דערוואַרט פון אים אַן ענטפער — אַ פּאָזיטיוון ענטפער. ווען ער האָט אָבער גאָרניט געזאָגט, האָט זי אַ פרעג געטאָן:

— נו ?

— וואָס נו ?

— וואָס דענקסטו וועגן דעם ?

— איך ווייס ניט וואָס צו דענקען. דו ווילסט איך זאָל אַרויס־זאָגן מיין מיינונג קאַטעגאָריש, אַזוי צו זאָגן — יאָ, אָדער ניין. נו, איך קאָן דיר ניט זאָגן יאָ און איך קאָן דיר ניט זאָגן ניין. טו ווי דו פאַרשטייסט.

— דו האָסט מיך קיינמאָל ניט דערמוטיקט.

— עס איז ניט אַ פראַגע פון דערמוטיקונג, אָדער אָנטמוטיקונג. עס איז בלויז שווער פאַר מיר צו זען דעם זין אָדער דעם אומזין, די פּראַק־טישקייט אָדער אומפּראַקטישקייט פון דעם. טו ווי דו פאַרשטייסט, און ווי דו דענקסט עס וועט זיין בעסער פאַר דיר.

— ווען עס לוינט זיך דיר ניט, האָסטו אַ טבע אָפּצוואַשן די הענט און איבערלאָזן צו מיר דעם גאַנצן יאָך פון באַשלוס.

— פאַרוואָס דענקסטו, אַז עס לוינט זיך ניט פאַר מיר ?

— ווייל דו ווייסט, אַז מיט מיינע פעיִקייטן און מיט מיין ענער־גיע קאָן איך זיך דערשלאָגן צו עפּעס און וואָלט אָנגערירט דיין שטאָלץ.

— נו, און איך, דענקסטו, האָב ניט גענוג ענערגיע און פּיאיקייטן צו דערשלאָגן זיך צו עפּעס? זענען מיינע דערגרייכונגען — נול?

— זיי זענען אָבער ניט קיין ממשותדיקע דערגרייכונגען.

— איך וועל זיך אָנשטרענגען און קויפן אַן אָטאָמאָביל, אויב דו ווילסט און איך וועל דיך שיקן זומער אין די בערג, אויב דו ווילסט . . .

— אָ, וואָס פאַר אַ . . . סאַדיסט דו ביזט! — איז זי בייז געוואָרן.

— איך בין אַ סאַדיסט? — האָט אויך אין אים גענומען זידן אַ באַליידיקונג.

דער טעלעפאָן האָט זיך צעקלונגען און אַדאַ איז געגאַנגען ענטפערן. און מיט דעם האָט זיך אין דעם אָוונט געענדיקט דער עפּיזאָד מיטן צווייטן בריוו פון דער מוטער.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווינטיקע און רעגנדיקע אָוונטן פלעגן אָנווייען באַזונדערע שטימונגען אויף באַראַשן. אין אַזעלכע אָוונטן פלעגט ער ליב האָבן אַרויסצוגיין שפּאַצירן, אויפהויבן דעם קאָלנער פון ראָק, אַראָפּבייגן דעם הוט און שפּאַנען מיט פעסטע און ברייטע טריט איבער די נאַסע, שיינענדיקע אַספאַלטענע ראָגן. אין אַזעלכע אָוונטן פלעגן געדאַנקען קומען צו אים ווי רויטע פייערלעך און זיי פלעגן רופן אים און ציען אים צו שטילע, אינטימע ווינקלען, גראַדע צו ווינקלען, וואו עס האָבן געוואַרט וואַרעמע שמייכלען און וואַרעמע פינגער פון אַ פרוי. עס איז געווען גוט צו שפּאַנען און צו טראַכטן וועגן דעם און פאַרגעסן, אַז אין דער וועלט שטורעמען שוואַרצע ווינטערס און מיליאָנען קאַלטע, גוססדיקע ליפּן הויבן אויס דעם לעצטן אָטעם. מערסטנס פלעגן אים אָבער די געדאַנקען, די שטימונגספולע וואַגאַבונדן, פאַרטראָגן אין אַ קינאָ־טעאַטער און דאָרט, אין אַ ווינקל, צווישן הונדערטער פרעמדע טרוימער, פלעגט ער אויך פאַרטראָגן ווערן צו אויסגעטראַכטע ליידנשאַפטלעכע וועלטן.

אין דעם אָוונט האָט געבלאָזן אַ קאַלטער ווינט. דורך די פענצטער האָט באַראַש געקאָנט זען, ווי אין פּאַרק טראָגן זיך פאַרבליבענע, פאַרטריקנטע און פאַרגעלטע בלעטער. און סיי דער ווינט און סיי די בלעטער האָבן אַ צי געטאָן אַרויסצוגיין — באַהעפטן זיך מיטן האַרבסטיקן גייסט.

אַדאַ האָט עפּעס געניית און עווא האָט געלייענט.

— איך פאָר דאַון־טאַון — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

— פאָר, אויב עס גלוסט זיך דיר — האָט אַדאַ געענטפערט, אַ פאַרנומענע מיט איר אַרבעט.

ער איז אַרויסגעגאַנגען. געלאָזט זיך גיין צום סאָבוויי און, זיצנדיק שוין אין באַן און האַלטנדיק אין דער האַנט דאָס בוך „לבנה ליכט אין בלוט״, וועלכעס ער האָט מיטגענומען (אין „טעאַליט״, האָט ער געטראַכט, ווען ער זיכער טרעפן אַ קאָלעגע, וועמען ער האָט נאָך דאָס בוך ניט געגעבן) האָט ער זיך פלוצים דערמאָנט אָן שעליאָן. אין אַזאַ אָוונט וואָלט גוט געווען פאַרצולייענען פאַר איר די נאָוועלע. און בילדער, ווי פאַרהאַנגענע מיט וואָלקן, האָבן אַ שוועב געטאָן אין מח און דערמאָנט אָן טרוימען, וואָס זענען געוואָרן רעאַל און פון רעאַל ווידער טרוימען. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ער פלעגט אָנקלינגען: איינמאָל — קורץ: און זי האָט שוין געוואוסט, זי פלעגט שוין דערקענען, אַז דאָס איז ער און זי פלעגט שטיין באַ דער טיר און וואַרטן, און באַגעגענען אים מיט איר קלוגן שמייכל.

דער באַן איז געפלויגן און באַראַש האָט דערפילט, אַז באַלד, אָט באַלד איז די סטאַנציע, וואו ער פלעגט אַרויסגיין אויף דעם וועג צו איר. און ווען דער באַן איז צוגעקומען צו דער סטאַנציע, האָט עס אים אַ ציִ געטאָן פון דער באַנק און ער איז אַרויס.

ער איז געגאַנגען מיט די אַלייען פון פאַרק. צוגעהערט זיך צום שאָרשקען פון די בלעטער. געקוקט אויף די הימלקראַצער־האָטעלן, וואָס האָבן זיך געצויגן מיט דער לענג פון דער עוועניו און, צוקומענדיק צום אַפּאַרטמענט־האָטעל וואו זי האָט געוואוינט, איז ער געבליבן שטיין. געטראַכט: אָט ערשט ניט לאַנג צוריק איז ער דאָך געשטאַנען אַזוי נאָענט לעבן איר און אין אירע ווערטער האָט ער געזען אַזוי פיל צעפּראַלטע טירן; און ער האָט געוואוסט און געפילט איר וואונטש און באַגער און דאָך האָט ער ניט אַריבערגעטראָטן די שוועל. אָבער איצט, שטייענדיק באַ דער בריטער, מאַסיווער און פאַרמאַכטער טיר, האָט זיך די האַנט אַ ציִ געטאָן צום עלעקטרישן קנעפל און דער פינגער האָט אַ דריק געטאָן — איינמאָל — קורץ . . . אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען אין דערוואַרטונג, האָפנדיק, אַז זי איז אַליין. ער איז געווען כמעט זיכער אין דעם. ער האָט געוואוסט, אַז אין דידאָזיקע אָוונטן איז איר מאַן, דאָקטאָר שוביק, קיינמאָל ניט אין דער היים. אָבער אויב ער איז יאָ אין דער היים — וואָס וועט ער זאָגן? ער האָט דערהערט דעם בזזז . . . פון עלעקטרישן גלעקל און, אַריינגייענדיק אין אָטאָמאַטישן עלעווייטאָר, האָט ער זיך געלאָזט פירן צום פינפטן שטאָק.

זי איז, ווי אַמאָל, געשטאַנען אויף דער שוועל פון דער אָפענער טיר און געקוקט אויף אים אַ פאַרוואונדערטע און דערפרייטע.

— איך האָב דערקאָנט דיין קלונג, איך בין אָבער ניט געווען זיכער, אַז ס׳איז ווירקלעך דו . . . — האָט זי געזאָגט.

— עס ווייזט אויס, אַז דאָס בין איך — האָט ער געענטפערט. — און אפשר ניט איך. אפשר האָט עפּעס אַן אַנדערער, אַ צווייטער אין מיר אָנגעקלונגען.

זי האָט אים געגעבן די האַנט און, ניט אָפּלאָזנדיק אים, אַריינגע־פירט אין צימער. דאָסזעלבע צימער ווי אַמאָל; דיזעלבע טעפּיכער אויף דעם דיל; דיזעלבע בילדער אויף די ווענט; דיזעלבע טישלעך מיט ביכער און דיזעלבע לאָמפּן בײַ די טישלעך.

— ס'איז ווי אַמאָל — האָט ער געזאָגט.

— יאָ, ווי אַמאָל. אַלעס, ווי געווען. אפילו מיר זענען, דאַכט זיך, ווי געווען.

— איך ווייס ניט.

— איך ווייס עס — האָט זי אַן ערנסטע געזאָגט. — אפשר מיינען מיר, אַז מיר ווערן אַנדערש, אַז מיר טראַכטן און פילן אַנדערש, ס'איז אָבער דערזעלבער מענטש. זיך, שפּאַציר ניט אַרום. נאָך אַלץ דער נערוועזער שפּאַנער.

— יאָ. — ער האָט זיך אַנידערגעזעצט און פאַרויכערט.

— איך זע . . . האָסטו געהאַלטן דיין צוזאָג . . . אָבער אַזוי גיך?

— וואָס וואונדערט דיך אַזוי?

— איך גלייב ניט, אַז ביזט שוין בײַם סוף, בײַם ברעג און ביזט געקומען אַ בליאַסק טאָן מיטן לעצטן פלאַם, צי אפשר אַ פאַל טאָן מיטן לעצטן פאַל . . .

— דו געדענקסט אַזוי גוט דעם אויסדרוק — האָט ער אַ שמייכל געטאָן.

— איז דאָס אַזוי? — האָט זי געפרעגט.

— ניין, עס איז ניט אַזוי. דערמאָנט זיך אַן דיר און געקומען.

—אַבי דו ביזט דאָ — האָט זי אויך פאַררויכערט. — איך האָב גראָדע היינט געטראַכט וועגן דיר. אַזוי פיל אָוונטן, ווי דער היינטיקער, פלעג איך וואַרטן אויף דיר. און ס'איז מיר געווען לאַנגווייליק היינט. כ'בין, ווי דו זעסט, אַליין, האָב איך געטראַכט פון דיר.

— פון דיין פענצטער זעט מען נאָך אַלץ דעם ליכט־טורעם — האָט ער אַרויסגעקוקט פון דער הויכקייט פון איר צימער.

— יאָ, מ'זעט נאָך אַלץ. וואָס האָסטו געוואָלט, אַז דער ליכט־טורעם זאָל אויך ווערן אַ שפּאַנער?

— און זומער, בײַנאַכט, ווען מ'עפנט דאָס פענצטער, הערט מען נאָך אַלץ דעם רויש פון די כוואַליעס?

— מ׳הערט נאָך אַלץ דעם רויש פון די כוואַליעס — האָט זי נאָכ־געזאָגט, לאַכנדיק.

— און שיפן אויף דעם האָריזאָנט גייען און קומען, קומען און גייען . . .

— וואָס פאַר אַ שטימונג האָסטו מיר געבראַכט — האָט זי אַ פיר געטאָן מיט איר האַנט איבער זיין קאָפּ.

— איך האָב זי ניט געבראַכט — האָט ער געלאָזט וואָלקנס רויך.

— זי שאַפט זיך ערשט איצט.

— האָסט ליב, ווייזט אויס, דידאַזיקע שטימונגען.

— צי איך האָב זיי ליב ? ווי זאָל איך דיר זאָגן . . . מיין „איך״, עפּעס אייגנער אין מיר פלעגט דאָך זיצן דאָ אין דעמדאָזיקן שטול און זען, און פילן, און הערן אָט־אָט־די אַלע זאַכן אַרום און ער פלעגט ליב האָבן די שטימונגען, וואָס דאָס אַרומיקע האָט געשאַפן. יענער „איך״ מיינער, איז אויף אַ ווײַלע אַוועק ערגעץ — אָט ווי די שיפלעך אויף דעם האָריזאָנט. זיי גייען אַוועק און קומען צוריק — דיזעלבע שיפלעך. און אַמאָל גייט אַ שיפל אונטער און קומט מער קיינמאָל ניט צוריק. אָבער אַז מיין „איך״, יענער „איך״ איז איצט צוריקגעקומען, ווילט זיך מיר, אַז ער זאָל זיך פילן אַ היימישער. כאָטש . . . ווען איך זאָל גלייבן אין פאַרגעפיל, וואָלט איך זיך באַדאַרפט צוהערן וואָס דאָס ווינקענדיקע אויג פון ליכט־טורעם זאָגט צו מיר. עס זאָגט מיר: זיי פאָרזיכטיק. אַרום לויערט אַ געפאַר, סקאַלעס, טיפעניש, שטורעם און בליצן . . . זיי פאָרזיכטיק . . .

— אַ גליק איך קאָן דיך מיט דיין שפּראַך, באַראַש, אַנדערש וואָלט איך געמיינט, אַז עפּעס פעלט דאָרט באַ דיר . . . אַ קלעפּקע — —

— ווער ווייסט, אפשר פעלט מיר . . . — האָט ער אָנגענומען איר האַנט און האָט אַ קוש געטאָן אירע פינגער — זי האָט זיך אַנידער־געזעצט באַ זיינע פיס, געקוקט אויף די טיפע ווינקלען פון זיין שטערן, אויף זיין פאַרשפּיצטער נאָז, אויף דעם טונקעלן מאַטן פּנים און געזוכט דעם סוד פון זיין שטימונג, פון זיין פּלוצימדיקן קומען צו איר נאָך יאָרן פון אָפּגעריסנקייט און אָפּגעזונדערטקייט.

און מיטאַמאָל האָבן אַ קלונג געטאָן שליסל אין דעם שלאָס און אין דער אָפענער טיר האָט זיך באַוויזן דאָקטאָר שובין. ער איז געבליבן שטיין אויף אַ רגע ווי פאַרוואונדערט, אַ קוק געטאָן אויף שעליאַן און איז צוגעגאַנגען נענטער.

— מיסטער באַראַש, אויב איך מאַך ניט קיין טעות — האָט ער געזאָגט.

באַראַש און שעליא האָבן זיך ביידע אויפגעהויבן.

— יאָ, דאָס איז מיסטער באַראַש — האָט שעליא געזאָגט און דאָס בלוט איז ווי אַ כוואַליע אָנגעלאָפן און אָפּגעלאָפן אויף איר פּנים.

שובין האָט קאַלט אַ דריק געטאָן באַראַשעס האַנט, אויסגעדרייט זיך און איז אַריינגעגאַנגען אין צווייטן צימער אויסטאָן דעם מאַנטל. שעליא האָט אַ קוק געטאָן אויף באַראַשן און האָט פּרובירט שמייכלען. האָט ער איר געענטפערט מיט אַ שמייכל, אַ ווייז געטאָן מיט דער האַנט אויף דעם פענצטער און געזאָגט:

— דער ליכט־טורעם האָט געוואָרנט.

שובין איז צוריקגעקומען, געווישט מיט דער פּאַטשיילע די ברילן, געשוויגן, טראַכטנדיק וועגן עפּעס און ענדלעך אַ זאָג געטאָן:

— דענקט איר ניט, מיסטער באַראַש, אַז דער געדאַנק איז אָפּט דער גרעסטער שונא פון דעם מענטשן?

— פאַרוואָס דענקט איר אַזוי? — האָט באַראַש געפרעגט.

— אָט האָט ער מיך געטריבן, דער געדאַנק אַהיימצוגיין . . .

— אַ . . . —האָט באַראַש אַ שמייכל געטאָן. — אין דער היינ־זיכט זענט איר גערעכט. ווייל עירשט ניט לאַנג, בלויז מיט אַ שטונדע צוריק, האָט מיט מיר ענלעכעס פּאַסירט. אַ געדאַנק האָט אַ יאָג געטאָן צו פאָרן, בין איך געפאָרן. און ווען איך בין צוגעקומען צו אייער הויז, האָט אַ געדאַנק, אפשר דערזעלבער טייוול, אָנגערייצט אַ קלוגג צו טאָן, האָב איך אָנגעקלונגען. נו, עס איז, דאַכט זיך, אין דעם קיין שום אומ־נאַטירלעכעס ניט פאַראַן — דאָך . . . ווען מ׳זאָל נעמען אַנאַליזירן דעם געדאַנק וועגן געדאַנק, מוז מען קומען צום שלוס, אַז . . . דער געדאַנק איז שולדיק אין דעם און דער געדאַנק איז דערדאָזיקער, וואָס האָט געבראַכט צו אַ סיטואַציע, וואָס פאַרמאָגט אין זיך אַזוי פיל . . . סוביעקטיווע אינטערעסן.

— און איך זע, אַז איר ווייסט ווי צו באַהאַנדלען אַזאַ סיטואַציע, מיסטער באַראַש.

— עס פאָדערט זיך ניט קיין באַזונדערע פייאיקייטן צו זיין מענטש־לעך און אָפנהאַרציק. אָט זענט איר, זע איך, אויך אַזוי.

— איך פּרעטענדיר אפשר צו זיין אַזוי. אָבער לאָמיר זיך אומ־קערן צום געדאַנק. איך בין אַ דאָקטאָר, האָב איך ליב צו אַנאַליזירן זאַכן טיפער, ווייטער אין דער פאַרגאַנגענהייט אַריין. אָט בין איך, אַשטייגער, איבערצייגט, אַז דער געדאַנק, וואָס האָט אייך אַ יאָג געטאָן פאָרן, און דערזעלבער געדאַנק — דער טייוול, ווי איר רופט אים, האָט אייך אָנגערייצט אַ קלונג צו טאָן — דער געדאַנק איז ניט געקומען צו אייך פלוצים. ער איז געלעגן אין אייך שוין אַ לאַנגע צייט און בלויז געוואַרט, אַז איר זאָלט אים לאָזן פריי, אַז ער זאָל קאָנען אַ שלעפּ טאָן,

אַ יאָג טאָן . . . נו, זענט איר ווידער געקומען. אָבער, ווען איך וואָלט אייך געפרעגט: ווי לאַנג וועט אייך דער געדאַנק, דער טייוול, יאָגן און שלעפּן צו מיין טיר — וואָס וואָלט איר געענטפערט? ווי דענקט איר דאַרפן מיר, צוויי ציוויליזירטע מענטשן, באַהאַנדלען אַזאַ מין סיטואַציע: וואָס איז פאַרבונדן, ווי איר אַליין זאָגט, מיט ריין־סוביעקטיווע אינטערעסן?

— עס וואָלט געווען פּראַקטישער אַרומצוגיין אַזאַ סיטואַציע און לאָזן עס צו דער צייט — האָט באַראַש געענטפערט רואיק.

— איר זעט דאָך אָבער, אַז די צייט האָט נאָך ביז איצט גאָרניט אויסגעגלייכט.

— פון אויבערפלאַך אפשר גאָרניט, אָבער טיפער . . . איז דאָס פאַרגאַנגענע . . . אָפּגעקילט.

— אָ, איך ווייס, די צייט קילט אַלצדינג אָפּ, עס בלייבן דאָך אי־בער די געדאַנקען. וואָס טוט מען מיט זיי? וואָס טוט מען מיט אָט די־דאָזיקע אַבסטראַקטע טייוואָלים, וואָס שלעפּן צו פרעמדע טירן?

באַראַש האָט זיך צושמייכלט, ווייל אפילו אין שובינס איראָניע האָט ער דערשפּירט דעם טאָן פון אַ מאַן, וואָס ווייסט און פילט אַליין זייער גוט די מאַכט און די שפּיצלעך פון דע געדאַנקען־טייוואָלים.

— איך בין אַ שרייבער, דאָקטאָר שובין, און לאַכט ניט, ווען איך וועל אייך זאָגן, אַז איך נעם אָפּט מיינע געדאַנקען, מיינע אַבסטראַקטע קאָנספּיראַטאָרס און אינספּיראַטאָרס און, אַנשטאָט צו לאָזן זיך פירן פון זיי, רייץ איך זיי אָן אויף מיינע אומשולדיקע, אויסגעטראַכטע, פיקטיווע מענטשן. און אָפּט טראַכט איך אַפילו, אַז ווען מיינע פיקטיווע העלדן וואָלטן געקאָנט, וואָלטן זיי רעוואָלטירט, ווי די זעקס כאַראַקטערן אין פּיראַנדעלאָס דראַמע. מיינע געדאַנקען געפינען שוין די קרבנות און די קרבנות זענען, צום גליק, מערסטנס, פיקטיווע.

— אָבער אייערע . . . טאַטן, מיסטער באַראַש — אייערע טאַטן אילוסטרירן אייך און זיי פאַרבינדן מיט זיך אויך אַנדערע פערזאָנען, וואָס וואָלטן אפשר ניט געוואָלט זיין פאַרבונדן מיט אייערע, ווי זאָל איך עס אָנרופן . . .

— איר זענט גערעכט, ווען איר זאָגט, אַז מיינע טאַטן אילוסטרירן מיך. זיי זענען אָבער, גלייב איך, מענטשלעכע טאַטן.

— מענטשלעכע טאַטן זענען אָפּט ספּעציפיש מענטשלעך, און דאָס איז ניט קיין דערגרייכונג. מענטשלעכע טאַטן זענען אָפּט ניט די זוי־בערסטע טאַטן.

— איינשטימיק — האָט באַראַש אויסגעהאַלטן זיין בליק.

— און . . . אויב אַזוי . . . — האָט שובין אַ קוק געטאָן אויף אים מיט פאַרזשמורעטע אויגן און דערנאָך איבערגעפירט זיין בליק

אויף שעליאן, וואָס איז די גאַנצע צייט פון געשפּרעך געזעסן אויף דער סאָפע און פּאָלירט איר נעגל. — אויב אַזוי . . . — האָט ער ווי־דעראָלט — קומען ניט אייערע ספּעציפיש מענטשלעכע טאָטן אין קאָנ־פליקט מיט דעם באַרוף פון . . . דעם שרייבער, וואָס דאַרף, אַזוי צו זאָגן, ווייזן אַ ביישפּיל פון העכערער מאָראַל און קולטור?

— איך פאַרשטיי, וואָס איר מיינט, דאָקטאָר שובין. טויזנטער מענטשן שטעלן די פראַגע, וואָס דער שרייבער אַליין שטעלט זיך זעלבסט זייער אָפט. מיין פרוי האָט שוין אויך ניט איינמאָל געשטעלט מיר די־זאָזיקע פראַגע. איך קאָן אויף דעם ענטפערן, אַז ניט אַלץ אין לעבן איז נאָך קלאָר און ניט שטענדיק ווייסן מיר, וואָס עס איז קולטור און מאָראַל. און די צעטיילונג אויף מאָראַליש און אוממאָראַליש און קול־טורעל און אומקולטורעל בלויז דערפאַר, וואָס עס מישט זיך אַריין אַן עמאָציאָנעלער און אינספּירירנדער געפיל צווישן צוויי מענטשן, וואָס האָבן חוץ זייערע געזעצלעכע פליכטן אויך פליכטן צו זייער אינדיווי־דועלן אויסדרוק, צו זייער אינערלעכער גייסטיקער וועלט — אַזאַ צעטיי־לונג איז פונקט אַזוי שעדלעך ווי די קלאַסן־צעטיילונג און שעדלעכער אפילו, ווייל קיין מענטש טאָר ניט און וויל ניט זיין דער שקלאַפן־טרייבער איבער זיינע אייגענע געדאַנקען און עמאָציעס. איך ווייס מיין ענטפער וועט אייך ניט באַפרידיקן, ווייל עס איז שווער צו צעברעכן מיט ווער־טער ווענט, וואָס די מענטשהייט האָט געבויט אַרום זיך יאָרן טויזנטער. אָבער אַזוי איז דאָס. ניט יעדער מענטש איז אַ שרייבער, אָבער יעדער שרייבער איז אַ מענטש, אפילו ווען ער זוכט און דעקט אויף דאָס לעבן און די פּראָבלעמען אין לעבן, וועלכע ער און קיינער קאָן ניט לייזן. און איצט — האָט באַראַש גענומען זוכן מיט די אויגן זיין מאַנטל — איצט גלייב איך, איז צייט צו פאַרענדיקן מיין פאַרענטפערונג, אַזוי צו זאָגן, און לאָזן זיך גיין צוריק אַהיים.

— נאָך איין פראַגע, מיסטער באַראַש — האָט אים שובין אָפּגע־שטעלט. — ווייסט אייער פרוי, אַז איר און . . . שעליא זענט אַזוי . . . נאָענט באַפריינדעט?

— זי ווייסט, אַז מיר זענען געווען באַפריינדעט, אָבער איך ווייס ניט צי זי ווייסט ווי נאָענט, אָדער ווי ווייט . . .

— אָ, זי ווייסט . . . — האָט שובין גענומען שפּאַנען — זי ווייסט. און ווייסט זי — איז ער געבליבן שטיין קעגן באַראַשן — אַז אין אייער נייעם בוך האָט איר באַשריבן, ווי מ׳זאָגט, שעליאן און זיך?

— זי ווייסט, ווי מ׳זאָגט.

— דאָס אַלעס וואָס איך האָב געוואָלט וויסן.

— אויב אַזוי, וועל איך זאָגן אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט, מיסטער באַראַש.

— אַ גוטע נאַכט, שעליא.

— אַ גוטע נאַכט — האָט זי זייער שטיל געענטפערט. — איר וועט מיר אַנטשולדיקן פאַר מיין . . . שווייגעניש.

— שווייגעניש רעדט אָפט העכער פון ווערטער — האָט באַראַש געעפנט די טיר.

— איך האָף צו באַקאָנען זיך איגגיכן מיט מאַדאַם באַראַש — האָט שובין פלוצים אַ זאָג געטאָן.

— דאָס וועט זיין זייער אנגענעם, גלייב איך — האָט באַראַש אַ שמייכל געטאָן.

—איך זאָג עס אייך, ווייל כ'האָב שוין פון לאַנג אינזינען געהאַט דאָס צו טאָן. עס אינטערעסירט מיך צו קאָנען די פרוי פון . . . אַ שרייבער. מיינט אָבער ניט, אַז איך קלייב זיך אָפּצוצאָלן אייך מיט דערזעלבער מטבע, אויב אפילו עס וועט מיר אויסקומען צו רעדן מיט איר וועגן אייער פריינדשאַפט מיט שעליאַן.

— עס איז אייער פריוויליגיע, דאָקטאָר שובין. אַ גוטע נאַכט.

ער איז אַרויסגעגאַנגען. אַ דינער רעגן האָט געקילט דאָס פּנים, ווי אין אַ קאָנספּעקט איז דורכגעלאָפן אין מח דער געשפּרעך צווישן אים און שובינען.

און די נאַכט, און דאָס לעבן האָט אויסגעקוקט פאַרנעפּלטער, אומפאַרשטענדלעך, קאַלטער . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

אין דעם טאָג האָט אין ניו־יאָרק גאָרנישט ניט פּאַסירט, חוץ די געוויינלעכע, טאָג־טעגלעכע, גרויע אינצידענטן, וואָס האָבן פּאַסירט טאָג איין, טאָג אויס, יאָר איין, יאָר אויס. די צייטונגען האָבן אין דעם טאָג דערציילט, ווי געוויינלעך, וועגן גנבות, רויבערייען, זעלבסטמאָרדן, התונות, קאָרופּציע, פייערן, באַנקראָטן, אַקטיאָרן, באָלשפּילער . . .

— אין ניו־יאָרק האָט אין דעם טאָג גאָרנישט ניט פּאַסירט.

— די וויכטיקע, די גרויסע, די היסטאָרישע נייעסן זענען געקומען פון איבער דעם אָקעאַן, פון אַנדערע לענדער, פון אַלע לענדער, פאַרוויקלטע אין שוואַרצע וואָלקנס פון מלחמה און טויט.

באָמבאַרדירטע שטעט, געזונקענע שיפן, צעשמעטערטע עראָפּלאַנען און טויזנטער און טויזנטער פאַרפייניקטע און דערמאָרדעטע — דאָס איז שוין אויך געוואָרן רוטין. דער געדאַנק האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן, אויפגעשוידערט און גלייך פאַרשלאָסן זיך אין אַפּאַטיע — ווייל מאָרגן וועט

דאַסזעלביקע ווידערהאָלן זיך, ווייל אַזוי איז דאָס געווען און אַזוי וועט עס זיין, און דער מענטש איז ניט אומשטאַנד אָפּצושטעלן עס.

אין דעם טאָג האָט אין ניו־יאָרק גאָרנישט־ניט פּאַסירט, אָבער אין אַנדערע לענדער האָט זיך געשאַפן געשיכטע. באַראַש האָט געטראַכט וועגן דעם און דער גרויסער אַפּאַטיע־וואָלקן פון מיליאָנען האָט זיך גע־צויגן אויף איבער אים.

ער האָט ווייניק גערעדט און ווייניק געשריבן און בײַ דער אַרבעט אָפּגעשמועלט זיך אָפּט מיטן פּענזל אין דער האַנט, געשטאַנען אַ פּאָרטראַכ־טער און וועגן גאָרנישט ניט געטראַכט.

מיס באַרנאַרדאַ פּלעגט קוקן אויף אים פונדערווייטנס און דער באַלעבאָס פון שאַפּ האָט געוואָרפן אויף אים בייזע, שטעכיקע בליקן פון די קליינע אויגן . . .

אין דעם טאָג — — —

ער איז געשטאַנען מיטן פּענזל אין דער האַנט אַ פאַרטראַכטער. דער בוכשטאַב, וועלכן ער האָט געמאָלן אויף דעם שילד, האָט זיך אים אויסגעוויזן, לויפט. אַט לויפט אַ בוכשטאַב, ווי אַן אַלטער ייד מיט צע־בראָכענע פיס, לויפט אין שרעק, ווי ער אַליין איז אַמאָל געלאָפן, אָדער ריכטיקער געקראָכן אויף אַלע פיר, ווען אַ קאָזאַק האָט זיך געיאָגט נאָך אים אויף אַ פערד. אַזוי בולט האָט ער ווידער דורכגעלעבט דעם פּאַראַ־ליזירנדיקן שרעק פון יענעם טאָג, אַז שטייענדיק בײַם שילד, איז יעדער גליד בײַ אים ווי פּאַראַליזירט געוואָרן און דער געדאַנק איז געבליבן הענגען ווי אין חלל.

און ווען ער האָט דערפילט דעם באַלעבאָס׳ פינגער אויף זיין פּלייצע, האָט ער אַ שוידער געטאָן.

— גודביי, מיסטער באַראַש — האָט ער דערהערט — איך קאָן זיך ניט פאַרגינען דעם לוקסוס און צאָלן פאַר טראַכטן. איך וועל שוין פרי־בירן טראַכטן אַליין . . . אָן אייער הילף. ס׳קאָן זיין, אַז איך וועל זיך אויך צו עפּעס דערטראַכטן. קומט . . .

באַראַש איז אים נאָכגעגאַנגען און אין שמאָלן, שמוציקן אָפיס האָט דער באַלעבאָס גענומען לאַנגזאַם און פאַרזיכטיק שרייבן אַ טשעק, און ווען ער האָט אים אָנגעשריבן, האָט ער אים ווידעראַמאָל באַטראַכט, דערלאַנגט צו באַראַשן און געזאָגט.

— גוד־ביי און איך מיין ניט אויף ווידערזען.

ניט אָפּוואַשנדיק די הענט אפילו און ניט געזעגענענדיק זיך מיט קיינעם, איז באַראַש אַרויסגעגאַנגען פון שאַפּ. געשטאַנען אינדרויסן, געקוקט אויף די פרעמדע, פאַרבייגייענדיקע מענטשן און ניט געוואוסט צי זאָל ער זיך לאָזן פאָרן אַהיים, צי זאָל ער אַרומגיין איבער די גאַסן

מיט זיין פּוסטן געמיט. אויף דעם געדאַנק איז געקומען אַדאַ און ער האָט זיך פאַרגעשטעלט ווי זי קוקט אויף אים, ווען ער דערציילט איר, אַז ער איז געבליבן אָן אַ דזשאָב. — צו וואָס זאָגן איר? — האָט ער געטראַכט. — בעסער זוכן אַ נייעם דזשאָב און דערציילן איר, ווען ער וועט ווידער אַרבעטן. ניט נייטיק צו באַאומרואיקן זי און צו פאַרשאַפן איר יסורים . . .

די געדאַנקען האָבן זיך געדרייט ווי פאַרפלאָנטערטע פעדים אויף אַ קנויל . . . געדרייט, דענערווירט און געמוטשעט . . . און אפשר גיין שוין, אָט די מינוט, זוכן אַ דזשאָב. צו וואָס לאָזן זיך שלעפן פון שטימונגען אַראָפּ אַראָפּ . . . ניין. ער וועט ניט גיין. גיין — הייסט רייסן זיך אין קאַמף מיט די הימלקראַצערס — געלט־קאָסטנס קעגן וועלכע ער איז מאַכטלאָז; גיין — הייסט ווידער קאַפּיטולירן, ווידער צוגעבן, אַז ער מוז, מוז, מוז קלאַפּן אין די טירן, אין די ווענט פון דער וועלט, פון דער שטאָט און ניט בעטן און אויך ניט פאָדערן, נאָר לאָזן זיך שטו־מערהייד פאַרקאָווען מיט אומזעבאַרע קייטן, — פאַרקאָוען זיינע שעהן, זיינע טעג, זיינע געפילן און געדאַנקען, לאָזן זיי, ווי אין סיינט וויטאָס טאַנץ, אין שנעל, שנעל נערוועזן, פיבערדיקן אַרבעט־יאָג און דערנאָך, אָן אויסגעשעפּטער, אַהיים טראָגן אין די ציטערדיקע הענט די מיזערנע פאַרשווייסיקטע דאָלאַרן. ניין, היינט איז דער טאָג זיינער. בלויז זיינער און מער קיינעמס ניט. דער טאָג איז זיינער — — —

אין דעם טאָג האָט אין ניו־יאָרק גאָרנישט ניט פּאַסירט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווען ער איז אַהיים געקומען איז קיינער ניט געווען אין דער היים. אין הויז איז געווען פינצטער. ער האָט זיך געוואונדערט, וואָס אַדאַ און עווא זענען ניטאָ. עס פלעגט טרעפן אַמאָל, אַז זיי פלעגן אַראָפּפאָרן „דאַון־טאַון", פלעגט אַדאַ איבערלאָזן אַ צעטעלע וואוהין זיי פאָרן. דאָס מאָל האָט ער קיין צעטעלע ניט געפונען. האָט עס אים געוואונדערט. ענדלעך, נאָך אַ שעה פון נערוועזן וואַרטן, האָט ער דערזען דורכן פענצ־טער עווען — איינע אַליין.

ווען זי איז אַריינגעקומען, האָט זי דערציילט, אַז די מוטער איז ערגעץ אַוועקגעפאָרן, איז זי, עווא, געגאַנגען דערווײַלע מיט אַ חברטע צו אַ מואווי.

— וואוהין איז זי געפאָרן, די מאַמע? — האָט באַראַש געפרעגט.

— איך ווייס ניט — האָט עווא געענטפערט און געזוכט אין דעם „פרידזשידער" עפּעס צום עסן.

— איז זי געגאַנגען אַליין, צי מיט עמיצן? — האָט ער ווידער געפרעגט.

— אַליין — האָט עווא געענטפערט און האָט זיך דערמאָנט: — יאָ, עמיצער האָט אָפּגערופן אויף דעם טעלעפאָן, איז זי אַוועקגעגאַנגען. זי האָט מיר אָבער ניט געזאָגט וואוהין זי גייט.

עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט און די שטונדן האָבן זיך געררוקט לאַנגזאַם און לאַנגווייליק. בּאַראַש האָט יעדע ווײַלע געקוקט אויף דעם זייגער; אַרומגעשפּאַנט, געקוקט אין פענצטער, געמאַכט טיי, גע־לייענט די צייטונג און ווידער געקוקט אין פענצטער. געוואונדערט זיך ווער עס האָט גערופן אויף דעם טעלעפאָן און וואוהין זי איז געגאַנגען אַזוי שפּעט, איבערלאָזנדיק עווען.

אַרום עלף אַזייגער איז עווא געגאַנגען שלאָפן און ער האָט זיך ווידער גענומען צום לייענען. עס איז אַוועק נאָך אַ שטונדע און נאָך אַ שטונדע. ענדלעך האָט ער דערהערט, ווי אַן אויטאָ איז צוגעפאָרן צום הויז. איז ער צו צום פענצטער און האָט אַרויסגעקוקט. דערזען ווי אַדאַ געזעגנט זיך מיט אַ מאַן, וואָס איז געזעסן אין מאַשין.

זי איז אַרײַנגעקומען אין הויז אַ שווײַגנדיקע און ניט אַ קוק גע־טאָן אויף אים אפילו. אַרײַנגעגאַנגען אין שלאָפצימער און אָנגעהויבן אויסצוטאָן זיך.

— וואו ביזטו געווען? — איז ער איר נאָכגעגאַנגען.

— בּאַ אַ פאָרשטעלונג — האָט זי געענטפערט קאַלט ווי אייז.

— מיט וועמען? — האָט ער געפרעגט, אויסערלעך רואיק און קאַלטבלוטיק.

— מיט דאָקטאָר שובין — האָט זי אַ קוק געטאָן אויף אים מיט אַ שטאָלענעם בליק.

— דאָקטאָר שובין? — האָט ער געמאַכט אַ פאַרוואונדערט פּנים.

— דאָס האָט ער, הייסט עס, אָפּגערופן אויף דעם טעלעפאָן.

— ער.

— וואָס פלוצים?

— דאָס ערשטע מאָל איז אַלעמאָל פלוצים.

— דאָס ערשטע מאָל? זייער אינטערעסאַנט.

— פאַרוואָס ניט? — איז זי געבליבן שטיין קעגן אים אַ האַלב־נאַקעטע. — האָט עס זיך בּאַ דיר און בּאַ שעליאַן אָנגעהויבן פון דעם צווייטן מאָל, ניט פון דעם ערשטן מאָל?

— פאַרוואָס ענטפערסטו מיר מיט אַזאַ קריגערישקייט? כ׳האָב דען טענות צו דיר?

— דו זאָלסט נאָך האָבן טענות? ער דאַרף נאָך האָבן טענות!

— האָט זי פּלוצים אויסגעשריגן, פאַרשטיקט און אויפגערעגט. — שעליא האָט אויך ניט קיין טענות צו שובינען . . . איז גוט, איז גוט . . . מיר וועלן אויך קיין טענות ניט האָבן צו אייך . . מיר וועלן אויך ניט.

— מיר וואָלטן געקאָנט רעדן וועגן דעם רואיקער און ניט אויפגערעגט.

— מיר וועלן אינגאַנצן ניט דאַרפן רעדן וועגן דעם. עס איז גענוג פאַר מיר, וואָס כ׳האָב געהערט פון דאָקטאָר שובינען.

— וואָס האָסטו געהערט פון דאָקטאָר שובינען? — האָט באַראַש געפרעגט און געפילט ווי די פראַגע זיינע אָטעמט מיט היפּאָקריטישקייט.

— דאָקטאָר שובין איז אַ דזשענטעלמען. שוין צופיל דזשענטעלמען — האָט זי געענטפערט. — אָבער איך בין קלוג גענוג צו פאַרשטיין די דינסטע ניואַנסן פון זיינע ווערטער. און ער פאַרשטייט אויך די טיפסטע ניואַנסן פון מיין נשמה.

— איז דאָך גוט, וואָס איר פאַרשטייט ביידע אַזוי גוט די דינסטע ניואַנסן — האָט באַראַש פּרובירט אַ שפּאַס צו טאָן, כאָטש אין די ווערטער זיינע האָט ער אַליין אויך געפילט סאַרקאַזם און איראָניע.

אַדאַ האָט אַ קוק געטאָן אויף אים מיט אַ שפּיזיקן בליק און איז אַריין אין שלאָפצימער. זי האָט זיך אַריינגעלייגט אין בעט, אויסגעדרייט זיך מיטן פּנים צו דער וואַנט און ניט געזאָגט קיין וואָרט. באַראַש האָט שוין געוואוסט, אַז אין אַזעלכע מינוטן איז בעסער ניט צו רעדן. שפּעטער אָבער, ווען ער איז קוים אַנטשלאָפן געוואָרן, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון איר כליפּען און אַ צערודערטער, אַ צעשרויפּטער, האָט ער שוין געוואוסט, אַז פון דער נאַכט אָן הייבט זיך ווידער אָן באַ אים און באַ איר דער פּעריאָד פון צווייטיקטע, צעבלוטיקטע וואונדן, דער פּעריאָד פון גרויזאַמע אויסברוכן, געבוירן אין פּיין און אין טרערן . . .

אינדערפרי איז ער אויפגעשטאַנען, פּרעטענדירנדיק, אַז ער גייט צו דער אַרבעט. און דער גאַנצער טאָג האָט אים געהאַלטן אין אַ פאַרפּלאָנטערטער נעץ פון כאַאָטישע געדאַנקען און וועלן עס איז ענדלעך צעפאַלן דער אָוונט, האָט עס אויך קיין פאַרלייכטערונג ניט געבראַכט. ער האָט איר געוואָלט זאָגן, אַז ער אַרבעט ניט און האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי דאָס צו זאָגן איר. אין דעם אָוונט האָבן זיי כמעט ניט גערעדט. און ווען ער האָט זיך ענדלעך אַנידערגעלייגט אויף דעם געלעגער, איז ער גלייך פאַרזונקען געוואָרן אין שלאָף. און באַנאַכט, ווי שפּעט עס איז געווען, האָט ער ניט געוואוסט, האָט ער זיך ווידער אויפגעכאַפּט פון אַדאַס געוויין און אַ פיזישער און גייסטיקער פּיין האָט אים געוואָרפן ווי אויף הייסע, שטורעמדיקע כוואַליעס און ניט געלאָזט ווידער אַנטשלאָפן ווערן. געדאַנקען האָבן ווידער אָנגעהויבן פראַווען אַ וואַקכאַנאַליע אין זיין מח

און האָבן גערעדט צו אים מיט פאַרשידענע שטימען: . . . אַדאַ . . . אַדאַ . . . אַדאַ . . . זי איז דאָך גערעכט . . . אירע ווערטער זע־נען דאָך פאָרט אַרויסגעריסן פון אונטער דעם יאָך פון יסורים . . . ווער ביזטו? און וואָס ביזטו? און וואָס זענען דיינע פליכטען? און וואו זוכסטו דיין גליק, דיין געניוס, דיין טרוים, דיין ציל, דיין זין פון לעבן? . . .

. . . אַדאַ . . . אַדאַ . . . אַדאַ . . . זי וויל נעמען דיך, דעם מענטשן, זי וויל נעמען דאָס אינדיווידועלע אין דיר, דאָס וואָס געהערט בלויז צו דיר, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש בלויז פאַר דיר . . . וויל זי דאָס נעמען, פאַרשפאַרן עס אין ראַמען, אויפהענגען עס אין הויז ווי אויף אַ טשוואָק — זאָל עס הענגען, דאָס געפאַנגענע, זאָל עס הענגען, ווי אַ סימבאָל פון מאַן, פון פאָטער, פון מענטש . . . און די בליצן אין דיין מח, און די פייערן אין דיין נשמה, און די טרוימען, די איל־זיעס און דער געניוס וואָס וויל זיין, ווי אַ בין אויף בלומען, און דער זין פון לעבן, וואָס איז ניט אין אויסגעבאַקענער, אויסגעפורעמטער באַלע־באַטישקייט — דער זין פון לעבן, וואָס איז לעבן — דאָס אַלעס דאַרפ־סטו האַלטן אין די קעלערס פון דיין נשמה, אַנטפלעקן עס בלויז אין ביכער . . . ניין! אין ביכער אויך ניט, — ווייל מענטשן ווילן ליי־ענען די ביכער און מענטשן וועלן זען און וועלן זאָגן: וואָס פאַר אַ וואַגאַבונדישע, באַפליגלטע און ניט־געזעצטע נשמה פון גייסט . . . ניין, אין ביכער אויך ניט . . .אין ביכער אויך ניט לעבן . . . כאַ־כאַ־כאַ־כאַ . . .

. . . אַדאַ . . . אַדאַ . . . ס'איז דאָך אָבער אַ רחמנות אויף איר . . . זי טראָגט דאָך אויך טרוימען אין זיך . . . זי קאָן אפשר ניט זען אין דער פערספעקטיוו פון דיין בליק, פון דיין וועלטבאַנעם . . . זי איז דאָך פאָרט אַ פרוי, וואָס טראָגט מיט זיך די ספעציפיש־פרויענשע געפילן און דאָס געפיל פון אַ מאַמען, וואָס אדאפטירט איר מאַן ווי אַ זון און וויל אים ניט אַוועקגעבן קיינעם, קיינעם, קיינעם . . .

. . . אַדאַ . . . אַדאַ . . . אַדאַ . . . און זי, זי אַליין? גיט זי דען ניט אַוועק דער וועלט אירע פאַרבאָרגנסטע באַגערן דורך וואָרט, דורך בליק, דורך באַריר, דורך טאַנץ, דורך קוש, דורך דער שטילקייט פון נאַכט, ווען זי איז אַליין און ווען זי איז מיט דיר אפילו . . . אין קאָן זי דען ניט זען דאָסזעלביקע אין זיך און מודה זיין, און צוגעבן, און פאַרשטיין, אַז אַזוי, אַזוי, אַזוי . . . איז דער „ער", און אַזוי איז די „זי", אַזוי זענען ביידע באַשאַפן געוואָרן צו וועלן זיין פריי און צו לעבן דאָס לעבן ווי עס איז געגעבן געוואָרן צו דער נשמה . . .

. . . אַדאַ . . . אַדאַ . . . אַדאַ . . .

ער האָט ניט געוואוסט ווען און ווי אַזוי ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן; אָבער ווען דער זייגער האָט זיך פאַרטאָג צעקלונגען, איז ער, אַ צעבראָכענער, אַרויס פון בעט און איז ווידער אַוועק פון הויז. און אויך אין דעם טאָג האָט ער זיך אַרומגעדרייט אין די גאַסן, געזעסן אין די קאַפעטעריעס און געטרונקען קאַווע; און אויך אין דעם טאָג, האָט געדריקט אַ שווערע מידקייט, די אויגן האָבן זיך געקלעפּט און די שטונדן האָבן געצויגן די נערוון. ער האָט געוואוסט, אַז אין אַזאַ שטימונג און צושטאַנד, קאָן ער ניט גיין זוכן אַרבעט. און ווען ס'איז ענדלעך צוגעפאַלן דער אָוונט און ס'איז שוין געווען צייט אַהיימצוגיין, האָט ער זיך מיט לאַנגזאַמע טריט געלאָזט צום סאָבוויי און געגאַרט אַנידערצולייגן זיך, פאַרזונקען ווערן אין אַ דערלייזנדער נירוואַנאַ.

ווען ער איז אַהיימגעקומען, האָט דאָס הויז אויפגענומען אים מיט טויטער שטילקייט. יעדע זאַך איז געווען אויפן פּלאַץ און דאַך האָט זיך אים געדאַכט, אַז עפּעס פעלט. ער איז אַריינגעגאַנגען אין שלאָפצימער, געמאַכט ליכטיק און דערזען אַ בריוו אויף דעם בעט. ער איז שוין געוואוינט געווען צו זען און צו לייענען די דאָזיקע בריוו אַדאָס . . . ווען ער האָט אָבער גענומען לייענען, האָט דאָס האַרץ זיינס, דאָס מאָל, גענומען קלאַפּן שטילער און שוואַכער. ער איז צוגעגאַנגען נעענטער צום לאָמפּ און, ווי ניט גלייבנדיק זיינע אויגן, ווידער איבערגעלייענט: „. . . איך לאָז איבער דאָס גאַנצע הויז פאַר דיר. איך פאָר אַוועק צו דער מאַמען. אויב דו וועסט אונדז דאַרפן, וועסטו וואו צו געפינען אונדז. איך ווינטש דיר גליק אויף דעם אַלטן, אויסגעטראָטענעם וועג פון דיין לעבן . . .” אונטן האָט ער איבערגעלייענט דעם אַדרעס פון איר מוּמער אין לאָס אַנגעלעס.

ער האָט געקוקט אויף דעם בריוו, אויף דעם שטיקל ווייס פּאַפּיר, וואָס איז, ווי אַ לעצט זייטל פון אַ בוך, געוואָרן דער סימבאָל פון דער ענדע פון אַ גרויסן טייל פון זיין לעבן. אַ קאַלטע רואיקייט האָט לאַנגזאַם גענומען קילן זיינע בלוטן און עפּעס אַן עמבריאָ פון אַ באַשלוס (וואָס פאַר אַ באַשלוס, האָט ער נאָך אַליין ניט געוואוסט) האָט זיך פאַרמירט אין זיין מח און דאָס בריוול איז לאַנגזאַם, ווי אַ האַרבסט־בלאַט געפאַלן צו דעם דיל און איז געבליבן ליגן אַן געפיל און אַן וויסן, אַז עס אַנטהאַלט אין זיך די לעצטע ווערטער פון אַ פרוי צו איר מאַן . . . ווערטער, וואָס האָבן געשאַפן אַ טיפן, זינלאָזן תהום . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

אינדערפרי האָט אים אויפגעוועקט דער טעלעפאָן. ער איז אַראָפּ

פון בעט אַ דערשראָקענער און אין דערזעלבער צייט אַ דערפרייטער. אַ טראַכט געטאָן, אַז אפשר איז דאָס אַדאַ . . .

עס איז אָבער געווען בירמאַן. באַראַש האָט קוים דערקענט זיין שטימע. ער האָט אָפּגערופן אַזוי פרי . . . — האָט בירמאַן געזאָגט — צו זיין זיכער, אַז ער וועט אים נאָך טרעפן אינדערהיים און צו זאָגן אים אַ גוטע בשורה. ער איז גרייט אַריינצונעמען אים, באַראַשן, אין דער רעדאַקציע פון דער „יידישער פּאָסט" אַט אַזוי ווי ער, באַראַש וויל — אַ שרייבער מיט אַלע שרייבער גלייך.

— וואָס פּלוצים . . . אַזאַ פּריווילעגיע? — האָט באַראַש געפרעגט.

— פרעגט ניט קיין שאלות און קומט גלייך צו. אויף דעם טעלעפאָן דערציילט מען ניט קיין מעשׂעות. קומט גלייך . . . — האָט ער אַ זאָג געטאָן און אויפגעהאַנגען דאָס טרייבל.

באַראַשן האָט אַרומגעכאַפּט אַ פיבערישע פרייד. דער געדאַנק וועגן אַ שטעלע אין דער „יידישער פּאָסט" האָט זיך גלייך פאַרבונדן מיטן געדאַנק וועגן אַדאַן. ווען זי וועט זיך דערוויסן וועגן דעם, וועט זי זיכער גלייך קומען צוריק. ענדלעך . . . אַן אַנהייב — כמעט באַם סוף . . .

אָבער מיטאַמאָל האָט אים ווידער אַרומגעכאַפּט אַ געפיל פון פוסטקייט און פון טרויער. ווי נאַריש ער פרייט זיך, ווי אַ נאַרישער יינגל, ווי אַן אָנפאַנגער . . . וואָס פרייט ער זיך אַזוי, וואָס? איז טאַקע אין דעם און בלויז אין דעם די דערגרייכונג, און די דערהייבונג און דער זין פון זיין לעבן און שאַפן?

ער האָט זיך אָנגעטאָן, אַרומגעקוקט די צימערן און געלאָזט זיך גיין צום סאַבוויי. ווען ער איז אָנגעקומען צו דער „יידישער פּאָסט", האָט ער אין אַ רעסטאָראַנדל אָפּגעגעסן פרישטיק און מיט אַ געפיל פון אַנגענעמער דערוואַרטונג געלאָזט זיך גיין אין דער רעדאַקציע. אַריינקומענדיק, האָט ער אין ערשטן צימער דערזען אַ פּאָר באַקאַנטע און אַ פּאָר אומבאַקאַנטע שרייבער. זיי האָבן אָבער ניט געקוקט אויף אים, פּרעטענדירט, אַז זיי זעען אים ניט. האָט ער זיך געוואונדערט. און ווען ער איז אַריינגעקומען אין בירמאַנס קאַבינעט, האָט אים בירמאַן באַגעגנט מיט אַ סימולירטער פרייד, צוגערוקט אַ בענקל און געבעטן זיצן. באַראַשן איז עפּעס ניט געפעלן געוואָרן בירמאַנס איבערטריבענע פריינטלעכקייט און ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז ערגעץ ליגט דאָ אַ הונט באַגראָבן . . . עפּעס איז דאָ ניט גלאַט. און ווען ער האָט דערהערט בירמאַנס ערשטע פראַזע, האָט ער שוין ניט געצווייפלט, אַז זיין פאַרדאַכט איז אַ באַרעכטיקטער.

— איך וויל אייך בעטן אַז איר זאָלט נאָך קיינעם ניט זאָגן, אַז

איר האָט באַ מיר אַ שטעלע. אַבסאָלוט קיינעם . . . ביז מאָרגן אײַנ־דערפרי.

— פאַרוואָס . . . מעג איך וויסן ?

— איר וועט זיך, מסתמא, דערוויסן . . . אפשר נאָך היינט באַ־נאַכט.

— פאַרוואָס עפּעס אַזאַ . . . סודותדיקייט ?

— פרעגט ניט קיין שאלות, באַראַש. איר ווילט דעם דזשאָב — האָט איר אים. איר הייבט אָן מאָרגן און דאָס איז אַלץ, וואָס איך קאָן אייך איצט זאָגן.

— ווּעמעס פּלאַץ וועל איך דאָ דאַרפן פאַרנעמען, בירמאַן ?

— עס וועט אייך זיין לייכטער אויף דער נשמה, אַז איר וועט וויסן ? וואָס איז דער אונטערשייד ? אויב ניט דעמס איז יענעמס און אויב ניט איר, וועט זיין אַן אַנדערער.

— אויבערפלעכלעך איז טאַקע ניטאָ קיין אונטערשייד, דאָך . . . וואָלט איך זיך געפילט . . . באַקוועמער.

— איר רעדט ווי אַ נאַר. מ׳גיט אייך אַ דזשאָב, איר דאַרפט אַ דזשאָב, נעמט.

— אייער צוגאַנג איז אַן עכט קאַפּיטאַליסטישער.

— און וואָס האָט איר געפּועלט מיט אייער קאַפּצאַנסקן צוגאַנג ? איך מיין אייער טובה, באַראַש. אָבער, אַז איר ווילט ניט — דאַרף מען ניט.

— כ׳האָב אייך ניט געזאָגט, אַז איך וויל ניט.

— און אַז איר ווילט יאָ, טאָ וואָס האַקט איר אַ טשייניק. גייט אַהיים, רוט זיך אויס און קומט מאָרגן צו דער אַרבעט. גוט ?

— גוט . . . — האָט באַראַש געענטפערט, טראַכטנדיק אַ ווײַלע.

— וועגן שכירות זאָרגט זיך ניט. מיר וועלן נאָך רעדן. ס׳וועט זיין גוט. מיר וועלן נאָך רעדן וועגן דעם.

— לאָמיר האָפן, אַז ס׳וועט זיין גוט אַרום און אַרום.

— אַרום און אַרום ווילט זיך אים נאַר — האָט בירמאַן נערוועז איבערגעשטעלט די זאַכן אויף דעם שרייבטיש. — אַרום און אַרום . . . אַנדערש ניט. די גאַנצע וועלט ווילט זיך אים פאַרזאָרגן.

באַראַש האָט ניט געוואוסט ווי צו רעאַגירן אויף בירמאַנס ווערטער. עפּעס אין אים האָט געפאָדערט רעספּעקט צו זיך, געפאָדערט אַ בייז, שטעכיק וואָרט, געפאָדערט אַ זעץ אין טיש און אַ קלאַפּ מיט דער טיר . . . אָבער אַ צווייטער אין אים האָט איינגעהאַלטן, באַרואיקט, גע־שמייכלט פילאָזאָפיש און געבעטן געדולד . . . געדולד . . .

ער האָט זיך אויפגעהויבן, גענומען דעם הוט און, קוקנדיק אויף די נעגל, געזאָגט :

— אַלזאָ, מאָרגן.
— מאָרגן אָן תירוצים.
— אַ גוטן טאָג, בירמאַן.
— אַ גוטן . . .

ווען ער איז ווידער דורכגעגאַנגען דאָס צימער וואו עס זענען געזעסן די מיטאַרבעטער, האָט ער דאָס מאָל באַמערקט ווי זיי וואַרפן זיך איבער מיט חוזק־בליקן. ער האָט זיך געוואָלט אָפּשטעלן באַ אַ טיש, וואו עס איז געזעסן זיינער אַ באַקאַנטער, דער שרייבער שייפער, האָט ער אָבער דערזען, ווי יענער לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, פּרעטענדירנדיק, אַז ער איז זייער פאַרטיפט אין דער אַרבעט; איז ער מיט אַ דערדריקט געפיל אַרויסגעגאַנגען פון דער רעדאַציע און געלאָזט זיך גיין מיט דער לאַנגער גאַס אַראָפּ, ניט טראַכטנדיק וואוהין און צו וואָס ער גייט. און ווען ער האָט פּלוצים דערזען אַ קינאָ־טעאַטער, האָט זיך די האַנט אַ ציגעטאָן צו דער קעשענע און די פּיס האָבן געפירט צום אַריינגאַנג.

דער טאָג איז אַוועק אונטער גרויע וואָלקנס, דורך וועלכע עס טוט אַ בליאַסק אַמאָל די זון. און ווען דער אָוונט איז געקומען, איז באַראַש אַוועק אין „טעאַליט״. און ווי נאָר ער איז אַריינגעקומען, האָט ער גלייך דערפילט, אַז עפּעס טומלט זיך, עפּעס היצט זיך אַרום די טישלעך, וואו עס זענען געזעסן אַלטע און יונגע שרייבער. און צוקומענדיק נענטער, האָט ער צווישן די שרייבער דערזען אויך שייפערן. שייפער האָט געקוקט אויף אים און פּלוצים אַ זאָג געטאָן:

— אַ שאָד, באַראַש . . . אַ שאָד . . . ווען בירמאַן וואָלט ניט צוגעשימט צו אונדזערע באַדינגונגען און ווען עס וואָלט אויסגעבראָכן אַ סטרייק, וואָלט איר ענדלעך געקראָגן אַ דזשאָב . . . אַלס סטרייק־ברעכער . . .

— וואָס מיינט איר? — איז באַראַש געוואָרן בלייך.

— וואָס מאַכט איר זיך . . . געפּגרט . . . איר ווילט מיר זאָגן, אַז איר האָט ניט געוואוסט, אַז מיר גייען סטרייקן . . .

— איך האָב ניט געוואוסט . . . — האָט באַראַש געפילט ווי ער ציטערט און ווי עס נעמט אים טרוקענען אין מויל און אין האַלדז . . .

— עט! — האָט שייפער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און באַראַש האָט דערזען אין זיין בליק חוזק און אפילו האַס . . .

די אַרומיקע האָבן אויך געקוקט אויף אים מיט איראָניש־שמייכלענדיקע בליקן, האָט ער זיך אויסגעדרייט און, ניט זאָגנדיק קיין וואָרט, אַרויס פון „טעאַליט״.

ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט ער זיך געוואָרפן אויף דעם געלעגער, ניט קאָנענדיק אַנטשלאָפן ווערן. געדאַנקען ווי שווערע, שוואַרצע

כוואַליעס האָבן אים געטראָגן אַראָפּ און אַרויף . . . און בירמאַנס אויגן, און שייפּערס אויגן, און אויגן — אויגן — אויגן פון מענטשן אַרום האָבן געיאָגט און געיאָגט ביז מענטאַלער היסטעריקע, ביז פאַרזונקענהייט . . .

אינדערפרי האָט אים ווידער אויפגעוועקט דער קלונג פון טעלעפאָן. ער איז אַראָפּ מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, געכאַפּט דאָס טרייבל און דערהערט בירמאַנס שטימע:

— . . . עס טוט מיר לייד, באַראַש . . . אָבער . . .

באַראַש האָט אַ זעץ געטאָן מיטן טרייבל און איז, אַן אָנגעצונדענער, אַ שווערעטעמדיקער, אַריין אין וואַש־צימער און געגומען באַגיסן זיך מיט קאַלטן וואַסער.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

אין אָוונט איז ער געזעסן באַם פענצטער און האָט אַרויסגעקוקט. צווישן די ביימער אין פּאַרק האָבן אין דער נעפּלדיקער נאַסקייט, ווי דורך אַ דורכזיכטיקן וואַל, געטראָגן זיך אויטאָס איינע נאָך דער צווייטער, געשיפּט זיך ווי אויף אַ שוואַרצן שפּיגל אויף דעם נאַסן אַספאַלט.

— וואוהין . . וואוהין . . וואוהין . . וואוהין . . . — האָבן באַראַשעס אויגן געפרעגט. — וואוהין און צו וואָס . . . ער האָט אָנגעשטעלט די ראַדיאָ. אַ מענערישע שטים האָט מיט אַ רעטשיטאַטיוו געיאָגט מלחמה־נייעסן, אָבער די ווערטער זיינע האָבן ניט געטראָגן מיט זיך דעם גרויל און דעם שוידער פון טויט און פאַרניכטונג. ס׳איז געווען אַזוי פּשוט, אויטאָמאַטיש, געפּילדאָז און טרוקן . . . באַראַש האָט מיט בייזקייט פאַרדרייט די ראַדיאָ. די שטים האָט ניט האַרמאָנירט מיט זיין שטימונג, ניט צונויפגעגאָסן זיך מיט זיין געמיט, וואָס האָט ווי אַ בלוי־ריטשקעלע געפלאָסן אַראָפּ, אַראָפּ צו באַהעפטן זיך מיטן טרויער.

אפשר איז דאָס מיין עגאָאיזם — האָט ער אַ טראַכט געטאָן. — מיין עגאָאיזם, וואָס זוכט, אַז די וועלט זאָל ענטפערן ווי אַן עכאָ צו מיין שטימונג. אַ שטימונג, וואָס וואָלט באַדאַרפט צעגאַנגען ווערן ווי סי־גאַרעטן־רויך אונטער די שווערע, טונקעלע וואָלקנס, וואָס קריכן איבער דער צעריסענער און פאַרבלוטיקטער וועלט. נו, איז זי אַוועקגעפאָרן. האָט ער אַליין דאָך אויך ניט איינמאָל געפילט ווי צו אַנטלויפן, אַנטלויפן ערגעץ ווייט אין דער וועלט אַריין . . . צו קיינעם ניט, נאָר צו זיך אַליין און ווערן אַליין — גאָרניט און אַלעס . . . לעבן ערגעץ אַ ניי, פרעמד לעבן און זען פאַר זיך אַן אַנדערע וועלט און אַנדערע, פרעמדע מענטשן. יאָ, דער געדאַנק פלעגט קומען צו אים אָפט, זייער אָפט און עס איז געווען אנגעגנעם דער געדאַנק, וואָס איז געווען און איז פאַרבליבן אַ פאַנטאַזיע, אַ טרוים. ער האָט געוואוסט, אַז ער האָט ניט געהאַט דעם

מוט און די קראַפט אָפּצערייסן זיך פון דעם לעבן, ווי אַ הונט רייסט זיך אָפּ פון אַ שטריק און לאָזט זיך לויפן וואוהין די פיס טראָגן אים.

אָט איצט איז ער אַליין. אָט איצט וואָלט געווען לייכטער אָפּצע־רייסן זיך, ווייל קיינער וואָלט עס ניט באַמערקט און ער וואָלט קיינעם ניט געפעלט. איצט וואָלט געווען גוט איבערצולאָזן אָט דאָס אַלץ, אי־בערלאָזן, ווי מ׳לאָזט אַלץ איבער ווען מ׳שטאַרבט. אפשר בלויז אַ קורץ בריוועלע לאָזן און אפשר דאָס אויך ניט.

ער האָט זיך טרויעריק צעשמייכלט. ניט געוואוסט אפילו, אַז ער שמייכלט. געלאָזט די געדאַנקען מאָלן אַ בילד נאָך אַ בילד:

ער גייט אַרויס צום לעצטן מאָל אָנקוקן די שטאָט, הערן צום לעצטן מאָל די געדאַנקען פון זיינע פריינט און באַקאַנטע און זאָגן צו זיך: זיי וויסן ניט, אַז איך בין שוין ניט מיט זיי, אַז איך בין שוין פריי, אַז זייער לעבן איז שוין ניט מיין לעבן און מיין לעבן איז ניט זייערס; אַז וואָס איך זאָל ניט טאָן, וועל איך מער ניט דאַרפן טראַכטן, וואָס זיי טראַכטן וועגן דעם; אַז איך וועל מער ניט דאַרפן לעבן צוליב זייער מיינונג און זיי וועלן מער ניט לעבן צוליב מיין מיינונג. איך קוק זיי אָן צום לעצטן מאָל — — —

אַן אַנדער בילד:

וואוהין וועל איך אַוועק, וואוהין? וואָס איז דער אונטערשייד וואוהין? אַהין — וואו מ׳קאָן מיך ניט. נעמען אַ באַן־בילעט צום וייטן מעריב, אָדער צום קאַלטן צפון — אַרויסגיין אין אַ ליכטיקן טאָג, אָדער אין אַ פינצטערער נאַכט, אין אַ שטעטל, אין אַ פרעמד שטעטל. וואָס וועט ווערן אַ נייע וועלט פאַר אַ ניי לעבן. און אין דעם שטעטל . . . וואָס וועט אין דעם שטעטל ווערן פון דעם שרייבער באַראַש? וועט ער ניט שרייבן מער? וועט ער אַרויסרייסן מיטן וואָרצל יעדער שעפערישן און קינסטלערישן געדאַנק? וועט ער אַוועקלייגן זיין פען און וועט אויס־לעשן דעם פלאַם אין האַרצן? וועט דער שרייבער באַראַש קאָנען אויס־האַלטן די שטומעניש, אָדער ער וועט זיך צעשרייען אין זיך און ניט־דערהערנדיק דעם ווידערקול און ניט־דערזעענדיק קיין אָפּשפּיגלונג, וועט ער צופאַלן אין גרויסער פאַרצווייפלונג צו דער ערד און וועט וויינען און וועט באַנעצן זי מיט טרערן. וואָס וועט ווערן פון דעם דיכטער באַראַש? קאָן אַ דיכטער ווערן אויס דיכטער?

און ווייטער:

און דאָ אין מיין הויז וואָלט אויף דעם טיש געבליבן ליגן מיין בריוו; און די צימערן וואָלטן געשטאַנען שטיל, אומבאַוואוינט און פאַר־שטויבט. אַ טאָג, אַ וואָך און אפשר אַ חודש . . . און דערנאָך וואָלטן פריינט און באַקאַנטע אָנגעהייבן וואונדערן זיך וואו באַראַש איז, וואוהין

ער איז פאַרשוואונדן . . . און אַדאַ, דאָרט אין איר מוטערס היים, וואָלט זיך געערגערט, וואָס איך שווייג. ניט זיין טבע — וואָלט זי גע־טראַכט — צו פאַרציען אַ ברוגז אויף אַזאַ לאַנגער צייט. עפּעס האָט געמוזט פּאַסירן מיט אים . . . וועט זי שרייבען און קיינער וועט ניט ענטפערן. און אַזוי אַרום וועט מען אַמאָל עפענען די טיר פון הויז און מ׳וועט קיינעם ניט טרעפן — בלויז שטילקייט און שטויב . . .

און די געדאַנקען פלעכטן זיך ווייטער . . . עס איז כאַאָטיש אַרום . . . עס איז נעפּלדיק בײַ די ברעגן . . . אָבער אין דער מיט, ווי אין אַ בלויער ליכטיקייט, זעט זיך אַ ווייס פּנים . . . ווי אַ מאַרבל־מאַסקע. דאָס איז טויט. נו, אודאי וועט דער דיכטער־ישער, דער ווי־זיאָנער־ישער גייסט ניט פאַרגעסן אין דעם פינאַל, וואָס מוז זיין טויט . . . — כאַ! אודאי ענדיקט זיך אַלץ מיט טויט. אַך, כאַ־כאַ־כאַ־כאַ . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

די געוואוינהייט האָט אים אין דער פרי אויפגעוועקט פּונקט צו דער מינוט, ווען ער פלעגט אויפשטיין צו דער אַרבעט. אַ קוק געטאָן אין פענצטער — די אָטאָמאָבילן לויפן נאָך אַלץ. ער האָט געעפנט די שאַפע, אַ קוק געטאָן אויף די העמדער, וואָס זענען געלעגן ריינע און אויסגעפּרעסטע און ווי הינטער זיך האָט ער דערהערט אירע, אַדאַס ווער־טער: אויב דו ווילסט אונדז — באַוויז עס . . . די העמדער, די גלעזער, די בילדער, יעדע קלייניקייט אין הויז וועט דיר דערמאָנען אָן אונדז . . . ביזט שוין מער ווי אַ האַלב לעבן אַריבער און מיר וואַרטן נאָך אַלץ זאָלסט זיין אונדזערער, אונדזערער, אונדזערער און מער קיי־נעמס ניט . . .

דאָס מאַרשירן די געדאַנקען — ראַבאָטן — אומגעבעטענערהייט . . . גלייך פון מח אין האַרצן אַריין — זיי ווייסן שוין דעם וועג.

ער האָט געמאַכט קאַווע, איז זי געווען ביטער. דאָס ברויט איז געווען דאַר. די בילדער, אַזעלכע באַקאַנטע־אומבאַקאַנטע און ווי פאַר־געסענע, האָבן אָן עפּעס דערמאָנט . . . אָט הענגט זיין אייגן בילד — אַן אַלט בילד, פון די אַמאַליקע, יינגלשע יאָרן. טאַקע זיין? טאַקע ער? בילד? טאַקע פון אַמאָל? איז טאַקע געווען אַן אַמאָל? דאָס בחורל איז ערנסט. ער טראָגט אַ רוסישע בלוזע מיט אַ שנור און דאָס טשופּ־רינקעלע רייסט זיך אַרויף . . . די ליפּן סענסיטיווע, מיט אַ לייכט־טרויעריקן שמייכעלע . . . דעמאָלט . . . דעמאָלט, אין יענע יאָרן האָט ער מסתמא אַזוי געשמייכלט אין די פינצטערע נעכט צווישן די ביימער; אַזוי האָט ער מסתמא געשמייכלט אונטער דער שיין פון קע־ראָסין־לעמפּל, צווישן די בלעטער, צווישן די געשטאַלטן פון ביכער;

אַזוי האָט ער מסתמא געשמייכלט, אַ געפאַנגענער צווישן שוואַרצע צעפּ . . . אין ריטם פון וואַלץ, אין די לידער, אין די טרוימען און אפשר אויך אין געוויין . . . וועה ווייסט אים, דעם בחורל, ווער ווייסט אים דעם אַזאַ ווייטן, אַזאַ פרעמדן יאָט . . .

באַראַש איז געשטאַנען באַם פענצטער. געקוקט אַן ציל, אָן גע־דאַנק. איבערגעציילט דאָס געלט, וואָס ער האָט פאַרמאָגט: עטלעכע און פערציק דאָלאַר און עטלעכע סענט. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם ראָק פון שטול און איז געבליבן שטיין מיט איין האַנט אין אַרבל. ער האָט פּלוצים דערפילט, אַז ער האָט ניט וואוהין צו גיין און ווייסט ניט וואוהין צו גיין. דער טאָג האָט אויסגעוויזן צו זיין אַ שיינער, אַביסל אַ ווינטיקער. די צווייטע האַנט איז אַריין אין צווייטן אַרבל פון ראָק און די פיס האָבן גענומען טראָגן דעם גוף. דער ווינט האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס פּוסטע געפיל און די אויגן האָבן געזוכט עפּעס אין הימל. לאַנגע, בלייענע עסקאַדרעס פון וואָלקנס זענען געשוואומען פאַרביי דער מאַ־יעסטעטישער זון; טויטע עסקאַדרעס אין אייביקער שטילקייט — גע־שוואומען פאַרביי פון ערגעץ צו ערגעץ . . . און אַזוי מיט די כמאַרעס האָט ער געוואַנדערט אַ גאַנצן טאָג; פון גאַס צו גאַס, פון קאַפּעטעריע צו קאַפּעטעריע . . . און ווידער דער סאַבוויי, און ווידער דאָס הויז, די שטול, דאָס בעט, און עס איז אַוועק אַ טאָג און אַ האַלבע נאַכט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

אינדערפרי איז ער ווידער געזעסן באַם פענצטער. נאָך דעם גלעזל טיי וואָס ער האָט אויסגעטרונקען, האָט זיך ניט געגלוסט אַרויס־גיין וואַנדערן. ער האָט געוואוסט, אַז עס שטייט אים פאַר אַ לאַנגער טאָג.

די בליקן האָבן געוואַנדערט אין פּאַרק און פּלוצים אויפגעכאַפּט: אַ געשטאַלט — אַ יונגע מיידל אין אַ ברוין־געקעסטלטן קאָסטיום, מיט אַ מענערישן הוט אויף דעם געלאָקטן קאָפּ. עס איז ביולא — מיכלס ביולא. זי קומט אַנטקעגן . . . נענטער, נענטער . . . פון אונטער דעם אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ קוקן גרויסע אויגן און זעען אים ניט. קוקן און ווייסן ניט, אַז זיינע בליקן מעסטן יעדן שפּאַן אירן . . . מיט ליבע. זאָל ער זאָגן מיט ליבע? יאָ, עס איז די ליבע פון מיכלען אין אים, וואָס זוכט די וואַרימע רואיקייט באַ די פיס פון אַ פרוי . . . מיכל, וואָס האָט געהאַט ביולאן און ניט געהאַט; ווען ער האָט פאַרלוירן, ווען ער האָט זי ערשט געפונען; מיכל . . . וואָלט אפשר מיכל דורך אים, דעם פאָטער, ווידער געוואָלט קוקן אויף איר, אַרומנעמען זי, קושן זי און זאָגן איר טיפע ווערטער פון ליבע . . . אָט איז זי אַזוי נאָענט

— ער דאַרף בלויז עפענען דאָס פענצטער און אַ רוף טאָן: ביולאַ . . .
און זי וועט אַרויפקומען, און זי וועט זיך פאַרוואונדערן, וואָס ער איז
אַליין, און ער וועט איר אַלץ דערציילן — ניין, ער וועט ניט דערציילן.
אָבער זי וועט קוקן אויף אים, און טראַכטן און רעדן וועגן מיכלען; און
זי וועט שמייכלען טריבלעך און זי וועט אפשר וואַרטן אויף ווערטער, וואָס
ליגן ערגעץ פאַרשפאַרטע, סיי בײַ אים און סיי בײַ איר, אונטער גראַטעס
פון אַ מיסטישער קרובהשאַפט . . . אפשר האָט אויך מיכל געפילט
אַזוי, ווען ער האָט זי דערזען צום ערשטן מאָל, אפשר האָט ער אָט פונקט
אַזוי געגלוסט צוזאַמענצופלעכטן זיינע פינגער מיט די פינגער פון דער
עקזאָטישער ביולאַן און פילן דעם פולס פון איר ברוסט און . . . מיכל
— דאָס איז אפשר מיכל אין אים — — —

נו, נו, נו — עפן דאָס פענצטער, שריי אַרויס — ביולאַ! אָט
גייט זי פאַרביי, אַ שפּאַן פאַרביי, נאָך אַ שפּאַן, נאָך אַ שפּאַן . . . נו,
עפן דאָס פענצטער, שריי אַרויס — ביולאַ! ביולאַ! מיכל וויל דיך
— מיכל — — —

די ציטערדיקע הענט האָבן געשלעפּט דאָס פאַרמאַכט פענצטער
און מרוקענע ליפּן האָבן געשריגן פון אַן אויסגעטריקנטן אָפּגרונט —
ביולאַ . . .

זי האָט אָבער ניט געהערט. זי איז שוין פאַרבייגעגאַנגען, די גראַ־
ציעזע ליבע פון מיכלען — פאַרוואָס איז זי ניט אַריינגעקומען, פאַר־
וואָס? . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

עס איז שוין צוגעפאַלן דער אָוונט. די טעאַטערס האָבן געלאָקט
מיט אויסגעטראַכטע, פאַרכאַפּנדיקע אַוואַנטוריסטישע, שטורעמדיקע
לעבנס. לעבנס פון טיפן זין און לעבנס פון ציניש בורלעסק. טיפער
זין פון ראַפינירטקייט, פון בענקעניש נאָך עטישקייט און שענקייט;
און פון דער צווייטער זייט — דער צינישער הבל־הבלימדיקער מאַך פון
האַנט, די גראָבע רעליעפע און הונגעריקע נאַקעטקייט, נאַקעטקייט און
געזעטיקטקייט, געקויפטע פאַר גאָלד — פון לעבן, פון געליבטער, פון
ווייב . . .

עס וויגן זיך די באַלויכטענע מויערן, די כישופדיקע טעאַטערס,
די ראָגן, אָנגעפּאַקטע מיט מענטשן — וויגן זיך, ווי וואָגשאָלן אין באַ־
ראַשעס בליקן, אין זיין מח, אין זיין האַרץ. ער איז אַריין אין אַ קינאָ־
טעאַטער, אין שענק פון פאַרשיכורונג מיט מעשיות און אונטער די טע־
נער פון מוזיק איבערגעגעבן זיך דער מעלאַנכאָליש־איינזאַמער מעדיטאַ־
ציע, צווישן הונדערטער פרעמדע טרוימער ווי ער.

ער איז ווידער אַרויס אין דער נאַכט אַריין. עס איז געווען ווינטיק און דער ווינט האָט דערפרישט, דערמוטיקט און געטרייסט. ער האָט זיך געלאָזט פאָרן אַהיים.

די צימערן האָבן געאָטעמט קאַלט און שטיל; דערפרייט זיך און דערוואַרעמט זיך אין עלעקטרישן ליכט. די געשטאַלטן פון קינאָ־מענטשן האָבן פאַרנומען די ווינקלען און געגרעדט צו אים. איין געשטאַלט, אַ־בערהויפט, האָט ניט אָפּגעטראָטן פון אים, ווי פון טייוול אַליין צוגעשיקט צו שאַפן די שטימונג און שפּיל פון דעם לעבן, וואָס איז געווען אַנאַלאָ־גיש צו זיינעם. די פאַבולע — אַן אַנדערע, אָבער אַזאַ נאָענטע, אַזאַ ענלעכע . . . איז דאָס געווען אַ חלום, צי האָט ער דאָס לעבן זיינס דערזען ווי אין אַשפּיגל? וואָס האָט ער געטאָן, דער העלד פון בילד? — ער איז אַוועק פון זיין איינגעפונדעוועטן לעבן, אַוועק — געפלויגן אין וויטן ים אַריין, צו דער אויפגייענדיקער זון, אַוועק צו בויען אַ נייַ לעבן; בויען — ווייל ער איז געווען יונג, אָנגעלאָדן מיט האָפענונג; ווייל אויף דעם האָריזאָנט האָבן זיך אין נעפּל געפורעמט הימלקראַצערס, פאַבריקן, ווי אַ סימבאָל פון ציוויליזאַציע און פּראָגרעס. אָבער אויף זיין, אויף זיין אייגענעם האָריזאָנט, פאַרגייט דאָך די זון און ער טרוימט ניט מער פון בויען, און עס איז ניטאָ מער די האָפענונג און די הימל־קראַצערס, און די פאַבריקן, און די אונטערערדישע באַנען, און די בריקן וויל ער איבערלאָזן הינטער זיך . . . און אַראָפּגיין וועט ער . . . אַראָפּגיין וועט ער . . . אַראָפּגיין וועט ער . . . ערגעץ . . .

דער זייגער האָט געוויזן צוועלף. אַ רויטלעך, זיס און וואַרעם גלעזל טיי האָט געררייצט דעם גומען, איז ער אַריינגעגאַנגען אין קיך מאַכן טיי; און ווען דאָס וואַסער אין טשייניק האָט געגומען זידן, און די הייסע פּאַרע האָט גענומען זעצן, האָט ער זיך פאַרגעשטעלט אַ לאָקאָ־מאָטיוו, און דעם לויפנדיקן באַן, און די פאַרביילויפנדיקע פעלדער אין דער פינצטערער, ווינטיקער נאַכט.

די זיסע טיי האָט דערקוויקט און די געדאַנקען האָבן גענומען גיין רואיקער. דערמאָנט זיך אַן ביולאַן, ווי ער האָט זי געזען אינדערפרי דורכן פענצטער און עפּעס האָט געגאָגט און באַנג געטאָן: פאַרוואָס איז זי ניט אַריינגעקומען, פאַרוואָס?

ער האָט זיך אויפגעהייבן און גענומען גיין איבער די צימערן. פיר צימערלעך. און אין יעדן צימערל שטייען זאַכן. וויפל מי און אויפ־מערקזאַמקייט די אַלע זאַכן האָבן צוגענומען בײַ אַדאַן און בײַ אים. איצט ווייזן זיי אויס איבעריק און פרעמד און זיי דערוואַרעמען ניט און זיי פרייען ניט מער דאָס האַרץ.

דאָס בעט האָט גערופן — האָט ער זיך אַנידערגעלייגט. צום קישן,

באַ דער זייט, וואו זי פלעגט שלאָפן, האָט ער זיך ניט צוגערירט. איז דאָס קישן געלעגן ווייס, אומבאַרירט. אָבער עפּעס אַ שווערקייט האָט גענומען דריקן אים, האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז געבליבן זיצן אויפן בעט, אָפּגעבנדיק זיך דעם געדאַנקלאָזן אומרו . . . און טרערן האָבן ווי רעגן און פייער געמישט זיך און געזאָטן אין אים . . . בירמאַנס שטים האָט געברומט אין מח און שייפערס אויגן האָבן געשטאָכן פון דער פינצטערניש . . . — האָט עס אָפּגעריסן פון בעט און ווידער אַ טראַג געטאָן איבער די צימערן.

לעבן פענצטער האָט דער עלעקטרישער לאַמטערן געהוידעט זיך אין ווינט און אַן איין און איינציק געשטאַלט אין פּאַרק האָט געשוועבט ווי אַ שטן מיט שוואַרצע פליגל. באַראַש האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז דאָס שפּאַנט ער דאָרט אײנער אַליין אין פּאַרק, שפּאַנט אַוועק ערגעץ אין דער נאַכט אַריין צו אַ פרעמדער, פנימלאָזער צוקונפט; שפּאַנט אַוועק און לאָזט איבער אַלעס, אַלעס . . . ניין, ניט אַלעס וועט ער דאָ לאָזן. ער וועט מיטנעמען מיט זיך די ליבע צו זיי — צו עוואַן און צו אדאַן, און צו מיכלען; ער וועט מיטנעמען דאָס פייער, וואָס ער טראָגט אין זיך; ער וועט מיטנעמען די געדאַנקען, די אויגן, די טרערן, די מעלאָדיע און דאָס וואָרט — ביזן לעצטן אָטעם. Omnia Mea Mecum Porto.

איז אַרויסגעשוואומען אין זיין זכרון די פראַזע אין לאַטיין, וואָס ער האָט אין זיין יוגנט געלערנט. אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג, טראָג איך מיט זיך . . .

ער האָט זיך ווידער פאָרגעשטעלט, אַז ער איז דער שטן אין פּאַרק און דער שמייכל זיינער איז אַ קרומער, אַ מעפיסטאָפעלישער. דער אַראָפּ־געבויגענער הוט, דער אויפגעשטעלטער קאָלנער און די פאַנאַנדערגע־בלאָזענע פאָלעס פון ראָק, האָבן אַ הייב געטאָן, אַ טראַג געטאָן צו ווינ־טיקע וויזיעס . . . און בענדערס שמייכלענדיקע אויגן און ווערטער זענען פלוצים געקומען אויף דעם זכרון און ער האָט דערהערט אין זיך: ווען עפּעס טוט מיך אַ שטויס אַרויס פון פאַרכישופטן קרייז, זאָל זיין צום טיוול אפילו, וואָלט איך אפשר דעמאָלט געוואָרן אַ מענטש, אַן אמתער מענטש . . .

ער האָט אויפגעפּראַלט דאָס פענצטער און געלאָזט דעם ווינט יאָגן זיך איבער זיין נערוועזן לייב . . . און די געדאַנקען און דער ווינט האָבן געטריבן: . . . אַרויס, אַרויס, אַרויס . . . פון דעם פאַרכישופטן רינג — — — אַרויס — — — וואוהין די אויגן וועלן טראָגן.

און מיטאַמאָל, מיט שנעלע טריט, איז ער צו צו דער שאַפע, אויפ־געפּראַלט די טירלעך, אַ כאַפּ געטאָן מיט ביידע הענט עטלעכע ווייסע, אויסגעפּרעסטע העמדער און אַ שליידער געטאָן זיי אויף דעם בעט. אַ קוק געטאָן אויף די פּאָר אַלטע גאַרניטאָרן און איבערגעפירט דעם בליק

אויף די ביכער, וואָס זענען געלעגן באַם ווענטל. ער האָט אַרויסגענומען אַ פּאָר פון זיי, אַ גלעט געטאָן די טאָוולען און אַנידערגעלייגט זיי נעבן די העמדער. און ווען די העמדער און די ביכער און די עטלעכע נאָז־טיכלעך און זאָקן זענען שוין געלעגן איינגעפּאַקט אין אַ פּעקל, האָט ער אַ מידער און אויסגעשעפּטער, מיט געוויין אין דער ברוסט, אויסגעלאָשן די ליכט און אַריינגעלייגט זיך אין בעט.

אין דערדאָזיקער נאַכט איז ער ניט געשלאָפן. עס האָט געפעלט רו און נאָענטקייט, אַדאָס נאָענטקייט. ערשט פאַרטאָג איז דער שלאָף געקומען ווי אַ דערלייזונג.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז זיין בליק געפאַלן אויף דעם פּעקל אין ווינקל. און דערנאָך, ווען ער איז אַרויס פון בעט און ער האָט זיך אָפּגעוואַשן און אָפּגעראַזירט, איז ער ווידער געבליבן שטיין נעבן פּעקל געוועש און געהערט ווי די שטילקייט מורמלט לאַנגזאַם און נודנע: וואָס נאָך? . . .

ער איז צוגעגאַנגען צום טיש, אַרויסגענומען אַ בויגן פּאַפּיר און אַנידערגעזעצט זיך. ער האָט געהאַלטן די פּען אין דער האַנט און האָט געטראַכט. זאָל ער שרייבן ווי איינער, וואָס גייט אַוועק פון דעמדאָזיקן לעבן צו אַן אַנדער לעבן, צי ווי איינער, וואָס גייט אַוועק פון דעמדאָזיקן לעבן אויף אייביק — צום טויט.

די האַנט האָט זיך אַ צי געטאָן צום פּאַפּיר און לאַנגזאַם, לאַנג־זאַם האָט ער אָנגעשריבן:

Finita La Comedia.

אַדיע — — —

באַנאַל, באַראַש . . . באַנאַל . . . . — האָט ער אַ טראַכט געטאָן. עס דריקט אָבער אויס אַלץ, וואָס ער וויל און וואָס ער קאָן זאָגן איצט. אַלץ אין איין פראַזע. זאָלן זיי אויסטייטשן עס, ווי זיי ווילן . . .

אויפגעהייבן זיך. אַרומגעגאַנגען אַלע צימערן. אַראָפּגעצויגן די שטאָרן פון די פענצטער. די שטילקייט האָט זיך באַהעפט מיט דער־טונקלקייט.

אָנגעטאָן דעם מאַנטל און הוט, גענומען דאָס פּעקל. געשטאַנען אַ ווײַלע, ווי באַטראַכטנדיק דעם לעצטן שריט . . . אַריבערגעטראָטן די שוועל און לאַנגזאַם צוגעמאַכט די טיר הינטער זיך.

# II

דאָס שטעטל ניו־פּאָרט איז געלעגן אין אַ טאָל, צווישן בערג, באַם סאַמע ברעג פון אַ רוישיקן טייך. די וועלדער אויף די בערג האָבן אויסגעזען טונקל־בלוי, און די שטיבעלעך, קאָלירפול און בילדעריש צעוואָרפן, האָבן געפּאַנגען דאָס אויג מיט אינטימער רואיקייט. באַם עק פון שטעטל, באַם סאַמע ברעג פון טייך איז געלעגן די גרויסע מעטאַלורגישע פאַבריק, וואו עס האָבן זיך באַשעפטיקט אַרום אַ טויזנט אַרבעטער. באַטאָג האָבן זיך פון די קוימענס געצויגן וואָלקנס רויך און באַנאַכט האָבן פלאַמען אין דעם רויך גערויטלט דעם הימל און די שפּיצן פון די בערג.

אויף דער הויפּטגאַס, וואָס איז געווען ברייט און ברוקירט, האָבן זיך אויסגעטיילט די שטיינערנע קירכע, אַ סינעמאַ־טעאַטער און אַ פּאָר צענדליק קראָמען, וועלכע האָבן אין די אָוונטן, באַלויכטענע מיט נעאָן־שילדן, צוגעגעבן דעם ווינקל פון גאַס אַ גרויסשטאָטישן חן און געצויגן צו זיך די יוגנט, ווי פליגעלעך צו אַ וואַרעמען, ליכטיקן פלאַם.

אָבער ניט בלויז די גאַס איז געווען דער צענטער פון אַקטיוויטעט און פון לעבן אין שטעטל. אויך דער בריק, וואָס איז געלעגן איבער דעם טייך, באַ די סאַמע פּיס פון דער הויפּטגאַס, אַחוץ אויך די טונקל־ברוינע באַן־ און אָמניבוס־סטאַנציע, וואָס איז געשטאַנען באַ דעם בריק, האָבן געצויגן צו זיך די איינוואוינער פון שטעטל, סיי אַלט, סיי יונג, צו באַגעגענען די אָנקומענדיקע צוגן און בוסעס און צו שפּאַצירן דאָרט אויף דעם אַספּאַלטענעם ראָג, צווישן דער אַלייע פון ביימער.

דאָס שטעטל איז געווען שטיל און רואיק און בלויז דאָס ווייטע פּולסירן פון די מאַטאָרן אין דער עלעקטרישער סטאַנציע פון דער פאַבריק, האָט געשטערט דער שטילקייט, וואָס איז געפאַלן פון די הויכע בערג אין טאָל אַריין.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

ס׳איז שוין געווען ווינטער, קיין שניי האָט מען אָבער ניט געזען. בלויז דער באַן פלעגט אַמאָל אָנלויפן מיט שניי־באַדעקטע וואַגאָנען און די שפּיצן פון די בערג האָבן דערמאָנט אָן פאַרשטיינערטע גיגאַנטן מיט גרייז־גרויע קעפּ פון ווייטן צפון.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

עס איז געווען אַ זונטיק פאַרנאַכט. אַ זונטיק, ווי אַלע זונטיקס אין ניו־פּאָרט. די מענטשן באַ דער באַן־סטאַנציע האָבן שפּאַצירט אין

זייערע זונטיקדיקע קליידער; די יונגוואַרג האָט געזונגען, געשטיפּט און געלאַכט. דער טייך איז געלעגן אַ פאַרפרוירענער, ווי אַ בלויע לענטע.

באַראַש איז געשטאַנען באַם בריק, אָנגעשפּאַרט אָן פאַרענטש און געקוקט אויף דעם געמיטלעך־רואיקן אַרבעטער עולם, וואָס האָט פאַרגעסן, אָדער ניט געוואָלט טראַכטן, אַז ערגעץ הינטער די בערג ליגט אַ וועלט, וואָס קאָרטשעט זיך אין יסורים פון אַגאָניע. עס איז געווען טרויעריק אין דער טונקלקייט פון אָוונט, האָט ער זיך געלאָזט גיין אַהיים. און ווען ער איז אַהיימגעקומען, האָט ער זיך, ווי אַן אויסגעשעפּטער, אַריינגעוואָרפן אין שטול. געזעסן אַזוי אַ לאַנגע צייט אין דעם טונקעלן צימער, דערנאָך אָנגעצונדן די ליכט און דערפילט זיך וואַרעמער און איינטימער. „אַ גוטן אָוונט" — האָט ער אַ זאָג געטאָן צום לאָמפּ און צעשמייכלט זיך. דאָס שמייכלען זיינס איז אָבער געווען פול מיט חוזק און מיט איראָניע. וויפל מאָל האָט ער שוין אַזוי פאַרבראַכט מיטן לאָמפּ און גערעדט צו אים, גערעדט אויך צו דעם באַראַש אין שפּיגל, און צו די שטערן, און צו דער לבנה, און צו די בערג און וועלדער. אָבער איינטימער האָט ער גערעדט צום נאָטיץ־ביכל, צום ביכל מיט די שוואַרצע, לעדערנע טאָוולען, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ ביבל, וואָס איז געלעגן און געוואַרט אויף אים אין דעם פאַרשלאָסענעם שופלאָד פון טישל. אויך דאָס מאָל האָט ער דערפילט דעם דראַנג אַריינצונעמען עס אין זיינע הענט און גלעטן די שוואַרצע טאָוולען און די באַגילדעטע זייטלעך און רעדן אויף די זייטלעך צו זיך, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיך אויף די ווייטע, פאַרשנייטע און איינזאַמע פעלדער פון ווייטן צפון. די האַנט האָט זיך אַ צי געטאָן צום שופלאָד און צום ביכל. און ווי יעדעס מאָל, האָט ער אויך דאָס מאָל אַ קוק געטאָן אויף דעם ערשטן בלעטל, איבערגעלייענט עס, ווי וועלנדיק מיט דעם לייענען, אונטערשטרייכן און איבערצייגן זיך, אַז דאָס ביכל, דער שטומער פריינט זיינער, מעג עס זיין ווי באַליבט בײַ אים, איז אָבער זיין באַציאונג צו דער גאַנצער אינטימקייט און צו זיין רעדן צו די ווייסע בלעטלעך מיט דער פען — פול מיט חוזק און מיט פילאָזאָפישן ציניזם. און די שורות אויף דעם ערשטן בלעטל האָבן זיך געלייענט:

„. . . איך, באַראַש, וואָס רופט זיך איצט ראַש — איך, וועלכער האָט שטענדיק אָפּגעלאַכט פון דידאַזיקע, וואָס האָבן אָנפאַרטרויט צו ווייסע בלעטלעך זייערע אינטימסטע געדאַנקען, איך נעם זיך שרייבן אַ טאָג־בוך. איך זאָג: אינטימסטע געדאַנקען — ווערלן זיי טאַקע זיין די אינטימסטע? פאַר באַראַשן — ניין, פאַר ראַשן — יאָ. אָבער צו וואָס פאַרשרייבן? צו וואָס אַ טאָג־בוך, ראַש? נו, זאָל דער תירוץ זיין: צו באַהעפטן זיך מיט די טיפסטע געפילן און געדאַנקען אין דער בלויער

און אין דער שוואַרצער איינזאַמקייט. זאָל איך, ראָש, זיין ווי אַ קאַ־פּיטאַן, וואָס פאַרשרייבט יעדן טאָג אין זיין טאָג־בוך דעם מאַרשרוט לויט די מערידיאַנען, דעם וועטער און די טאָג־טעגלעכע פּאַסירונגען, וואָס פאַרלויפן זיך אין דעם איינזאַמען וועלטל אויף דעם אָקעאַן. צוליב וואָס טוט ער עס? וויל עס די וועלט וויסן? . . . אפשר יאָ, און אפשר ניין. אָבער פאַר מיר איז דאָס אַ תּירוץ. עס איז אַ שמועס, אַן איינ־טימער שמועס מיט זיך אַליין און . . ."

אַ פּאָר בלעטלעך ווייטער:

„. . . ווי אומגלייבלעך עס איז פאַר מיר אַליין. האָב איך אָט־אַ־די עטלעכע טעג פון מיין לעבן פון אַ בוך אַרויסגעלייענט? אָט בין איך דאָ. דאָ, אין דעם פרעמדן שטעטל, וואָס מ'רופט ניו־פּאָרט. ניו־פּאָרט — — — דער נאָמען אויף דעם שילד פון דער באַן־סטאַנציע האָט מיך געפאַנגען. דער נאָמען האָט אַ רוף געטאָן צו מיר מיט אַ באַהאַלטענעם סימבאָלישן אינהאַלט. . . . ניו־פּאָרט. אָט דאָ איז אפשר דער נייער פּאָרט פאַר מיין צעשמעטערטער שיף. אָט דאָ וועל איך אפשר קאָנען פאַרקלאַפּן, פאַרהאַקן די לעכער און אַרויפציען נייע זעגלען און לאָזן זיך צום אייביקן האָריזאָנט, צו מיין פאַרגייענדיקער זון, מיט אַ רויטן שמייכל און מיט אַ לויב־ליד צום לעבן און צום טויט. ניו־פּאָרט . . ."

און ווייטער:

עס איז גוט צו ליגן אויף דעם געבלימלטן צודעק פון בעטל, דאָ אין דעם קליינעם שטיבל פון דעם אַלטן איירישן פּאָרפּאָלק. עס איז גוט, נאָך צוואַנציק שעה פון פאָרן, אָפּשטעלן זיך ענדלעך און זאָגן צו זיך: דאָס איז דאָס פּלאַץ. נאָך איידער איך האָב דערזען דעם נאָמען ניו־פּאָרט, האָב איך דערפילט, אַז עס ציט מיך . . . זענען דאָס געווען די קעפּ פון די בערג, צי אפשר אַ פרעמדער, באַהאַלטענער גייסט אָדער דיבוק, וואָס האָט דאָ געוואַרט אויף מיר, אַריינצודרינגען אין מיר און אָנפאַנגען אין מיר און דורך מיר אַ ניי לעבן? . . . ווער ווייסט? עס ווילט זיך מיר לאַכן פון מיינע אסטראַלע און ספּיריטואַליסטישע פאַנ־טאַזיעס — אָבער, אַז עס שרייבט זיך אַזוי, אַז די פּען מיינע לויפט אַזוי ווילנדיק און נערוועז, ווי אַ שוואַרצער רייטער אויף מיינע בלויע פערד — געדאַנקען, טאָ זאָל זי זיך יאָגן . . .

„עס איז גוט דאָ אין צימערל. עס איז רואיק דאָ און עס באַרו־איקט מיך. אַ באַזונדערע וועלט הינטער אַ פאַרמאַכטער טיר. די צווייטע וועלט פון דער צווייטער זייט טיר, די וועלט פון די צוויי אַלטיטשקע, איז אַ שטילע וועלט. זיי שווייגן און וואַרטן. זיי וואַרטן, אַז די זעגל־שיף זאָל קומען צו זיי, און דער אומבאַקאַנטער זאָל זיי אַ רוף טאָן און זיי וועלן אַוועקשווימען מיט אים אין גן־עדן אַריין, מסתמא. זענען זיי

רואיק און זיי וואַרטן. דער שמייכל אויף זייערע ליפּן איז אַ בלייבער און די בליקן — האַלב־פאַרגלעזערטע אין דערוואַרטונג.

— גוד־מאָרנינג . . . — גוד־מאָרנינג . . .

— גוד־איווענינג . . . — גוד־איווענינג . . .

„דאָס אַלעס.

„געשפּאַנט מיטן פּעקל און צוגעשפּאַנט אַהער, וואו אין פענצטערל איז געשטאַנען אַ שילדל מיט דעם אויפשריפט: אַ צימער צו פאַר־דינגען. אפשר האָבן זיי דערוואַרט אַן אויסגעמאַטערטן, אויסגעדאַרטן און פאַרשמירטן אַרבעטער פון דער שטאָל־פאַבריק, אָדער אפשר אַן אַל־טע מויד, אַ לערערין אין דער שול — זיכער ניט אַזאַ פאַרשוין ווי איך. ווייל, ווען איך האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר, האָבן זיי געקוקט אויף מיר פאַרוואונדערט און ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן און וואָס צו טראַכטן: בין איך אַ שקלאַף, צי בין איך אַ האַר; בין איך אַן אָרעמאַן, צי בין איך אַ גביר . . . כאַ! — זיי וואונדערן זיך נאָך אַלץ און זיי ווייסן נאָך אַלץ ניט — צי בין איך אַ ייד, צי בין איך אַ גוי . . .״

בּאַראַש האָט ווידער אַ שמייכל געטאָן, געמישט די בלעטלעך, גע־קוקט אויף די דינגע, געדיכטע שורות און דערפילט, אַז די ווייטערדיקע ריינע בלעטלעך רופן, רופן ווי אַ ריין, ווייס ליילעך אויף דעם געלעגער, אַנדערצושלייגן זיך, אָפּצורוען זיך און פאַרטראָגן זיך אין חלומות. און אַ וואָרט, ווי אַן עכאָ פון דעם איבערגעלייענטן, האָט זיך שוין אַנידער־געלייגט באַם אויבערשטן ווינקל פון ריינעם בלעטל — אַן איינאונאיינ־ציק וואָרט: איינזאַמקייט — — —

עס האָט זיך אַנידערגעלייגט ווי אין אַ טראַנס און עס האָט געוואַרט....

„. . . איינזאַמקייט . . .״

און די פּען האָט גענומען יאָגן:

„פאַרוואָס איינזאַמקייט? איז „אַליין זיין״ איינזאַמקייט? צי אפשר ליגט דער זין פון דעם וואָרט, ניט נאָר אין פאַקט, וואָס מ׳איז אַליין, נאָר ערגעץ טיפער . . . טיפער . . . אָט קאָן דאָך אַ מענטש זיין צווישן מענטשן, צווישן פריינט, צווישן אייגענע, צווישן די נאָענטסטע פון זיין פאַמיליע און דאָך זיין איינזאַם. וואָס זשע מיינסטו, בּאַראַש־ראַש, מיט דיין איינזאַמקייט? איז דאָס דיזעלבע איינזאַמקייט, וואָס האָט דיך אָפּט געפּייניקט דאָרט, פון וואַנען דו ביזט אַוועק, צי אפשר איז אָט די־דאָזיקע נייע איינזאַמקייט בלויז צוליב דעם בייטן פון אָרט? און האָסטו דען געמיינט, אַז אַ „ניי לעבן״ מיינט אָפּשיידן זיך פון מענטשן, פון דעם שאַפן און פון דעם אַלעמען, וואָס מאַכט דאָס לעבן אינהאַלטסרייך? . . . ניין, איך האָב דאָס ניט געמיינט און איך האָב דאָס יאָ געמיינט. איצט ווייס איך, אַשטייגער, אַז אַן אינהאַלטסרייך לעבן מוז ניט דוקא זיין פאַר־

בונדן מיט כלל. עס קאָן געשעהן ווערן ביחידות. איך מוז אָבער צו־געבן, אַז מיין לעבן איז איצט ניט אינהאַלטסרייך. וואָרן אין וואָס באַ־שטייט דער גאַנצער אינהאַלט פון מיין איצטיקן לעבן? אין טראַכטן, אין לייענען, אין הערן מוזיק, אין באַוואונדערן די נאַטור און אין מאָלן. איך האָב ניט געזאָגט: אין טרוימען, ווייל איך ווייס ניט וועגן וואָס צו טרוימען. וואָלט איך געוואָלט זאָגן און איך וואָלט געוואָלט גלייבן, אַז בלויז אָט דערדאָזיקער, איצטיקער לעבנס־אינהאַלט מיינער איז דער אמת־נאַטירלעכער, אמת־מענטשלעכער; אַז בלויז אָט אַזאַ מין סאָרט לעבן האָט דער וועלטבאַשאַפער געהאַט אין זינען, ווען ער האָט באַשאַפן דעם האָמאָ־סאַפּיענס. טיף אין מיר ליגט אָבער דער פּרעסיפּיטאַט פון אָט דעם מין לעבן, ליגט ווי אַ נאַסער, רואיקער ליים אויף דעם גרונט פון ים און עס קומען ניט פון דער טיפעניש אַרויף צו מיין מח קיינע פרייד־בלעזלעך, עס קומען ניט קיין פונקען, קיין קלאַנגען, קיין ווינטעלעך, שוין אָפּגערעדט פון בליצן און פון שטורעמס — שטורעמס פון שעפערישער אינספּיראַציע . . . און ס'איז ניטאָ קיין באַגייסטערונג פאַר אַזאַ מין לעבן. ווייזט אויס, אַז ס'איז ניט אינהאַלטסרייך, ווייזט אויס, אַז ס'איז אינהאַלטסלאָז; ווייזט אויס, אַז דאָס, וואָס מיין אינטעלעקטואַלער אַפּאַ־ראַט אין מיר נעמט אויף, איז בלויז אַ מין מענטאַלער, נאַרקאָטישער געטראַנק, וואָס פאַרשלעפערט, באַטריבט און אַטראָפירט.

„מיין ניי לעבן . . . וואָס הייסט אַ ניי לעבן? און איז פאַראַן אַ זאַך ווי ניי לעבן? די פאַרגאַנגענע טעג און יאָרן זענען טאַקע ווי אַ חלום, זיי ווערן זיך שוין מער קיינמאָל, קיינמאָל ניט אומקערן, אָבער . . . ווי טיף זיי האָבן איינגעקריצט אין מיר יעדע קלייניקייט, אפילו די קליי־ניקייטן, וועלכע איך געדענק ניט מער; אָט, ווי אַ גראַווירער קריצט אויס אויף שטאָל אָדער אויף קופּער אַ ריי בילדער, וואָס בלייבן רעלאַ־טיוו־אייביק. ווייס איך ניט, צי איך קאָן מיין לעבן איצט אָנרופן אַ ניי לעבן. דער נייער טאָג, וואָס באַגעגנט מיך, איז ווי מיט האַטשיקעס צוגעטשעפּעט צו די אַמאָליקע טעג; און די נאַכט, וואָס נעמט מיך אַרום און ווען איך באַגריס מיט טריבקייט, איז אויך צוגעטשעפּעט צו די פאַרגאַנגענע נעכט; און איך זאָג: געבענטשט איז די נאַכט, וואָס פאַר־טראָגט אין חלומות — — — וואָס שאַפן, באמת, אַן אַנדער לעבן, אַן אַנדערע וועלט. אַדאַ חלומט זיך מיר אָפּט. און אויך עוואַ האָט זיך מיר אַ פּאָר מאָל געחלומט — און ווי טרויעריק די פאַרטאָגן זענען גע־ווען פאַר מיר . . . זע איך דאָך: איך לעב אי דאָ, אי דאָרט — אור־מעטום. איך קום אָבער ניט אין גייסטיקן קאָנטאַקט מיט מיינע מיט־מענטשן און איך שאַף ניט מער. און איך טראַכט: פייניקט עס מיך?

באַפרידיקט עס מיך? איז דאָס זעלבסטווירדע? פרייהייט? גליק אין איינזאַמקייט? — איך ווייס ניט. איך בין זיך מודה — איך ווייס ניט".

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

די טעג זענען אָנגעקומען ווי ווייסע, קאַלטע מתים. עס האָט זיך געדאַכט — זיי קומען אַראָפּ יעדן פֿאַרטאָג פון די ווייס־קעפּיקע בערג און גייען איבער די גאַסן פאַרטיפטע און ערנסטע.

דאָס מאָלן באַטאָג באַ דער בריק האָט געשלונגען די צייט. אַרום אים איז שטענדיק געשטאַנען אַ כאַפּטע יונגוואַרג און געקוקט. מ'האָט אים שוין געקאַנט, כאָטש קיינער האָט זיין נאָמען ניט געוואוסט. זיי האָבן אָבער געוואוסט, אַז יעדן טאָג קומט ער צו דער בריק, שטעלט אַוועק דאָס מאָלבערט, עפנט דאָס קעסטל מיט פאַרבן און נעמט זיך מאָלן. ער מאָלט די קירכע, ער מאָלט די בערג, ער מאָלט דעם טייך און די בריק, ער מאָלט די שטיבעלעך, וואָס שטייען אין טאָל און אויפן באַרג. און אַזוי שטייען זיי און קוקן, ווי דער מאַן, דער אַרטיסט, מיט די לאַנגע האָר שטייט און מאָלט, און ווען אַ בילד ווערט פאַרטיק, שטעלט ער עס אַוועק באַ דער זייט מיט אַ שילדל אויף וועלכן עס שטייט דער פּרייז און די פאַרבייגייענדיקע אַרבעטער און פרויען, וואָס שטעלן זיך אָפּ קוקן ווי ער אַרבעט, און קויפן אָפּט די בילדער, די אמתע, האַנט־געמאָלענע ביל־דער. קיינער האָט אים קיינמאָל ניט געטשעפּעט; און האָט עמיצער גערעדט צו אים און געשטעלט אים פראַגן, האָט ער געענטפערט מיט אַ שמייכל, אָבער קורץ און קאַרג, ניט אויפהייבנדיק די אויגן פון בילד.

און אַזוי איז ער געוואָרן באַקאַנט אין שטעטל אַלס דער אַרטיסט, וואָס שטייט באַם בריק און מאָלט, און שווייגט. עס איז אים אפילו גע־קומען אויף דעם געדאַנק, אַז ס'וואָלט אפשר געווען אַ פּלאַן צו דינגען אַ צימערל אויף דער הויפּטגאַס, עפענען אַ סטודיאָ און נעמען מאָלן ערנסטער. ער האָט אָבער גלייך אָפּגעוואָרפן דעם געדאַנק. אָט דאָ באַם בריק, מאָלנדיק און פאַרקויפנדיק די בילדער פאַר ביליקע סענטן — דאָ איז ער דער מאָדנער, אומבאַקאַנטער מאָלער־בעטלער, וואָס איז אַזוי נאָענט און איך דערזעלבער צייט אַזוי מיסטעריעז. און אַזוי דאַרף ער זיין און אַזוי דאַרף ער פאַרבלייבן.

אַהיימקומענדיק אין אָוונט, האָט ער ליב געהאַט אַ פרעג צו טאָן די אַלטינקע:

— קיינע בריוו פאַר מיר, מיסעס מעקגווייער?

— קיינע בריוו, מיסטער ראָש — פלעגט זי ענטפערן מיט מיטלייד.

ער האָט געוואוסט, אַז קיינע בריוו זענען ניט אָנגעקומען פאַר אים און ער האָט ניט דערוואַרט קיין בריוו, דאָך פלעגט ער ליב האָבן צו

פרעגן, ווייל דער געדאַנק האָט זיך ניט געוואָלט אָפּזאָגן פון דער אַמאָ־ליקער געוואוינהייט צו פרעגן אַדאָן אויף בריוו, ווייל דער אונטערבאַ־וואוסטזיניק האָט נאָך אַלץ געזוכט די טיפע, ווייטע פאַרבינדונג מיט די מענטשן און מיט דער וועלט, וואָס איז געקומען דורך צענדליקער און הונדערטער בריוו. איצט — פלעגט ער טראַכטן — קיינע בריוו. און יענע וועלט, די יידישע וועלט — איז אַ וועלט פון אַמאָל. די יידישע וועלט . . . בלויז איין נאָמען האָט אים דאָ דערמאָנט אָן דעם. דער נאָמען „האַנדלמאַן" אויף דעם שילד פון דעם שטעטלשן שניידער. ער האָט אים אָבער קיינמאָל ניט באַגעגנט, כאָטש ער האָט שוין באַשלאָסן באַ זיך אַריינצוגיין אַמאָל צום שניידער און זען וואָס פאַר אַ מין ייד ער איז.

ער האָט געבענקט נאָך בריוו, געבענקט נאָך אַ יידישער צייטונג, נאָך אַ יידישן זשורנאַל; עס האָט זיך געבענקט נאָך דעם „טעאַליט"; נאָך דער שטאַרקער קאַווע, נאָך דעם סיגאַרעטן־רויך, נאָך די הייסע דע־באַטן, און נאָך די אויגן פון די פרויען — אויגן פון פרויען — יאָ, זיי האָבן שטענדיק געגאָסן אין אים וואַרעמע ליכט און געצויגן ווי וואַרעם פייער; עס האָט זיך געבענקט נאָך אַ שפּאַציר מיט די קאָלעגן, אַ שפּאַ־ציר אין דער ניו־יאָרקער נאַכט אין וועלכער הימלקראַצערס האָבן גע־שראָקן מיט מיסטישקייט און מיט מאַכט.

די בענקשאַפט נאָך אַדאָן און נאָך עוואַן און נאָך דער אינטימקייט פון זיין היים — די בענקשאַפט האָט ער זיך געשראָקן צו פאַרטיפן. ער האָט געוואוסט, אַז ווען דידאָזיקע בענקשאַפט כאַפּט זיך אויף אין אים, וויינט זי, וויינט מיט יסורימדיקן געוויין און ס'נעמט טעג און נעכט ביז ער שטילט זי איין, די בענקשאַפט — האָט ער זי ניט געוועקט.

אין די אָוונטן פלעגט ער זיצן באַ דער ראַדיאָ און הערן מוזיק און באַהעפטן זיך מיט דער וועלט: מיט ניו־יאָרק, לאָס אַנגעלעס, לאָנדאָן און אַלקעסאַנדריע . . . און אין דידאָזיקע מינוטן האָט ער געטראַכט, אַז די וועלט איז פאַרבליבן דיזעלבע און זיין אָפּשיידן זיך האָט אים דאָך ניט געקאָנט אָפּרייסן פון לעבנס־לייב, פון לעבנס קאָנוואולסיעס, פון לעבנס טויט־אַגאָניעס, וואָס האָט זיך געטראָגן פון טאָג אין דער נאַכט אַריין און פון דער נאַכט אין טאָג אַריין. און יעדעס מאָל, ווען די נייעסן פון טאָג, די נייעסן פון שלאַכטפעלדער האָבן געשניטן די אויערן און דאָס האַרץ מיט זייער בלוטיקער וואַקכאַנאַליע און אומגלייבלעכן וואַנזין — איז ער געזעסן אַ דערדריקטער און געזען ווי צונגען פייער ציען זיך אין געדיכטן רויך צו די הימלען, און ער האָט געהערט די יללות פון פרויען און קינדער אין געקנאַל פון האַרמאַטן, אין ברומעריי פון עראָ־פּלאַנען און אין אויפרייס פון באָמבעס. און עס האָט ווידער דערמאָנט אָן מיכלען און אין דעם קרבן, וואָס מיכל האָט געבראַכט — דאָס יונגע

לעבן צו די פיס פון דער ברוטאַלער, סאַדיסטישער וועלט . . . און אין דידאַזיקע מינוטן פלעגט באַראַש פאַרשעמען זיך פאַר זיך אַליין, פאַר זיינע אייגענע יסורים, פאַר זיין זיצן אין דעם שטעטל — אַ קרבן פון זיין אייגענעם „עגאָ״, וואָס רעוואָלטירט קעגן זיין אייגן לעבן, קעגן זיין קליין נישטיק וועלטל . . .

„ . . . איז דער אייגענער „עגאָ״ ווירקלעך אַזוי מעכטיק און וויכטיק, אַז ער קאָן דיך אָפּרייסן פון דעם לעבן־לייב און לאָזן דיך דינען בלויז זיך, דעם איינאונאיינציקן?״ — האָט באַראַש פאַרשריבן אין זיין טאָג־בוך. און ער האָט געענטפערט: „ . . . ניין. דאָס דינען זיך, דעם איינאונאיינציקן, איז בלויז אַ פראַזע אַזאַ. ווייל דער מענטש איז אַ שטויבעלע אין דעם אומענדלעכן אוניווערס . . . און דאָס, וואָס מ׳רופט וועלט־געשעעניש, וועלט־געשיכטע, היסטאָרישער מאַטעריאַליזם און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער — דאָס איז בלויז דער אויפקום און אומקום פון מענטשן און פעלקער אין דער פאַרפלאָנטערטער נעץ פון לאָגישע און אומלאָגישע געשעענישן, וואָס ווערן פאַרלאָפן אין לעבן מיט אַ פאַטאַלער און אומקאָנטראָלירבאַרער קראַפט, אַ קראַפט, וואָס איז וואָהנזין אין גאונות און גאונות אין וואָהנזין — פון דעם מענטש אין דער מענטשהייט אַריין, און פון דער מענטשהייט אין מענטש אַריין . . .״

און, פאַרשרייבנדיק דאָס, האָט ער געטראַכט, אַז פאַר אַזעלכע געדאַנקען וואָלט ער אַ צווייטן זיכער געשטעמפּלט ווי אַן אָפּגעשטאַנע־נעם, קאָנסערוואַטיוון מענטשן, וואָס האָט ניט קיין באַגריף אין דער אַנטוויקלונג פון דער ציוויליזאַציע און קולטור, און ניט אין דער אָפּ־שטאַמונג פון מענטש און חיה, און ניט אין דער גאונות פון באַשאַף, וואָס איז פול מיט מיסטישן און געטלעכן כח און מיט ראַציאָנאַלער פּערפעק־ציע. אָבער ווידער און ווידעראַמאָל האָט דער געדאַנק געשלעפּט און די פּען האָט פאַרשריבן: „ . . . ניין. איך דאַרף זיך ניט שעמען. ווייל איך, מיין „עגאָ״ פילט דעם פיין פון דער וועלט אַסך טיפער, ווי די וועלט פילט דעם פיין, אָדער די פרייד, וואָס קומט צו מיר . . .״

און אָפט, זייער אָפט, אין דער איינזאַמקייט פון די קאַלטע און לאַנגע נעכט, האָבן דידאָזיקע געדאַנקען, ווי דער געוואָי פון אַ שניי־שטורעם געריסן זיינע געדאַנקען און געטריבן די עמאָציעס ביז וויטיק, ביז פאַרצווייפלונג . . . פאַרצווייפלונג פון ניט וויסן, פון ניט קאָנען אָפּשטעלן די ראָד פון לעבן און באַטראַכטן, און זען, וואָס ס׳איז רעכט און וואָס ס׳איז אומרעכט, וואָס ס׳איז אמת און וואָס ס׳איז ליגן . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

דאָס שטעטל האָט ניט קאָמענטירט. יעדער איינער האָט זיך אַרומ־

געטראָגן מיט זיינע געדאַנקען און די געשעענישן אין דער וועלט האָבן זיך ניט אָנגעקערט מיט קיינעם; די נייעסן קומען סיי ווי פון יענער זייט וועלט, איז צו וואָס טראַכטן וועגן דעם. עס איז דאָך ערגעץ ווייט, אַזוי ווייט — און די אייגענע קליינע און גרויסע דראַמעס און טראַגע־דיעס ליגן גלייך איבערן קאָפּ, און יעדער איינער איז מיד, און יעדן איינעם בענקט זיך נאָך פרייד, נאָך אמתער, ברויזנדער, פליסנדער פרייד; און די פרייד, אַז זי קומט, קומט זי שעמעוודיק, צו יעדן איינעם באַ־זונדער אין אַ ווינקל. ווי גרויע און בלויע שאָטנס גייט מען אין די פאַרטאָגן צו דער אַרבעט און ווי שוואַרצע שאָטנס קערט מען זיך אום פאַרנאַכט. און זונטיק ווערט נאָך קעלטער, טרויעריקער און שטילער; און דער קירכן־גלאָק שיקט ווייגענדיקע קלאַנגען אין דער לופט אַריין און אַרום איז שטיל, שטיל . . .

באַם סוף שטעטל, ווייט אַרויף, הינטער דער פאַבריק, אויף דעם באַרג כמעט, ליגט דער בית עולם; און מצבות און צלמים שטייען ווי טרויעריקע וועכטער איבער דער טויטער וועלט.

באַראַש איז אַ פּאָר מאָל געגאַנגען צו דעם בית עולם און ער האָט זיך דערפרייט, ווען ער האָט אין אַ באַזונדערן, מיט שטאָלענע שטאַ־כעטן אָפּגעזונדערטן פּלאַץ, דערזען פינף יידישע מצבות. דערפרייט זיך און אויסגעלאַכט זיין אייגענע פרייד. איבערגעלייענט אַ פּאָר נעמען, וואָס האָבן גאָרניט געזאָגט און גאָרניט דערציילט; צוגעקוקט זיך צו די דאַטומס — אַלטע, פאַרגרינטע, וואָס האָבן מיט צוואַנציק און מיט דרייסיק יאָר צוריק געשיינט מיט בראָנז און קופּער. געטראַכט: אָט דאָ וועט ער אפשר אויכעט ליגן — ווער ווייסט? און זיין נאָמען ראָש וועט אויך גאָרניט זאָגן און גאָרניט דערציילן — ניט וועגן אים און ניט וועגן זיין אָפּשטאַם. און, אַהיימגייענדיק יענעם טאָג פון דעם בית עולם, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט באַ דעם שניידערס פענצטער, אַריינגע־קוקט, דערזען אַן אויסגעדאַרטן און טונקעלן מענטשן, וואָס האָט מיט גרויסע ברילן אויף דער נאָז אויסגעזען פונקט ווי אַן אַלטער, היימישער שניידער פון דעם פאַרגעסענעם יידישן שטעטל. און עס האָט בלויז גע־פעלט דאָס געסל, מיט די אויסגעקרומטע שטיבער, מיט די גאַניקעס, מיט די אָרימע קלייטלעך און מיט דער שול אויף דעם בערגל. האָט ער גע־קוקט אויף דעם שניידער און געוואונדערט זיך — וואָס האַלט אים דאָ אָט דעם מענטשן? וואָס פאַר אַ גייסטיקע הנאה קאָמפּענסירט אים דאָ פאַר זיין טאָג־טעגלעכער אַרבעט צווישן פרעמדע מענטשן מיט וועמען ער האָט קיין פאַרבינדונג. און אפשר האָט ער יאָ עפּעס אַ פאַרבינדונג. אפשר זענען די מענטשן דאָ געוואָרן אויס פרעמדע און זייערע אינטע־רעסן זענען געוואָרן זיינע אינטערעסן און זיין מח און זיין האַרץ באַנוגנט

זיך מיט דעם ביסל, וואָס ער געפינט דאָ אונטער דעם הימל צווישן די הויכע בערג — — —

אין דעם טאָג האָט ער פאַרשריבן:

„ . . . ווי פרעמד עס איז אַרום, — ווייל איך בין אַ פרעמדער. און האָט דען ניו־יאָרק ניט אויסגעזעען אַזוי פיל מאָל אי פרעמד, אי גרויזאַם, אי מוראדיק? איז פאַרוואָס שטעל איך זיך אָפּ אויף דער פרעמדקייט דאָ? און פאַרוואָס דאַרף איך זיך וואונדערן ווי אַזוי אַן אָרימער יידישער שניידער לעבט אָפּ זיין לעבן דאָ? איז דען ניט גענוג אַמאָל בלויז אַ ווינקל, אויסצובויען אַ לופט־שלאָס פאַר זיך? די פרעמדקייט איז ניט אַרום — עס איז אין מיר. און אין זיך קאָן איך געפינען דאָס ווינקל, וואו אויפצובויען מיין טורעם פאַר דעם טרוים, וואָס איז אפשר דער איינציקער און דער אמת־אמתדיקער גענוס פון לעבן . . .״״

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

באַראַש האָט אַוועקגעשטעלט דעם מאָלבערט, אויפגעעפנט דאָס קעסטל מיט פאַרבן, גענומען די פאַליטראַ און בערשטלעך אין דער האַנט און איז געבליבן שטיין. וואָס זאָל ער איצט מאָלן? ער האָט דאָס שוין אַזוי פיל מאָל געטאָן און אין אַזוי פיל צימערן הענגען שוין אַזוי פיל פון זיינע באַנאַלע פייזאַזשן, באַנאַלע, ווייל ער האָט ניט אַריינגעגעבן אין זיי זיין האַרץ און זיין נשמה. עס האָט זיך אים אָבער געוואָלט מאָלן, מאָלן, ווי ער וואָלט עס געטאָן שרייבנדיק מיט דער פען. אָבער אפילו די פען זיינע איז געווען שטום און דער דמיון איז געלעגן אַ געפאַנגענער אויף דעם שפּיץ פון הויכן באַרג. ער האָט אָפּט געקוקט אויף דעם באַרג און אַזוי פיל מאָל געמאָלן אים, אָבער קיינע אידייען האָבן ניט עלעקטריזירט ניט דעם מח און ניט דאָס בלוט, ווייל . . . — ער האָט ניט געוואָלט טראַכטן פאַרוואָס.

ער האָט גענומען אַ בערשטל און אַ שמיר געטאָן מיט פאַרב. און, קוקנדיק אויף דעם לייוונט, האָט ער צווישן די אומזעבאַרע און שאָטנדיקע ליניעס דערזען אַ פּנים. ער האָט געוואוסט, אַז אויף דעם לייוונט איז קיין פּנים ניטאָ און ער האָט געוואוסט, אַז דאָס אויג זעט צווישן ליניעס געשטאַלטן, וואָס זענען ווי מיראַזשן . . . אָט זענען זיי דאָ, אָט זענען זיי ניטאָ. ער האָט אָבער געוואָלט זען, וואָס עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער זעט — אַ פּנים פון אַן אַלטן מאַן. אָט לויפט אַ ליניע, וואָס פאַרמירט די קאָנטורן פון אַ קאָפּ; און אָט נידעריקער, אַ ליניע, וואָס טיילט אויס די נאָז, אַ יידישע נאָז; און ווייטער ליניעס — די אויגן, די ליפּן . . . די באָרד — אַן אַלטער מאַן, אַזוי ענלעך צום הויכן באַרג — — —

עס איז אים געפעלן געוואָרן די אָפּטישע אילוזיע און דאָס בערשטל האָט שוין גענומען נאָכלויפן דידאָזיקע ליניעס און אינגיכן האָט שוין אַן אַלט פּנים אַ קוק געטאָן אויף אים און די אַרומיקע צוקוקער האָבן זיך גענומען רוקן נעענטער, צו זען, ווי דאָס פּנים ווערט באַלעבט. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער זעט דעם קאָפּ פון ווילנער גאון; די צוקוקער אַרום אים האָבן אָבער באַשלאָסן, אַז ס׳איז אַ בעטלער, אַ פּנים פון אַן אַלטן בעטלער.

עס איז אַוועק אַ שעה און צוויי און ער האָט נאָך אַלץ געמאָלן דעם אַלטן. מענטשן זענען געקומען און מענטשן זענען געגאַנגען. געבליבן שטיין, אַ קוק געטאָן — און ווייטער . . . בלויז אייך פרוי האָט ניט אָפּגעטראָטן די גאַנצע צייט פון מאָלן. געקוקט מיט פאַרוואונדערטע אויגן און, מאָמענטנווייז, מיט אַ פאַרטראַכטן בליק אַרויף צום שפּיץ פון באַרג, וואוהין באַראַש האָט געקוקט אין די רגעס פון אָפּרו. און ווען באַראַש איז פאַרטיק געוואָרן און ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם הויכן שטערן פון דעם אויסגעמאָלטן זקן, האָט ער זיך געוואָלט דערמאָנען וואָס עס פעלט דעם פּנים. עפּעס אין זיין מח האָט געוועקט, גערופן צו דערמאָנען זיך אָן עפּעס; און, ענדלעך, איז דאָס, וואָס האָט געפעלט אין בילד, אַרויסגעשוואומען אַזוי קלאָר און דייטלעך. ער האָט דערזען אויף דעם הויכן שטערן די ניט־אויסגעמאָלענע תפילין און אַרום די אַקסלען אַ טלית. און די האַנט מיט דעם בערשטל האָט זיך אַ צי געטאָן צום בילד. ער האָט אָבער אַ קוק געטאָן אויף די אַרומיקע — איירישע, שוועדישע, איטאַליענישע און פּוילישע אויגן — זאָל ער וואַגן פאַר אָט דידאָזיקע אויגן אויפצודעקן דעם סוד פון זיין בילד, פון זיין אַלטן יידן און פון זייך אייגענעם פּנים — זאָל ער? וועט דאָס ניט זיין אַן אָנהייב פון דער קאַפּיטולאַציע פון זיין נייעם לעבן צום סוד פון זיין אַלטן לעבן? און ווער פון זיי וועט קויפן אַזאַ בילד, אַ בילד פון אַ מיסטעריעזן יידן? זיינע אויגן האָבן זיך באַגעגענט מיט די אויגן פון דער פרוי, וואָס האָט ניט אָפּגעטראָטן פון מאָלבערט און דער פאַרטראַכטער טרויער אין אירע אויגן האָט אַ צי געטאָן זיין גאַנצן וועזן — ווי נאָענט איר טרויער איז — האָט ער אַ טראַכט געטאָן.

— איר פאַרקויפט דאָס בילד? — האָט זי פּלוצים אַ פרעג געטאָן.

— יאָ, צוליב דעם מאָל איך — האָט ער געענטפערט.

— איך וועל קויפן באַ אייך דאָס בילד — האָט זי געזאָגט. — עס געפעלט מיר און עס דערמאָנט מיר אָן עפּעס — — —

— מעג איך וויסן אָן וואָס? — האָט ער געפרעגט.

— אָ, ס׳איז אַסך צו רעדן וועגן דעם און עס וועט אייך אפשר ניט

אינטערעסירן. כאָטש מיך אינטערעסירט זייער דאָס בילד — דאָס פּנים און . . .

— און ? . . . — האָט ער געוואָלט וויסן מער, ווען זי האָט ניט פאַרענדיקט איר געדאַנק.

— אַ . . . גלאַט אַזוי אַ געדאַנק, אָדער אפשר אַ שטימונג גאָר . . . — האָט זי שטיל געזאָגט.

באַראַש איז פּלוצים איינגעפאַלן אַ געדאַנק צו געבן איר דאָס בילד אומזיסט און ער האָט עס אַראָפּגענומען פון מאָלבערט און געוואָלט זאָגן: אַ מתנה פאַר אייך — — —

— ווי אַזוי וועל איך דאָס אַהיים טראָגן . . . די פאַרב איז דאָך נאָך נאַס — האָט זי געפרעגט.

— איר זענט גערעכט — האָט ער געענטפערט. — אויב איר ווילט, וועל איך מאָרגן אָדער אין אַ פּאָר טעג אַרום ברענגען עס צו אייך. עס וועט דערווײַלע אויסטריקענען און עס וועט זיין בעסער אַזוי.

— גוט — איז זי באַשטאַנען און אירע אויגן האָבן אַ שיין געטאָן מיט פרייד — איך וועל אייך געבן מיין אַדרעס.

זי האָט אַרויסגענומען פון איר האַנט־בייטל אַ ביכעלע, אַרויסגע־ריסן אַ בלעטל און, אָנשרייבנדיק דעם אַדרעס, געגעבן עס צו באַראַשן.

— און אייער נאָמען ? — האָט באַראַש געפרעגט, קוקנדיק אויף דעם בלעטל.

— אַ, יע — האָט זי זיך צעשמייכלט, און דער שמייכל האָט אַ צי געטאָן באַראַשן מיט אומאויסשעפּלעכן חן — מיין נאָמען איז סטעלאַ גערסאָן.

דער נאָמען גערסאָן האָט אַ קלונג געטאָן מיט היימישן קלאַנג און איז צעגאַנגען זיך אין אים מיט וואַרעמע כוואַליעס. עס האָט אים דער־מאָנט אָן זיין פאָטער גרשון און די אַסאָסיאַציע און די ענלעכקייט פון די נעמען האָט אַרויסגערופן נייגעריקע געדאַנקען. עס האָט זיך אים געוואָלט שטעלן פראַגן, אָבער די בליקן פון די מענטשן אַרום האָבן אים אָפּגעהאַלטן. האָט ער בלויז געזאָגט:

— אַזוי גיך ווי דאָס בילד וועט אויסטריקענען, וועל איך עס ברענגען.

— אַ דאַנק — האָט זי אַ קוק געטאָן אויף אים מיט אַ רואיקן בליק און איז אַוועקגעגאַנגען מיט לייכטע טריט.

באַראַש האָט אויסגעוואַשן די בערשטלעך אין טערפּענטין, פאַר־מאַכט דאָס קעסטל מיט פאַרבן, צונויפגעלייגט דעם מאָלבערט און גע־בליבן שטיין אַ פאַרטראַכטער. אַרום אים איז שוין קיינער ניט געווען. דער אָוונט איז שוין געפאַלן אַ פראָסטיקער און די נעאָן־שילדן אין די

קראַמען האָבן געוואָרפן סודותפולן ליכט אין דער קלאָרער, דורכזיכ־טיקער בלוילעכקייט — — —

ער איז אַהיימגעקומען אין אַ באַזונדערער שטימונג. און זי האָט אים געהאַלטן אַ וואַרעמען און אַ צופרידענעם. פאַר די לעצטע אַכט וואָכן איז דאָס געמיט זיינס צום ערשטן מאָל געווען באַלאַנסירט און אָנ־געפילט מיט רואיקייט און מיט עפּעס אַ נעפּלהאַפטער האָפענונג. אפילו דאָס אַלטע פּאָרפאָלק, די מעקגווייערס, האָבן דאָס מאָל אויסגעזען יום־טובדיקער און פריינטלעכער ווי אימער. דער יעזוס־צלם אין ווינקל האָט דערנענטערט מיט קרובהשאפט און באַראַשן האָט זיך געוואָלט צו־גיין צו אים, אַ גלעט טאָן און זאָגן: ברודער. ער האָט אָבער דערזען ווי די אַלטע שטייען נעבן זיין ערשט־אויסגעמאָלענעם בילד, שטייען פאַרוואונדערטע, מיט ניט־אַרויסגעזאָגטע פראַגן, וואָס זוכן אַן ענטפער.

ער איז אַריינגעגאַנגען צו זיך אין צימער, אַראָפּגענומען דעם מאַנטל און איז געגאַנגען אָפּוואַשן זיך. און ווען ער האָט אַ ריינער און דער־וואַרעמטער גענומען דאָס בילד אין האַנט, האָט ער דערהערט ווי מיסעס מעקגווייער פרעגט:

— איז דאָס אַ בילד פון אַ הייליקן, מיסטער ראַש?

— ניין. אָבער, אַז מ׳וויל קאָן ער ווערן אַ הייליקער.

— איך האָב געמיינט, אַז ס׳איז פאַר דער קירכע — האָט זי גע־זאָגט און גלייך אַ פרעג געטאָן — פאַרוואָס קומט איר ניט אין דער קירכע, מיסטער ראַש?

באַראַש האָט געשוויגן אַ ווײַלע. געטראַכט, אַז איצט איז די צייט צו זאָגן איר, אַז ער איז אַ ייד. אָט וואוינט ער שוין דאָ צוויי חדשים כמעט און ער ווייסט, ווי ער פייניקט די נייגעריקייט פון די אַלטיטשקע. ער ווייסט זייערע ניט־אַרויסגעזאָגטע פראַגן: ווער ביזטו? פון וואַנען קומסטו? פאַרוואָס ביזטו שטענדיק אַליין, אַ פאַרחלומטער, אַ פאַרטראַכ־טער, אַ שווייגנדיקער? און אים אַליין האָט אויך געפייניקט דאָס געפיל פון דער אומפאַרשטענדלעכער און אָפט זעלבסטדערנידעריקנדיקער מאַס־קירונג. פאַרוואָס זאָל ער זיי ניט זאָגן, אַז ער גייט ניט אין דער קירכע, ווייל ער איז אַ ייד. און פאַרוואָס האָט ער ביז איצט אַזוי געשיקט, ווי אומדירעקט, באַהאַלטן פון זיי זיין אָפּשטאַם? פאַרוואָס? מוז ער דען ווערן אויס ייד, ווייל ער איז געוואָרן אויס באַראַש? איז ער דען אַמאָל געווען און מוז ער דען איצט ווערן אַ פייגלינג?

— איך גיי ניט אין קירכע, ווייל איך האָב דאָ ניט קיין קירכע — האָט ער אַ זאָג געטאָן — איך בין אַ ייד.

זי האָט אַ ווײַלע געקוקט אויף אים אַ דערשטוינטע און דערנאָך אַ שמייכל געטאָן:

— איך וואָלט עס קיינמאָל ניט געגלויבט.

באַראַש האָט געוואָלט פרעגן: פאַרוואָס? ער האָט שוין אָבער געוואוסט, וואָס קריסטן ענטפערן אויף דער פראַגע. האָט ער אויך אַ שמייכל געטאָן, געזאָגט אַ גוטע נאַכט און איז אַריין צו זיך אין צימער. און אין צימער האָט ער גענומען באַטראַכטן דאָס בילד און גלייך האָט ער דאָ און דאָרט באַמערקט דעפעקטן און גלייך געכאַפּט זיך פאַרריכטן זיי. און ווען ער האָט באַשלאָסן, אַז דאָס בילד איז פאַרענדיקט, האָט ער זיך אַנידערגעלייגט, פאַרמאַכט די אויגן און פּרובירט אַרויסרופן אין זיין זכרון די שטריכן פון דער פרוי סטעלא גערסאָן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

באַראַש איז געשטאַנען באַ דער טיר פון מיס גערסאָנס הויז. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט אַביסל שנעלער. אונטערן אָרעם האָט ער געהאַלטן דאָס בילד, איינגעפּאַסט אין אַ טונקל־ברוינער ראַם. ער האָט אָנגעקלונגען.

זי האָט געעפנט די טיר און אַ קוק געטאָן אויף אים מיט אַ פריינדיקן בליק. אין איר ווייסן לאַנגן הויז־קלייד, האָט זי אויסגעקוקט העכער און שלאַנקער. דאָס פּנים דין און ווייס, די אויגן — גרויס; אַ צאָפּ האָר, ווי אַ ברוין־גאָלדענע שלאַנג, אַרומגעוויקלט אַרום איר קאָפּ.

זי האָט אים געבעטן אַריינקומען. ער האָט אַריבערגעטראָטן די שוועל, אַרומגעכאַפּט מיטן בליק דריי צימערלעך. אין פראָנט־צימער אַ פּיאַנאָ, באַם פענצטער אַן נידעריקע אָטאָמאַנע, אַ פּאָר ווייכע שטולן, אַ טישל מיט ביכער, אַ קליינע ראַדיאָ, אַ פּאָר פּייזאַזשן אויף די ווענט; רעכטס — אַ שלאָפצימער, לינקס — אַ קליינע קיך.

— זיצט, מיסטער . . .

— ראַש . . . — האָט ער אונטערגעזאָגט.

— מיסטער ראַש . . . — האָט זי אַ שמייכל געטאָן און האָט אויסגעשטרעקט איר האַנט צום בילד.

באַראַש האָט געקוקט אויף איר, ווי זי נעמט פונאַנדער דאָס פּאַפּיר פון בילד און מיט נייגעריקייט נאָכגעפאָלגט איר ערנסטן בליק און אויסדרוק. ענדלעך האָט זי אַוועקגעשטעלט דאָס בילד אויף דעם טיש צווישן די ביכער און האָט געזאָגט:

— ס'איז זייער איינדרוקספול.

— איך בין צופרידן, וואָס עס געפעלט אייך. דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך אפילו אין זינען ניט געהאַט צו פאַרקויפן עס. די מענטשן דאָ וואָלטן מסתמא ניט געקויפט אַזאַ מין בילד, האָב איך זיך געוואונדערט, ווען איך האָב דערזען, אַז דאָס בילד האָט אייך פאַראינטערעסירט.

איך וויל אָבער צוגעבן — האָט ער זיך גלייך געכאַפּט — אַז איר אַליין האָט זיך גראַדע זייער אויסגעטיילט פון די מענטשן אַרום . . . און עס האָט מיך שוין דערנאָך ניט געוואונדערט.

— דאָס בילד האָט גראַדע אַזאַ מין אינהאַלט, וואָס האָט מיך פּער־זענלעך פאַראינטערעסירט.

— מיט וואָס, אייגנטלעך, האָט אייך אַזוי פאַראינטערעסירט דער אינהאַלט פון דעם בילד? עס האָט דאַכט זיך קיין סוזשעט אין זיך . . .

— איך ווייס ניט וואָס עס האָט אייך אינספּירירט צו מאָלן דאָרט באַם בריק אַזאַ מין בילד — האָט זי גערעדט אַ פאַרטראַכטע — איך ווייס ניט. אָפט פיל איך אויך ווי פּלוצימדיקע געדאַנקען און אַסאָסי־אַציעס פון בילדער און אפילו מעלאָדיעס נעמען מיך אַרום און איך דערזע עפּעס. עס איז מיר אַביסל שווער צו דערקלערן דאָס . . . איך ווייס אָבער, אַז ווען איך האָב דערזען דאָס בילד, האָב איך זיך דערפילט ווי אַ רייזנדע אין אַ פרעמד לאַנד, וואָס שטויסט זיך פּלוצים אָן אָן אַ ווינקל, וואָס דערמאָנט אָן דער ווייטער היים. אייער בילד האָט מיר דער־מאָנט אָן אַן אַנדער בילד.

— אָן וואָס פאַר אַ בילד?

— אָן אַ פאַרגעסן בילד, וואָס איז ערגעץ אין מיין זכרון ווי אַ חלום. עס ווערט נאָענטער, ווייל . . . ס׳איז איינציק, ווייל איך האָב דאָ מער אַזעלכע בילדער ניט געזען, איך מיין די בילדער, וואָס זאָלן דערמאָנען . . .

— וועט איר מיר דערלויבן צו שטעלן אייך אַ פראַגע, מיס גערסאָן?

— אָ, פאַרוואָס ניט?

— איר זענט אַ . . . יידין . . . מיס גערסאָן?

— יאָ. און איר, מיסטער ראָש, איר זענט אויך אַ ייד?

— יאָ.

— איך האָב דאָס גלייך געוואוסט, ווען איך האָב אייך דערזען מאָלן דאָס בילד. און ווען איך בין אַהיימגעקומען האָב איך געטראַכט, ווי מאָדנע אונדזער לעבן לייגט זיך אויס. איך מיין, אונדזער יידיש לעבן. אפשר איז דאָס דערפאַר, ווייל מיר זענען אַ מאָדנע פאָלק.

— פאַרוואָס דענקט איר, אַז מיר זענען אַ מאָדנע פאָלק?

— ווייל . . . אָט האָבן מיר זיך באַגעגנט, צוויי פרעמדע מענטשן, צוויי יידן אין אַ פרעמדער, קריסטלעכער אַטמאָספערע און . . . עפּעס האָט אונדז געהאַלטן אין אַ באַהאַלטנקייט . . . איז דאָס ניט אַזוי?

— ווייל איך האָב אָפט געפילט, אָדער געווען געצוואונגען צו פילן אַזוי, האָב איך געטראַכט, אַז אויך איר . . .

— איך וועל מודה זיין — האָט באַראַש אַ שמייכל געטאָן — אין

אַ געוויסן זין איז דאָס אַזוי. אָבער פאַרוואָס איז אַזאַ יונגע פרוי ווי איר געווען געצוואונגען צו פילן אַזוי?

— אָ, איך בין שוין ניט אַזוי יונג — האָט זי זיך צולאַכט.

— איך בין שוין צוויי און דרייסיק יאָר לאַט. אָבער ס'איז ניט די צאָל פון יאָרן וואָס צווינגט צו פילן און צו האַנדלען אַזוי.

— אַ שטעלע, מסתמא? איך האָב געקאָנט יידישע מיידלעך, וואָס פלעגן טראָגן אַ צלם צוליב אַ שטעלע.

— איך וועל אייך זאָגן — האָט זי דערפילט אַ באַגער צו רעדן און צו זיין אָפנהאַרציק. — עס האַנדלט זיך מער אין נאַכגיביקייט צו עפּעס, אָדער ריכטיקער צו עמיצן, איידער אין אייגענער איבערצייגונג. איר וועט מיך פאַרשטיין, ווען איך וועל אייך זאָגן, אַז מיין מאַן איז געווען אַ קריסט און אַ דייטש דערצו. ער איז געווען אַ געבילדעטער מענטש, אַן אינזשינער. ער האָט געאַרבעט דאָ אין דער פאַבריק און מיר האָבן געלעבט אַ שטיל, רואיק לעבן. ער האָט אָבער געהאַט אַ מאָדנעם שטאָלץ. ווי טיף ער האָט מיך ליב געהאַט, האָט ער דאָך ניט געוואָלט, אַז זיינע עלטערן און פריינט זאָלן וויסן, אַז זיין פרוי איז אַ יידישע. נו, האָט ער געפּועלט בּאַ מיר, אַז מיין אָפּשטאַם זאָל פאַרבלייבן אַ סוד. ער האָט ניט געפאָדערט, אַז איך זאָל זיך שמדן, אָבער דאָס מאַסקירטע לעבן מיינס, איז געווען פיינלעכער ווי דער שמד וואָלט געווען.

— איך פאַרשטיי . . . — האָט באַראַש געזאָגט אַ פאַראינטערעסירטער.

— איצט פאַרשטייט איר שוין, ווי אַזוי איך בין צוגעוואוינט געוואָרן צו טראָגן די מאַסקע. איך פלעג מיט אים גיין אין דער קירכע, איך פלעג אויפנעמען זיינע פריינט און פלעג אָפט מוזן אויסהערן זייערע נאַרישע און אָפטמאָל בייזע רייד און וויצן וועגן יידן און איך האָב געמוזט שווייגן און איך האָב געמוזט הערן, ווי ער, מיין מאַן, פּרובירט פאַרטיידיקן די יידן, אָט אַזוי ווי אַ קריסט, אַ דייטש בלויז, קאָן פאַרטיידיקן אַ יידן — קאַלטבלוטיק, מיט געוויסע רעזערוואַציעס און מיט אַ פּאַטראָניזירנדיקן שמייכל — — —

— איר האָט קינדער? — האָט באַראַש געפרעגט.

— ניין, און עס פרייט מיך. איך וואוין דאָ מיט מיין פאָטער, זינט מיין מאַן איז געשטאָרבן.

— אַ . . .

— מיין פאָטער אַרבעט אויך דאָ אין דער פאַבריק. דאָס האָט אים נאָך מיין מאַן געגעבן דעם דזשאַב, אַלס קאָמפּענסאַציע, אַזוי צו זאָגן, פאַר דעם סוד, וואָס מיר האָבן געהאַלטן. מיין פאָטער האָט געליטן פון דעם, נאָך מער ווי איך, ער האָט אָבער געוואָלט זיין נענטער צו מיר.

ער איז געווען אַזוי עלנט. יעדן פֿאַרנאַכט פֿלעגט ער שפּאַצירן דאָ באַ די פֿענצטער און אַמאָל, ווען מיין מאַן איז ניט געווען אינדערהיים, פֿלעגט ער אַריינקומען צו מיר און מיר זענען געזעסן אין דער פֿינצטער און איך פֿלעג פֿאַר אים שפּילן די פּיאַנאָ. ער האָט זייער ליב מוזיק.

— אַרבעט ער נאָך אַלץ אין דער פֿאַבריק?

— יאָ. עס גלוסט זיך אים ניט צו פֿאָרן צוריק קיין ניו־יאָרק. דאָ האָט ער אַ לייכטן דזשאָב און איך אַליין בין דאָ אויך פֿאַרבונדן מיט מיין אַרבעט, וועלכע איך האָב ליב — זענען מיר שוין דאָ.

— איר אַרבעט? אויך אין דער פֿאַבריק? — האָט זיך באַראַש פֿאַרוואונדערט.

— איך בין אַ פּיאַנאָ־לערערין.

באַראַש האָט אַ קוק געטאָן אויף אירע לאַנגע ווייסע פֿינגער און דערנאָך איבערגעפֿירט דעם בליק צו דער פּיאַנאָ, און עס האָט זיך אים געגלוסט אַ בעט טאָן, אַז זי זאָל עפּעס שפּילן. ער האָט אָבער ניט גע־בעטן. כאָטש ער האָט געפֿילט, אַז אין זייער ערשטן געשפּרעך שוין וועבט זיך עפּעס אַ נאָענטקייט, וואָס פֿאַרבינדט מענטשן אין דער פֿרעמד, וואָס קומט אַזוי אָפֿנהאַרציק און כמעט נאַאיוו אין דער שטילקייט און פּשוטקייט פֿון דער קליינשטעטלדיקייט. ער אַליין האָט אויך דערפֿילט, ווי עפּעס רייסט זיך אין אים צו רעדן פּשוטע, אָפֿענע רייד, דער וואָכער געדאַנק האָט אָבער געוואָרנט: בעסער שווייגן . . . ווערטער פֿאַר־ראַטן אָפֿט . . .

ער האָט זיך אויפֿגעהויבן. אַ טראַכט געטאָן, אַז ס׳איז אפשר ניט טאַקטיש צו זיצן אַזוי לאַנג און צונעמען באַ איר די צייט.

— נו, איך וועל שוין גיין, מיס גערסאָן. אָ, יאָ . . . איר וועט מיר אַנטשולדיקן, נאָך אַ פֿראַגע . . . גערסאָן איז דאָך ניט אייער מאַנס נאָמען . . .

— אָ, ניין. גערסאָן איז מיין מיידלשער נאָמען, מיין פֿאָטערס נאָמען. און איך טראָג ניט מער דעם סוד. עס איז ניט נייטיק, כאָטש איך גיי ניט אַרום דערציילן וועגן דעם. מיינע אַמאָליקע פֿריינט און מיינע נייע ווייסן אָבער, אַז איך בין אַ יידישע טאָכטער. און איך בין ווידער אַ גאַנצער און פֿרייער מענטש.

— עס פֿרייט מיך זייער וואָס איך האָב זיך באַקאָנט מיט אייך — האָט באַראַש געקוקט טיף אין אירע אויגן — און, דעם אמת זאָגנדיק, וואָלט זיך מיר ניט געוואָלט איבעררייסן די באַקאַנטשאַפֿט און עס וואָלט זיך מיר אויך געוואָלט קאָנען אייער פֿאָטער.

— טאָ קומט אַריין אַמאָל אין אָוונט, מיסטער ראָש.

— איך וועל.

— אָ, איך האָב אייך נאָך ניט באַצאָלט פאַרן בילד — האָט זי זיך געלאָזט צום שופלאָד.

— דאָס איז אַ מתנה פאַר אייך, מיס גערסאָן. איר דאַרפט מיר ניט באַצאָלן.

— אָ, ניין . . .

— זאָל דאָס אייך ניט באַאומרואיקן. דאָס בילד האָב איך דאָך ניט געמאָלט צוליב פאַרקויפן. און עס האָט מיר מער ווי באַלוינט און קאָמפּענסירט פאַר דער אַרבעט.

— עס וועט זיכער פרייען מיין פאָטער צו באַקאָנען זיך מיט אייך. איך האָב אים דערציילט וועגן דעם בילד. ער האָט ליב קונסט. זיין פאָטער און זיין זיידע זענען געווען טאָקערס אין אַ קליין רומעניש שטעטל. זיין פאָטער, דערציילט ער, איז געווען אַן אמתער קינסטלער. אויך מיין פאָטער האָט ליב שניצעריי און מאלעריי. איך בין זיכער, אַז איר וועט באַפריינדעט ווערן.

— און איר? — האָט באַראַש געפרעגט — איר זענט אַן אַמע־ריקאַנער געבוירענע?

— איך בין געקומען אַהער, ווען איך בין אַלט געווען צוועלף יאָר. איך געדענק נאָך גאַנץ גוט מיין קליין אָרעם שטעטל. עס שטייט מיר נאָך פאַר די אויגן דער ארון־קודש אין שול און אָט דאָס פּנים — האָט זי אָנגעוויזן אויף באַראַשעס בילד — אָט דאָס פּנים דערמאָנט מיר אָן אַ בילד בײַ מיין זיידן אין הויז און עס דערמאָנט מיר אָן מיין קינדהייט . . .

— און איר רעדט יידיש? — האָט ער געהאָפּט, אַז זי וועט זאָגן יאָ.

— ניט נאָר איך רעד — האָבן אירע אויגן אַ שיין געטאָן — נאָר איך ליין און איך שרייב יידיש. מיין פאָטער האָט ניט פאַרנאַכלעסיקט מיין יידישע דערציאונג. מיין פאָטער האָט שטענדיק געלייענט און פאַר־געלייענט פאַר מיר יידישע אַרטיקלען און יידישע ביכער. ער איז אַ געבילדעטער מענטש, מיין פאָטער — האָט זי פאַרענדיקט מיט אַ שמייכל און שטאָלץ.

— איך בין שוין נייגעריק צו קאָנען אים — האָט באַראַש געזאָגט.

— עס וועט אים אויך פרייען צו קאָנען אייך.

— איך האָף אַזוי. איך וועל זען צו קומען, מיט אייער דערלוי־בעניש.

— קומט, קומט, מיסטער ראַש. מיר דאַרפן דאָ פריינט.

— יאָ, מיר דאַרפן פריינט, מיס גערסאָן. אַ גוטן טאָג.

— אַ גוטן טאָג, מיסטער ראַש.

ער איז אַרויסגעגאַנגען. געבליבן שטיין אויף אַ ווײַלע אויף די טרעפּ און געלאָזט זיך גיין צום בריק.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

עס איז געוואָרן אַ וואָך זינט באַראַש איז געווען בײַ סטעלא גערסאָן. אין דער צײַט האָט ער אָפט געטראַכט וועגן איר. געשטאַנען בײַם בריק, געמאָלן, געקוקט אויף די פאַרבײַגייענדיקע פרויען — געמיינט, אפשר וועט זי פאַרבײַגיין און וועט זיך ווידער אָפּשטעלן אַ קוק צו טאָן ווי ער מאָלט. זי איז אָבער ניט פאַרבײַגעגאַנגען און ער האָט ניט געוואָלט גלײַך אויסנוצן איר אײַנלאַדונג — האָט ער געוואַרט. דער באַגער אָבער צו קומען אין קאָנטאַקט מיט מענטשן, צו הערן נאָענטע מענטשלעכע רייד און, איבערהויפּט דער אונטערבאַוואוסטזיניקער וואונטש צו זען סטעלאן — האָט געצויגן. האָט ער אין אַן אָוונט באַשלאָסן צו גיין צו איר.

זי האָט זיך דערפרייט, ווען זי האָט אים דערזען און איר פאָטער האָט מיט קלוגע, שמייכלענדיקע אויגן אָפּגעמאָסטן אים פון קאָפּ ביז די פיס. הויך און ברייטפּלייציק, מיט אַ גרויען קאָפּ און מיט דיקע, גרויע וואָנצעס, האָט ער אין באַראַשעס אויגן אויסגעזען ווי אַן אוקראַאינישער, דאָרפישער סטאַראָסטאַ. די האַנט, דעם שלום־עליכם האָט ער אָבער געגעבן ווי אַ ייִד. און ער האָט טאַקע אַ זאָג געטאָן:

— שלום־עליכם אַ ייִד!

באַראַש האָט געענטפערט וואַרעם אויף זיין שלום־עליכם און האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם בילד, וואָס איז שוין געהאַנגען אויף דער וואַנט.

— אַ פיין בילד, מיסטער ראַש — האָט גערסאָן גענומען רעדן אין ייִדיש, באַמערקנדיק באַראַשעס בליק. — ווען ניט דאָס בילד, וואָלטן מיר זיך ניט באַקאַנט. אָט דאָס בילד אייערס איז אַ סימבאָל פון ייִדישן גייסט. עס מעג זיין אין עק וועלט — עס פאַראייניקט אָבער אַ ייִדן מיט אַ ייִדן.

— איך האָב אויך געטראַכט וועגן דעם, מיסטער גערסאָן. ווען אַ קריסט טרעפט זיך מיט אַ קריסט און זיי באַמערקן אײנער באַם צווייטן צלמלעך, רופט עס ניט אַרויס בײַ זיי קיין באַזונדערן אינטערעס, אָדער געפיל; אָבער ווען אַ ייִד באַגעגנט זיך מיט אַ ייִדן און זיי באַמערקן אײנער באַם צווייטן, לאָמיר זאָגן, מגן־דודלעך — דערוועקט זיך גלײַך זייער אינטערעס און עפּעס אַ באַזונדער געפיל. נו, דאָס איז מסתמא דערפאַר, ווײַל אין אונדזער געצוואונגענער אָפּגעזונדערטקייט און צעשפּרייטקייט איבער דער וועלט, דערפרייען מיר זיך, ווען מיר באַגעגענען אַן

אייגענעם, איבערהויפט אין די פאַרוואָרפענע ווינקלען. פרעמדקייט איז דאָך כמעט ווי פוסטקייט און אַזאַ באַגעגעניש פילט אָן די פוסטקייט.

— יאָ, עס איז גאַנץ פרעמדלעך דאָ און היבשלעך פוסט — האָט גערסאַן געזאָגט — ס׳איז אָבער פאָרט גאָטס וועלט.

— יאָ, גאָטס וועלט. כאָטש אָפט צווייפל איך צי עס איז ווירקלעך גאָטס וועלט.

— איך בין אַן אָפּטימיסט, מיסטער ראַש. איך האָב אַסך געזען אין מיין לעבן. אין מיין יוגנט האָב איך אָפט גערעדט מיט גאָט. ס׳זאָגט זיך אַזוי . . . גערעדט — כ׳בין געווען אַ ישיבה־בחור, פאַרבראַכט טעג און נעכט אין בית־מדרש; דערנאָך, ווען איך בין עלטער געוואָרן, האָב איך געוואַנדערט איבער שטעט און שטעטלעך און די פּאָגראָמען, און די מלחמות, און דער טויט פון מיין פרוי, און דערנאָך אַמעריקע . . . אַ מענטש באַגעגנט דאָך דאָס גאַנצע לעבן אַזוי פיל מענטשן — נו, איז . . . אַז מ׳לעבט אָפּ אַ זעכציק יאָר כמעט, דאַרף ער עפּעס לערנען. אָט האָב איך איך שוין מיין גאַנצע ביאָגראַפיע דערציילט. אַז מ׳וואוינט אין אַ קליין שטעטל, ווערט מען גלייך נאָענט און אָפּנהאַרציק — ס׳איז אפשר בעסער אַזוי.

— אַזוי דאַרפן מענטשן זיין איבעראַל — האָט סטעלא געזאָגט אין יידיש.

— עס וואָלט גוט געווען, ווען עס וואָלט מעגלעך געווען — האָט באַראַש באַמערקט.

סטעלא האָט דערווייל אָפּגעקאָכט קאַווע, געשטעלט געבעקס צום טיש און באַראַש האָט ניט געקאָנט אָפּרייסן די בליקן פון איר. זי האָט באַמערקט זיינע בליקן און געפילט אַביסל אומבאַקוועם, ס׳איז איר אָבער געווען אנגענעם.

און ווען זיי האָבן אָפּגעטרונקען קאַווע און צוגעביסן, האָט זי זיך אַנידערגעזעצט באַ דער פּיאַנאָ און, ניט זאָגנדיק קיין וואָרט, אָנגעהויבן שטיל און לאַנגזאַם אימפּראָוויזירן אַ מעלאָדיע און באַראַש האָט גלייך דערשפּירט די ראַפינירטקייט אין איר שטילער מוזיק. ער האָט געהערט מיט פאַרגעניגן, אָבער אין דערזעלבער צייט געטראַכט און אַנאַליזירט . . .

דער געשפּרעך האָט זיך דערנאָך געבונדן און געפלאָכטן שטיל און אַנגענעם. באַראַש האָט געלאָזט רעדן דעם אַלטן גערסאָנען און האָט אויפגעכאַפּט, ווי געוואָרפענע בלומען, סטעלאַס באַמערקונגען. ער האָט אָבער געפילט ווי ער אַליין זיצט ווי אַ געפאַנגענער פון זיך אַליין, זיצט מיט אַ פאַרבונדן מויל און בלויז די געדאַנקען זיינע קאָנען זיין פריי און וואַנדערן. און ער האָט געטראַכט: אָט זיצן מענטשן און רעדן וועגן זיך אַזוי פריי און אָפן, דעקן אויף שטיקער לעבן פון דער פאַרגאַנגענ־

היט און ער, בלויז ער פילט ווי איבער זיין לעבן הענגט אַ פּאַרהאַנג, וועלכן ער קאָן ניט אַרויפציען צו אַנטפּלעקן פאַר זיי דעם אמתן באַ־ראַש. אַנטפּלעקן, דערציילן וועגן זיך — וועט בלייבן אַן אַנטוישונג באַ זיי, וועט ער אין זייערע אויגן זיין דער געוויינלעכער, דער אַנטלאָפּע־נער, דער פאַרשוואונדענער מאַן פון אַ פּרוי; און דער אַלטער גערסאָן וועט אים ניט באַגעגענען מער מיט דעם וואַרעמען שלום־עליכם, און סטעלא וועט מער ניט שמייכלען און וועט זיך ניט רויטלען ווי אַן אויפ־גייענדיקע זון אין בלויען ים. ער מוז, מוז שווייגן. ער מוז שוין טראָגן זיין אַלט לעבן, ווי אַן אַלטן, פאַרבונדענעם זאַק, וואו עס ליגן שטיינער און ברילִיאַנטן, לידער און פּיין, טרערן און הייסע ברענענדיקע ווערטער.

אין דערדאָזיקער נאַכט האָט באַראַאַש פאַרשריבן:

„. . . די וועלט איז ווירקלעך גאָטס וועלט, ניט דעם טייוולס וועלט. און דער מענטש דינט ניט דעם טייוול, נאָר ער דינט גאָט. און דאָס דינען זיינס באַשטייט ניט אין דעם, וואָס ער שאַפט אַ רעליגיע און סימבאָלן — נאָר אין דעם, וואָס דורך דער וועלט, דורך דעם לעבן, דורך דעם קערפּער זיינעם, דורך די געדאַנקען און עמאָציעס זיינע, דורך וואָרט און מוזיק, דורך דעם שמייכל און דורך דער טרער, דורך דער עקזאַל־טאַציע און דורך דעם פּיין, גיסט ער זיך צונויף מיט דעם ספּאָנטאַנעם אומבאַגרייפלעכן און אייביקן, וואָס מענטשן רופן ליבע.

„דאָס וואָרט ליבע קלינגט אפשר איראָניש און היפּאָקריטיש. ליבע? — ווען עס ווערן אומרחמנותדיק אויסגעשאָכטן מיליאָנען מענטשן? ליבע? — ווען האַס פון ראַסע צו ראַסע און מענטש צו מענטש בלאָזט ווי בייזע שטורעמווינטן — ליבע?

יאָ, ליבע. ווייל אויב דאָס סטיכישע, דאָס כאַאָטישע, דאָס בייז־סאַטאַנישע פליט מיט טויזנטער שטורעמווינטן איבער דער וועלט און פאַרניכטעט לעבן, איז אָבער אין יעדן איינציקן אינדיווידועלן פאַרניכ־טעטן לעבן פאָרט פאַראַן אָט דער גייסט, דער פלאַם, וואָס לייכט אין דער פינצטערניש און לעכצט און זוכט און רופט צו באַהעפטונג מיט דעם עקסטאַטישן און מיט דעם דערהייבענעם . . . אפשר קלינגען מיינע ווערטער פּאַראַדאָקסאַל און נאַאיוו אין דעם גלויבן — איך ווייס אָבער, אַז אפילו אין דער גרויזאַמקייט איז פאַראַן אַ ציל, אַ פונק פון ליבע און אין דער ליבע, אַ פונק פון גרויזאַמקייט.

„אַך מיכל, מיכל! . . . וויפל ליבע צום אונטערדריקטן עס האָט געטליעט אין זיין האַרץ, און וויפל גרויזאַמקייט עס איז געלעגן אין דער קויל, וועלכע ער האָט אַריינגעשאָסן אין דער ברוסט פון אַן אומבאַקאַנטן און אומגליקלעכן שונא . . . מיכלס קויל געשיקט צוליב ליבע, אָנגע־לאָדן מיט גרויזאַמקייט . . .

„און אַזוי איז אויך מיין ליבע און מיין גרויזאַמקייט; און אַזוי איז די ליבע פון עלטערן צו קינדער, פון פירער צום פאָלק; און אַדאַ — זי פלעגט אויך אָפט זאָגן, אַז זי איז שטרענג אין אירע פאָדערונגען צו מיר צוליב מיר אַליין, צוליב ליבע. און מיין שריט? איז דען ניט מיין שריט גרויזאַם? איז דען ניט גרויזאַם צו פאַרשווינדן פון אַ פרוי און פון אַ קינד, אַז זיי זאָלן זיך טאָג און נאַכט פייניקן מיט געדאַנקען: וואו איז ער? . . . איז ער לעבעדיק, אָדער איז ער טויט? אָבער אין מיין פאַל . . . איז דען ליבע געווען דער רעזאָן, וואָס האָט מיך געטריבן צו מיין טאַט? ווען אַ ציניקער וואָלט געלייענט מיינע ווערטער, וואָלט ער געזאָגט: יאָ, ליבע — צו זיך אַליין. נו, זאָל זיין צוליב ליבע צו זיך אַליין. און אפשר איז אויך אין מיין פאַל די ליבע צו זיך אַליין דאָך פאַרבונדן און פאַרקניפּט מיט דער ליבע צו אַדאַן, צו עוואַן און צו מיכלען, צו מיכלס לעבן און טויט, וואָס האָט מיך אַ הייב געטאָן אין פּראָטעסט קעגן דער מענטשהייט און אַ טראָג געטאָן אַן ציל אין כאַאָס פון עמאָציעס — — און איצט ליגט דער פּראָטעסט ווי אַן אָפּגענוצטער מאַטאָר און דאָס האַרץ פולסירט ווי בײַ אַ פאַריאָגטן פויגל . . .

„איז דאָס חרטה, באַראַש, צי פאַרענטפערונג? איך ווייס ניט. איך זאָג אָבער ווידער: די וועלט איז גאָטס וועלט און די טרייבקראַפט איז ליבע . . .״

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

באַראַש איז געוואָרן אַן אָפטער אַריינגייער צו די גערסאַנס. צוויי, דריי מאָל אַ וואָך איז ער געקומען צו זיי. און סטעלאַס טיפע אויגן און מוזיק, און איר פאָטערס פשוטע, אָבער קלוגע רייד, האָבן אָנגעהויבן צו פאַרהיילן אין אים די גייסטיקע וואונדן. מיט סטעלאַן האָט ער, מערסטנס, גערעדט אין ענגליש און דאָס האָט אָפט אַריינגעבראַכט אין זיין געמיט אַ דיסאָנאַנס און דיסהאַרמאָניע. כאָטש די ענגלישע שפּראַך האָט אין אַנדערע פאַלן ניט געשטערט זיין נאָענטקייט מיט מענטשן, האָט ער אָבער דאָ, מיט סטעלאַן, געוואָלט, אַז די פריינדשאַפט זאָל זיך אויסגיסן און פאָרמירן אין יידיש. ווייל פונקט ווי עס פלעגט אים פייניקן די ניט־עכטקייט אין דער שילדערונג פון די יידישע־ ענגליש־ריידנדיקע טיפּן אין זיינע נאָוועלן, פונקט אַזוי אומפולקאָם האָבן אים אויסגעוויזן די געשפרעכן מיט סטעלאַן, ווען זיי האָבן גערעדט אין ענגליש. זי האָט אָבער געפילט די דיסהאַרמאָניע אין זיין געמיט און געפלייסט זיך צו רעדן מיט אים יידיש אָפטער און אָפטער.

מיט גערסאַנען האָט ער זיך געפילט אַ גאַנצער און אַ באַלאַבּ־סירטער. ער האָט אָפט פאַרפירט מיט אים געשפרעכן וועגן ניו־יאָרק

און איינמאָל, פאַנאַנדערדעדנדיק זיך מיט אים וועגן ליטעראַטור, האָט ער, ווי פאַרבייגייענדיק דעם ענין, אַ פרעג געטאָן:

— האָט איר אַמאָל געהערט וועגן אַ יידישן שרייבער באַראַש?

— באַראַש ... באַראַש ... — האָט גערסאָן געפּרואווט צו דער־מאָנען זיך — איך גלייב איך האָב אַמאָל געהערט אָדער געזען אין דער צייטונג דעם נאָמען באַראַש, איך האָב אים אָבער קיינמאָל ניט געליי־ענט. עפּעס אַ גוטער שרייבער?

— הממם ... יאָ. מ׳האַלט, אַז ער איז אַן אינטערעסאַנטער שרייבער. איך האָב זיינע ביכער.

— איר האָט זיינע ביכער? הער! — האָט גערסאָן אַ קלאַפּ גע־טאָן מיט די הענט אין די קני — אַ מענטש האָט מיט זיך יידישע בי־כער און שווייגט! דאָ, אין דער מדבר, וואָלט איך דאָך געקאָנט שלינ־גען ביכער, ווי מ׳שלינגט גוטע, זאַפטיקע ווייַנטרויבן. און לאָמיך אייך זאָגן, אַז ס׳האָט זיך מיר שוין פון לאַנג געוואָלט אויסשרייבן אַהערצו אַ יידישע צייטונג — נו, איז ווייסט איר דאָך: מ׳הייבט אָן אָפּצולייגן פון טאָג צו טאָג און מ׳פאַרגעסט.

— עס וואָלט געווען אַ גוטער געדאַנק — האָט זיך באַראַש אָנ־געכאַפּט אָן דעם — ווייסט איר וואָס? איך וועל געבן צושטייער און שרייבט אויס אַ צייטונג אויף אייער נאָמען.

— וואָס גאָר אויף מיין נאָמען? — האָט זיך גערסאָן צולאַכט.

— דער בריוונטרעגער זאָל אויסגעפינען, אַז איך און סטעלא זענען יידן? פאַרוואָס ניט אויף אייער נאָמען?

— איר מיינט עס? — האָט באַראַש דערפילט עפּעס אַ פריקרע נאָכטעם פון זיינע ווערטער.

— איך שפּאַס — האָט זיך גערסאָן צולאַכט. — און וועגן אייער צושטייער — מוחל. קיין גרויסער גביר, ווייס איך, זענט איר נאָך ניט געוואָרן און חוץ דעם בין איך אייך שולדיק אַ חוב פאַר דעם בילד, וואָס איר האָט מיר געגעבן. נו, איז באַשלאָסן. איך וועל אויסשרייבן אַ יידישע צייטונג.

— איך האָב גראַדע אַן אַדרעס — האָט זיך באַראַש אָנגערופן.

— און פון אַ גוטער צייטונג אויך.

— איז אודאי גוט. — איז גערסאָן אַריינגעפאַלן אין אַ גוטער שטימונג און געריבן צופרידן די הענט.

באַראַש פלעגט אָפט טראַכטן וועגן אַ יידישער צייטונג. דער גע־דאַנק האָט אָבער געוואָרנט: מ׳דאַרף ניט. דאָרט אין ניו־יאָרק, אין די רעדאַקציעס, זיצן די קאָלעגן, אַ דורכגעטריבענע חברה. זיי קאָנען נאָך קריגן אַ חשד, אַז אין דעם קליינעם קריסטלעכן שטעטל איז דער

איינאונאיינציקער יידישער אַבאָנענט — מיסטער ראָש — ניט קיין אַנ־דערער, ווי זייער קאָלעגע מיסטער באַראַש. עס קאָן זיך נאָך אָנפּאַנ־גען אַ געשיכטע, וואָס זאָל אים פאַרשאַפן אַסך עגמת־נפש און בושה. האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון דעם. דאָך האָבן אַנדערע געדאַנקען געמור־טשעט און געבויערט דעם מח. שרייבט מען דאָרט אַמאָל וועגן אים? זוכט מען אים? ספּעקולירט מען וועגן זיין שיקזאַל? דערמאָנט מען זיינע ליטעראַרישע פאַרדינסטן? צי איז ער דאָרט פאַרגעסן — טויט?

איז טאַקע גוט, וואָס גערסאַן וועט אויסשרייבן אַ צייטונג. און אויב עמיצן וועט זיך פאַרגלוסטן אויסצוגעפינען עפּעס וועגן דעם מיס־טער גערסאַן — איז געזונטערהייט. קיין באַראַשן וועלן זיי אין אים ניט געפינען.

איין געדאַנק האָט אים יאָ געלאָקט. דער געדאַנק האָט צוגערעדט: פאָר זיך דורך קיין ניו־יאָרק. פאַרשטעל זיך, פאַרמאַסקיר זיך, טו וואָס דו ווילסט, אָבער פאָר . . . און גיי זיך דורך באַנאַכט איבער די ניו־יאָרקער גאַסן, אָטעם זיך אָן מיט ניו־יאָרקער לופט, זעטיק אָן דאָס אויג מיט די כישוף־פייערן אויף די הימל־קראַצערס . . . טו אַ פלי ווי אַ ראַקעט אין אַ טונקעלן סאָבוויי און קוק זיך גוט איין אין די פענצ־טער פון דיין הויז . . . איז דאָרט פינצטער, אָדער ליכטיק? זעסטו דאָרט דיין פרוי און דיין קינד, צי דרייען זיך דאָרט אַרום פרעמדע מענטשן, צי אפשר קיינער ניט? גיי אַריין אין אַ יידישער קראָם, צי אין אַ יידישן אַנשטאַלט, וואו קיינער קאָן דיך ניט און טו אַ פרעג: האָט איר געהערט פון אַ יידישן שרייבער באַראַש? ווייסט מען וואו ער איז, וואו זיין געביין איז אַהינגעקומען? איז ער לעבעדיק, איז ער טויט? — — — פאָר . . . זע . . . פרעג . . . געפין אויס . . .

די געדאַנקען האָבן געלאָקט און ער האָט זיך מיט טיפן פאַרגע־ניגן צוגעהערט צו זיי.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

ווען באַראַש האָט איינמאָל אין אַן אָוונט אַריבערגעטראָטן גער־סאַנס שוועל, איז דער אַלטער אַנטקעגנגעקומען מיט אַ יידישער צייטונג אין דער האַנט. באַראַש האָט גלייך דערקאָנט די צייטונג „די צייט״.

— הערט איר, ס׳איז ממש ווי פון יענער וועלט — האָט זיך אַ ברייטער שמייכל צעלייגט אונטער גערסאַנס וואָנצעס. — איך וועל אייך זאָגן דעם אמת. לייענענדיק די צייטונג, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך האָב זיך ערשט אויפגעכאַפּט פון אַ פינפיעריקן שלאָף און בין צו מיין דערשטוינונג געוואויר געוואָרן וועגן אַזוי פיל יידישע אינטערעסן, אַז ס׳איז ממש אַן אַנטפּלעקונג. עס איז דאָך פאַראַן אַזאַ גרויס יידיש

פּאַלק איבער דער וועלט! נאַט, לייענט! איר קראַפּירט דאָך מסתמא צו לייענען.

— יאָ, עס ווילט זיך לייענען — האָט באַראַש גענומען די צייטונג.

— טאָכטער — האָט זיך גערסאַן געווענדעט צו סטעלאַן. — גאָך אַ גלעזל טיי . . . באַ דער טיי איז געשמאַקער צו לייענען און צו רעדן.

סטעלא האָט געשמייכלט מיט איר פּאַטערס שמייכל און געקוקט ווי באַראַשעס אויגן לויפן איבער דער צייטונג פון שפּאַלט צו שפּאַלט, פון זייט צו זייט, גלייך ווי זוכנדיק עפּעס אַ פאַרלאָרענע זאַך.

— הערט! — האָט זיך גערסאָן צולאַכט — איך האָב געמיינט, אַז איר וועט פאַרצוקערן יעדע באַזונדערע שורה, יעדער וואָרט און איר לויפט גאָר איבער דער צייטונג ווי מיט אַן עראָפּלאַן. אַזוי לייענט מען אַ צייטונג?

— אַ געוואוינהייט אַזאַ . . .

— אַ געוואוינהייט?! אַ שלעכטע געוואוינהייט, אויב אַזוי . . .

— איך וועל זי מיטנעמען אַהיים, אויב איר זענט שוין פאַרטיק מיט איר.

— נו, אודאי, פאַרוואָס ניט? איך האָב זי שוין איבערגעלייענט מ׳דאָשקע ל׳דאָשקע.

— און איר? — האָט זיך באַראַש געווענדט צו סטעלאַן — איר האָט געליינעט?

— בלויז דאָס ליד — האָט זי זיך פאַררויטלט.

— דאָס ליד געפעלט אייך?

— איך האָב געפילט . . . שטאָלץ, וואָס עס זענען פאַראַן אַזעלכע לידער אין יידיש.

— אָט דאָס זענען ווערטער פון אַ יידישער טאָכטער! — האָט זי גערסאַן צוגעדריקט צו זיך.

זיי האָבן געטרונקען טיי, געלייענט און דיסקוטירט די אַרטיקלען: און סטעלא האָט אַ פאַררויטלטע געלייענט דאָס ליד, וואָס איז איר געפעלן געוואָרן. באַראַש האָט ניט געקאָנט קאָנטראָלירן מער זיין פאַרשלאָסנקייט און ער האָט גערעדט אָסך, דערציילט וועגן דעם ברידער־קריג אין די יידישע פּאַרטייען, דערציילט די ביאָגראַפיעס און פיקאַנטע געשיכטעס וועגן יידישע שרייבער, וועגן יידישע אַקטיאָרן און מאָלער, און גערסאַן און סטעלא האָבן זיך צוגעהערט צו אים נייגעריקע און פאַראינטערעסירטע; און באַראַש האָט געפילט ווי ער ווערט געטראָגן פון זיינע אייגענע רייד ווי אויף אַ שנעלן טייך צו אַ וואַסערפאַל פון וואַנען ער וועט פאַרטראָגן ווערן אַראָפּ, אַראָפּ . . . פאַרטראָגן ווערן און פאַרדרייט ווערן אין אַ קעסלגרוב . . . ער האָט אָבער ניט געוואָלט איינהאַלטן

זיינע רייד, אפילו ווען ער האָט ממש דערזען און דערהערט ווי גערסאַן וואונדערט זיך, פונוואַנען עס קומט צו אים, צו ראַשן, אַזאַ נאָענטע און אינטימע באַקאַנטשאַפט מיט דעם שרייבערישן און קינסטלערישן לעבן פון ניו־יאָרק.

עס איז שוין געווען שפּעט, ווען באַראַש האָט זיך אויפגעהויבן אַהיימצוגיין און גערסאַן איז געגאַנגען באַגלייטן אים.

גייענדיק איבער דער טונקעלער גאַס, האָט זיך באַראַש געוואונדערט, וואָס גערסאַן שווייגט. ער האָט געפילט, אַז עפּעס דריקט אים, דעם אַלטן, אַז ער וויל עפּעס זאָגן און ווייסט ניט ווי אָנצוהייבן. ענדלעך האָט ער דערהערט:

— איר הערט, ראַש . . . גאָט אַליין האָט אייך צוגעשיקט אַהער. וואָרן וואָס איז געווען אונדזער לעבן? אַ ראָד, וואָס דרייט זיך און דרייט זיך און איז אויף דעמזעלבן פּלאַץ. דיזעלבע טעג, דיזעלבע נעכט, דיזעלבע אַרבעט אין דער פאַבריק — אַלץ דאָסזעלבע, אפילו די יסורים זענען טאָג־טעגלעך דיזעלבע. דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך דאָ ביז איצט געהאַט מער יסורים ווי נחת. וואָרן וואָס פאַר אַ נחת האָב איך דאָ געקאָנט האָבן חוץ דער פרייד, וואָס איך בין צוזאַמען מיט מיין טאָכטער? איר מאַן, ווייסט איר דאָך, איז געווען אַ דייטש און קיין יידן, ווייזט אויס, האָט ער ניט ליב געהאַט, האָב איך אויסגעמיטן צו קומען צו מיין טאָכטער. ערשטנס, צוליב איר און צווייטנס, צוליב מיין שטאָלץ. נו, ער איז געשטאָרבן — שיעור ניט געזאָגט: דאַנקען גאָט . . . כע . . . געשטאָרבן און אויס. וואָס האָט אַזאַ ייד ווי איך באַדאַרפט טאָן, ווען ער דערפילט, אַז סיי ער און סיי די טאָכטער איז פריי? פאָרן צוריק קיין ניו־יאָרק? גיין אַרבעטן אין אַ שאַפּ? פאַרפאַלן — איך בין שוין צו אַלט צו יאָגן זיך אין די שעפּער. דאָ זיץ איך איבער דעם וואַרשטאַטל און טו מיר די אַרבעט, וואָס איך קאָן שוין גוט. און דאָרט בין איך געווען אַ סיגאַרמאַכער און דערנאָך אַ פּרעסער — דאַרף איך אייך דערציילן? נו, האָב איך געטראַכט: איך וועל אָפּשפּאָרן אַביסל געלט, וועל איך עפענען אַ געשעפטל, אפשר טאָקע דאָ און אפשר אין ניו־יאָרק. די יאָרן דערוויילע, ווייסט איר דאָך, גייען זיך, זיי וואַרטן ניט. וואָס, זיי וועלן זיך אָפּשטעלן און וואַרטן אויף מיר, ביז איך וועל זיך, אַזוי צו זאָגן, פּריסטראָיען? קיין יידן, אמתע יידן ווי מיר, איז דאָ ניטאָ. און אַז ס׳איז ניטאָ קיין יידן, איז ניטאָ קיין פריינט. חוץ דעם שניידער און דעם אַפּטייקער, דעם דראָגיסט, האָב איך דאָ דערווייל קיין אַנדערע יידן ניט באַגעגנט. האָב איך אָפט געטראַכט: מילא, מיט זיך אַליין בין איך שוין פאַרזאָרגט און פאַרזיכערט — אָבער וואָס טוט מען מיט אַ יונגער פרוי ווי סטעלאַ איז? וואָס וועט זיין דער תכלית מיט איר? ווידער

חתונה האָבן פאַר אַ קריסט ? צי אפשר נעמען זי ספּעציעל קיין ניו־יאָרק און זוכן דאָרט פאַר איר אַ באַשערטן ? וואָס וואָלט איר געטאָן אויף מיין אָרט ? אדרבה, וואָס וואָלט איר געטאָן ?

באַראַש האָט געשוויגן. גערסאַנס לאַנגע רעדע, האָט ער געוואוסט, איז באמת געקומען פון דער טיפקייט פון זיין האַרץ, אויב אפילו ער האָט באַוואוסטזיניק געצילט אַרויסצורופן אים, באַראַשן־ראַשן, אויף אַן אָפּע־נעם געשפּרעך וועגן סטעלאַן. ער האָט אָבער געשוויגן. ער האָט גע־וואוסט, אַז מיט זיין שווייגן וועט ער אַנטוישן און מעגלעך באַליידיקן גערסאַנען, ער האָט אָבער ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן. אָ, יאָ — — ער האָט געהאַט אַסך וואָס צו זאָגן און וואָס צו ענטפערן, אָבער . . . ווי אַזוי ? ווי אַזוי קאָן ער אים ענטפערן און טראָגן אין דערזעלבער צייט אַ מאַסקע און אַ סוד ? ווי אַזוי קאָן ער אים זאָגן, אַז ער זאָל זיך ניט זאָרגן, דער אַלטער, אַז ער, ראַש, האָט ליב סטעלאַן, אָבער . . . וועגן הייראַטן קאָן ער ניט טראַכטן אפילו. ער האָט געשוויגן און האָט גע־שפּאַנט נעבן גערסאַנען און האָט זיך צוגעהערט צום סקריפּ פון די טריט אויף דעם שניי. די לופט איז געווען ריין און פּראָסטיק און ווייטע פּיי־ערלעך אויף דעם שויס פון באַרג האָבן טרויעריק געקוקט. ענדלעך האָט ער אַ זאָג געטאָן :

— דאָס לעבן פון אַ מענטשן, גערסאַן, איז אָפט זייער קאָמפּלי־צירט, אומפאַרשטענדליך און טראַגיש. יעדער איינער טראָגט אָבער אין זיך עפּעס אַזאַ מין גלויבן, איך וואָלט געזאָגט . . . אַ גלויבן אין עפּעס פאַטאַליסטישעס, אַ גלויבן, אַז ס'וועט קומען אַ צייט און ער, דער מענטש, און די מענטשן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט זיין לעבן, וועלן באַלוינט ווערן פאַר זייער וואַרטן. אָט דער גלויבן, אַז דאָס לעבן איז פאָרט גוט און עהרלעך, און טריי ווי אַ מוטער, אָט דער גלויבן פירט דעם מענטשן דורך פּיין, און דורך צער, ביז ער קומט אָן צו דער גאָלדענער טיר פון גליק . . . אמת, מערסטנס, אַ פאַרמאַכטע טיר. אָבער אַמאָל פירט עס אים צו צו אַ פּשוטער שוועל, פונוואַנען עס ציען זיך צו אים אַנטקעגן וואַרעמע, פריידיקע און טרייע הענט . . . דאַרף מען לעבן, און גלויבן, און וואַרטן. איר אַליין האָט זיך דאָך אויסגעדריקט באַ אונדזער ערש־טער באַגעגעניש, אַז די וועלט איז גאָטס וועלט — טאָ האָט בטחון.

— איר האָט מיר געענטפערט מיט זייער שיינע און אמתע רייד, ראַש, כמעט ווי אַ שרייבער . . . — האָט גערסאַן געזאָגט. — און איך ווייס ניט, צי דאַרף איך . . .

ער האָט ניט פאַרענדיקט און באַראַש האָט ניט געוואָלט אַרויסציען דעם געדאַנק און די ניט־פאַרענדיקטע פראַזע זיינע ביז צום סוף. זיי

האָבן נאָך געריעדט אַ ווײַלע וועגן קלייניקייטן, ביז זיי זענען צוגעקומען צום הויז וואו באַראַש האָט געוואוינט.

— נו, אַ גוטע נאַכט, ראַש — האָט אים גערסאָן געדריקט די האַנט — קומט מאָרגן, איבערמאָרגן, יעדן אָוונט. ס'איז גוט און היי־מישער און אפילו זיכערער מיט אייך. אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט — האָט באַראַש אַ געריךטער געענטפערט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

באַראַש האָט געבענטשט „די צייט". זי האָט אים געגעבן אַן אויסרייד צו קומען יעדן אָוונט צו די גערסאָנס. ער האָט געפילט, ווי די אָוונטן מיט סטעלאַן ציען אים אַרײַן ווי אין אַ וואונדערלעכער סימפאָ־ניע און עס זינגט אין האַרצן . . . כאָטש די סימפאָניע איז אַזאַ טרויעריקע און פאַטעטישע. און ניט איינמאָל האָט ער געזוכט אין אייגענעם געוויסן אַן ענטפער: צי מעג ער אַזוי אָפט קומען צו איר און פאַרזייען אין איר האַרצן האָפענונגען, וואָס וועלן שפּעטער זיכער אויפגיין ווי שטע־כיקע דערנער? אפשר טאָר ער גאָרניט קומען . . . אפשר . . . דער געוויסן האָט אָבער געשוויגן, און אומזעבאַרע הענט האָבן געצויגן און ער איז געגאַנגען. ער האָט געבענטשט די צייטונג, כאָטש זי האָט פאַר אים קיין נייעסן ניט אַנטפּלעקט. ער האָט אָבער, לייענענדיק, געזען יעדן שרייבער פון יעדן וואָרט, און ער האָט געוואוסט זייערע געדאַנקען, וואָס זענען אָפט געלעגן ווי גנבים אונטער יעדער שורה; און ער האָט אָפט געשפּירט דעם האַס, און געשפּירט די גיפטיקע פרייד, און געשפּירט די טראַגעדיע פון דעם צווישנברידערלעכן קריג, וואָס האָט געטשאַדעט ווי אָפּגעברענטע, אָפּגעסמאַליעטע, פאַררויכערטע האָלאָוועשקעס . . . זי, „די צייט", האָט אָבער אויך, ווי אויף אַן אומזעבאַרן עקראַן, אַנט־פּלעקט פאַר אים יעדע גאַס און געסל, און עוועניו פון דער איסט־סייד און דער געדאַנק וועגן ניו־יאָרק האָט געהאַנגען אין אים ווי דער „ברוק־לין ברידזש", וועלכן ער האָט אָפט באַנאַכט געזען פאַר זיך, ווי אין דער וואָר, געזען ווי אַ סימבאָל פון זײַן אויפגעהאַנגענעם לעבן, אַ לעבן, וואָס פאַראייניקט צוויי ברעגן; אַ לעבן — אַ בריק איבער וועלכן ער גייט מיט גנבישע, ציטערדיקע טריט. און אין זײַן טאָג־בוך האָט ער פאַר־שריבן:

„. . . ניו־יאָרק! אַך, ניו־יאָרק! ווי לאַנג עס האָט גענומען צו באַזיגן דיך! בלויז איין ווינקעלע, איין יידיש ווינקעלע צו באַזיגן . . . איין ווינקעלע וואָס צעשטראַלט דאָס וואָרט און דעם צעפּייניקטן „רום" פון לאַנד צו לאַנד . . . און ווי פּשוט, ווי קלאָנגלאָז, ווי וואָרטלאָז עס איז געקומען דער סוף. אַ טאָג, און אַ טאָג, און נאָך אַ טאָג און קיין

איין שורה, קיין וואָרט וועגן דעם דיכטער, דעם שרייבער באַראַש, וואָס האָט געלעבט אין דיר, ניו־יאָרק און האָט געשריבן אין דיר אַ „צייט"...."

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

באַראַש האָט געפילט אַן אינערלעכע דערהייבונג . . . גלייך ווי מעכטיקע פליגל האָבן אים אַ הייב געטאָן און אַ טראָג געטאָן אויף זיג־גענדיקע כוואַליעס. און די דערהייבונג איז געקומען פון שאַפן.

אינדרויסן האָט געשנייט. און דורך דעם פענצטער האָט ער גע־קאָנט זען ווי שנייעלעך קומען אַראָפּ אין דער בלויקייט מיט פּאַטאַליס־טישער רואיקייט. דער קאָפּ איז געווען קלאָר, די געדאַנקען ווי די ווייסע שנייעלעך מיט ווייסע, לייכטע פליגל און די פען, די אַלטע פען זיינע איז געלעגן נעבן אים . . . און דאָס פּאַפּיר נאָענט, צו דערלאַנגען בלויז . . . און אַזוי האָט פּלוצים אַ שורה נאָך אַ שורה, ווי מיט לאַנגע, דינע פינגער געצערטלט יעדן געדאַנק און געפורעמט אַ פּאָעמע . . . און ווען די לעצטע שורה פון דער פּאָעמע האָט זיך פאַרשלאָסן ווי דער לעצ־טער אַקאָרד אין דעם געזאַנג פון האַרץ, איז ער געבליבן זיצן מיט פאַר־מאַכטע אויגן און געשפּירט, אַז דער קערפּער זיינער איז אויסגעשעפּט און עס טראָגט אים ערגעץ אויף אַ ציטערדיקן געוויין — — —

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

באַראַש און זיין פּאָעמע האָבן געבענקט נאָך אַנטפּלעקונג. אינ־דערפרי האָט ער זי אריינגעלייגט אין בוזים־קעשענע און באַטאָג, זיצנ־דיק אין רעסטאָראַן, האָט ער זי ווידער דורכגעלייענט. דאָרט אין ניו־יאָרק, האָט ער געטראַכט, וואָלט ער די פּאָעמע אַריינגעשיקט אין אַ זשור־נאַל אָדער אין אַ צייטונג און טויזנטער מענטשן וואָלטן זי געלייענט. און דאָ — — —

פאַרנאַכט, ווען ער איז געגאַנגען צו גערסאַנען, האָט ער אין גע־דאַנק מאַניפּולירט און מאַנעווורירט מיט ווערטער, וואָס האָבן באַדאַרפט אַנטפּלעקן פאַר גערסאַנען און פאַר סטעלאַן זיין שאַפונג — די פּאָעמע. ער האָט געוואוסט, אַז ווען ער וועט זיין דאָרט, וועט ער שוין געפינען די נייטיקע פראַזע, דאָך האָבן זיך די געדאַנקען ניט געלאָזט באַרואיקן און ער האָט געפילט ווי אַן אָנפאַנגער, וואָס גייט צום ערשטן מאָל פאַר־לייענען זיינע אַ שאַפונג.

גערסאַן איז ניט געווען אינדערהיים. און סטעלא האָט, ווי אַ שול־דיקע, פּרובירט צו פאַרענטפערן דעם פאָטער פאַרוואָס ער איז אַוועק־געגאַנגען. באַראַש האָט געשפּירט, אַז גערסאַנס אַוועקגיין האָט געלאָזט

סטעלאַן אין פאַרלעגנהייט: טאָמער טייטשט ער, ראַש, אויס איר פּאַ־טערס אַוועקגיין ווי אַ מאַנעוור צו לאָזן זיי ביידן אַליין.

— ער איז געגאַנגען צום דראָגיסט פּאַרקער. ער הוסט, לעצטנס, האָב איך אים קוים איינגערעדט, אַז ער זאָל גיין קויפן פאַר זיך אַ מע־דיצין — האָט זי געזאָגט. זי האָט גענומען באַ באַראַשן דעם מאַנטל און ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אין דעם ווייכן שטול, אונטער דער בלוי־ער שיין פון לאָמפּ. עס איז אים געווען אנגענעם מיט איר אַליין און ער האָט זיך געפילט אַזוי היימיש און אינטים, אַז דאָס שווייגן האָט ניט געאַרט, ניט אים און ניט איר. דאָס שווייגעניש האָט אָבער ניט געדויערט לאַנג. ער האָט ליב געהאַט צו רעדן צו איר, ליב געהאַט צו הערן די אייגענע רייד און וואונדערן זיך, ווי קונציק אַ מענטש קאָן פירן זיינע געדאַנקען און רייד באַם סאַמע ברעג פון אָפּגרונט. איצט אָבער, אין דער האַלב־טונקלקייט פון צימער, וואו עס האָט געשמעקט מיט אַ מין זיסן, אומבאַקאַנטן גערוך — איצט, קוקנדיק אויף איר קאָפּ מיט די געשלענ־גלטע צעפּ אַרום און אויף איר טונקעלער בלוזע פון וועלכער עס האָט געבלענדט די ווייסקייט פון אירע אַקסלען און די רונדע, קוים געכאַפּטע גרענעצן פון אירע בריסטן — איצט האָט זיך אים געוואָלט רעדן, אפילו, ווען דאָס גיין באַם ברעג פון אָפּגרונט און דאָס ניט קאָנען אַנטפלעקן דאָס אייגענע לעבן האָט געפייניקט. ער האָט אָבער באַמערקט ווי אירע פינגער גלעטן ציטערדיק די קלאַווישן פון דער פּיאַנאָ, האָט ער אַ זאָג געטאָן.

— שפּילט עפּעס, סטעלאַ.

— פאַר דריי מענטשן שפּיל איך איצט אָפט — האָט זי גערעדט, ווי טרוימענדיק וועגן עפּעס. — איך שפּיל פאַר זיך, פאַר מיין פאָטער און פאַר אייך, כאָטש דאָס שפּילן איז, דאַכט זיך, בלויז די שפּיל פאַר זיך, אפילו ווען מ׳שפּילט פאַר יענעם.

— איר האָט זייער ריכטיק באַמערקט, סטעלאַ . . . — האָט באַראַש געזאָגט — אָבער אָפטער דערהייבן אונדז די פליגל פון קונסט צו ריינער עסטעטיק און צו וויזיעס אין וועלכע מיר פאַרגעסן וועגן זיך און ווערן פאַרלוירן אין מיסטיש־געטלעכן כח פון שאַפן. באַטירלעך, עס קומט שוין אָן דערנאָך די ערדיש־מענטשלעכע רעאַקציע, ווען דער קינסטלער דערזעט און דערפילט זיך זעלבסט אין הויפּט־פּאָקוס פון די קונסט־שטראַלן, אָבער דאָס איז אפשר אויך נייטיק. יעדנפאַלס, ווען איר שפּילט, זע איך אָפט ווי איר פאַרגעסט אָן אונדז און אָן זיך זעלבסט. דער גייסט אייער שוועבט ערגעץ מיט דער מעלאָדיע און די געפילן אייערע . . . זיי מוזן אודאי זיין טיפע, ווי דער אָפּגרונט אין אייערע אויגן . . .

— אַך, וואָס פאַר אַ מייסטער איר זענט צו קאָמפּלימענטירן . . . איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, עס וואונדערט מיך אָפּט . . ..

— וואָס וואונדערט אייך? — האָט ער געפרעגט, ווען זי האָט ניט פאַרענדיקט.

— איר וואונדערט מיך.

— פאַרוואָס, אָדער מיט וואָס?

— מיט זיך. מיר דאַכט זיך, אַז איך קאָן שוין אַזוי גוט אייער כאַראַקטער, אָבער . . . אָבער דאָס אַרומיקע אַרום דעם כאַראַקטער איז מיר אינגאַנצן אומבאַקאַנט. איך קאָן בלויז אייערע טעג אָט דאָ, טעג און אָוונטן אין וועלכע איר ברענגט מיט זיך אָפּגעוואויגענע רייד און האַנדלונגען, אָט ווי מ׳ברענגט אונדז יעדן טאָג ברויט און מילך און פּרוכטן. איר ווערט מיר אַנטשולדיקן מיין אויפריכטיקייט. איך מיין ניט אַריינצורייסן זיך אין די געהיימנישן פון אייער לעבן, עס איז אָבער אַ געדאַנק, וואָס מוטשעט מיך און . . . איך וויל ניט אַרומטראָגן זיך מיט אים . . .

— איך פאַרשטיי אייך, סטעלאַ . . .

— איך וואָלט געוואָלט קאָנען זאָגן אייך דאָסזעלבע. איין זאַך זע איך אָבער און פאַרשטיי: איר טראָגט זיך אַרום מיט אַ סוד פון עפּעס אַ טיפער איבערלעבונג און איר נעמט דאָס לעבן פילאָזאָפיש . . . שוין צו פילאָזאָפיש . . .

— יאָ . . .

— איך ווידערהאָל: איך מיין ניט צו זיין אינקוויזיטאָריש . . . ס׳איז אפשר מער מיין . . . מיין באַציאונג צו אייך, וואָס האָט מיך אַ שטויס געטאָן צו רעדן פּלוצים.

באַראַש האָט געקוקט אויף איר און געטראַכט: איך וואָלט געוואָלט זאָגן צו דיר: קום, איך וועל דורכגיין מיט דיר דעם גאַנצן וועג פון מיין לעבן. איך וועל דיך פירן אויף די ברייטע שליאַכן און אויף די טונקלסטע פאַרוואָרפענע סטעזשקעס. איך וועל דיך פירן צו מיינע מיטמענטשן אין דעם בבל ניו־יאָרק און איך וועל דיך לאָזן הערן די פּאַטעטישע סימפאָניע פון אונזערע ווערטער, פון אונזערע לידער, וואָס טריפן מיט בלוט; איך וועל דיך אַריינפירן אין מיין האַרבסט און דו וועסט זען מיינע געדאַנקען — גאָלדענע בלעטער אין ווינט . . . און דעמאָלט וועסטו מיך פאַרשטיין . . . — ער האָט אָבער ווידער דערפילט שטאָלענע רינגען אַרום זיך און, צודריקנדיק די אויגן־דעקלעך מיט די פינגער, האָט ער געזאָגט:

— שפּילט, סטעלאַ . . . איך בעט אייך.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים מיט אַ בליק פון פאַרגעבונג און

איז צוגעגאַנגען צו דער פּיאַנאָ. שטיל און מעלאָדיש האָבן זיך געגומען גיסן די קלאַנגען פון דער פּיאַנאָס ברוסט און מיטאַמאָל, ווי דער אָנזאָג פון אַ שטורעם, אַ פלאַטער געטאָן אונטער אירע פינגער און איר גאַנ־צער קערפּער האָט זיך אַ וויג געטאָן און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז אָט, אָט שוועבט זי אַוועק אויף דעם אָנקומענדיקן שטורעם . . אַוועק . . . צו דער ווייטקייט, צום גרענעצלאָזן, שוואַרצן, כוואַליעדיקן אָקעאַן . . . צו זיין און ניט זיין אין פאַרגעסנהייט, אין טונקעלן כאַאָס פון שוועבנדע טענער, פון שוועבנדן טרויער און געוויין . . .

באַראַש האָט ניט געהערט ווי זי האָט פאַרענדיקט, ווייל עס האָט אים נאָך אַלץ געטראָגן ווי אויף כוואַליעס אונטער דעם היפּנאָז פון דער מעלאָדיע. די שטילקייט האָט אים אָבער אויפגעוועקט. ער האָט דער־זען ווי זי זיצט מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, קוקנדיק ערגעץ אינדערווייטנס און ער האָט דערהערט אירע ווערטער:

— ווי שווער עס איז צו פאַרשטיין דעם מענטשן־מין . . . ווי קאָן ער שאַפן אַזעלכע געניאַלע מוזיקאַלישע ווערק, איך וואָלט געזאָגט די עסענץ פון גייסטיקייט . . . און אין דערזעלבער צייט זיין אַזוי ברוטאַל, פאַרגיסן אַזוי פיל בלוט . . .

— ווען מיר וועלן דערגיין צו דעמדאָזיקן סוד, וועט שוין אפשר מער קיין מענטשהייט ניט זיין. און די וואונדערלעכע מוזיק, און די וואונדערלעכע פינגער, און די בלומען . . אַלץ וועט פאַרפרוירן ווערן אין שטורעם פון שניי, אין קאַלטקייט, אין אונטערגאַנג . . . דער מענטש, און די מוזיק, און דאָס וואָרט, און די ליבע — טויט — — כ׳האָב עס געזען, ווען איר האָט געשפּילט . . .

— אוי, וואָס פאַר אַ פּעסימיסט איר זענט!

איר „אוי" האָט אים אַ הייב געטאָן ווי אויף אַ וואַרעמער כוואַליע און, צוגייענדיק צו איר, האָט ער צוגעדריקט איר קאָפּ צו זיך און אַ קוש געטאָן איר שטערן.

— ראָש . . .

— סטעלאַ . . .

אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען נעבן איר און געקוקט אין אירע פאַר־נעפּלטע אויגן און מיטאַמאָל אַ לאָז געטאָן זיך צוריק צום שטול, אָני־דערגעזעצט זיך און פאַרשטעלט די אויגן מיט דער האַנט.

סטעלא האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן:

— דער פּאַ האָט זיך דאָרט פאַרשפּילט מסתמא אין שאַך. אַז זיי נעמען שפּילן איז דאָס אויף שטונדן. איך וועל מאַכן קאַווע.

איר שטילער און ציטערדיקער אויסרוף „ראָש" האָט נאָך געגלעט דאָס האַרץ, אָבער עפּעס אין געדאַנק האָט געמאָנט און געדופן, און

באַראַש האָט געוואוסט, אַז דאָס רופט די פּאָעמע. די פּאָעמע, וואָס ליגט בײַ אים אין בוזעם־קעשענע. זי וויל אַנטפּלעקט ווערן, דערהייבן זיך אויף מענטשלעכע ווערטער און זען זיך אָפּגעשפּיגלט אין סטעלאַס טיפע אויגן.

האָט ער זי אָנגעריירט מיט דער האַנט, די פּאָעמע, גענומען אַרויס־ציִען זי פון קעשענע און מיטאַמאָל אָפּגעלאָזט. ניין, ניט איצט — שפּע־טער. ער דאַרף ניט און טאָר ניט צעשטערן מיט שטימונגען פון דער פּאָעמע די שטימונגען פון איר שטורעמדיקער מוזיק.

זיי האָבן געטרונקען קאַווע און גערעדט און באַראַש האָט זיך מיט סטעלאַן געדאַנקלעך אַריבערגעפירט קיין ניו־יאָרק אין דער קאַפע „טע־אַליט". און ער האָט געטראַכט: אפשר זענען אירע רייד און איר מוזיק אַזוי רירנד און טיף מיט ספּעציפישן פרויענשן צויבער און חכמה, ווייל ס'איז דאָ, אין דעם צימערל, אין דער שטילקייט פון נאַכט, אין דער טיפקייט פון בערג. אָבער, ווי וואָלטן אירע ווערטער געקלונגען דאָרט, אין דער אַטמאָספערע פון דעם פּראָפעסיאָנאַלן, אַלץ־צעגלידערנדן ציניזם; דאָרט, וואו פּערל פאַלן אָפּט אויף די וואָגשאָלן זשמעניעסווייז און קיינער באַמערקט זיי ניט אפילו און אויב מ'באַמערקט זיי, וועגט מען זיי און מ'לייגט זיי אָוועק מיט אַ שמייכל פון ביטול. אָבער צו וואָס דאַרף ער טראַכטן פון דעם? אָט אין דעם טראַכטן אַליין איז שוין פאַראַן אַ טייל פון יענער מעסטן־ און וועגן־געוואוינהייט, וואָס ער האָט מיטגע־געבראַכט מיט זיך. ניין, דאָ איז דער קוואַל זיכער ריינער און דער־פרישנדער און ער טאָר ניט קומען צו דעם קוואַל מיט דעם ניו־יאָרק־געמאַכטן קרוג. אויב שוין טרינקען פון דעם קוואַל, איז ווי אַ הירש, וואָס טרינקט יעדן פרימאָרגן און יעדן פאַרנאַכט — טרינקט מיט תמי־מות און מיט אינסטינקטיוון לויב און דאַנק צום לעבן.

און אפשר . . . אפשר . . . אפשר דאַכט זיך אים דאָס אַלעס. דער מענטש איז דאָך אַזאַ מיסטעריעזע, באַהאַלטענע באַשעפעניש און די פרוי — איר חן און איר צויבער איז דאָך אָפט אַ וואונדערבאַרער געשטריקטער וואָאַל איבערן מוח און איבערן האַרצן . . .

ס'איז שוין געווען שפּעט און באַראַש האָט זיך אויפגעהויבן אַהיימ־צוגיין. זי האָט אים ניט פאַרהאַלטן און אַ שווייגנדיקע געקוקט ווי ער טוט אָן דעם מאַנטל. ער איז געבליבן שטיין בײַ דער טיר, אָנגענומען איר האַנט און געזאָגט פשוט, אָן באַזונדערן עמאָציאָנעלן געפיל:

— אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט — האָט זי געענטפערט, אויך פשוט און רואיק, אָבער די דינע ניואַנסן פון פאַרוואונדערונג און אַנטוישונג האָבן אים

פאַרהאַלטן אויף אַ ווילע אַ שווייגנדיקן באַ איר שוועל און האָבן אים באַגלייט אַ צערודערטן אין דער שפּעטער נאַכט אַריין.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

„די צייט” האָט דערמאָנט באַראַשן, אַז ס'איז פּורים. דאָרט אין ניו־יאָרק איז דער פּורים אויף פאַרבייגעגאַנגען ווי אַ שיינע מעשה אין אַ בוך. ער פלעגט אָבער דערציילן עוואַטשקאַן וועגן דעם אייגנאַרטיקן און ראָמאַנטישן יידישן יום־טוב, ווי ער וואָלט דערציילט אַן אינטערע־סאַנטע געשיכטע פון טויזנט און איין נאַכט. עווא פלעגט אים אויסהערן מיט געשפּאַנטן אינטערעס און איינמאָל אין אַ פּורים, געדענקט ער, האָט זי אים אַ פרעג געטאָן, צי ער וואָלט געקאָנט פאַר איר קויפן אַ בילד פון דער קעניגין אסתר. האָט ער זי צוגעפירט צום בילד פון דער מו־טער, וואָס אַ מאלער האָט פון איר געמאָלן טאַקע אין קאָסטיום פון אסתר המלכה, וואָס זי האָט אַמאָל געטראָגן אויף אַ מאַסקאַראַד און, אָנווייזנדיק אויף דעם בילד, האָט ער געזאָגט:

— דאָס איז די קעניגין אסתר.

— און דו? — האָט זי געפרעגט, פאַרשטייענדיק, אַז ער פירט דורך מיט איר עפּעס אַ שפּאַס און שפּיל.

— איך בין דער קעניג אחשורוש.

— אַז דו ביזט אחשורוש, טאָ ווער איז מרדכי? — האָט זי זיך געוואונדערט.

האָט ער אָנגעוויזן אויף דעם בילד פון זיין פאָטער, וואָס איז גע־האָנגען אויף דער וואַנט און ער האָט געזאָגט:

— דאָס איז מרדכי.

— און איך? — זענען אירע אויגן געוואָקסן גרויס פון נייגע־ריקייט און דערוואַרטונג.

— ווען דו וועסט אויסוואַקסן, וועסטו אויך זיין אַ קעניגין, ווי דיין מאַמע, אָבער ניט אַ קעניגין איבער שקלאַפן, נאָר אַ קעניגין איבער פרייע מענטשן.

— אויב דו ווילסט מיט דעם זאָגן, אַז דו ביזט פאַרשקלאַפט צו מיר — האָט זיך אַדאַ אָנגערופן, האַלב אין ערנסט, האַלב אין שפּאַס — קאָנסטו זיך באַפרייען צו יעדער צייט און זוכן זיך אַן אַנדערע קעניגין, וואָס הערשט ניט איבער שקלאַפן.

— איך האָב בלויז געוואָלט, אַז צוזאַמען מיט דעם סימבאָל פון אַ קעניגין, פון אַ רעגירעריןָ, זאָל דאָס קינד אויפנעמען אויך דעם גע־דאַנק וועגן פרייהייט און גערעכטיקייט.

— אַ סאָציאַלער פּרעדיקער, ווען עס קומט צו מעשׂיות פֿאַר קינ־דער — האָט זי ווייטער געשפּאָסט.

— אויך ווען עס קומט צו מעשׂיות פֿאַר גרויסע קינדער, אָט אַזעלכע ווי דו . . . — האָט ער אויך געשפּאַסט.

— אָן אַ טראָפּן אויפֿריכטיקייט . . .

— אַ דאַנק פֿאַר דיין אויפֿריכטיקייט.

— דאָס איז מיין אומגליק — מיין אַבסאָלוטע אויפֿריכטיקייט — האָט זי שוין ערנסטער געזאָגט.

— דיין אומגליק איז דיין אַבסאָלוטע פֿאַרגלייבנקייט אין דיין אַב־סאָלוטער אויפֿריכטיקייט.

אין יענעם פּורים האָט דער שפּאַס געבראַכט טרערן. און אויף דעם וועג צו סטעלאַן האָט באַראַש, דערמאָנענדיק זיך אָן יענעם פּורים־אָוונט, געטראַכט, אַז סיי ער, סיי אַדאַ זענען אָפֿט געווען ווי קינדער אין אַ שפּיל — אַ שפּיל, וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט מיט טרערן.

ער האָט געקויפֿט אַ שאַכטל שאָקאָלאַדן און בלומען. ווער ווייסט פֿונוואַנען די בלומען קומען — האָט ער געטראַכט. דער צוג האָט זיי געבראַכט פֿון ערגעץ, ווי ער ברענגט מילך און פּרוכטן; און איצט טראָגט ער די בלומען, פֿאַרוויקלט אין גרינעם פּאַפּיר; און ווען מ׳וועט זיי פֿאַ־נאַנדערוויקלען, וועלן זיי נעמען אָטעמען מיט צאַרטן אַראָמאַט און פּרוי־ענשע הענט וועלן דריקן זיי צו דער ברוסט . . . און שפּעטער מיט אַ טאָג, צוויי, וועלן זיי שטאַרבן, אויסהויכן דעם לעצטן אַראָמאַטישן אָטעם און זיי וועלן פֿאַרוועלקט ווערן, פֿאַרטריקנט ווערן . . . אַזוי זענען אויך די מינוטן פֿון ערשטער באַגעגעניש, מינוטן לענגערע, מענטשלעכע, אָנ־געפּילטע מיט אַראָמאַטן פֿון פֿאַרפֿיומען — אָבער אויך די ווערטער און די בליקן ווערן פֿאַרוועלקט און אויסגעוועפּט און בלויז טריבע ווינטע־לעך פֿון ערגעץ ווייען אָן געדאַנקען און צעשויבערן דעם געמיט . . .

ווען ער איז אַריינגעקומען אין הויז, האָט ער געטראָפֿן סטעלאַן אין אַ ליכטיק־גרינעם, מיט גאָלד באַזוימטן קלייד. די צעפּ אַראָפּ און די רונדע, ווייסע אַקסלען פֿריי.

סטעלא האָט זיך זייער דערפֿרייט מיט די בלומען און געזאָגט:

— איך האָב זייער ליב בלומען און איך דאַנק אייך פֿאַר זיי. דאָס איז, מסתמא, צוליב . . . פּורים? . . .

— יאָ, איך האָב געוואָלט, אַז איר זאָלט וויסן . . . כ׳האָב גע־וואָלט, אַז גראַד דאָ אין דעם שטעטל ניו־פּאָרט זאָלן מיר אויפֿהאַלטן דעם גייסט פֿון אונדזער יום־טובֿ, אָדער אפֿשר פֿאַרקערט — דעם יום־טובֿ פֿון אונדזער גייסט . . .

— מיין פֿאָטער האָט מיר היינט אינדערפֿרי געזאָגט, אַז ס׳איז

פורים. מיר האָבן שוין אַזוי לאַנג ניט געוואוסט און ניט געטראַכט אפילו וועגן דעם יום־טוב. ער אַרבעט אָבער היינט אין אָוונט.

— גוט.

— וואָס . . . . — האָט ער דערהערט אַ ציטער אין איר שטים.

— אָ . . . — האָט ער זיך גלייך געכאַפּט, אַז זי קאָן נאָך אויס־טייטשן זיין „גוט" ווי אַ וואונטש אויף אַ געלעגנהייט צו רעדן מיט איר — איך וואָלט געוואָלט פאַר אייך פאַרלייענען עפּעס — האָט ער געזאָגט.

— אָ . . . פאַרלייענען . . . . — האָט ער דערפילט איר אַנ־טוישונג.

זי האָט זיך אָבער גלייך אַנידערגעזעצט אין שטול, געמאַכט זיך באַקוועם און געקוקט אויף אים מיט אַ בליק פון דערוואַרטונג.

— שוין טאַקע ? — האָט ער געפרעגט.

— צו וואָס אָפּלייגן ? מוז מען טאַקע אַלץ אָפּלייגן . . .

— מ'מוז ניט, אויב מ'דאַרף ניט.

— דאַרפט איר אָפּלייגן אייער . . . פאַרלייענען ?

— ניין.

— טאָ לייענט.

— שוין טאַקע ? — האָט ער געפרעגט.

— שוין — האָט זי געענטפערט.

ער האָט געקוקט אויף איר גרינער פיגור, אויף אירע אַנטבלויזטע אַקסלען, אויף די רויטע בלומען, וואָס זענען געלעגן, ווי פאַרבלוטיקטע אויף אירע קני . . . און, אונטערגעבנדיק זיך דעם אימפּולס, איז ער צוגעגאַנגען צו איר און אַנידערגעזעצט זיך בײַ אירע פיס.

ער האָט דערפילט אירע פינגער אויף זיין קאָפּ און, אַננעמענדיק זיי, געקושט אַ פאַרטראַכטער . . .

— וואָס ווילט איר פאַר מיר פאַרלייענען ? — האָט זי געפרעגט.

— אַ פּאָעמע . . .

— איר אַליין האָט זי אָנגעשריבן ?

— איך אַליין . . .

— איר ווילט זי שיקן אין דער צייטונג ?

— אָ . . . עס וואָלט געמאַכט אַ סענסאַציע . . .

— פאַרוואָס ניט ? . . . אַמאָל איז גענוג בלויז איין פּאָעמע צו מאַכן אַ סענסאַציע . . .

— אָ, יע, בלויז איין פּאָעמע איז אַמאָל גענוג צו מאַכן אַ סענסאַ־ציע — האָט ער אַ שמייכל געטאָן.

— איר טרייבט שפּאַס מיט מיר — האָט זי אויך אַ שמייכל גע־טאָן — איך מיין עס אָבער ערנסט.

— איך מיין עס אויך ערנסט.

— אָ . . . איר זענט . . .

עס האָבן זיך פלוצים דערהערט טריט און גערסאַן איז אַריינגע־קומען. דערפרייט זיך מיט באַראַשן און געשמייכלט צופרידן, זעענדיק אים זיצן אויף דעם קישעלע בײַ סטעלאַס פיס.

— געמיינט כ׳וועל דאַרפן אַרבעטן בײַנאַכט . . . כ׳האָב אָבער געמאַכט אַ טעות מיט דער נאַכט — האָט ער געזאָגט.

— באַראַש האָט זיך אויפגעהויבן און סטעלאַ אויך.

— ס׳איז שלח מנות . . . — האָט זי אָנגעוויזן אויף די בלומען און אויף דעם שאַכטל קאָנפעקטן.

— אָ, שלח מנות . . . הערט אַ ייד! טאַקע נאָר אַזאַ יידן ווי איר קאָן איינפאַלן צו ברענגען בלומען און שאָקאָלאַדן אַלס שלח מנות. אוי, איך געדענק, ווי איך פלעג אַמאָל טראָגן שלח מנות צו מיין מיידל . . . אַ מאַראַנץ, צוויי המן־טאַשן און עפּעס אַ מין שטראָדל, וואָס מ׳פלעגט דאָרט רופן פלייטלעך. און וואָס מיינט איר, פלעג איך קריגן פון איר? אַ קוש הינטער דער טיר בײַם געזעגענען זיך.

סטעלאַ איז פון דעם פּאָטערס ווערטער געוואָרן אַן ערנסטע און אַ וואָרף געטאָן אַ בליק און אַ האַלבן שמייכל צו באַראַשן. באַראַש האָט זיך פאַרקוקט אויף דער סטעליע, פרעטענדירנדיק, אַז עס קומט אים ניט אויף דעם געדאַנק אפילו אויסצוטייטשן גערסאַנס ווערטער ווי עפּעס אַן אינסינואַציע.

זיי האָבן דערנאָך, ווי געוויינלעך, געטרונקען טיי, געליייענט „די צייט‟ און גערעדט וועגן לעבן, וועגן מענטשן און וועגן דער אכזריות־דיקער צייט. גערסאַן האָט אָבער אָנגעהויבן צוביסלעך איינצודרימלען און ווען באַראַש האָט זיך אויפגעהויבן אַהיימצוגיין און ער האָט זיך בײַ דער טיר באַגעגנט מיט סטעלאַס בליק, האָבן זיי איינער בײַם צווייטן גע־לייענט דעמזעלבן געדאַנק און ביידע האָבן געשמייכלט.

— היינטיקער פּורים איז געווען דער אָנגענעמסטער אין מיין גאַנצן לעבן — האָט סטעלאַ געזאָגט. — איך דאַנק אייך פאַר די בלו־מען און . . . אַ שאָד, וואָס איר האָט ניט פאַרגעליייענט.

— איך וועל עס נאָך פאַרלייענען פאַר אייך.

— איך האָף, אַז איך וועל ניט דאַרפן וואַרטן ביז דעם קומענדיקן פּורים.

— דעם קומענדיקן פּורים אויך —איך האָף . . .

ער האָט אַ קוש געטאָן איר האַנט, האָט זי אַ שמייכל געטאָן און אַ זיפץ געטאָן.

זי האָט פאַרמאַכט די טיר לאַנגזאַם, לאַנגזאַם . . . נאָכגעקוקט אים

דורך דער שפּאַרונע, ביז ער איז פאַרטושירט געוואָרן אין דער ווייטער פינצטערניש.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

דער אַלטער גערסאַן איז געוואָרן אַן אַפּטער אַריינגייער צום אַפּ־טייקער פּאַרקער. באַראַש האָט אָבער געוואוסט, אַז ניט דאָס שאַך שפּילן ציט אים, דעם אַלטן, נאָר דער געדאַנק צו לאָזן סטעלאַן און באַראַשן אַליין טרייבט אים. און ס'האָט אים ניט געאַרט, גערסאַנען, וואָס באַראַש טראַכט אַזוי. ער האָט געוואָלט ער זאָל עס וויסן און ער האָט געוואָלט, אַז ער זאָל טראַכטן אַזוי.

און איינמאָל, ווען סטעלא איז געווען פאַרנומען מיט פּרעסן איר געוועש און באַראַש איז געזעסן אין שטול און האָט געלייענט די צייטונג, האָט אים גערסאַן אַ פרעג געטאָן:

— איר ווילט אפשר אַ שפּאַציר טאָן מיט מיר צו פּאַרקערן?

— אַ שפּאַציר טאָן? מיט פאַרגעניגן — האָט זיך באַראַש גלייך אויפגעהויבן.

זיי זענען ביידע אַרויסגעגאַנגען און גערסאַן, אין אַ גוטמוטיקער שטימונג, האָט אָנגעהויבן צו מאָלן פאַר אים אַ בילד, ווי ער און דער אַפּטייקער פּאַרקער שפּילן אין שאַך.

באַראַש האָט געלאַכט און האָט אַ זאָג געטאָן:

— ס'איז נעבעך אַ רחמנות אויף אים, אויף אייער אַפּטייקער. אפילו מיט אייך האָט ער מורא צו זיין דאָס, וואָס ער איז — אַ ייד. און אפשר קאָן ער שוין ניט זיין מער דאָס וואָס ער איז געווען. אַז מ'לעבט אָפּ אַזויפיל יאָרן אין אַ שטעטל און מ'שלעפּט אויף זיך די גאַנצע צייט די מאַסקע פון אַ קריסט, כאָטש אַלע ווייסן מסתמא אַז ער איז אַ ייד — איז ווערט מען ווי אַן אָפּגעבלאַקירטער מלבוש, שוין שווער צו דערקענען דעם אמתן קאָליר. און וואָס פאַר אַ מענטש איז דער האַנדלמאַן, דער שניידער? — האָט זיך באַראַש פלוצים דערמאָנט — כ'האָב שוין עט־לעכע מאָל געקליבן זיך אַריינצוגיין צו באַקאָנען זיך מיט אים.

— נו, נו, גייט . . . — האָט זיך גערסאַן צעלאַכט.

— פאַרוואָס לאַכט איר? — האָט זיך באַראַש פאַרוואונדערט.

— איך לאַך, ווייל אייער באַקאַנטשאַפט וועט ניט אָנהאַלטן לאַנג. ער איז טויב ווי אַ גלאָק, דער שניידער, און גלייבט מיר, אַז ווען איך גיי אַמאָל אַריין צו אים, קום איך אַהיים אַ שטומער, כ'האָב שוין קיין כח צו רעדן, אַזוי דאַרף איך שרייען, ווען איך רעד צו אים.

— אַ שאָד . . . ער מוז אודאי זיין אַ בעסערער ייד ווי פאַרקער.

— ער איז ניט קיין שלעכטער מענטש, פאַרקער, אָבער אַז מ'האָט

מורא צו עפענען זיך, ווערט מען איינגעשרומפּן . . . אַ רחמנות אויף אַזעלכע מענטשן.

באַראַש האָט געוואוסט, אַז גערסאַן, רעדנדיק וועגן דעם אַפּטייקער, מיינט ער אויך אים, באַראַשן. און גערסאַן האָט טאַקע גלייך אַ זאָג געטאָן:

— און האָט ניט קיין פּאַראיבל אויף מיר, ראַש, איר אַליין גייט אויך אַרום ווי אַ מרה־שחורהדיקער פילאָזאָף. איר טראַכט אָפּ אַ לעבן ווי צו לעבן דאָס לעבן און אַז ס׳קומט צום לעבן דאָס לעבן, איז שוין צו שפּעט. אין וועלכן יראַהוגדערט ווילט איר אַרויסשטייגן, יונגערמאַן? אַזוי פיל צייט האָט איר, וואָס איר פאַרט אויף אַ פור און פילאָזאָפירט?

באַראַש האָט געשמייכלט און געטראַכט, אַז ס׳איז זיכער פאַראַן אַ שטיק אמת אין דעם אַלטנס רייד און ער האָט זיך געוואונדערט: מאַכט ער טאַקע דעם איינדרוק אויף מענטשן ווי אַ מרה־שחורהדיקער פילאָזאָף?

— פאַרוואָס דענקט איר, אַז איך פאָר אויף אַ פור און פילאָזאָפיר?

— האָט באַראַש געפרעגט.

— וואָס זשע, איך האָב ניט קיין אויגן און בין ניט קיין מבין אויף קיין מענטשן? — האָט גערסאַן געענטפערט מיט אַ פראַגע — אָט זאָגט מיר, אדרבה, ווי אַלט זענט איר?

— אַ . . . פערציקער . . . האָט באַראַש לאַנגזאַם געענטפערט.

— נו, אָט . . . אַ פערציקער! און אין אייער ענטפער האָב איך דערפילט, אַז איר שרעקט זיך אַ טראַכט צו טאָן אפילו, אַז איר זענט אַ פערציקער . . . איר ווייסט — אַריבער פערציק, איז אַריבער די גרעניץ. פאָרן צוריק — פּאַוואָליע. אַז איר וועט קומען אין מיינע יאָרן, און איר וועט דערפילן, אַז איר האָט אָפּגעלעבט אַ לעבן און געבלאָנדזשעט אין אַ פרעמדן וואַלד, וועט איר ערשט דעמאָלט דערזען, אַז דער אָפענער און גלייכער וועג, אויף וועלכן עס האָט זיך ניט געוואָלט גיין, איז געווען דער בעסטער וועג. איך זאָג ניט, אַז איך בין דאָס גאַנצע לעבן געווען אַזאַ גרויסער חכם און בין שטענדיק געגאַנגען אויף דעם גלייכן וועג. נישקשה, איך בין אויך ניט איינמאָל אַראָפּ פון וועג און האָב געזינדיקט, אָבער אין די מיטעלע יאָרן בין איך דאָך געקומען צום שכל. די וועלט, מיין פריינט, איז ניט קיין פרעמדע, און די מענטשן, וואו זיי זאָלן ניט זיין, זענען אויך ניט קיין פרעמדע — עס ווענדט זיך בלויז אין אייך. עס איז ווי איר טראַכט וועגן דעם. די בעסטע זאַך איז אויסמישן זיך מיט זיי, מיט די מענטשן, לעבן זייער לעבן, רעדן זייער שפּראַך און אַלץ ווערט היימיש און אייגן. אָט, ווען איר וואָלט געאַרבעט ווי איך אין אַזאַ גרויסער פאַבריק, ווען איר וואָלט געוואָרן אַ שרייפּעלע אין אַ

גרויסער מאַשין ווי איך בין געוואָרן, וואָלט איר אויך געפונען עפּעס אַן אינטערעס. זענט איר אָבער, ווי רופט מען עס, אַן אינדיווידואַליסט, סיי אין אייער אַרבעט און סיי אין אייער טראַכטן. איר שטייט זיך איינער אַליין און איר מאָלט, וואָס עס גלוסט זיך אייך — נו, האָט זיך אויסגעאַרבעט באַ אייך אַזאַ כאַראַקטער. און . . . ווייסט איר וואָס, ראָש? אפשר וואָלט איר אַריין אין דער פאַבריק אַרבעטן? איך ווייס ניט וויפל איר פאַרדינט מיט אייער מאָלן, אָבער דאָרט וועט איר זיכער מאַכן מער און אויב איר ווילט, וועל איך רעדן וועגן אייך מיט מיין פאָרמאַן.

— אַ דאַנק — האָט באַראָש געענטפערט אַ פאַרטראַכטער. — עס איז ניט גוט און עס איז ניט נייטיק צו צווינגען דעם אייגענעם איך איינצושפּאַנען זיך אין אַ פרעמדן וואָגן, אָדער ריכטיקער אין אַ פרעמדער מאַשין. איך בין ניט דער טיפּ פאַר דעם.

— און איך בין געווען? — האָט גערסאָן איראָניש אַ שמייכל געטאָן.

— איר אויך ניט. אָבער באַ אייך איז דאָס געוואָרן דער פינאַל, ווען איר האָט געמאַכט שלום מיט זיך און מיט אייער לעבן. איך האָב נאָך קיין שלום ניט געמאַכט מיט זיך, כאָטש אָפט ווייזט זיך מיר אויס, אַז ס'איז שוין אויך מיין פינאַל און אפילו מער רעזיגנאַציע ווי שלום. איך צווייפל נאָך אָבער און איך זע נאָך אַלץ מיין לעבן אין דעם ענדציל פאַרהילט אין אַ נעפּל . . .

— איז טאַקע ניט גוט.

— אפשר.

מיט דעם האָט זיך דער געשפּרעך געענדיקט און גערסאָן איז אַרייַנגעגאַנגען צו פאַרקערן. אָבער אויף דעם וועג צוריק צו סטעלאַן האָבן אים גערסאָנס ווערטער פאַרפאָלגט. דער געדאַנק אין אים האָט אָבער רעוואָלטירט און געשראָקן זיך פאַר אַ נייעם סאָרט לעבן. עס האָט געשראָקן די רוטין, וועלכע ער וואָלט ניט אויסגעהאַלטן און דער שלום מיט זיך און מיט דעם לעבן, וואָס וואָלט געוואָרן אַן איינפאַכער, פיזישער און רעזיגנירנדער שלום פון אַ שקלאַף.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

אַדאַ האָט באַהערשט די נעכט.

יעדע נאַכט כמעט איז זי געשטאַנען אין אַ ווינקל פון זיין מח און ער האָט גערעדט צו איר. און זי האָט גערעדט צו אים — די אַמאָליקע, די ניט־פאַרגעסענע, די אויסגעבּרענטע, ווי מיט אַ פייערדיקן אייזן, רייד . . .

אַדאַ . . . אַדאַ . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

עס איז שוין געווען נאָענט צו פּסח. די נעכט זענען אָבער נאָך אַלץ געווען קאַלטע און דער שניי אויף די בערג איז נאָך אַלץ געלעגן ווייס און אומבאַריִרט. אין דידאָזיקע נעכט האָט געצויגן צו סטעלאַן און עס האָט אויך געצויגן צום פּאַפּיר און צו דער פּען.

זיינע ביכער, וועלכע ער האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן אין שופֿ־לאָד פֿאַרשלאָסן, האָט ער אַרויסגענומען. געקוקט אויף זיי און געטראַכט פֿון סטעלאַן. געוואָלט, אַז אויך אירע הענט זאָלן באַרירן די ביכער זיינע און אויך אירע אויגן זאָלן וואַנדערן איבער די שורות, צווישן זיינע גע־דאַנקען . . . האָט ער איינמאָל אין אַן אָוונט גענומען די ביכער צו סטעלאַן.

גערסאַן איז אויך געווען אינדערהיים. באַגעגנט אים, ווי געוויינ־לעך, מיט דער פֿראַגע:

— אַ, ראָש, געמאַכט עפּעס גוטע געשעפֿטן היינט?

און באַראַש האָט אים געענטפֿערט:

— געענוג צו דערהאַלטן זיך. איך דאַרף ניט מער, וויפֿל איך דאַרף.

— וואָס טראָגט איר עפּעס דאָרט, די ביכער אפֿשר?

— דאָס האָב איך געפֿונען די ביכער פֿון דעם שרייבער באַראַש, וועגן וועלכע מיר האָבן אַמאָל גערעדט.

— יידישע ביכער . . . אַנו, לאָמיר טאַקע אַ קוק טאָן.

באַראַש האָט אים געגעבן די ביכער און גערסאַן האָט אָנגעטאָן די ברילן און גענומען אַריינקוקן אין זיי.

— אָ . . . באַראַש . . . באַראַש . . . איך בין זיכער, אַז איך האָב אַמאָל געהערט אָדער געליינעט זיין נאָמען.

סטעלאַ האָט זיך ניט אינטערעסירט אַ קוק צו טאָן אויף די ביכער. זי האָט געבייט און איז געווען פֿאַרטאָן אין דער אַרבעט; דער בליק אי־רער האָט זיך אָבער יעדע רגע אָוועקגעגנבעט צו באַראַשן . . .

— קומט, לאָמיר גיין זען אַ מואַווי, סטעלאַ, איר ווילט? — האָט באַראַש פּלוצים, אומדערוואַרטעט פֿאַר זיך אַליין, אַ פֿרעג געטאָן.

סטעלאַ האָט אַ קוק געטאָן אויף אים אַ פֿאַרוואונדערטע און אין אירע אויגן האָט זיך אָנגעצונדן אַ פֿרייד.

— פּאַ, וועסט גיין? — האָט זי אַ פֿרעג געטאָן.

— ניין — האָט זיך גערסאַן געמאַכט באַקוועם אין זיין שטול. — איך וועל אַריינקוקן אין די ביכער און איר, יונגוואַרג, גייט זיך געזונטערהייד.

סטעלא האָט געגומען אָנטאָן זיך און אינגיכן זענען זיי שוין גע־געגאַנגען אויף דעם וועג צו דעם מאָווי־טעאַטער.

עס איז געגאַנגען אַ בילד, באַזירט אויף די גרויזאַמקייטן פון נאַ־ציזם. און דער שוידער פון אייניקע מאָמענטן אין בילד האָט זיך אי־בערגעגעבן צו סטעלאן און ווי אַ דערשראָקן קינד האָט זי זיך געטוליעט צו באַראַשן און געזוכט זיין אָרעם מיט קאָנוואולסיווע פינגער. און, דערפילנדיק איר ציטער, איר נאָענטקייט און דעם גערוך פון אירע האָר, האָט ער זיך געלאָזט פאַרטראָגן ווערן פון דער נאָענטקייט.

געטראַכט האָט ער אָבער וועגן גערסאַנען. געזען אים אין געדאַנק זיצן אין ווייכן־שטול מיט זיין בוך אויף די קני און לייענען. באַראַשן האָט זיך אין געדאַנק געוואָלט לייענען גערסאַנס געדאַנקען וועגן דעם געלייענטן, דאָס בילד אָבער און סטעלא באַ דער זייט האָבן געפּאָדערט זייער חלק אין זיין מח און אין זיין האַרץ און די שטונדן זענען אַזוי אַוועק שוועבנדע און אָנגערעגטע פון דעם בילד און פון סטעלאָס נאָענטקייט.

זיי זענען אַהיים געקומען שפּעט און גערסאַן איז שוין געשלאָפן. זיי זיינען געשטאַנען באַ דער טיר, גערעדט שטיל און האָבן ביידע גע־ציטערט. און באַראַש האָט ניט געוואוסט, צי ציטערט ער פון קעלט צי פון דער נערוועזיטעט, וואָס האָט אים אין דערדאַזיקער נאַכט געהאַלטן.

ער האָט צוגעטראָגן סטעלאָס קאַלטע הענט צו זיינע ליפּן, געוואַ־רעמט אירע פינגער און געקוקט אויף איר, פילנדיק ווי עס רייסט זיך עפּעס אין אים פאַרוואַנדלט צו ווערן אין ווערטער, גוטע, נאָענטע ווער־טער . . . אָבער געזאָגט האָט ער ענדלעך:

— איך וועל שוין גיין, סטעלא.

זי האָט אַ שמייכל געטאָן, אַ פיר געטאָן מיט די שפּיץ פינגער אי־בער זיין פּנים און אַ שוויגנדע פאַרמאַכט די טיר.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

אַ פּאָר נעכט איז באַראַש ניט געקומען צו סטעלאן. ער האָט גע־טראַכט וועגן זיינע ביכער, וואָס ליגן באַ גערסאַנען און פאַרגעשטעלט זיך, ווי זי גייט צו צו זיי, רירט זיי אָן, עפנט זיי אויף און נעמט לייענען.

און ווען ער איז געקומען דעם דריטן טאָג אין אָוונט און ער האָט ניט דערזען די ביכער זיינע אויף דעם טישל, האָט עפּעס אַ באַליידיקונג אַ גריזע געטאָן: נו, וואָס דען, וואָס האָט זיך דיר, נאַר, פאַרגלוסט צו ברענגען די ביכער דיינע, יידישע ביכער, נעבעך, צו זיי . . . ווער לייענט יידישע ביכער? און ווער קאָן איצט, אין אַלגעמיין, לייענען בי־כער? ווייסטו דען ניט ווי עס בלוטיקט יעדער אבר פון לעבן, הער־

סטו דען ניט דעם גע־יאָמער פון צעריסענע און פאַרבערענטע? זאָל מען איצט לייענען דיינע ביכער . . . לייענסטו ?! לייענסטו ?! לייענסטו ?!

גערסאָן איז געזעסן אין שטול און געדרעמלט. אויפגעמאַכט אויף אַ מינוט אַן אויג און ווידער פאַרמאַכט. סטעלאַ איז געווען אין אַ מאָדנער שטימונג. ניט געקוקט אויף אים און ניט גערעדט קיין סך. ער האָט געזען ווי אין איר האַלדז פולסירט אַן אָדערל. אויף דעם טישל איז געלעגן אַ פאַרוועלקטע בלום, פון די בלומען, וואָס ער האָט נאָך פורים געבראַכט, און ער האָט געוואָלט וויסן און פאַרשטיין צוליב וואָס זי האָט אַוועקגעלייגט נעבן זיך די פאַרוועלקטע בלום. איז דאָס אַן אָנדייטונג אויף עפּעס? איז דאָס אַנטוישונג? איז דאָס דערפאַר, ווייל ער איז ניט געקומען צוויי אָוונטן און מיט דער רויז ווייל זי אים לאָזן וויסן, אַז זי האָט געטראַכט וועגן אים?

— אויף דעם פענצטער ליגן אייערע צייטונגען — האָט זי געזאָגט. — איר האָט צוויי טעג פאַרפעלט צו קומען נאָך זיי.

— צו קומען נאָך זיי . . . — האָט ער אין זיך שטיל ווידערהאָלט און געזאָגט — איך קום ניט צוליב די צייטונגען.

— ניין?

ער האָט ניט געענטפערט. אויפגעהויבן זיך, צוגעגאַנגען צום פענצטער, צוגעדריקט דעם שטערן צום קאַלטן גלאָז. און ניו־יאָרק האָט פלוצים ווי אויף אַן עקראַן אַ שוועב געטאָן פאַר זיינע אויגן. די פינפטע עוועניו . . . די צווייטע עוועניו . . . טיימס סקווער . . . איסט בראָדוויי . . . . זיין הויז . . . . דער פּאַרק . . . . . אַדאַ . . . . אַדאַ . . . . וואָטשקאַ . . . . און ער — דאָ . . . . דאָ . . . . אין קליינעם צימערל, אין קליינעם שטעטל . . . . וואָס טוט ער דאָ? וואָס טוט ער דאָ? ווייל ער זיין דאָ? דאַרף ער זיין דאָ?

אויסגעדרייט זיך צו סטעלאַן, אַ קוק געטאָן אויף איר און דערזען אין אירע אויגן פאַרוואונדערונג און שרעק, דערזען ווי אירע אָפענע ליפּן האָבן, ווי אַן אָפענע בלום, געציטערט ווי אין געוויין.

— איר וועט מיר אַנטשולדיקן — האָט ער אַ זאָג געטאָן. — אַ מאָדנע שטימונג האָט מיך אַרומגעכאַפּט און ס׳איז אפשר בעסער, אַז איך זאָל איצט אַהיימגיין.

ער האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין מאַנטל און הוט, אַ קוק געטאָן אויף סטעלאַן מיט אַ פּוסטן, גאָרניט־זאָגנדיקן בליק און איז אַרויס.

עס האָט גערעגנט און געשנייעט אין דער׳זעלבער צייט און עס האָט געבלאָזן אַ ווינט. ער איז געגאַנגען שנעל און געפּילט, פּונקט ווי ער פלעגט פילן דאָרט אין ניו־יאָרק, אין ענלעכע אָוונטן, ווען ער פלעגט אַרויס פון הויז אַ ברוגזער און צערודערטער נאָך אַ קריגערייי מיט

אַדאַן, און פלעגט זיך לאָזן גיין איבער די סטעזשקעס פון פּאַרק . . . גיין, גיין . . . אָן אַ ציל, אָן ווילן און אָן כּח . . .

ער האָט דערזען, אַז ער שטייט באַם בריק און דערהערט דער צוג קומט אָן. דאָס פּייפערײַ פון לאָקאָמאָטיוו האָט געריפן און געוואָרנט און אין האַרצן האָט עפּעס גענאָגט . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

עס זענען אַוועק נאָך עטלעכע טעג און באַראַשעס שטימונג האָט זיך ווייניק געביטן. דער פּאַרדרוס אויף זיך אַליין פּאַרוואָס ער איז אַוועק אַזוי פּלוצימדיק פון סטעלאַן, האָט געשטיגן. ער האָט זיך גע־מוסרט פאַר זיין אומקאָנטראָלירבאַרער, אימפּולסיווער האַנדלונג און עפּעס אין אים האָט געטריבן צו גיין צו איר און באַרואיקן זי. ער איז אָבער ניט געגאַנגען. געאַרבעט אַ בייזער און אַ צערודערטער און צו־געהערט זיך צום ציבישן געלעכטער אין זיך, צו די געדאַנקען, וואָס האָבן געערעדט און אויסגעלאַכט דעם צעטרוי צו אַ פרוי. איר פראַזע: אויף דעם פענצטער ליגן אייערע ציייטונגען, איר האָט צוויי טעג פאַרפעלט צו קומען נאָך זיי . . . נאָך זיי . . . — אַ ספּעציפיש־פרויענשע אָנצו־הערעניש.

ער האָט גענומען פּסיכאָאַנאַליזירן אירע האַנדלונגען, איר לעבן, אירע שטימונגען און ווערטער אויף דעם פאָן פון שטעטלשער אַטמאָספערע, און אַ רחמנות־געפיל האָט גענומען לייגן זיך באַ די פיס און געבעטן זיך: קום, קום צו איר . . . נאָך אַלעמען איז זי, דאַכט זיך, פּונקט אַזוי עלנט ווי דו און גליק ליגט דאַכט זיך באַ איר שוועל, און זי קאָן זיך ניט אָנבייגן און אויפהייבן עס — קום . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

עס איז געווען די ערשטע נאַכט פון פּסח. פון די בערג האָט גע־בלאָזן אַ וואַרעם ווינטל. באַראַש האָט געשפּאַנט אָן זיין הוט. אונטערן אָרעם האָט ער געטראָגן אַ שאַכטל קאָנפעקטן און בלומען.

אַריינקומענדיק אין הויז, האָבן זיינע פינגער פאַרקעמט און פאַר־גלעט די האָר און מיט די האָר אויך די געדאַנקען. ס׳איז שטיל אין צימערל — ווי שטענדיק. געראַסאַן שמייכלט. סטעלאַ שמייכלט אויך.

— אַ גוטן יום־טוב.

— אַ גוטן יום־טוב! — האָבן ביידע געענטפערט.

סטעלאַ האָט צוגענומען פון אים די בלומען און באַהאַלטן איר פּנים צווישן זיי, בלויז די שמייכלענדיקע אויגן האָבן אַרויסגעקוקט מיט דאַנק־באַרקייט. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ווייסן קלייד, מיט אַ שנירל

בלויע קאַרעלן אויפן האַלדז. דער טיש איז געווען פאַרדעקט מיט אַ ווייסן טישטוך און אַ פלאַש ווייַן מיט דריי באָקאַלן, און פרוכטן — עפּל, באַנאַנעס, ווייַנטרויבן און מאַראַנצן — האָבן געפּאַנגען דאָס אויג מיט פאַרבן. „עס פעלן בלויז אָנגעצונדענע ליכט" — האָט באַראַש אַ טראַכט געטאָן.

זיי זענען געזעסן און האָבן געטרונקען ווייַן און באַראַש האָט דער־ציילט אַ פּאָר וויצן. סטעלאַס אויגן זענען געוואָרן בלויער און די צעפּ איבער איר ברוסט האָבן געצויגן געלאַשטשעט צו ווערן.

— אויב מיר זאָגן ניט די אגדה — האָט זיך גערסאָן אָנגערופן

— האָבן מיר אָבער דערפאַר יידישע ביכער און אין איינעם פון די ביכער וואָס איר האָט מיר געגעבן, ראַש, איז דאָ אַ מעשהלע, וועלכעס סטעלאַ וואָלט אויך געמעגט הערן. נאָך אַלעמען, זייענדיק דאָ באַ זיך אין דער היים, אַזוי צו זאָגן, און באַ זיך אין לאַנד, אַז מ׳וויל גלייבן, דאַכט זיך מיר, אַז מיר זענען דאָך ניט מער ווי געסט דאָ אין שטעטל און דאָ אין אַמעריקע. אפשר, ווען איך וואָלט דאָ געבוירן געוואָרן, וואָלט איך געפילט מיטן גאַנצן האַרצן, אַז דאָס איז מיין היים. ווייל . . . אונדזער אמתע היים איז ערגעץ אין אונדזער פאַנטאַזיע . . . מיר ווייסן אַליין ניט וואו. מיר מיינען — פּאַלעסטינע, אָבער ווי אַזוי, וואָס, ווען . . . יאָ, איך זאָג דאָס צוליב דעם, כדי אַרויסצוברענגען וואָס איך פיל. און איך פיל, אַז איך דאַרף זיך באַהעפטן מיט מיין פאָלק, וואָס איז צעוואָרפן איבער אַלע ווינקעלעך פון דער ערד. איז ווי אַזוי קאָן איך זיך באַהעפטן, אַז קיין טראַדיציאָנעלע צערעמאָניעס פראַווע איך ניט? איז דער ענט־פער: דורך געדאַנק און דורך וואָרט, דורך דעם אייגענעם יידישן וואָרט. אָט דאָ האָבן מיר דעם שרייבער באַראַשעס ביכער און, אויב איר ווילט, ראַש, לייענט פאַר אונדז איבער דאָס מעשהלע „פרידן אויף דער ערד".

— מיט פאַרגעניגן . . . — האָט זיך באַראַש דערפרייט.

ער האָט געעפנט דאָס בוך, אָפּגעזוכט דאָס מעשהלע, געשוויגן אַ ווײַלע און אָנגעהויבן לייענען. געלייענט דאָס מעשהלע, וואָס האָט אין מאָנאָטאָנעם ריטם פון אַ שטילן ניגון געפירט פון אומעטום . . . צו אַ הויכן באַרג . . .

הויך איז דער באַרג און בלוי איז די נאַכט איבער אים . . . און אויף דעם שפּיץ פון דעם באַרג, אויף דעם סאַמע שפּיץ ליגט אַ מענטש, אַ נאַקעטער מענטש — אַ גוסס . . . ער ליגט מיט אָפענע אויגן און קוקט אין דער אומענדלעכקייט אַרייַן . . . קוקט און זעט ניט גאָרניט. דער לבנה־האָרן, ווי די צורה פון אַ טריוול, קוקט אַראָפּ און לאַכט — לאַכט געל . . . קאַלט . . . און שטום . . . פון ווייטער ווייטקייט דערטראָגן זיך תקיעות פון אַ שופר . . . און פון אַלע זייטן . . . פון

די בערג און טאָלן, פון די וועגן און שליאַכן, פון אונטער דער ערד און פון איבער די כמאַרעס קומען אָן נשמות ווי גייסטער . . . און יעדע נשמה טראָגט אין די הענט אַ האַרץ, און אין יעדן האַרץ זידט בלוט . . . און יעדער גייסט לייגט צו דאָס האַרץ צו דער ברוסט און קוקט אַרויף . . . און וואַרט . . . און וואַרט אויף אַ וואָרט, אויף אַ צייכן. און די תקיעות פון שופר שאַלן העכער און שטאַרקער און די תרועות און די שברים מישן זיך אויס מיט אַ שטורעם פון זיפצן און פון יללות . . . און יעדער גייסט, מיטן האַרץ באַ דער ברוסט וויגט זיך און קרעכצט ווי אַ בוים אין אַ שטורעמדיקער נאַכט . . . און דאָס בלוט אין די הער־צער זידט . . . זידט . . . און מיטאַמאָל דערהערט זיך פון ערגעץ אַ בת־קול . . . און דאָס בת־קול איז אַ שטים אָן אַ וואָרט. אָבער עס שטילט זיך איין דער שטורעם פון זיפצן און עס הערט אויף צו זידן דאָס בלוט אין די הערצער . . . און די נשמות־גייסטער קוקן אַרויף מיט בלינדע, גראַניט זעענדיקע אויגן און זיי וואַרטן, וואַרטן אויף דעם וואָרט . . . און ווען דער מענטש, דער ווייסער נאַקעטער מענטש אויף דעם שפּיץ פון באַרג, דער איינאונאיינציקער מענטש פון פלייש און בלוט, דער לעצטער פאַרבליבענער מענטש, דער גוס . . . הויכט אויס זיין לעצטן אָטעם, דערהערן אַלע נשמות אין זיך דאָס וואָרט, דאָס געגאַרטע וואָרט: שלום . . .

שלום . . . שלום . . . שלום . . . צעטראָגט זיך ווי מיטן ווינט אַ פליסטער . . . שלום . . . ס'איז שלום אויף דער וועלט . . . ס'איז שטיל . . . ס'איז נאַכט . . . און נאָר דער לבנה־האָרן מיט דער צורה פון אַ טייוול לאַכט דעם אייביקן געלן, קאַלטן געלעכטער . . .

באַראַש האָט פאַרמאַכט דאָס בוך און אַ קוק געטאָן אויף סטעלאַן . . .

— נו, איז ער דען ניט גערעכט, דער שרייבער? — האָט גערסאָן אַ זאָג געטאָן. — אפשר וועט דער געגאַרטער שלום אויף דער ערד קומען טאַקע בלויז מיט דעם לעצטן אָטעם פון דעם לעצטן מענטשן. ווייל אַט . . . ניט פסח און ניט קריסטמעס, און ניט די פראַנצויזישע, און ניט די רוסישע רעוואָלוציעס און קיינע רעוואָלוציעס און רעליגיעס האָבן נאָך ניט געבראַכט די אמתע באַפרייאונג און שלום . . . אמת, ס'ווערט קאַלעמוטנע אויף דער נשמה פון אַזאַ מין שלום, ווי דער שריי־בער מאָלט עס, עס איז אָבער טויזנט מאָל בעסער, ווי די שוידערלעכע מלחמות געפירט פון דעם בעסטיאַלן מענטשן.

— עס איז אָבער רעזיגנאַציע און צווייפל אין מענטשלעכן זיג . . . — האָט זיך סטעלאַ אָנגערופן — וואָלט עס דער שרייבער גע־שריבן ווי אַ סאַטירע, וואָלט איך זיך פאַרשעמט פאַר דעם מענטשן און

פּאַר דעם לעבן. אַז ער האָט עס אָבער געשריבן אין דעם טאָן פון טרויער, ווערט מיר טאַקע טרויעריק פון דעם שרייבערס וויזיעס און . . . עס ווילט זיך ניט גלייבן אין דעם.

— דו מוזט ניט גלייבן אין דעם — האָט איר גערסאָן געענטפערט. — און איך ווייס ניט צי דער שרייבער וויל, אַז מיר זאָלן גלייבן אין דעם. וואָס ער וויל איז, אַז מיר זאָלן טאַקע ווערן טרויעריק פון דעם בילד און אַז מיר זאָלן זיך טאַקע פאַרשעמען פאַר אונדזער לעבן און פאַר אונדזער וועלט. וואָס זאָגט איר, באַראַש?

— אין אַ געוויסן זין איז סטעלאַ גערעכט, אָבער . . . מיר דאַכט זיך, אַז דער שרייבער האָט אין דער סאַטירישער פּאָעמע אינזינען געהאַט די בילדערישקייט און דעם געדאַנק מער ווי דעם ציל . . .

— און ווייסט איר, ראַש . . . היינט איז שוין פיר וואָכן נאָך פּורים . . . — האָט סטעלאַ קוים אַ וואונק געטאָן מיטן אויג צו באַראַשן.

— וואָס מיינסטו, טאָכטער? — האָט זיך גערסאָן פאַרוואונדערט.

— זי מיינט — האָט זיך באַראַש צעלאַכט — אַז ס'איז שוין פיר וואָכן פון זינט איך האָב זיך געקליבן פאַרצולייענען פאַר איר אַ פּאָעמע און איך האָב זי נאָך ביז היינט ניט פאַרגעלייענט. אָבער . . . אויב איר קאָנט זיך אָננעמען מיט געדולד, האָב איך זי דאָ מיט זיך און איך וועל זי פאַרלייענען.

— וואָס פאַר אַ געדולד! ווער מיר געדולד! — האָט גערסאָן אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — היינט איז פּסח בּאַ אונדז און דאָס יידישע וואָרט איז אונדזער אגדה . . . לייענט, איך האָב געדולד ביז אינדערפרי.

באַראַש האָט אַרויסגענומען פון דער קעשענע די פּאָעמע און גענומען לייענען. און לייענענדיק האָט ער געפילט, אַז ער ציטערט מיט יעדן אבר. ער האָט ניט געקאָנט פאַרגעסן, אַז ער איז ניט ראַש, נאָר באַראַש, דער שרייבער באַראַש, וואָס האָט היינטער זיך אַזוי פיל טעג און יאָרן פון שאַפונג — ער האָט זיך אָבער איינגיכן באַהערשט און די פּאָעמע האָט גענומען טראָגן אים און סטעלאַן און גערסאָנען צו סימבאָלישע אימאַזשן, וואָס האָבן געטראָגן מיט זיך אַן אידייע, ווי אין ריטם פון מעלאַנכאָלישער מוזיק . . .

ווען ער האָט פאַרענדיקט, האָט סטעלאַ מיט אַ בליק אין וועלכן עס איז געלעגן נאָענטע פאַרשטענדעניש, אַ זאָג געטאָן:

— ס'איז וואונדערבאַר, ראַש . . . ס'איז וואונדערבאַר . . .

— אַ פיינע זאַך, אַ פיינע . . . — האָט אויך גערסאָן געשמייכלט.

— עס גלייבט זיך ניט אפילו, אַז דאָס האָט געשריבן אַן אַמאַטאָר — האָט סטעלא געזאָגט. . . .

— איר צווייפלט, צי איך . . .

— אָ, ניין . . . אָ, ניין . . . — האָט זי אים באַרואיקט — איך דערשפּיר אָבער גלייך די קונסט פון אַ שאַפער . . . און די שפּראַך, די טעכניק . . . איר זענט אַן צווייפל אַ קינסטלער.

— געפעלט עס אייך ?

— עס וועט קלינגען פּאַראַדאָקסאַל, ווען איך וועל אייך זאָגן, אַז איך האָב די פּאָעמע אייערע . . . ניט אינגאַנצן פאַרשטאַנען.

— ניט פאַרשטאַנען ?

—ניין, ניט פאַרשטאַנען און דאָך באַווירקט געוואָרן פון עפּעס. איך ווייס ניט צי דאָס איז פון די בילדער, צי פון אייער לייענען . . . מיט מוזיק פּאַסירט דאָס נאָך אָפטער. מ׳קאָן הערן סטראַווינסקיס אַ קאָמפּאָזיציע און וואונדערן זיך, און ניט פאַרשטיין וואו עס ליגט די מעלאָדיע און דער זין אין דעם כמעט ווילדן ריטם פון עקזאָטישע און, ווי עס ווייזט זיך אויס, דיסהאַרמאַנישע טענער — און דאָך, הערנדיק זי, פילט איר ווי עפּעס אַ קראַפט האַלט אייך ווי געפאַנגען . . . ווי קאָן מען דאָס באַגרייפן און פאַרשטיין ?

— איך בין איינפאַרשטאַנען מיט אייך, סטעלא — האָט איר באַראַש געענטפערט — איך אַליין האָב עס אָפט דורכגעפילט, הערנדיק און לייענענדיק די פּאָעזיע פון אייניקע מאָדערנע דיכטער. ס׳איז אודאי בעסער ווען מ׳פאַרשטייט די מוזיק, אָדער די פּאָעמע, אָבער אויב זיי האָבן אָנגעוויזט אימאָזשן און עמאָציעס בלויז מיט דער קונסט פון זייער שאַפן, מיט דער שענקייט פון וואָרט, אָדער פון ריטם, אויב זיי האָבן גע־קאָנט פאַרוואַנדלען אַ פאַנטאַזיע אין אַ רעאַלער דערהייבנקייט פון שטי־מונג און פון גייסט — איז דאָס גענוג.

— און וועט איר מיר דערלויבן צו מאַכן נאָך אַ באַמערקונג, ראָש ?

— געוויס . . .

— הערנדיק לייענען אייער פּאָעמע, האָב איך געטראַכט, אַז איר זענט זייער באַאיינפלוסט פון דעם שרייבער באַראַש. דענקט איר ניט, אַז אייער פּאָעמע איז אַביסל ענלעך מיט די שטימונגען און מיט די ביל־דער צו דער פּאָעמע, וואָס איר האָט פריער געלייענט פון בוך ?

— פאַר אַזאַ באַמערקונג באַליידיקן זיך אָפט שרייבער — האָט זיך באַראַש צעשמייכלט — איך מוז אָבער צוגעבן: איך בין זייער און זייער באַאיינפלוסט פון באַראַשן און פון זיין שרייבן.

— עס שאַדט ניט — האָט זיך גערסאָן אָנגערופן. — ער איז אַ גוטער שרייבער, באַראַש.

שפּעטער אין אָוונט האָט סטעלאַ געשפּילט אויף דער פּיאַנאָ און באַראַש איז געזעסן מיט אַ געמישט געפיל פון טרויער און צופרידנ־קייט. דאָס וואָרט זיינס האָט פּאָרט אָנגערירט מיט אומזעבאַרע פינגער די קלאַווישן אין צווייי מענטשלעכע הערצער . . . אָבער דער טרויער . . . פאַרוואָס דער טרויער . . .

סטעלאַ האָט געשפּילט אַן אויסצוג פון „קאַפּריטשיאָ איספּאַניאָלאַ" און אין באַראַשעס מח האָבן זיך געצויגן די ווערטער:

„. . . אין שפּאַניע, אויף די פעלדער צווישן טאָלעדאָ און אַלקאַזאַר, ליגט מיט אַ צעשאָסענער ברוסט דער יונגער אידעאַליסט און קעמפער, מיכל באַראַש . . ."

גערסאָן האָט זיך אויפגעהויבן, צוגעגאַנגען צו אַשופלאַד, אַרויס־גענומען אַ ליולקע און צוגעטראָגן זי צו באַראַשן.

— איר זעט, ראַש — האָט ער געזאָגט — אָט דידאָזיקע ליולקע האָט נאָך געריכערט מיין זיידע, און דערנאָך מיין טאַטע און איצט רויכער איך זי בלויז אין אַזעלכע יום־טובדיקע אָוונטן. מיין געזונט דער־לויבט מיר ניט צו רויכערן אַסך, אָבער איינמאָל אין אַ יום־טוב פאַר־רויכער איך זי. און פאַרוואָס, מיינט איר, פאַררויכער איך זי? צוליב דעם רויכערן אַליין? ניין. ס'איז צוליב דעם שטיקל טראַדיציע, וואָס די ליולקע טראָגט מיט זיך. מיר דאַכט זיך, אַז דורך איר האַלט איך אויף אָט די רינגעלעך אין דער קייט, וואָס פאַראייניקן איין דור מיטן צווייטן. איך האַלט שוין באַלד באַם אַוועקגיין אין דער אייביקייט, וואָרן וויפל לעבט היינט אַ מענטש? זעכציק, עטלעכע און זעכציק. גיי איך אַוועק — בלייבט די ליולקע אַליין. ווער ווייסט צי עמיצער וועט נאָך רויכערן פון איר. מיין טאַטע האָט זי מיר אַוועקגעגעבן מיט זיינע אייגענע הענט און איך . . . איך האָב ניט וועמען איבערצוגעבן זי. דעם פאַרשטאָרבענעם איידעם מיינעם, דעם דייטש, האָב איך ניט געוואָלט און ניט געקאָנט איבערגעבן דעם סימבאָל פון גוטן ווילן, ווי מ'זאָגט דאָ אין אַמעריקע, פון דעם גומן ווילן, וואָס גייט פון מויל צו מויל אין אונ־דזער משפּחה. נו . . . וואָס זאָגט איר אויף דער ליולקע? טוט אַ קוק אויף איר . . . — האָט ער אויסגעשטרעקט די ליולקע צו באַראַשן.

באַראַש האָט גענומען די ליולקע, באַטראַכט זי פון אַלע זייטן און געטראַכט, אַז באַ אַנדערע אומשטענדן, וואָלט ער געזאָגט: גיט זי מיר, אויב איר דענקט, אַז איך בין זי ווערט.

גערסאָן האָט דערווייל אָנגעצונדן אַ שוועבעלע, צוגעטראָגן צו דער ליולקע און געזאָגט:

— פֿאַררויכערט . . . איך וועט פּאַסן צו רויכערן אַ ליולקע, איבערהויפּט אַזאַ גוטע, איינגעבּרענטע, איינגערויכערטע יידישע ליולקע.

באַראַש האָט פֿאַרצויגן דעם טאַבּאַק און געלאָזט אַ וואָלקן רויך פֿון מויל. און דער גערוך פֿון דער ליולקע, און דער רויך אין צימערל, און די מעלאָדיע, וואָס סטעלא האָט געשפּילט, און גערסאַנס שמייכ־לענדיקע, קלוגע און דאָס מאָל ווי מיט טרויער פֿאַרוואָלקנטע אויגן, און זיין אייגענער קאָפּ מיט די לאַנגע האָר, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין שפּיגל אַנטקעגן — דאָס אַלץ האָט געשפּרייט אַ נעפּל פֿון שטימונג און די פֿאַרזיכטיקייט פֿאַר וואָרט און טאַט איז צעשוואומען ווי דער רויך. די עסענץ פֿון לעבן האָט זיך קאָנצענטרירט אין דער אייגציקער מינוט און גערסאַנס ווערטער זענען געקומען ווי געוואונטשענע, ווי דערוואַרטעטע:

— איך גיב זי איך, ראַש. רויכערט זי אַזוי לאַנג ווי איר ווילט און אַז איר וועט מיד ווערן, לאָזט זי איבער אָט אַזוי אַ ליידיקע אויפֿן טיש און איך וועל פֿאַרשטיין . . .

באַראַש האָט גאָרניט געענטפֿערט. געצויגן די ליולקע, געלאָזט וואָלקנס רויך, געקוקט אויף דעם טאַבּאַק, ווי ער צינדט זיך ווי אַ רוי־טער, ברענענדיקער רובין צווישן גרויען אַש און געפֿילט די וואַרעמקייט פֿון פֿאַלירטן ווייִנשל־האָלץ אין זיין ציטערדיקער האַנט.

און שוין שפּעט באַנאַכט, ווען ער איז אַהיימגעקומען, האָט ער זי אַרויסגענומען פֿון דער קעשענע, געקוקט אויף איר און גערעדט צו איר: בלויז אַן אויסגערויכערטע ליולקע ביזטו און אַזויפֿיל אינהאַלט און אַזוי פֿיל גלויבן ליגט אין דיר . . . וואָס איז שוין דער וואונדער, וואָס אַ ספֿר טראָגט אין זיך אַזאַ כּח, אַזאַ אומשטערבּלעכן כּח! . . .

אין דערזעלבער נאַכט האָט ער פֿאַרשריבּן:

„ . . . יעדער שרייבער טרוימט אַרומצונעמען די וועלט מיט וואָלקנס פֿון זיין פֿאַנטאַזיע און מיט אַ נעץ פֿון זיינע געדאַנקען און אײ־דייען . איך, ווי אַלע, האָב אויך געטרוימט וועגן דעם. איך האָב עס ניט דערגרייכט . . . מאַכט עס מיך אומגליקלעך? ניין. ווען איך קוק אויף די שטערן אין דעם ענדלאָזן באַנאַכטיקן הימל און ווען איך זע די שטורעמדיקע טיפֿקייטן פֿון אָקעאַן, דערפֿיל איך אַזוי קלאָר ווי מיקראָ־סקאָפּיש־אומבאַמערקבּאַר איך בין; און איך טראַכט: ווי ווייט דער געניאַלסטער פֿון אונדז זאָל ניט באַלויכטן מיט זיין וואָרט אונדזער וועג אין די שטורעמס, איז ער אויך ווי איך, אַ מילב, אין דער אַנוועזנהייט פֿון דעם אייביקן און אומפֿאַרשטענדלעכן. די גרענעצן זיינע זענען באַ־גרענעצט מיט די ווערטער זיינע, און די ווערטער זיינע, און די געדאַנקען זיינע זענען ווידער און ווידער אַמאָל בלויז אומענדלעכע וואַריאַציעס אין דער אייביקער אַקסיאָמאַלער מענטשלעכער באַגרענעצטקייט. יאָ, עס

איז אַזוי, ווען איך נעם דעם אוניווערס אַלס מאָס אין מיינע קליינע מענטשלעכע הענט. ווען איך נעם אָבער מעסטן דאָס וואָרט מיט דער מאָס פון מיין אייגענעם „איך", מיט דער מאָס פון אַ מענטשן, זע איך, אַז אפילו אַ קליין ליכטל, וואָס באַלייכט אַ קליין אָרעם ווינקל פון אַ שטיבעלע און וואָס ברענגט אַריין אַ שטראַל ליכט אין דער פינצטערניש, איז רעלאַטיוו פונקט אַזוי וויכטיק ווי דער גרויסער פּראָזשעקטאָר פון גיגאַנטישן ליכט־טורעם; היינט האָב איך דערפילט, אַז לייענענדיק בלויז פאַר איינעם, אָדער צוויי מענטשן אין דער גאַנצער וועלט, האָב איך געטראָגן אין זיך דעמזעלבן ציטער און דיזעלבע אחריות, און דעמזעלבן כח פון וואָרט, ווי ווען איך וואָלט געלייענט פאַר טויזנטער. איך האָב דערפילט, אַז אפילו אין דעם פאַרוואָרפנסטן ווינקל קלאַפּט אין דעם מענטשן דער פולס פון דער גאַנצער וועלט און רעדנדיק, און זינגענדיק צו איינעם, רעד איך און זינג צו דער וועלט . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

מאָנטיק, אין דעם טאָג נאָכן קריסטלעכן פּסח, ווען באַראַש איז אַרויסגעקומען צו דער בריק מאָלן, האָט ער דערזען אַרום זיך עטלעכע יינגלעך, וואָס האָבן געקוקט אויף אים מיט מאָדנע, פאָרשנדע בליקן. ענדלעך האָט זיך איינער פון זיי אנגענומען, ווייזט אויס, מיט מוט און האָט אַ פרעג געטאָן באַראַשן צי ער איז אַ ייד. באַראַש האָט זיך פאַרוואונדערט פון דער פלוצימדיקער פראַגע, ער האָט זיי אָבער געענטפערט, אַז יאָ, ער איז אַ ייד. די יינגלעך זענען געשטאַנען נאָך אַ ווײַלע, באַטראַכטנדיק אים, גלייך ווי זיי וואָלטן אים צום ערשטן מאָל דערזען, און מיטאַמאָל זענען זיי אַוועק אַלע צוזאַמען מיט חוזק־בליקן אין זייערע יינגלשע אויגעלעך. דאָס האָט באַראַשן מאָדנע באַאומרואיקט. מעגלעך — האָט ער געטראַכט — אַז די יינגלעך האָבן געהערט, ווי זייערע עלטערן האָבן גערעדט וועגן אים, ווי וועגן אַ יידן, זענען די יינגלעך בייגעריק אָנצוקוקן דעם מיסטעריעזן מענטשן און טאַקע אויסגעפינען פון אים אַליין דעם סוד. ער האָט פּרובירט אַרגומענטירן מיט זיך און באַווייזן, אַז, אייגנטלעך, האָט דאָס געקאָנט טרעפן אפילו אין אַ יידישן שטעטל און מיט יידישע יינגלעך. באַטאָג אָבער האָט ער באַמערקט דיזעלבע יינגלעך פונדערווייטנס און אין זייערע בליקן האָט ער שוין דאָס מאָל דערזען פאַראַכטונג. צוערשט ניט דרייסט און הערנאָך דרייסטער, האָבן זיי אָנגעהויבן צו שיסן אויף אים מיט קינדערישע פיילן און מיט שטיינדלעך. האָט ער פּרובירט שמייכלען און כלומרשט גוטמוטיק געדראָעט מיט דער האַנט. אין האַרצן אָבער האָבן געגראַבלט קעץ. וואָס זאָל דאָס הייסן? ווי אַזוי זאָל ער דאָס אויפנעמען, אויב ניט ווי אַנטיסעמיטיזם? זאָל ער

זאָגן, אַז אין שטעטל זענען פאַראַן אַנטיסעמיטן און זיי האָבן אויסגעפונען, אַז ער איז אַ ייד, ווילן זיי אים ניט דאָ? ווייסט ער און ער איז זיכער, אַז אויך דאָ אין ניו־פאָרט זענען פאַראַן אַנטיסעמיטן און ניט נאָר דאָ, נאָר אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון אַמעריקע זענען פאַראַן געגנער יידן־פרעסער, וואָס האָבן אַריבערגעבראַכט די שנאה פון אייראָפּע און האָבן עס דאָ קולטיווירט און איבערגעגעבן עס צו זייערע קינדער און אייניקלעך. ער ווייסט — מעג דאָס זיין דאָס גאָלדענע פרייע לאַנד אַמעריקע — דער ייד טראָגט אָבער דעם אייביקן צייכן, די אייביקע געלע לאַטע, וואָס אפילו די פרייע און פראָגרעסיווע גייסטער פון לאַנד איילן זיך ניט אַראָפּצורייסן עס פון אייביקן וואַנדערער. פאַרקערט: זיי פאָדערן אפילו, אַז דער ייד זאָל זיין און פאַרבלייבן יידיש, טויזנט מאָל יידיש, מיט אַלע עקלהאַפטע כאַראַקטער־שטריכן, וואָס זיי שרייבן אים צו. אָט דידאָזיקע געדאַנקען זענען דורכגעלאָפן אין זיין מח, ער האָט אָבער ווידעראַמאָל פרובירט צו אַרגומענטירן מיט זיך און צו באַווייזן, אַז דאָס איז זיין יידישע סענסיוויטעט, וואָס זעט אַלץ דורך שוואַרצע ברילן.

אין דעם טאָג האָט ער שוין ניט געקאָנט אַרבעטן. ער האָט צונויפגעלייגט דעם מאלבערט און דאָס קעסטל און איז אַהיימגעגאַנגען; און אינדערהיים האָבן זיך געדאַנקען ווידער אָנגערוקט ווי אַ כמאַרע. עס זענען אַרויסגעשוואומען אין זכרון אַנדערע מאָמענטן פון זיין לעבן און ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטאָפן די אויערן און פאַרשטעלן די אויגן צו די פאַקטן, וואָס האָבן ווי גרינער שימל געוואָקסן אַרום אים אין דער ברייטער און גרויסער אַמעריקע. האָט ער פרובירט איינעמען די שטימונג און די געדאַנקען פילאָזאָפיש, פרובירט באַזירן דעם אַנטיסעמיטיזם אויף היסטאָרישע קאָנסעקווענצן, געלאָזט אפילו אַ רעליגיעז־מיסטישן נעפל דורכשווימען אין געדאַנק און האַלב מיט חוזק, האַלב מיט ערנסט פאַרטראַכט זיך וועגן דער משיח־מיסיע, וואָס אייניקע ווילן זען אין דעם דאָרנדיקן וועג פון ישראל. וויפל ווערטער, האָט ער געטראַכט, האָט ער שוין פאַרשווענדט אין די ביכער זיינע און אין דעבאַטן מיט די קאָלעגן צו לייזן די פראַגע פון אַנטיסעמיטיזם; וויפל ביכער האָט ער שוין אַליין געלייענט וועגן דעם — ער איז אָבער קיינמאָל צו קיין לאָגישן שלוס ניט געקומען. דערפאַר אָבער האָבן אָט אַזעלכע אינצידענטן, קליינע און גרויסע, אין אייראָפּע און דאָ, געפירט אים אין לעבן ווי אַ פרעמדן אויף פרעמדע, אומפריינדלעכע וועגן און בלויז אין די אייגענע, אָפּגעצוימטע ווינקלען פון אייגן לעבן האָט ער געוואוסט, אַז ער לעבט זיין לעבן; אין די ווינקלען פון זיין הויז, אין די ווינקלען פון דעם „טעאַליט", אין די ווינקלען פון טעאַטער און איצט אין דעם ווינקל דאָ בײַ אַ סטעלאַן . . . אָבער דאָס לעבן אין די ווינקלען איז געווען ווי

אַ לעבן אין חלום — די אויפוואַכונג אין דער איינזאַמקייט איז געווען ווי אַן אויפגעריסענע וואונד.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

די ליכטיקע טעג האָבן אַ שיין געטאָן מיט האָפענונג, די שאָטנדיקע טעג האָבן אָנגעוואָרפן טרויער און צווייפל. צווייפל אין אמת, וואָס איז געווען אַזוי שווער צו דעפינירן און פאָרמולירן און צווייפל אין אייגענעם איך, וואָס האָט ניט געוואוסט ווי צו באַלאַנסירן די אייגענע טאָטן.

ער פלעגט אָפט שטיין מיט די בערשטלעך אין דער האַנט און טראַכטן; די האַנט האָט זיך ניט געצויגן מער צום לייוונט; די פאַרבן האָבן אויסגעזען פאַלש און דאָס מאָל — פאַרשווערכונג. די זון און די כמאַרעס האָבן געוואָרפן ליכט און שאָטן — אויף דער ערד און בײַ באַראַשן אין האַרצן.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, אין אַ רעגנדיקן אָוונט, איז באַראַש געגאַנגען מיט גערסאַנען צום אַפּטייקער פּאַרקער.

— פאַרוואָס זאָלט איר זיך ניט באַקאָנען מיט אים? — האָט גערסאַן גערעדט — נאָך אַלעמען, ער איז דאָך אַ ייד, אפילו ווען ער האָט ניט ליב, אַז מ׳דערמאָנט אים אָן דעם.

— נו, גיי איך דאָך — האָט באַראַש געענטפערט. — נאָך אַ ייד צו דער עלנטקייט, מאַכט די עלנטקייט גרעסער, ניט אַזוי? — האָט ער זיך צעלאַכט.

— נו . . . עלנטקייט . . . ס׳זאָגט זיך אַזוי. דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך זיך אין ניו־יאָרק געפילט אָפט עלנטער ווי דאָ. כ׳פלעג טאַקע אַרויסגיין אין אָוונט אויף דער צווייטער עוועניו, צי אויף דער פערצנטער, געשטאַנען אַזוי און געקוקט אָן ציל; געשטופּט זיך דערנאָך צווישן אַרבעטער און באַמס און גלאַט לײדיקגייער; און אָט דאָרט, צווישן טומל און הו־האַ, זאָג איך אײַך, האָב איך ערשט געפילט די עלנטקייט . . .

— איך האָב אויך אָפט געפילט אַזוי.

— נו, איך וויל ניט זײַן קיין פּסיכאָלאָג, אָבער מיר דאַכט זיך, אַז אין אייער עלנטקייט זענט איר אַליין שולדיק. איר האָט ליב די עלנטקייט, ווי אַ שיכור האָט ליב דאָס פלעשל.

— אפשר, אפשר . . . — האָט באַראַש געצויגן די ליולקע, גערסאַנס ליולקע. און פלוצים האָט ער, צו גערסאַנס איבעררעאַשונג, אַ זאָג געטאָן: — איר געדענקט, איר האָט מיר געזאָגט, אַז איר וואָלט

געקאָנט רעדן מיט אייער פּאַרמאַן וועגן . . . אַ דזשאָב פאַר מיר? נו, איך דענק איר קאָנט מיט אים רעדן.

— יאָ? אוי, גוט! — האָט זיך גערסאַן דערפרייט. — גוט. ענדלעך, וועט איר ווערן אַ מענטש מיט מענטשן גלייך.

— און אַזוי? — האָט באַראַש געפרעגט מיט אַ שמייכל.— אַזוי בין איך ניט אַ מענטש!

— ניט אַ מענטש? — האָט גערסאַן כמעט אויסגעשריגן. — אודאי זענט איר אַ מענטש! אָבער צופיל מענטש. איר דאַרפט זיין אַביסל מער בשר ודם, ראַש. איר וועט מיר דערלויבן צו זאָגן דעם אמת, וואָס פאַר אַן איינדרוק איר מאַכט אויף מיר? טאַ הערט: איר זענט פון דידאַזיקע מענטשן, וועלכע מ׳באַצייכנט אין לעבן ווי שלים־מזלס. אַלץ, דאַכט זיך, איז בא אייך אין אָרדענונג, אָבער עפּעס איז פאַרט דער מער מיט אייך. איר טראָגט מיט זיך, דאַכט זיך, אַ באַגאַזש מיט אוצרות און דאָך זענט איר אָרעם ווי אַ מויז. און איר לעבט ווי אַ מויז. איר באַהאַלט זיך אין אייער מויז־לאָך און איר ציטערט פאַרן שטייגל עס זאָל אייך ניט אַריינכאַפּן און קאַפּוט. איר קוקט אויס ווי אַ פּראָפעסאָר, ווי אַ קינסטלער, ווי אייגער, וואָס ווייסט אַלע סודות פון לעבן און טויט, אָבער אַז ס׳קומט צום אייגענעם לעבן און צו מאַכן אַ לעבן — זענט איר מחולה . . אָט איך, ווי קום איך צו אייך, איך ווייס עס, אָבער אַ לעבן צו מאַכן בין איך מער בריה ווי איר, אפילו מיט מיינע זעכציק יאָר — ניט אַזוי?

— איך האָב געהערט אַזוי פיל אָפּשאַצונגען וועגן זיך, וועגן מיין כאַראַקטער און וועגן מיינע פייאיקייטן, אַז נאָך איין אָפּשאַצונג שאַדט ניט. איבערהויפּט, ווען די אָפּשאַצונג איז אַן אויפריכטיקע. בלויז אין איין דעטאַל האָט איר ניט געטראָפן. איך פלעג אָפט הערן, אַז איך בין צופיל בשר ודם . . .

— נו, איך מיין אין פּראַקטישן זין דאַרפט איר זיין מער . . . פּראַקטיש. אַלזאָ, מאָרגן רעד איך מיט מיין פאַרמאַן. דערווייל קומט אַריין, וועל איך אייך באַקאַנען מיט דעם אַפּטייקער.

זיי זענען אַריינגעקומען אין דער אַפּטייק און געטראָפן דעם אַפּטייקער אַ פאַרטיפטן אין דער צייטונג.

— האַלאָ, דאָק — האָט גערסאַן אויסגערופן.

האַלאָ, האַלאָ . . . — האָט זיך פאַרקער אויפגעהויבן און אַנטקעגנגעגאַנגען זיי.

— דאָס איז מיסטער ראַש — האָט גערסאַן פאָרגעשטעלט באַראַשן. — אַ מאָלער און מיינער אַ גוטער פריינט.

— אָ, זייער אַנגענעם — האָט פאַרקער אויסגעשטרעקט די האַנט.

— מיסטער גערסאַן רעדט אָפּט וועגן אייך און טאַקע ווי אַ גוטער פריינט. זיצט, זיצט . . . ווי איר זעט, איז בײַ מיר היינט גאַנץ שטיל. ווען ס׳רעגנט איז שטיל . . .

זיי האָבן זיך אַנידערגעזעצט און פּאַרקער האָט גלייך געכאַפּט זיך מכבד זיין זיי מיט אַ טרונק.

— אַ דאַנק, אַ דאַנק . . . — האָבן ביידע, באַראַש און גערסאַן אָפּגעהאַלטן אים — מיר האָבן ערשט געטרונקען.

באַראַש האָט אַרומגעקוקט דאָס אַפּטייקל, די אַלטמאָדישע שאַפעס מיט די פאַרפלעקטע שפּיגלען, די פאַרשטויבטע פלעשלעך מיט אַלערליי טינקטורן און עקסטראַקטן און פּילן, און געטראַכט וועגן פּאַרקערן, וועגן זיינע אויגן, וואָס פאַרראַטן זיין יידישקייט און וועגן זיין מאַסקירטן, געבראָכענעם יידיש, וואָס קלינגט דאָך יידישלעך, מיטן יידישן טראָפּ.

זיי האָבן גערעדט וועגן דער מלחמה, וועגן דער פאַבריק, וועגן די באַזונדערע נאַציאָנאַלע שטריכן פון די אַרבעטער; דערנאָך, אָפּפּטרנדיק אויף גיך אַ פּאָר קונים, האָבן זיי זיך, פּאַרקער און גערסאַן, אַוועקגעזעצט שפּילן שאַך. באַראַש האָט דערווייל אַרומגעקוקט יעדע קלייניקייט אין דער אַפּטייק. אָפּגעשטעלט זיך בײַ אַ שאַפקעלע, אויף וועלכן עס איז געווען אויסגעמאָלן אַ שאַרבן מיטן אויפשריפט „פּויזאָן" — גיפט.

— דאָס איז דעם מלאך המות׳עס דעפּאַרטמענט — האָט זיך פּאַרקער אָנגערופן, באַמערקנדיק באַראַשעס אינטערעס.

— אַ פיינע קאָלעקציע . . . — האָט באַראַש געזאָגט.

— אָ, יאָ . . . — האָט פּאַרקער געפילט ווי צו רעדן, ווען ער האָט געמאַכט אַ געלונגענעם צוג און געצוואונגען גערסאַנען צו פאַרטראַכטן זיך. — איר הערט, מענטשן ווייסן ניט אפילו ווי גוט און באַרמהערציק די גיפטן זענען. מ׳דאַרף אָבער וויסן ווי צו באַגיין זיך מיט זיי. אין קליינער אונטערשייד אין דער דאָזע און פון פאַרלייכטערונג, פון באַרואיקונג און באַרמהערציקייט, ווערט גרויזאַמקייט און טויט.

— אין לעבן איז אויך אַזוי — האָט באַראַש געזאָגט. — מ׳כאַפּט אָפּט איבער די מאָס אין אַסך פאַלן און אומשטענדן אפילו אין די פאַלן פון גוטסקייט.

— עס איז פאַראַן נאָך אַן ערגערע זאַך ווי גוטסקייט — האָט פּאַרקער צוגעגעבן. — איך ווייס פרויען וואָס הרגענען . . . מיט ליבע. אַ קליינע דאָזע — מילא, מ׳קאָן לעבן, אָבער אָפּט האָבן זיי דעם מאַן אַזוי ליב, זענען אים אַזוי געטריי אויף יעדן שריט און טריט, אַז זיי דערגייען אים ממש די יאָרן. זיי נאָגן אויס יעדן טראָפּן מאַרך פון זיינע

ביינער, זיי צאַפּן אויס יעדן טראָפּן בלוט פון זיין האַרץ — מיט ליבע . . . . כאַ . . . .

— דאָס רעדט ער פון אייגענער דערפאַרונג — האָט געדסאַן אַ קיבעץ געטאָן.

— שאַך . . . — האָט פּאַרקער, אַ צעפּלאָמטער, געמאַכט אַ צוג.

— און וועלכער פון די אַלע גיפטן וואָס איר האָט דאָ, איז דער געפערלעכסטער? — האָט באַראַש געפרעגט, באַטראַכטנדיק אַ קליין, רויט פלעשעלע.

— נו, דער געפערלעכסטער, וואָלט איך געזאָגט, אַז דער ציאַנקאַלי. עס איז גענוג אַ שמעק צו טאָן און מ׳איז אויס . . . איך האָב אָבער ניט דעם סם. עס זענען אָבער פאַראַן גוטינקע, ליבע, אָט ווי אַ פרויס ליבע. מאָרפיום, אַ שטייגער, דיאַנין, אָפּיום, פאַנטאָפּאָן — אַלע זענען זיי פון איין משפחה. ווייטער האָבן מיר סטריכנין און קאָראָזיוו סובלימאַט — נו, דאָס זענען פשוט גענגסטערס — — —

— קאָן איך עפענען דאָס שאַכטעלע און אַ קוק טאָן אויף זיי? — האָט באַראַש געפרעגט.

— יע . . . פאַרוואָס ניט . . . אָבער פאָרזיכטיק. קוקט און רירט זיי ניט אָן. אָט, ווי . . . מיט פרויען, אַשטייגער.

באַראַש האָט געעפנט דאָס שאַכטעלע.

— איר האָט זיך אייער אָריגינעלע מיינונג וועגן פרויען, זע איך — האָט ער געזאָגט.

— אָ, יע . . . — האָט אים פּאַרקער געענטפערט — ווי וועגן גיפטן. אָט, איר זעט דאָס קליינע, רויטע פלעשעלע דאָרט? עס איז אָנגעפילט מיט אַ ווייסן, פוכקן קריסטאַל. נעמט אַביסעלע, גרויס ווי דאָס קעפל פון אַ שפּילקעלע, אויף אייער צונג און ס׳וועט אייך ווערן גוט אויף דער נשמה ווי פון דעם גלעט פון אַ ליידנשאַפטלעכער צנועה, וואָס כאַפּט אייך אַרום און פאַרטראָגט אייך אין זיסן גענוס — אָט אַזוי איז ער, דער קאָקאַין; כאַפּט איר אָבער אַריבער די מאָס, איז אויס מיסטער ראָש . . . .

— און וואָס וועט איר זאָגן וועגן אָט דעם — האָט באַראַש אַרויסגענומען פון שאַכטעלע אַ פלעשעלע מיט קליינע, ווייסע טאַבלעטן.

— אָ, מאָרפיום . . . מיט יאָרן צוריק פלעגט עס קומען אין ווייסע, פוכקע קיילעכלעך, ווי שטיקלעך קרייד. און ווי איך פלעג ציטערן, ווען איך האָב באַדאַרפט אָפּוועגן אַ דאָזע מאָרפין! היינט איז דער מאָרפין אַ מדערניזירטער, אַ פערטל גראַן, אַ האַלבער גראַן, אַ גאַנצער גראַן — צייל אָפּ וויפל דו דאַרפסט און פאַרטיק. ווען איך טראַכט וועגן דעם מאָרפין, זע איך אים, ווי אַ ווייסע, באַרמהערציקע שוועסטער,

וואָס לייגט אַרויף איר קאַלטע האַנט אויף אייער ברענענדיקן שטערן און איר ווערט אַנטשלאָפן מיט אַ שטילן שלאָף. ווען איך וואָלט געהאַט אײַנ־זינען צו באַגיין זעלבסטמאָרד, וואָלט איך גענומען דידאַזיקע אומשול־דיקע טאַבלעטקעס — מאָרפין.

— וויפל, אַשטייגער, וואָלט איר גענומען? — האָט באַראַש גע־פרעגט.

פּאַרקער האָט געשוויגן אַ ווײַלע, טראַכטנדיק איבער אַ צוג אויף דעם שאַך־ברעטל. — עס ווענדט זיך אין דער דאָזע פון די טאַבלעט־קעס. אָבער, אַז איך וועל האַלטן דערבײַ, וועל איך זיי ניט ציילן.

באַראַש האָט אַרומגעקוקט נאָך אַ פּאָר פלעשלעך און האָט פאַר־מאַכט דאָס שאַפקעלע. ער איז צוגעגאַנגען צום טיש וואו גערסאָן און פּאַרקער האָבן געשפּילט און גענומען נאָכפאָלגן זייער שפּיל.

עס איז שוין געווען שפּעט ווען זיי זענען אַהיימגעגאַנגען. גערסאָן איז אַוועק אין איין זייט און באַראַש אין דער צווייטער, אָבער פאַר דעם געזעגענען זיך האָט גערסאָן אַ זאָג געטאָן:

— מאָרגן אינדערפרי וועל איך רעדן מיט מיין פאָרמאַן און נאָך היינט בײַנאַכט וועל איך אָנזאָגן די גוטע בשורה צו סטעלאַן. זי וועט זיך זייער פרייען, ווען זי וועט הערן, אַז איר האָט באַשלאָסן צו גיין אַר־בעטן אין דער פאַבריק. נו, ביז מאָרגן . . .

— אַ גוטע נאַכט — — —

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

אויף דעם צווייטן טאָג פאַרנאַכט, ווען באַראַש איז אַרייַנגעקומען צו גערסאָנען, האָט אים גערסאָן באַגעגנט אַ פריילעכער.

— נו, באַטשיקל, ס׳וועט שוין זיין גוט. מאָרגן גייט איר מיט מיר צו דער אַרבעט.

— מאָרגן? שוין?

— וואָס מיינט איר „שוין”? אויף וואָס, צי אויף וועמען וועט איר וואַרטן?

— אויף קיינעם . . . — האָט באַראַש געענטפערט. — כ׳האָב אָבער געמיינט, אַז . . . ס׳וועט נעמען עטלעכע טעג ביז איר וועט עס אַראַנזשירן.

— באַ מיר איז געזאָגט און געטאָן — האָט גערסאָן געענטפערט.

— קומט מאָרגן פאַרטאָג אַהערצו, וועלן מיר גיין צוזאַמען.

— גוט, איך וועל קומען — איז באַראַש באַשטאַנען.

דער אָוונט איז אַוועק אין אַ מאָדנער שטימונג פאַר אים. עס האָבן אים געפרייט סטעלאַס ווייכע, שמייכלענדיקע בליקן און אין דערזעל־

בער צייט האָט עפּעס באַאומרואיקט. און ער האָט געוואוסט, אַז דאָס איז דער געדאַנק וועגן דעם פּאַרטאָג, וועגן דער אַרבעט. אַזוי האָט ער געפילט מיט יאָרן צוריק, ווען ער איז צום ערשטן מאָל געגאַנגען אַר־בעטן צו אַ מאַלער און אַזוי האָט ער געפילט אויך איצט. ס'איז מער ביטער, ווי זיס — האָט ער געטראַכט. די אומשטענדן זענען אָבער דער מאַסטער. ס,איז אָדער אַרבעט, אָדער הונגער — קיין אַנדערער וועג איז ניט פאַראַן. אָבער ניט דער געדאַנק וועגן דעם פּיזישן פּראָ־צעס פון אַרבעט האָט אים געשראָקן, עס האָט אים געשראָקן דער אי־בערברוך, די נייע סביבה וואוהין ער גייט, און דער שקלאַפּישער מעכאַ־ניזירטער גייסט פון וועלכן ער אַליין וועט ווערן אַ געהאָרכזאַם שרייפעלע. און ווען סטעלאַ האָט דערפילט זיין שטימונג און האָט אים געפרעגט וואָס עס באַאומרואיקט אים, האָט ער פאַרמאַכט די אויגן אויף אַ ווײַלע, אָנ־גענומען איר האַנט און געגלעט זי. און עס האָט אים ניט געאַרט, וואָס גערסאַן זעט עס און שמייכלט מיט פאָטערלעכער הנאה אונטער די גרויע וואָנצעס.

זיי האָבן אין דעם אָוונט געלייענט די צייטונג און באַראַש האָט האַלב־שפּאַסיק, האַלב־באַפעלעריש געצוואונגען סטעלאַן, אַז זי זאָל אויך לייענען. האָט זי געלייענט און איר אויסשפּראַך אין יידיש האָט געגלעט באַראַשעס אויער מיט איר ווייכקייט און רייניער דיקציע.

פאַר דעם אָוועקגיין, האָט זי אים באַגלייט צו דער טיר און געזאָגט:

— איך האָף, אַז דער געדאַנק וועגן מאָרגן האָט אייך ניט איבער־געשראָקן און איר וועט ניט אַנטלויפן פון אונדז.

אויף אַ רגע איז ער געבליבן שטיין אַ געפּלעפטער און ניט גע־וואוסט ווי אויפצונעמען איר פלוצימדיקע באַמערקונג. ער האָט זיך אָבער גלייך באַהערשט און געענטפערט:

— ווען איך אַנטלויף, לויף איך ניט פון דעם מאָרגן. ווען איך אַנטלויף, לויף איך פון דעם מענטשן. דער נעכטן און דער הייַנט און דער מאָרגן זענען סיי ווי ענג פאַרבונדן. מ'קאָן זיי ניט פאַנאַנדערטיילן. איך ווייס עס שוין.

— און דער מענטש? איז ער דען ניט אין נעכטן, אין הייַנט און אין מאָרגן? איז ער ניט אַריינגעפלאָכטן אין זיי? — האָט זי געפרעגט.

— יאָ — האָט ער געענטפערט. — ער איז געפלאָכטן און גע־בונדן מיט די טעג, מיט די נעכט און מיט די יאָרן . . . און איך ווייס שוין איצט, אַז פון דעם מענטשן קאָן מען אויך ניט אַנטלויפן . . . און . . .

— און דאָך אַנטלויפן מיר — האָט זי פאַרענדיקט זיין געדאַנק.

— און דאָך אַנטלויפן מיר — האָט ער ווידערהאָלט אירע ווערטער.

— וואָלט איר אַנטלאָפן . . . פון מיר?

— ניין, איך גלויב, אַז ניין.

— נו, אויב אַזוי, נאָט אייך אַ קוש — האָט זי אים אויף גיך אַ קוש געטאָן און אויף גיך פאַרמאַכט די טיר.

ער איז געבליבן שטיין מיט געמישטע געפילן און געדאַנקען, אָבער איין געדאַנק האָט ווי אָנגעקלאַפּט אין מח: ווייסט זי? ווייסט זי עפּעס וועגן מיר? צי איז דאָס געווען בלויז אַ צופאַל אין אירע רייד? . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

באַראַשן איז געווען פריקרע אַריינצוגיין אין אָפיס פון דער פאַבריק. ער האָט שוין ניט איין געדאַנק געכאַפּט און געטריבן — געדאַנקען, וואָס האָבן דערמוטיקט און געדאַנקען וואָס האָבן געחוזקט, געקיבעצט און אויסגעלאַכט. די פיינלעכסטע מינוטן זענען אָבער געקומען, ווען מ׳האָט אים געגעבן אויסצופילן די אַפּליקאַציע. ער האָט דערזען, אַז פון דעם ערשטן וואָרט אָן — דער נאָמען — וועט ער דאַרפן גיבן פאַלשע, ליגנערישע אינפאָרמאַציע. אויף אַ מאָמענט איז אים געקומען אויפן געדאַנק אָוועקצולייגן דאָס קאַרטל און פאַרלאָזן אומבאַמערקטערהייד דאָס צימער, האָט ער זיך אָבער גלייך דערמאָנט אַן גערסאַנען און אַן סטעלאַן און ער האָט געוואוסט, אַז אויך זיי וועט ער דאָך ווידער דאַרפן דערציילן אַ ליגן — האָט ער באַשלאָסן דורכצוגיין אַלע פיינלעכע פראַגן ביז צום סוף און וואָס עס וועט געשען, וועט געשען. האָט ער געענטפערט: דער נאָמען ב. ראַש, צוויי און פערציק יאָר אַלט, פון יידישן גלויבן, ניט פאַרהייראַט, און אַזוי אַלע פראַגן ביז צום סוף. דאָס קאַרטל האָט געבריט די פינגער און ווען ער האָט עס איבערגעגעבן דעם אָפיס־מיידל, האָט ער געפילט, גלייך ווי ער וואָלט איר ערשט געגעבן אַ פעקל פאַלשע אַסיגנאַציעס.

— מיר וועלן אייך לאָזן וויסן — האָט ער דערהערט און, ווי אַ באַפרייטער פון אַ תפיסה, איז ער אַרויס אינדרויסן, דערפילט זיך לייכטער און די האָפענונג, אַז מ׳וועט ניט אָננעמען די אַפּליקאַציע, האָט אים אויף אַ רגע דערפרייט, אָבער בלויז אויף אַ רגע.

אין דעם טאָג האָט ער ניט געאַרבעט. ער איז געזעסן באַ זיך אין צימער, צוגעהערט זיך צו דער ראַדיאָ, געראויכערט און פאַרשריבן אין טאָג־בוך:

„. . . היינט האָב איך אויסגעפילט אַן אַפּליקאַציע אין דער פאַבריק. ליגן, שקר וכזב פון אָנהייב ביזן סוף. טראַכט איך איצט: אַז אויב מיין לעבן דאָ איז אינגאַנצן באַזירט אויף ליגן — וואָס דאַרף איך אַזאַ לעבן? און אויב איך האַלט זיך נאָך אָן אַן אַזאַ לעבן פון ליגן, טאָ פאַרוואָס האָב איך געדאַרפט אַנטלויפן פון פריערדיקן לעבן? און פאַר־

וואָס, אויב אַזוי, אָפּזאָגן זיך פון דעם, וואָס קאָן מיך דאָ באַפרידיקן דורך ליגן, פאַרוואָס שוין ניט פירן דעם ליגן ביזן גרונט, ביזן סוף, ביז דער אומענדלעכקייט? וועט דען אַ גרעסערער ליגן זיין שווערער אויף דעם געוויסן, ווי דער ליגן ביז איצט? צי אפשר האָב איך מורא פאַר די קאָנסעקווענצן?

„ווייזט אויס, אַז דאָס פּיגטעלע געוויסן דערלאָזט ניט. ווייזט אויס, אַז איך וועל שוין פאַרבלייבן אַ ליגנער בלויז אין די רייד, אָבער ניט אַ ליגנער צום געוויסן. אַ־אַ! דאָ ליגט, דאַכט זיך מיר, דער שליסל צו מיין „פיינקייט" און „נאָבלקייט" — אַ ליגנער אין וואָרט, אָבער ניט אין געוויסן. אָרעם וואָרט! איך האָב דיך, דאַכט זיך, אַזוי פיל מאָל געבענטשט און גערופן דיך געטלעך געשאַנק און געטלעכער פונק און איצט — זע: דעם געוויסן שטעל איך העכער, וויכטיקער פון דיר..."

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

אין דעם טאָג וואָס באַראַש האָט געקראָגן דעם ענטפער, אַז ער זאָל קומען צו דער אַרבעט, איז ער אַרומגעגאַנגען אַ נערוועזער און אַ שווייגנדיקער. פאַרנאַכט צו איז ער אַריינגעקומען צו סטעלאַן און געטראָפן זי לייענען זיינעם אַ בוך. דאָס האָט אַביסל דערהויבן זיין שטימונג, איבערהויפּט נאָך דעם, ווי זי האָט אויסגעדריקט איר באַגייסטערונג מיט איינער פון די נאָוועלן אין בוך.

— איך וואָלט געוואָלט קענען דעם שרייבער — האָט זי אַ זאָג געטאָן און האָט פאַרמאַכט די אויגן.

— צוליב וואָס? — האָט ער געפרעגט.

— צו געווינען זיין פריינדשאַפט.

— אָ, — האָט באַראַש אַ שמייכל געטאָן — איר זענט אַמביציעז.

— נו, ניט צוליב אַמביציע . . . ס'איז צוליב . . . ווי זאָל איך עס דעפינירן . . . ס'איז צוליב זעלבסט־אינהאַלט, זעלבסטווירדע און דרייסטקייט אפילו. אָט, זיין העלד דאָ איז אַ מענטש מיט אַזוי פיל גלויבן אין דער גערעכטיקייט פון מענטש. ער גלויבט — ער איז דער טרובאַדור פון לעבן. זיינע ווערטער שאַלן מיט אַזוי פיל מוטיקייט, מיט אַזוי פיל אַנטשלאָסנקייט, מיט אַזוי פיל ווילן און אין דערזעלבער צייט מיט אַזוי פיל טרייסט, אַז ס'ווילט זיך נאָכפאָלגן אַזאַ מאַן און גיין מיט אים שפּאַן אין שפּאַן.

— אייער באַגייסטערונג פאַר דער נאָוועלע פאַרשטיי איך, אָבער וואָס האָט דאָס צו טאָן מיטן שרייבער?

— וואָס מיינט וואָס עס האָט צו טאָן מיטן שרייבער? — האָט זי זיך פאַרוואונדערט — דענקט איר דען, אַז אַ שרייבער, וואָס קאָן

אונדז געבן דאָס געשטאַלט פון אַזאַ פּערזענלעכקייט, איז אַליין אין כאַ־ראַקטער אַנדערש, ווי דאָס געשטאַלט?

— עס איז שוין פון לאַנג באַשטעטיקט געוואָרן דאָס פאַרקערטע. איך מיין ניט צו זאָגן, אַז ס׳איז אַקסיאָמאַל אַזוי. מיר זעען אָבער אָפט ווי דער נעגאַטיווער מענטש־שרייבער גיט אונדז אָפט געשטאַלטן פון פּאָזיטיווע העלדן. אין דעם איז אָפט שולדיק בלויז דער טאַלאַנט, סטעלא. אַ שרייבער, וואָס האָט אַ גוט פּסיכאָלאָגיש אויג, אַ פאַרשטענדעניש פון לעבן, אַ פיינע פאַרשטעלונגס קראַפט, קאָן ער שאַפן דאָס פּיקטיווע גע־שטאַלט, כאָטש איך מוז צוגעבן, אַז אָפט, אין פּראָצעס פון שאַפן, ברויזן אויף אויך אין דעם שרייבער די נאָבלסטע געפילן און דער באַגער צו העלדנטאָטן אפילו. ס׳איז אָבער ליידער דער גוטער וואונטש זיינער, וועלכן ער קאָן ניט פאַרווירקלעכן אין לעבן. און דערפאַר . . . דער־פאַר, אפשר, באַשאַפט ער זיי אין בוך. ווי גוט עס וואָלט געווען דער וועלט, ווען יעדער דיכטער וואָלט געווען אין לעבן דער פּראָטאָטיפּ פון זיינע אידעאַלע, פּיקטיווע געשטאַלטן.

— איר רעדט איצט אַביסל ציניש, וואָלט איך געזאָגט, ראָש.

— ס׳איז ניט אַביסל, ס׳איז אַסך.

— אַ שטימונג אַזאַ, מסתמא?

— אַ שטימונג אַזאַ, מסתמא . . .

— וואָס ווידערהאַלט איר מיינע ווערטער?

— איך באַשטעטיק בלויז.

— וואָלט איר . . . וואָלט איר . . . — האָט זי ניט פאַרענ־דיקט.

— נו, וואָס פאַרענדיקט איר ניט? — האָט ער געפרעגט.

— אַ . . . . — האָט זי אַ גלעט געטאָן זיין האַנט — גאָרניט, אייגנטלעך.

— זאָל איך פאַרענדיקן פאַר אייך? — האָט ער געפרעגט.

— הממ . . . אַז איר ווילט.

— איר האָט געוואָלט זאָגן: וואָלט איר געוואָלט אָדער געקאָנט זיין אַזוי ווי דער העלד פון דער נאָוועלע?

זי האָט ניט געענטפערט, בלויז געשמייכלט.

— איר זעט, כ׳האָב געטראָפן — האָט באַראַש געזאָגט. — נו, איר ווילט דאָך, מסתמא, אויך מיין ענטפער, וועל איך אייך ענטפערן. ווען מיר לעבן דורך עפּעס אַ חלום, איז די איבערלעבעניש שטענדיק שאַרפער, איינדרוקספולער, טיפער — ס,איז אָבער ניט רעאַל. די האַנד־לונג פון בוך, וואָס גייט דורך אין אונדזער מח איז אויך ניט רעאַל. אָפט קומען פאַר אין לעבן טיפערע דראַמעס און טראַגעדיעס, און ס׳דרייען

זיך אַרום אויף די גאַסן מענטשן, טרעמפּס אָפּט, מיט מער גייסט און פייער און פּראָטעסט און נאָבלקייט אין זייער נשמה, ווי אין דער נשמה פון דעם העלד פון דער נאָוועלע; אָבער די שנעל־לויפנדע געשעענישן און די קאַלאָסאַלע דיספּראָפּאָרציע פון טאַט אין גרויען כאַאָס, דאָס אַלעס פאַרטונקלט און פאַרטושירט אָט דידאַזיקע לעבעדיקע מענטשן, אָפּט אמתע העלדן פון טאַט און קיינער זעט זיי ניט און קיינער באַמערקט זיי ניט, ווייל זיי זענען רעאַל. און זאָגט דעם אמת, סטעלא, וויפל מאָל האָט איר געוויינט איבער אויסגעטראַכטע, סענטימענטאַלע און באַנאַלע סי־טואַציעס אין די קינאָס?

— יאָ, איך גיב עס צו. מיר דאַכט זיך אָבער, אַז מיר דערקאָ־נען און מיר וויסן ווי אָפּצושאַצן דעם אמת־אידעאַלן מענטשן, ווען ער שיינט אַרויס מיט זיין וואָרט און טאַט.

— אָפּט איז דער גייסטרייכסטער פון דעם המון — אַ פּאַרזעניש אין אונדזערע אויגן. און דער, וועמען מיר טיילן אויס פון דער גרוי־סער מאַסע ווי דעם גייסטרייכסטן, איז גאָר אַן אויסוואורף, אַ מערדער, אַ משוגענער.

— אויב אַזוי, זענען מיר דאָך זיכערער מיט די העלדן פון די ביכער.

— יאָ, דאָס זאָג איך טאַקע. מיר זענען זיכער מיט די העלדן פון די ביכער, אָבער ניט מיט די קינסטלער, וואָס האָבן באַשאַפן די העלדן.

— אייער מיינונג וועגן קינסטלער איז ניט זייער אַ געהויבענע.

— דער קינסטלער איז אויך אַ מענטש און מיין מיינונג וועגן מענטש איז אפשר ניט זייער אַ געהויבענע.

— מיר כאַפּן אפשר איבער די מאָס אַביסל . . . — האָט זיך סטעלא אויפגעהויבן צו מאַכן קאַווע — ס'איז אָבער פאַראַן אַסך אמת אין אייערע רייד. אָט האָב איך היינט געהערט אויף רער ראַדיאָ יאָ־האַכימען. ער האָט גערעדט וועגן אונדז יידן. איך האָב ממש געציטערט ווי אין פיבער, ווען ער האָט דערמאָנט דאָס וואָרט ייד. גאָט מיי־נער — האָב איך זיך געטראַכט — ווי איז דאָס מעגלעך, אַז אין אַזאַ פריי לאַנד זאָלן ווירקן אַזעלכע פאַרביטערטע, בלינדע, בלוטדורשטיקע מענטשן. ווי איז דאָס מעגלעך . . .

— דער זין פון פרייהייט איז אָפּט אין דער פאַרגוואַלטיקונג פון פרייהייט — האָט באַראַש געענטפערט.

סטעלאס עמאָציאָנעלער אויסדרוק האָט אים מיטאַמאָל אַ טראַג געטאָן צו אַדאָן . . . אָט אַזוי פלעגט אויך אַדאַ רעאַגירן, ווען עס פלעגט איר אויסקומען צו רעדן וועגן יאהאכימען און וועגן דער פאַרפאָלגונג אויף יידן אין אַמעריקע.

— קומט אַהער, סטעלא — האָט ער זי צוגערופן צו זיך.

זי איז צוגעגאַנגען און געבליבן שטיין לעבן זיין שטול. האָט ער זי אַרומגענומען מיט איין האַנט און האָט געזאָגט:

— איך בין עלטער פון איך און איך האָב זיכער אַסך מער געזען און דורכגעלעבט. און איך בין אפשר איינער פון די דאָזיקע, וואָס גייען אַרום מיט הערצער אָנגעפילט מיט אויפרייס־שטאָף און זיי ווערן ניט אויפגעריסן בלויז דערפאַר, ווייל עס ליגט אין די הערצער אויך דער רחמנות צו דעם מין מענטש. אָבער ווי צו ענטפערן אויף אייער פראַגע, ווייס איך ניט. דאָס לעבן איז טיף און אומפאַרשטענדלעך און מ׳קאָן עס ניט אויסשעפּן מיט פראַגן און מיט ענטפערס.

ער האָט צוגעטוליעט זיין קאָפּ צו איר ברוסט.

— אָט דאָ, מיט מיין קאָפּ באַ אייער ברוסט איז נעענטער און בע־סער. איך הער אייער האַרץ קלאַפּן און עס קלאַפּט ווי מיינס — אָט די־דאָזיקע נאָענטקייט פון הערצער דאַרף זיין די טרייסט . . .

— עס דאַרף זיין די טרייסט . . . — האָט זי נאָכגעזאָגט זיינע ווערטער.

עס האָבן זיך דערהערט געראַנגס טריט הינטער דער טיר.

— דער פּאַ . . . פון דער אַרבעט . . . — האָט זי געזאָגט און איז אים אַנטקעגנגעגאַנגען מיט פלאַם אין די באַקן . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

עס איז אַריבער אַ וואָך און עס איז גאָרניט געשען, חוץ דער בייער רוטין אין דער פאַבריק. עס איז אים געווען שווער אויפצושטיין אין די פאַרטאָגן, כאָטש די פאַרטאָגיקע אויפגייענדיקע זון האָט אים אָנגע־פילט מיט עפּעס אַ דאַנקבאַרקייט צום לעבן און צו דער נאַטור. אַ דער־פרישטער האָט ער געשפּאַנט צום רעסטאָראַן און פון דעם רעסטאָראַן צו דער פאַבריק. און דאָרט האָט אים באַגעגנט דאָס פאַרטויבנדיקע קלאַ־פּעריי און זשומעריי פון מאַטאָרן און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז טויזנ־טער גיגאַנטישע הערצער האָבן אַלע מיטאַמאָל גענומען אויסקלאַפּן דעם טעמפּאָ, דעם פולס פון לעבן און אין דעם קלאַפּ פון די מעטאַלענע הער־צער איז פאַרלוירן געגאַנגען דאָס קלאַפּן פון אייגענעם האַרץ און אין דער גרילצעריי און קוויטשעריי פון די זעגן האָט דער געדאַנק אַ צע־טומלטער פאַררוקט זיך טיף אין מח און בלויז די הענט און די פיס האָבן ווי געהאָרכזאַמע גלידער פון אַ ראָבאָט געדריקט און געשלעפּט אויטאָ־מאַטיש די קופערנע פּאַסן, ווי קופערנע צונגען פון דער שטאָלענער באַ־שעפעניש, פון דער בלינדער מאַשין.

ווי אַ פאַרנעפּלטער איז ער געשטאַנען די ערשטע פּאָר טעג און גערעדט צו זיך אַליין, וואונדערנדיק זיך, ווי ער קומט צו אָט דער קאַל־

טער מאַשין, ער, װעמעס אויפגאַבע אין לעבן איז געװען אויסצוּלעבן זיך אין שאַפן. איינס־צװיי, איינס־צװיי, האָבן זיך זיינע הענט און דער גאַנ־צער קערפּער געװיגט אין מעכאַנישן, ראַבאָטישן ריטם . . . איינס־צװיי, איינס־צװיי . . . דאָסזעלבע, דאָסזעלבע מינוט נאָך מינוט, שעה נאָך שעה, טאָג נאָך טאָג. דאָך האָבן די טעג אָנגעהויבן צו װעקן אין אים אַן אומבאַװאוסטזיניקן שטאָלץ מיט זיך, אַ שטאָלץ, װאָס האָט זיך אויסגעדריקט אין אים ניט מיט זיינע אייגענע װערטער, נאָר אין די װער־טער פון גערסאַנען און פון סטעלאַן.

— ס׳װעט אַװעק אַ שטיקל צייט — האָט אים גערסאַן איינמאָל געזאָגט — און איר װעט דערפילן, אַז אייער שייכות צו דער װעלט ליגט ניט אין אייער אינדיװידועלער פּראַצע, נאָר אין דער געמיינשאַפטלע־כער אַרבעט פון כלל.

— איר רעדט דאָך װי אַ סאָציאַליסט — האָט באַראַש באַמערקט און עס האָט זיך אים געװאָלט שמייכלען פון גערסאַנס גוטער כּונה זיינער, צו נעמען אַן אומפּראָדוקטיװן, אָרעמען אינדיװידואַליסט און באַקערן אים צו דער אידייע פון קאָלעקטיװיזם.

— װאָס דען, מיינט איר, בין איך? — האָט גערסאַן סימולירט אַ באַליידיקטע מינע — װאָס דען, מיינט איר, איך בין אַ פּאַריזט? איך בין מיין גאַנץ לעבן געװען אַן אַרבעטער, אפילו באַ מיין טאַטן אין הויז און איך האָב שטענדיק געמאַכט אַ לעבן פון ערלעכער, פּראָדוקטיװער פּראַצע.

— איך צװייפל ניט אין דעם — האָט באַראַש געזאָגט. — פּשוט . . . אייערע װערטער האָבן מיך געפּאַקט ניט צוגעגרייטערהייד, אַזוי צו זאָגן. איר רעדט אַזוי זעלטן װעגן אייערע סאָציאַלע אנשויאונגען.

— װאָס זשע, איך דאַרף טראָגן אַ רויט פענדל מיט זיך, צו װאָס? און איר רעדט אַסך װעגן אייערע אנשויאונגען און װעגן . . . אייער לעבן? איר װעט מיך אַמאָל פּאַקן אין אַ שטימונג, װעל איך אייך גאַנצע געשיכטעס דערציילן װעגן מיין אַרבעט אין בונד. אפילו נאָך װי אַ ישיבה־בחור האָב איך שוין געטראָגן אין זיך סאָציאַלע אידייען, און לאָמיך אייך זאָגן — איך בין געװען אַ יאָט אַ ברען און . . . װען איך בין ניט אַזוי אַלט, װאָלט איך אפילו דאָ אין דער פאַבריק באַװיזן אַז איך טויג נאָך פאַר אַרבעט. דאָ אין פאַבריק, מיינט איר, שלאָפט מען? קוקט זיך צו, ברודערקע, װעט איר זען.

— איך צװייפל ניט, אַז מ׳שלאָפט ניט. אַזוי פיל אַרבעטער קאָ־נען ניט אויפנעמען די רוטין פון אַ לעבן גלייכגילטיק און געהאָרכזאַם און קיינמאָל ניט רעאַגירן אויף דעם. עס איז אַ װעלט פאַר זיך און עפּעס מוז אודאי ברויזן אין דעם װעלטל, כאָטש די ניט־פאַרבונדנקייט

מיט דער ברייטער, פאַרצווייגטער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג מוז אודאי אָפּהאַלטן דעם פּראָגרעס פון דער אַרבעט — עס איז דאָך דערווײַלע ניט אַ יוניאָן פאַבריק —

— זעט איר, אין דעם זענט איר גערעכט. מיר זענען אָפּגעריסן פון דעם פּראָלעטאַרישן קערפּער, אַזוי צו זאָגן, מיר זענען זיך אַ ווינקל פאַר זיך און צו די צרות איז די באַפעלקערונג דאָ אַ געמישטע און אַן אָפּגעשטאַנענע. ס׳וועט אָבער ניט העלפן. אַז דער וואָרעם כאַפּט זיך אַריין, בויערט ער אָפּט צו דעם סאַמע האַרץ. מיר האָבן שוין דאָ גע־האַט אייניקע יאַטלעך, וואָס האָבן פאַרזייט דאָ און דאָרט אַביסל טראָבל, ס׳איז אָבער גאָרניט אַרויסגעקומען פון דעם.

גערסאָן און באַראַש האָבן אָפּט גערעדט וועגן דער פאַבריק און באַראַש האָט ווידער דערפילט אין זיך דעם אינערלעכן קאַמף, וואָס האָט אים אַזוי אָפּט געפּייניקט — דער קאַמף צווישן געדאַנק, וואָרט און אַק־ציע. אין דידאָזיקע טעג האָט ער אין זיין טאָג־בוך פאַרשריבן:

„ . . . נו, אודאי טראָג איך און איך האָב שטענדיק געטראָגן אין זיך די פּאָטענציעלע פונקען פון רעוואָלט קעגן דעם אומרעכט אין דער וועלט. אָבער אַזוי פילט יעדער דענקענדער, פּראָגרעסיווער מענטש. נו, אודאי באַזיץ איך די אַטריבוטן פון אַ בונטאַר און אַ קעמפער, זיי ליגן אָבער אין מיר, ווי עס ליגן די העלדן מיינע אין די נאָוועלן. זיי לעבן און זיי זענען ניט רעאַל. זיי רעדן און זייער רעדן איז ווי אויסגעטראַכט. און ניט נאָר מיינע העלדן, נאָר די העלדן אין דער ליטעראַטור, אין אַל־געמיין. זיי קאָנען ניט זיין רעאַל, זיי קאָנען ניט אַרויסמאַרשירן פון צווישן די טאָוולען און איבערנעמען די וועלט. זיי זענען די פּראָדוקטן פון אונדזער פאַנטאַזיע. איך האָב זיך אָבער שטענדיק געטרייסט און איך טרייסט זיך אויך איצט מיט דעם געדאַנק, אַז מיין וואָרט און מיין פען קעמפן אויך, קעמפן קעגן דעם אַלטן, פאַרשימלטן, היפּאָקריטישן און פאַרשקלאַפטן שטייגער פון לעבן. מיין וואָרט ווערט אָבער ניט דער־טראָגן אַזוי נאָענט און אַזוי טיף, אַז ס׳זאָל וועקן. וואָרן ווער האָט גע־הערט מיינע ווערטער פון קאַמף און ווער הערט זיי איצט? און ווי לאַנג דויערט אַ וואָרט אין מח און אין דער נשמה? אַ וואָרט וואָלט אָפּט באַ־דאַרפט ווירקן ווי דער שאָס פון אַ רעוואָלווער, ווי דער אויפרייס פון אַ באָמבע . . . ניין, ניין, ניין! איך וואָלט ניט געוואָלט אַזעלכע ווער־טער. און איך ווייס, אַז אַ וואָרט, וואָס ווערט פאַרזייט, בלייבט אָפּט ליגן ווי זריעה אין באָדן און ס׳קומט דער טאָג און דאָס פאַרזייטע גייט אויף ווי גאָלדענע זאַנגען. אָבער עס נאָגט מיך און עס פּייניקט מיך דער גייסט פון שטורעמדיקן טאַט; ער לאַכט און חוזקט פון מיין וואָרט, פון מיין אײדעלער עסטעטישקייט, פון מיין ליטעראַרישער בונטאַרישקייט, פון

מיין קאַמף אין דער פאַנטאַזיע מיינער . . . ער לאַכט, און חוזקט און פאַדערט: בלוט! . . . בלוט . . . האָב איך אָנגעשריבן. און איך ווייס ניט צי דאָס איז דאָס אמתע, טיף־אמתע וואָרט פאַר דעם, וואָס וויל זיך אויסלייזן אין מיר דורך טאָט. בלוט . . . ווי לייכט עס האָט אַ שפּריץ געטאָן פון אונטער דער פעדער . . . בלוט . . .״

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

די ליכטיקע טעג און די לבנהדיקע נעכט פון מאַי האָבן דערמאָנט באַראַשן אָן די אַמאָליקע, כמעט פאַרגעסענע טעג און נעכט אין אוקראַינע. די אַרבעט אין דער פאַבריק איז געוואָרן היימישער און לייכטער און די אַרבעטער נענטער און פאַרשטענדלעכער; סיי דער נאָך ניט־אויסגעגרינטער פּאָליאַק און איטאַליענער, סיי דער איירישער און נעגער — אַלע האָבן זיי ווי איין קערפּער געטראָגן אין זיך דעם קאָאָרדינירטן געדאַנק וועגן אַרבעט, די זיטן אָבער און די שטימונגען זענען געווען פאַרשידן. איעדער מיט זיין ליד, און איעדער מיט זיין וואָרט, און איעדער מיט זיין טרויער און פרייד — אָבער אַלע צוזאַמען האָבן זיי, אונטער דעם געקלאַנג פון מעטאַל און אין דעם זינג־זאַנג פון די זעגן, געשאַפן די אַמעריקאַנער ראַפּסאָדיע. באַזונדער — איז איעדער פון זיי געווען אַ פאַרמאַכטער סוד פאַר באַראַשן.

די ערשטע פאַר וואָכן האָט ער געאַרבעט צוזאַמען מיט גערסאַנען, אָבער דערנאָך האָט מען גערסאַנען איבערגעפירט אויף באַנאַכטיקע שטונדן. גערסאַן האָט זיך ניט באַקלאָגט. פאַרקערט, באַראַשן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער איז צופרידן וואָס עס קומט אים אויס צו אַרבעטן אין די שפּעטערע שטונדן פון דער נאַכט.

— וואָס דאַרף איך די נעכט? — האָט ער געטענהט. — די על־טער לאָזט סיי ווי ניט שלאָפן . . . דערפאַר לעב איך מער . . . אי באַטאָג, אי באַנאַכט.

סטעלאַ איז באַטאָג געווען פאַרנומען מיט אירע שילערינס און פאַרנאַכט האָט זי געקאָכט, גערוט און געלייענט. איך דידאַזיקע אָוונטן האָבן ניט־אויסגעשעפּטע פאַרלאַנגען געטראָגן באַראַשן צו איר. עפּעס סענטימענטאַל־מעלאַנכאָלישעס האָט געווייעט פון די בערג און די געשפּרעכן מיט איר אויף דער קאַנאַפּע באַם פענצטער האָבן געצונדן אין אים בלויע פייערלעך. אָפט זענען זיי געזעסן, די פינגער זייערע פאַרפלאָכטן, געקוקט אויף דעם אויסגעשטערנטן הימל און געטראַכט יעדער באַזונדער, די אייגענע, ניט־אַנטפּלעקטע געדאַנקען. און באַראַש, קוקנדיק אויף דעם רויך פון דער ליולקע, האָט געזוכט אַן ענטפער אויף פראַגן, וואָס האָבן זיך ווי רויך געקרייזלט אין זיין מח. און אין דעם נעפּל פון פראַגן האָט

די ליולקע געשוועבט פאַר זיינע אויגן ווי אַ סימבאָל פון אַ תקיעת־כף, וועמעס זין ער האָט ניט געוואָלט אַנטפּלעקן אפילו פאַר זיך זעלבסט. אָבער אין אַן אָוונט, ווען אַלץ אין צימער האָט אויסגעזען ווי באַהערשט און פאַרכישופט פון שוועבנדע לבנה־גייסטער, אין דעם אָוונט האָבן איינציקע ווערטער, סיי זיינע, סיי אירע, געשוואומען פון האַרץ צו האַרץ — ווערטער, ניט־דערזאָגטע, סובטעלע, דינע, ווי ווייסער שוים, וואָס קומט פון דער טיפעניש — שוים, מיט וועלכן מ׳קאָן בלויז באַנעצן די דורשטיקע ליפּן, אָבער ניט אָנטרינקען זיך.

די שטילקייט פון דעם אָוונט איז געשטאַנען ווי אַ טונקעלע, בלויע וואַנט; אַ וואַנט, וואָס האָט אָפּגעטיילט פון דער איבעריקער וועלט, און אין דער שטילקייט האָט עפּעס אַ דערוואַרטונג געכוואַליעט דאָס בלוט . . . און אין דער דערוואַרטונג איז דער שוים פון בלוט צעגאַנגען און צעשוואומען געוואָרן אויף די דורשטיקע, ברענענדיקע ליפּן . . . און ווערטער, איינציקע ווערטער בלויז זענען ווי קאַלירפולע באַלונען געשוואומען אין דער טונקלקייט פון האַרץ צו האַרץ . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

די נאַכט האָט געשלאָגן מיט היסן שטורעמווינט אין זיין פּנים, כאָטש אין זיין צימערל איז געווען קיל און די בלומען אין דעם וואַזאָן באַם אָפענעם פענצטער האָבן זיך געוויגט אין באַנאַכטיקן ווינטל. ער איז געזעסן באַם טיש מיט דער פען אין האַנט און די געדאַנקען זיינע האָבן זיך, ווי שטעכיקע חוזק־פולע בליקן, געלייגט אויף דעם פּאַפּיר:

„ . . . וואָס טראָגט עס דיך ווי אויף פלאַמעדיק־שטורעמדיקע כוואַליעס, פייגלינג? איז דאָס דערפאַר אפשר, וואָס דיין מענטשלעכקייט און דיין געוויסנהאַפטיקייט האָט געזיגט אין דיר אין די מינוטן, ווען אין דיינע אָרעמס איז געלעגן דער צאַפּלדיק־וואַרעמער קערפּער פון אַ יונגער פרוי, וואָס האָט ווי אַן אָפענע בלום געשלונגען דיין אָטעם און דיינע קושן און איז געווען גרייט צו פאַרשווינדן מיט דיר אין דער אייביקייט פון רגעס? איז דען אין דער רגע פון אָפּרייסן זיך פון איר באמת געווען געוויסנהאַפטיקייט און מענטשלעכקייט? מענטשלעכקייט צו וועמען? צו איר, וואָס האָט אין דעם מאָמענט געברענט מיט פייער פון בראשית? אָ, אָדם, אָדם! אין דיינע אָרעמס איז געלעגן די אייביקע חוה און די זאַפטיקע עפּל אירע האָבן געוואַרט אויף דעם ביס פון דיינע ציין . . . ווי צוויי שלאַנגען האָבן זיך אירע צעפּ געוויקלט אַרום דיין האַלדז און געלאַשטשעט די באַקע דיינע מיט זיידענע פונקען . . . ווי צוויי אָנגעצויגענע סטרונעס האָבן אירע פיס וויברירט אונטער דיינע הענט און אירע אָרעמס האָבן ווי צוויי ווייסע פליגל געפלאַטערט באַ דיין היסן

פּנים . . . און די רגע, די רגע איז געווען אַזוי נאָענט . . . רעדסטו פון געוויסנהאַפטיקייט און מענטשלעכקייט און עס פרייט זיך דיין אָפּ־געגנאַרטער איך מיט פאַלשן זיג איבער זיך אַליין און מיט דעם צעשטערטן חלום פון אַ פרוי ?!

„אָ, אָדם, אָדם! הער ווי דער אָפּגענאַרטער איך ווייַנט אין איר און איר דיר: . . . פאַרוואָס האָסטו מיך באַרויבט פון געווס? פאַר־וואָס האָסטו מיך ניט געלאָזט אויסבערענען ווי אַן אָנגעצונדענער ראַקעט און באַלויכטן מיין הימל מיט אויסגעחלומטע שטערן? פאַרוואָס האָסטו געלאָזט אונדזערע נשמות וויגן זיך אין ווינט פון צעפלאַקערטן כאָאָס? אָבער באַרואיק זיך, באַרואיק זיך, מענטש. ס׳איז מיין קלאָרער געדאַנק, וואָס דאַרף מיך ווי אַ געעפנטער און אָנגעצויגענער פאַראַשוט אַראָפּברענ־גען צוריק צום באָדן. און דאָ אויף דעם באָדן, וועל איך מיינע ווילדע געגנדז־פאַרלאַנגען פאַרשפאַרן אין די שטייגן פון מיין מח און איך וועל זיי אַרויסלאָזן בלויז דאַן, ווען איך וועל דערפילן, אַז זיי מעגן ווידער פליען, פליען אין כאָאָס אַריין און מער קיינמאָל, קיינמאָל ניט צוריק־קומען. און איך ווייס, איך ווייס אַז זיי וועלן נאָך צעשפּרייטן זייערע פליגל אין לעצטן פלי. וואָרן — — דו ביזט מאַן און זי איז פרוי. מאַן און פרוי. ווי וואונדערלעך און ווי מיסטעריעז עס איז אייער שליחות אויף דער וועלט. ווי וואונדערלעך עס איז די קראַפט, וואָס פאַראייניקט אייך און פירט אייך אין די לאַבירינטן פון לעבן . . . אין פרייד און אין פיין, אין געזאַנג און אין געוויין, אין דער העכסטער דערהייבונג און אין דער טיפסטער געפאַלנקייט, אין דער רואיקייט פון אַ לבנה־נאַכט און אין דעם שטורעם פון ים, אין פעלד צווישן זאַנגען און אין בלוטיקן טויט . . . — אומעטום און שטענדיק — דער אייביקער געדאַנק די אייביקע פאַרבינדונג, דער אייביקער שיקזאַל פאַר ביידע. וואָרן מאַן און פרוי — איז לעבן. באַזונדער — טויט. און איך, איך נאַר, איך האָב אין דער חיהש־מענטשלעכער און געטלעכער רגע געוואָלט ענדערן דעם וועג פון אָדם־חוה, וואָס זענען געקומען אַזוי וואונדערלעך־מיסטע־ריעז אין דער אומבאַגרייפלעכער וועלט אַריין. איך האָב זי געמוזט באַ־געגענען, די פרוי, ווייל די וועגן פון דעם מאַן און די וועגן פון דער פרוי אין דעם לאַבירינט פון לעבן קרייציקן זיך און קרייציקן זיך ווידער אין געדאַנק, אין וואָרט און אין בלוט . . .״

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

די פאַבריק האָט געסאָפּעט מיט טויזנטער מיילער און געקלאַפּט מיט טויזנטער הערצער. צענדליקער וואַגאָנען מיט אויל, קוילן, אייזן און שטאָל האָבן טאָג־טעגלעך געפירט די שפּייז פאַר איר גיגאַנטישן

קערפּער און די הוזשערייִ אין אירע געדערים האָט זיך מיט מעכטיקער קראַפט איבערגעגעבן צו יעדן אַרבעטער און אויך צו באַראַשן. די אויגן פון די אַרבעטער, וואָס האָבן די ערשטע צייט געשוואומען פאַר זיינע אויגן ווי אין רויטן נעפּל, האָבן איצט אויסגעזען קלאָרער. ער האָט דער־זען אינהאַלט אין זיי און האָט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין און צו לייענען זייערע בליקן. פאַרשידענע בליקן. בליקן, וואָס האָבן אים געמאָסטן אַראָפּ און אַרויף און בליקן, וואָס זענען געגאַנגען טיף אין דער נשמה אַריין; בליקן פון קוריאָזיטעט און בליקן פון גלייכגילטיקייט; בליקן פון חוזק און בליקן פול מיט האַס. באַראַש האָט זיך געוואונדערט פון וואָס עס נעמען זיך די בליקן פון האַס און דעם אייניציקן ענטפער האָט ער געפונען אין דעם וואָרט אַנטיסעמיטיזם. וואָרן פאַרוואָס זאָלן די פּע־טערסאַנס און די דזשעקסאַנס און די אָ׳גריידיס קוקן אויף אים מיט האַס? נעמט ער דען צו זייער אַרבעט, זייער ברויט? אַרבעט ער דען ניט פונקט אַזוי פלייסיק און געוויסנהאַפט ווי די איבעריקע? צי אפשר זענען זיי באַליידיקט און אויפגעבראַכט פון זיין אינטעלעקטואַלן, אינטעליגענטישן אויסזען, וואָס איז זיכער אַ שאַרפער קאָנטראַסט צו זייערע טונקעלע, אָדערדיקע און מוסקולירטע קערפּערס. יאָ, עס ווייזט אויס, אַז דאָס איז דער ענטפער, וואָרן אפילו דער פאָרמאַן דזשאַנסאַן קוקט אויף אים מיט חוזק און רעדט צו אים ווי מ׳רעדט צו אַ ווייך־געפּיעשטשעטן ליי־דיקגייער.

איינמאָל איז דזשאַנסאַן צוגעקומען נאָענט צום וואַרשטאַט, אַני־דערגעשטעלט זיך און געקוקט ווי ער, באַראַש, אַרבעט. און באַראַשן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז באַלד וועט ער דערהערן פון אים די ווערטער פון זיין אַמאָליקן באַלעבאָס, דעם מאַלער: אַך, וואָס פאַר אַ שאָד וואָס אַזאַ קינסטלער ווערט דאָ פאַרלוירן צווישן די פאַרגרעבטע אַרבעטער. דזשאַנסאַן האָט דאָס ניט געזאָגט, אָבער אין זיינע ווערטער און אין זיין טאָן האָט געקלונגען דערזעלבער מיין:

— הערט נאָר, ראַש — האָט ער געזאָגט — פאַרוואָס טראָגט איר אַזעלכע לאַנגע האָר? פאַרוואָס שערט איר זיך ניט אָפּ אַמאָל? אָט אַרבעט דאָ גערסאַן, אויך אַ ייִד, און ער גייט געשוירן פונקט ווי איע־דער איינער. מוזט איר טראָגן אַזעלכע לאַנגע האָר?

— ניין, איך מוז ניט — האָט באַראַש געזאָגט. — אָבער איך בין שוין צוגעוואוינט צו טראָגן אַזוי מיינע האָר.

— אַזוי קוקט איר אויס ווי אַ באָלשעוויק, ווי אַ קאָמוניסט.

— ווי אַ באָלשעוויק? — האָט באַראַש אַ שמייכל געטאָן. — האָט איר אַמאָל געזען אַ באָלשעוויק?

— אָ, יע . . . — האָט דזשאַנסאַן אַ קוק געטאָן אויף אים

שטרענג — מיט אַ פּאָר יאָר פריער זענען זיי דאָ געווען אַ גאַנצע כאַפּטע, פּרובירט מאַכן טראַבל, האָבן מיר זיי געגעבן אין די הויזן אַריין און צום טייוול . . .

— אַ . . . — האָט באַראַש בלויז געזאָגט.

דזשאָנסאָן איז אַוועקגעגאַנגען און באַראַש האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז אָט — עס איז כמעט אַ באַפעל אָפּצושערן זיך. ער קאָן ניט זיין וואָס ער וויל אפילו דאָ, אפילו דאָ וואו ער איז בלויז אַ טייל פון דער מאַשין, וואו מ׳דאַרף בלויז זיין פיזישע קראַפט אָן זיין נשמה. נײַן, ס׳ווייזט אויס, אַז מ׳וויל טאַקע אויך זיין נשמה, צו זען זי ליגן בײַ די פיס, צו זען, ווי זי קאַרטשעט זיך אין דערנידערונג און אין בושה.

ער האָט דערציילט גערסאָנען וועגן דעמדאָזיקן געשפּרעך מיט דזשאָנסאָנען און דערביי האָבן זיי זיך ווידער צערעדט וועגן די אַרבעטער און וועגן די יוניאָן אָרגאַניזאַטאָרן. האָט אים גערסאָן דערציילט וועגן די אַרבעטער אַגיטאַטאָרס, וועלכע האָבן ניט געהאַט דאָ קיין מזל און זיי זענען ווירקלעך אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון דער פאַבריק. און דאָס איז לויט גערסאָנס מיינונג געשען דערפאַר, ווייל די אַרבעטער זענען ווערבירט געוואָרן, מייסטנס, פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע האָבן זיך צווישן זיך ניט געקאָנט צוזאַמענרעדן; ווייל עס לעבט נאָך אין זיי דער אונטערדריקטער גייסט און די געוואוינהייט פון אָרעמען פויער און אַרבעטער צו ברעכן דאָס היטל פאַר דעם פּריץ; ווייל די שוועדישע און דייטשישע אייגנטימער האָבן זיך אַרומגערינגלט מיט אַ כאַפּטע געטרייע, איבערגעבענע פאַרמאַנס און שפּיאָנען, וואָס ווייסן ווי צו קנאַקן מיט דער בייטש און ווי צו האַלטן אַן אויג אויף די ניט־גע־וואונטשענע עלעמענטן; דערצו זענען די שכירות אַזוי קליין און די נויט אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן קיינמאָל קיין מעגלעכקייט אויסצוצאָלן זיך פון די חובות און אַרויסצורייסן זיך פון עקספּלואַטאַטאָרישע לאַפּעס. באַ־ראַש האָט דאָס אויך געזען און פאַרשטאַנען, און דער באַגער צו באַקאָ־נען זיך נענטער מיט דעם אַרבעטערס לעבן, צו דערנענטערן זיך צו זיינע נויטן און אינטערעסן איז געוואַקסן אין אים פון טאָג צו טאָג.

האָט ער אָנגעהויבן מיטאָג־צייט צו צושאַרן זיך צו אייניקע פון זיי, צו דידאָזיקע, וואָס האָבן אויסגעזען נעבעכדיקער און דערשלאָגענער, ווי די איבעריקע; און ער האָט אָנגעהויבן שטעלן פּשוטע, גאַרניט־מיינענ־דיקע פראַגן, וועגן זייער געהאַלט, וועגן זייערע פאַמיליעס, וועגן זייער בילדונג און וועגן זייער געזונט־צושטאַנד. ניט אַלע האָבן אָבער גערן גערעדט און אייניקע האָבן אפילו געקוקט אויף אים מיט פאַרדאַכט און האָבן אויסגעדריקט אַן איבערטריבענע צופרידנהייט מיט זייער לעבן, מיט זייער אַרבעט און לוין. אָבער דאָס געפיל, אַז ער ריזיקירט מיט

גאָרניט, אַז זיין דזשאַב איז סייווי ניט זיין לעבנס־ציל, אַט דער באַוואוסט־זיין האָט אָנגעהויבן צו טרייבן אים צו ווערן דרייסטער, צו ווערן קעמ־פערישער און אויסדרוקספולער סיי אין וואָרט און סיי אין טאַט, צו ווערן דער דיכטער־קעמפער אין דעם רעאַלן געשטאַלט, אין קאָנטראַסט צו די אויסגעטראַכטע, פיקטיווע געשטאַלטן, וועלכע ער האָט באַשאַפן אין זיינע נאָוועלן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

די עקספּלואַטאַציע פון די אַרבעטער אין דער פאַבריק האָט גע־וואונדערט באַראַשן. ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין ווי אַזוי מענטשן טראָגן אויף זיך דעם יאָך און פּרובירן ניט אפילו צו פּראָטעסטירן. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז עס וואָלט געווען אַזוי לייכט אָראָפּצורייסן פון זיך די שטאָלענע לאַפּעס און אויפהייבן די שטימע אין ווירדיקן פּראָ־טעסט. קיינער האָט אָבער ניט אויפגעהויבן די שטימע אין פּראָטעסט און ער אַליין אויך ניט.

ער האָט זיך צוגעקוקט צו די אַרבעטער און פּרובירט שטודירן זיי. עס זענען געווען אַרבעטער, וואָס האָבן געטראָגן די אַרבעט ווי אַ יאָך, געקומען און געגאַנגען ווי איינגעשפּאַנטע, הונגעריקע פערד, וואָס בלייבן שטיין אויף יעדן שפּאַן און פילן ווי אַנידערצופאַלן, אַראָפּצולאָזן זיך אויף דער ערד און ליגן אפילו אונטער די שמיץ פון דער בייטש; און עס זענען געווען אַנדערע, וואָס זענען געקומען און געגאַנגען, אָנ־געלאָדן מיט האַס, האַס צו דידאָזיקע, וואָס קוועטשן אַרויס פון זיי די ענערגיע, דעם גאַנצן זאַפט פון לעבן און פאַרוואַנדלען עס אין גאָלד פאַר זיך; גראַד אונטער די הענט פון דידאָזיקע אַרבעטער פלעגט די אַר־בעט זידן, ברענען, ווי אונטערגעצונדן, אויפגעזאָטן אין האַס. און עס זענען געווען אויך אַזעלכע, וואָס זענען געקומען און געגאַנגען מיט זי־כערע טריט, מיט דיקע הענט און פעטע בייכער, מיט פאַרגאָסענע אויגן און כיטרע, פאַרדעכטנדיקע בליקן, מיט גרויסע, אָפענע אויערן און מיט שטילע, אָבער פאַררעטערישע רייד — דידאָזיקע, וואָס האָבן געדינט ווי געטרייע בלוט־הינט, געדינט די אומזעבאַרע הארן, געהיט די טויזנטער שקלאַפן. באַראַש האָט זיי אויסגעטיילט אין קאַטעגאָריעס און ניט גע־וואוסט צו וועלכער קאַטעגאָריע צוצורעכענען זיך אַליין.

איינמאָל אין אַן אינדערפרי האָט ער באַמערקט אַ יונגנמאַן, וואָס האָט גלייך צוגעצויגן זיין אויפמערקזאַמקייט. דער יונגערמאַן, איז באַ־ראַש געווען איבערצייגט, איז ניט פון דידאָזיקע אַרבעטער, וואָס לעבט אָפּ אַ לעבן בלויז אין פיזישער אַרבעט. עפּעס אין זיין אויסזען האָט פאַראינטערעסירט באַראַשן. ער איז געווען הויך, דין און בלאָנד; די

אויגן בלוי, דער בליק אָפן און דרייסט און דאָס מויל מיט אַ דינעם שמייכל פון פאַרשטענדעניש, גוטסקייט און חכמה. אין דעמזעלבן טאָג נאָך האָבן זיי זיך געטראָפן באַם טויער און זיי האָבן זיך פאַנאַנדערגערעדט.

דער יונגערמאַן האָט געהייסן אַנאַטאָל און אָנגעקומען איז ער פון שיקאַגאָ. געווען אַמאָל אַ שריפטזעצער אין אַ פּוילישער צייטונג, אָבער . . . אויפן וועג פון לעבן פאַרוואָרפן געוואָרן אַהערצו אין דער פאַבריק. גערעדט האָט ער וועגן זיך קורץ און קאַרג, אָבער זיין שמייכל און זיינע בליקן האָבן געזאָגט, אַז היגטער זיי, ווי הינטער אַ זיידענעם פאָרהאַנג, ליגט דאָס איבעריקע, דאָס ניט־דערזאָגטע — מ׳דאַרף בלויז וויסן ווי אַזוי און ווען אויפצוהייבן דעם פאָרהאַנג. באַראַש האָט ניט פּרוּ־בירט אפילו אַרויסצורופן אים אויף אָפענע רייד וועגן זיך, ווייל ער אַליין איז געווען נאָך קאַרגער פון אים אויף אַ וואָרט. דאָך האָבן זיי ביידע דערפילט אַ נאָענטקייט איינער צום צווייטן און אין זייערע בליקן, און אין זייער האַנטדרוק, און אין זייער „גוד־ביי״ . . . ביז מאָרגן, איז שוין פאַרבונדן געוואָרן דער ערשטער קניפּ פון פריינדשאַפט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

באַראַש האָט פאַרשריבן:

„. . . סטעלאַ טראָגט אויף איר פּנים אַ מאַסקע פון באַהער־שטע געפילן. איך זע עס. אין די ווינקלען פון אירע ליפּן ליגט אָבער אַ דזשיאָקאָנדאַ שמייכל, דער שמייכל, וואָס דערציילט וועגן אייביקן סוד, וועגן דער אייביקער קראַפט פון דער פרוי אין ליבע. זי וואַרט. זי ווייסט, אַז די פרילינג־נאַכט, אָדער די זומער־נאַכט וועט ווערן די חופּה אירע און די לבנה וועט קומען און וועט שמייכלען און די שטערן וועלן זינגען אַ זילבערנעם ניגון. ווייט, טיף אין אירע אויגן דערזע איך אַמאָל, ווי עס ציטערן טרערן ווי אין פלאַמען פון ליכט באַם אַלטאַר פון מיסטע־ריעזן גייסט פון ליבע און עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז איך הער ווי זי רופט מיט איר מילדער שטימע פון טיפער טונקלקייט. עס גייען פאַרביי נעכט — שטילע, אָנגעלאָדענע מיט אומגעוואָגטקייט, וואָס פייניקן מיט דער־וואַרטעניש; עס גייען פאַרביי נעכט, פאַרוויקלטע אין נעץ פון געשפּרעכן, אין טענער פון מוזיק, אין ווערטער פון דער ראַדיאָ; עס גייען פאַרביי נעכט פון פאַרלוירנקייט, פון געפיל און פון געדאַנק און נעכט — אין סטעלאַס הענט, ווייסע הענט, ווי ווייסע פליגל אין דער נאַכט. זי וואַרט און איך זע אין איר די דערוואַרטונג. איך זע עס אין אירע אויגן — עמעראַלדן; איך זע עס אין בויג פון איר קאָפּ און אין איר לאַנגזאַמען שפּאַן, און אין דער באַוועגונג פון אירע פינגער. זי איז געדולדיק און איר געדולד און רואיקייט ווירקט אויף מיר ווי אַ באַרואיקנדער געטראַנק״.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

די פאַבריק האָט באַהערשט דעם טאָג.

די פאַבריק האָט גערעדט צו באַראַשן פון יעדן ווינקל; פון יעדן אויוון, פון יעדן קוימען . . . גערעדט די שפּראַך פון אייזן, פייער און האַמער, אָבער ניט די שפּראַך פון מענטש. אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַ וואָך נאָך אַ וואָך און עס האָט זיך גאָרניט געענדערט און עס איז גאָרניט געשען.

אויף אַנאַטאָלס ליפּן איז געלעגן דער דינער שמייכל און אין די אויגן דער בלויער פייער פון אַ געפּרואוווטן קעמפער. באַראַש האָט אָפט גערעדט מיט אים און די געשפּרעכן האָבן זיך געוויקלט אַרום די טאָג־טעגלעכע און וועלטלעכע געשעענישן. און איינמאָל, ווען זיי זענען ביידע אַרויסגעגאַנגען פון דער אַרבעט, האָט אַנאַטאָל אַ זאָג געטאָן:

— קומט, באַראַש, לאָמיר אַריינגיין דאָ אין אַ רעסטאָראַן אָפּעסן. מיר וועלן שמועסן אַביסל.

— אָלרייט — האָט באַראַש צוגעשימט.

זיי זענען אַריינגעגאַנגען אין אַ רעסטאָראַן און, זיצנדיק שוין בײַם מאָלצייט, האָט אַנאַטאָל אַ זאָג געטאָן:

— עס ווילט זיך מיר ריידן מיט אייך וועגן אַן ענין, וואָס איז, אייגנטלעך, אייער ענין פּונקט ווי מײַנער. שטודירנדיק אייך אַביסל, ווייס איך, אַז צו אייך דאַרף איך ניט צוגיין מיט דערזעלבער מעטאָדע, מיט וועלכער איך באַנוץ זיך, רעדנדיק צו דעם דורכשניטלעכן אַרבעטער. אָפט וואונדערט מיך אפילו, וואָס אַזאַ מאַן ווי איר אַרבעט דאָ אין דער פאַבריק . . . איר זענט אָבער דאָ, זענט איר אַ טייל פון דעם גאַנצן מעכאַניזם. עס פלעגט מיר אָפט אויסקומען צו פאַרהאַנדלען מיט אַלערליי אַרבע־טער — כ׳מוז אָבער זאָגן דעם אמת, אַז דער אינטעליגענטער טיפּ אַר־בעטער איז שטענדיק דער שווערסטער אַריינגעצויגן צו ווערן אין דער אַרבעט. איך האָף, אַז איר פאַרשטייט וואוהין איך ציל.

— איך פאַרשטיי — האָט באַראַש געזאָגט. — מיר דאַכט זיך אָבער, אַז איר זענט אומגערעכט צו דער אינטעליגענציע. קומט דען ניט די גרעסטע טייל פון דער פירערשאַפט פון דער אינטעליגענציע?

— אַ גרויסער טייל פון דער פירערשאַפט קומט טאַקע פון דער אינטעליגענציע, אַזוי צו זאָגן. איך וואָלט אפילו געמעגט זאָגן: פון אונדזער קלאַס; עס איז אָבער דידאָזיקע פירערשאַפט, וואָס זיצט אין די קאַבינעטן און גיט אַרויס, אַזוי צו זאָגן, דעקרעטן און פירט פאַרהאַנד־לונגען און גרויס פּאָליטיק. איר וועט אָבער ניט טרעפן דעמדאָזיקן אינ־טעליגענטישן פירער אין דעם סאַמע קעסל, אין דעם סאַמע גרוב פון צר־

בעט, דאָרט וואו עס פֿאָדערט זיך אַמערסטן זיין וואָרט און זיין איינ־פֿלוס. די אַרבעטער אַגיטאַטאָרס, אָבער, וואָס שטעלן איין זייערע דזשאָבס און זייער לעבן אפילו, אָט דידאָזיקע, וואָס שטייען טאָג־טעגלעך באַם וואָרשטאַט און פּראָפּאַגאַנדירן פֿאַר בעסערע באַדינגונגען — זיי קומען ניט פֿון דער אינטעליגענץ. דערפֿאַר וואונדערט מיך אַזוי, וואָס איר זעגט דאָ, אפילו ווען איר זענט ניט אין דער ראָלע פֿון אַן אָרגאַניזאַטאָר און יוניאָן פֿירער. מיר דאַרפֿן אָבער אַזעלכע מענטשן ווי איר. אויב איר זענט שוין יאָ אַ פּראָלעטאַריער, טאָ טוט אייער חוב, זייט ניט בלויז אַ טויט שרייפֿל אין דער מאַשין . . . רעדט, דערוואַרעמט, דערמוטיקט, וועקט און רופֿט. אָט מיר ביידע וואָלטן דאָ געקאָנט אַסך אויפֿטאָן. און זיי בויטיקן זיך דאָ, די אַרבעטער, אין בעסערע באַדינגונגען און אין אַ בעסער לעבן.

— איר מיינט צו זאָגן, אַז מיר ביידע זאָלן זיך דאָ אַליין דער־קלערן אַלס אָרגאַניזאַטאָרס? — האָט באַראַש געפֿרעגט.

— פֿאַרוואָס ניט, אויב עס איז אַ גערעכטער און ניצלעכער ציל? זענען מיר דען ניט אַ טייל פֿון זיי און איז דען ניט זייער ציל אויך אייער און מיין ציל? און מוזן מיר דען אויפֿנעמען אונדזער אַרבעט מיט אַפּי־ציעלקייט און מיט . . . ביוראָקראַטישע מעטאָדן. אויב אונדז איז גע־געבן געוואָרן די פּריווילעגיע צו זיין דער קאָפּ פֿון אַ גרויסן און שטאַרקן קערפּער איז . . . פֿאַרוואָס ניט לאָזן הערן אונדזער שטימע און אונדזער ווילן? אָבער . . . דאַרף איך דען דערקלערן דאָס אייך? ווייסט איר דען אַליין ניט? . . .

— איך ווייס, אָבער דערלויבט מיר צו שטעלן אייך אַ דירעקטע פֿראַגע.

— פֿרעגט — האָט אַנאַטאָל געזאָגט.

— זענט איר געקומען אַהערצו אַרבעטן, ווייל דאָס לעבן האָט אייך גראַדע פֿאַרוואָרפֿן אַהערצו, ווי עס האָט מיך פֿאַרוואָרפֿן, צי זענט איר געשיקט אַהערצו פֿון דער העכערער אָנפֿירערשאַפֿט, פֿון די יוניאָנס?

— דידאָזיקע אַרבעט ליגט אויף דעם גאַנצן וועג פֿון מיין לעבן און דאָס איז דער איינציקער וועג, אויף וועלכן עס איז ווערט צו גיין, דענק איך. און עס איז זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז אַ מענטש, וואָס גלויבט אין דער אידייע פֿון קאָלעקטיוויזם, לאָזט ער זיך ניט אויף דעמדאָזיקן וועג ווי אַן איינזאַמער וואָלף. איך בין געוועזן און איך בין שטענדיק פֿאַר־בונדן מיט דער גאַנצער קייט פֿון יוניאָניזם, אָבער . . . מיין אַרבעט פֿאָדערט דאָ און דאָרט קאָנספּיראַטיווע האַנדלונגען, איבערהויפּט דאָ וואו מיר האָבן שוין געהאַט עטלעכע דורכפֿאַלן.

— גלויבט איר, אַז איך בין דער פּאַסנדער מענטש פֿאַר אַזאַ אַרבעט?

— פּאָטענציעל — יאָ. אַזוי באַטראַכטן מיר יעדן אַרבעטער צו וועלכן מיר טרעטן צו, טאָ פאַרוואָס ניט איר? איך בין איבערצייגט, אַז ווען אַ מענטש האָט דעם וויסן און דעם ווילן, קאָן ער ווערן דאָס, וואָס ער וויל ווערן.

באַראַש האָט געקוקט אויף אים און געטראַכט, אַז גוט איז אים, דעם פּוילישן בחור, וואָס ווייסט זיין פעלד, וואָס ווייסט זיין אַקער און ווייסט די שטיינער און דערנער אויף דעם אָנגעצייכנטן וועג.

דער געשפּרעך אין דעמדאָזיקן אָוונט האָט זיי נאָך מער דערנענטערט און פאַרבונדן. און באַם צעשיידן זיך האָט אַנאַטאָל אַ פרעג געטאָן:

— איז וואָס זאָגט איר, ראָש?

— עס איז ניט די פראַגע צי איך זאָג איצט יאָ, אָדער ניין — האָט באַראַש געענטפערט. — דער ענטפער וועט קומען דורך מיין האַנדלונג און מיין האַנדלונג וועט קומען לויט מיין סאָציאַלער באַוואוסטזיניקייט און לויט מיין קוראַזש און פייאיקייטן, וואָס זענען פאַראַן אין מיר.

— אויב אַזוי — סאַלוט, קאַמעראַד!

— סאַלוט . . . . — האָט באַראַש שטיל געענטפערט און אין געדאַנק איז דורכגעשוואומען:

„. . . . אין שפּאַניע, אויף די פעלדער צווישן טעלאדא און אַלקאזאר, ליגט מיט אַ צעשאָסענער ברוסט דער יונגער קעמפער מיכל באַראַש . . . .“

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

באַראַש האָט אַ פּאָר מאָל באַזוכט אַנאַטאָלן אין זיין צימער און ווען ער האָט דערזען אויף זיין טיש די ביכער פון אַנאַטאָל פראַנסן, פון האַמסונען, פון מיצקעוויטשן, פון טאָמאַס מאַן, קאַרל מאַרקס, קאַוטסקי און אַנדערע, האָט זיך אין באַראַשעס באַציאונג צו אים געעפנט אַ פריישער שטראָמיקער קוואַל; די ליטעראַטור געשפּרעכן זענען געוואָרן פאַר באַראַשן די שענסטע סטעזשקע, אויף וועלכע ער איז געגאַנגען פריי, גערעדט פריי און ברייט און וועגן לעבן אָן דעם באַהאַלטענעם דרוק און מורא צו אַנטפּלעקן אין ראָשן באַראַשן. די געשטאַלטן פון לעניך, פון טראָצקין, פון טאָלסטאָיען, פון זאָלאָן און פון האַמסונען האָבן פאַרנומען אַלע ווינקלען אין דעם קליינעם צימער, צענומען די ווענט און געשוועבט אין דער ספערע פון גרענעצלאָזן געדאַנק. און באַראַש האָט ווידער געלייענט האַמסונען און געטיילט זיינע געדאַנקען און שטימונגען מיט אַנאַטאָלן. וואָרן כאָטש האַמסונס געשטאַלט איז געשטאַנען ערגעץ פאַרטונקלט אין דעם שאָטן פון האַקנקרייץ, האָבן זיך זיינע ווערטער פאַרט געלייגט אין באַראַשעס מח ווי אַ רואיקער בלעטער-פאַל אין האַרבסט

און האַמסונס געמיטלעכקייט און די געמיטלעכקייט פון ניו־פּאָרט האָט באַרואיקט און עס האָט זיך געגלוסט אַ כאַפּ צו טאָן די פּען און שרייבן אין דעמזעלבן טאָן, אונטער דער סורדינע, אין טאָן פון אייגענעם טרויער, וואָס האָט זיך אַזוי צונויפגעגאָסן מיט דער קירכעס טרויעריקן גלאָקן־קלאַנג. ער האָט אָבער ניט געשריבן, חוץ אין טאָג־בוך און עס פלעגט אָפּט קומען אויף דעם געדאַנק, וואָס וואָלטן געזאָגט די ניו־יאָרקער קאָ־לעגן, ווען זיי געפינען אויס, אַז ער, באַראַש, אַרבעט אין אַ מעטאַלורגישער פאַבריק און דאָס קינסטלערישע וואָרט זיינס ליגט ערגעץ פאַר־שטופּט אין מח און ער שאַפט ניט מער און שרייבט ניט מער; און די אָנגעשריבענע פּאָעמע ליגט אין שופלאַד און די פּאָר ביכער זיינע שטייען באַ סטעלאַן אויף דעם טיש, שטייען ווי מצבות מיטן נאָמען באַראַש — אַ דערמאָנונג, אַ זכר פון יענע טעג, וואָס זענען געווען אין אַן אַנדערער וועלט.

און טראַכטנדיק וועגן אַנאַטאָלן, האָט ער ניט איינמאָל פאַרגלייכט זיך מיט אים. אָט אַזוי ווי ער, ווי אַנאַטאָל — האָט ער געטראַכט — האָט ער באַדאַרפט און האָט געקאָנט אין זיין יוגנט נאָך אויספורעמען דאָס אייגענע לעבן. אָט אַזוי ווי ער, אַנאַטאָל, האָט ער אויף דעם יידישן און ניט־יידישן פעלד, אין דעם טאָל פון אומרעכט און קנעכטשאַפט באַדאַרפט מיט וואָרט און טאַט, מיט טאָג־טעגלעכער רוטין און מיט שאַפנדן גייסט, אין דער גרויקייט פון לעבן און אין די נעפּלען פון אילוזיעס נידערן און שטייגן, צעשטערן און בויען, לעבן מיט דעם לעבן פון אַנדערע און מיט דעם לעבן פון אייגענעם איך . . . אנשטאָט דעם איז ער זיך דער איי־גענער קאַפּיטאַן פון דער אָנגעלאָדענער שיף; דער קאַפּיטאַן וואָס האָט פאַרזייט עסטעטישע שטימונגען אין דעם שטורעמדיקן ים. און די שיף מיט די צעריסענע זעגלען איז פאַרטראָגן געוואָרן צו דעם ברעג פון דעם פאַרוואָרפענעם פּאָרט — ניו־פּאָרט, וואוהין עס איז איצט צוגעשוואומען נאָך אַ שיף מיט נאָך אַ קאַפּיטאַן, וואָס הייסט אַנאַטאָל — ווי מקנא ער איז דעם קאַפּיטאַן אַנאַטאָל.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

באַראַש האָט געטראַכט, אַז ס'וואָלט אפשר גוט געווען מיטצונע־מען אַמאָל אנטאָלן צו סטעלאַן, אַריינברענגען אין זייער ווינקל אַ נייעם מענטשן מיט אַנדערע שטימונגען און געדאַנקען. אָבער עפּעס אין אונ־טערבאַוואוסטזיין האָט געוואָרנט, אַז . . . ס'איז אפשר בעסער ניט אַריינ־צוברענגען אַ נייעם מענטשן אין זייער אינטימיטעט,אפשר וועט זיין אַריינ־קומען אין זייער ווינקל צעשטערן דאָס געוועב פון זיידענע געפילן; אפשר וועט אנאַטאָל אומבאַוואוסטזיניק אָדער אפילו באַוואוסטזיניק אַריינבעמען

זי צו זיך אין האַרץ און פֿאַרהאַלטן זי דאָרט, און ניט באַפֿרייען זי מער, און ווערן איר מאַן און אָוועקנעמען זי אויף זיינע וועגן. דאָך אין אַן אָוונט נאָך אַ שפּאַציר באַם טייך, האָט ער אַ זאָג געטאָן צו אים:

— קומט, לאָמיר צוגיין צו די גערסאַנס.

— צו גערסאַנען? אָבער ער אַרבעט דאָך היינט באַנאַכט . . .

— זיין טאָכטער אַרבעט אָבער ניט — האָט באַראַש אַ שמייכל געטאָן.

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין צו די גערסאַנס. ווען זיי זענען אַריינגעקומען איז סטעלא אויף אַ רגע געבליבן שטיין אַ פֿאַרוואונדערטע, דערזעענדיק באַראַשן מיט אַ פֿרעמדן מאַן.

— דאָס איז אנאטאָל — האָט באַראַש אַ זאָג געטאָן — און דאָס איז סטעלא.

— איך קאָן אייער פֿאָטער — האָט זיך אנאטאל פֿאַרנויגט — און די טאָכטער דערגאַנצט די אַבסאָלוט גוטע אימפּרעסיע.

— אַ דאַנק פֿאַר דעם קאָמפּלימענט — האָט סטעלא אַ שמייכל געטאָן — כ'האָב געהערט, אַז איר אַרבעט אויך אין דער פֿאַבריק. מיין פֿאָטער און ראָש האָבן מיר דערציילט וועגן אייך.

— יע? — האָט זיך אנאטאל דערפֿרייט. — עס איז אַנגענעם צו הערן. ער האָט זיך גלייך דערפֿילט פֿריי און היימיש, גערעדט וויציק און טרעפֿלעך וועגן זיך און וועגן זיינע וואַנדערונגען איבער אַמעריקע, געקיבעצט באַראַשן, וואָס ער האָט אים ביז איצט ניט באַקאַנט מיט איר, מיט סטעלאַן און סטעלא, הערנדיק אים, האָט געוואָרפֿן שמייכלענדע בליקן אויף באַראַשן און געלאַכט, און גערעדט מיט רייץ און חן. זיי האָבן דערנאָך געטרונקען קאַווע און סטעלא האָט געשפּילט און ווען עס איז אויף אַ ווײַלע אויסגעשעפּט געוואָרן דער קוואַל פֿון געשפּרעך, האָט אנאטאל אַ פֿרעג געטאָן:

— מעג איך אָנשטעלן די ראַדיאָ? עס ווילט זיך מיר הערן וואָס יאָהאַכימס האָט היינט צו זאָגן.

— זיכער, זיכער — האָט סטעלא געענטפֿערט — כאָטש איך פֿערזענלעך האָב ניט ליבן צו הערן אים, כ'האָב אפֿילו מורא צו הערן אים. עס נעמט ציטערן אין מיר יעדער אבר, ווען איך הער זיינע דעמאַגאָגישע און אַנטיסעמיטישע רייד.

אנאטאל האָט אָנגעשטעלט די ראַדיאָ און זיי האָבן אינגיכן דערהערט יאָהאַכימס שטימע.

— דאָס איז ער — האָט אַנאַטאָל געזאָגט.

זיי האָבן אויפֿגעהערט צו רעדן און צוגעהערט זיך צו דער טיפֿער, שטאָלענער שטימע, וואָס איז געקומען ווי פֿון אַן אַנדערער וועלט,

און אַיעדער איינער פון זיי האָט געפילט, ווי יאָהאַכימס ווערטער פאַלן ווי אויף קלאַווישן פון נערוון און שלאָגן אָן פיינלעכע טענער אין דעם מח. און ווען ער האָט פאַרענדיקט, איז אַנאַטאָל אויפגעשפּרונגען און האָט אויסגעשריגן:

— אַך, וואָס פאַר אַ געוויסנלאָזער דעמאַגאָג און היפּאָקריט ער איז! ווי שעמלאָז און ציניש ער טרעט אויף די געפילן, אויף דער ווירדיקייט פון אַ פאָלק . . . די יידן וואָלטן באַדאַרפט . . . לינטשן אַזאַ איינעם . . . לינטשן!

— ניט די יידן — די קריסטן — האָט זיך באַראַש אָנגערופן.

— ווייל די שאַנדע איז די קריסטלעכע, ניט די יידישע.

— האָט איר עס טאַקע געמיינט, ווען איר האָט געזאָגט, אַז מ׳וואָלט באַדאַרפט אים לינטשן, יאָהאַכימען? — האָט סטעלאַ געפרעגט.

— יאָ, איך האָב עס געמיינט — האָט אנאטאל געענטפערט און פאַרטראַכט זיך אויף אַ ווײַלע. — ווען מיר רעדן פון שטאַנדפּונקט פון מאָראַל, וואָס דאַרף פירן צו מענטשלעכער, גייסטיקער פולקאָמענהייט, איז אַטענטאַט און מאָרד, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אויסגעשלאָסן. ווען מיר רעדן אָבער פון פילאָזאָפישן שטאַנדפּונקט, אָדער ריכטיקער, ווען מיר נעמען דעם מענטשן און זיינע טאַטן אין דעם ליכט פון עוואָלוציע און רעוואָלוציע און ווען מיר וואַרפן אָפּ דעם אויסגעטראַכטן גלויבן און זיין געטלעכער מיסיע אויף דער ערד, דעמאָלט דאַרפן ניט עקזיסטירן קיין סענטימענטן. אויב צווישן אונדז לעבן נאָך בלוטדורשטיקע טיראַנען, וואָס שטערן דער גייסטיקער עוואָלוציע פון דער מענטשהייט, דאַרף מען אַזעלכע מענטשן־חיות פאַרניכטן. און אַזאַ פאַרניכטונג וואָלט איך ניט אָנגערופן מאָרד, איך וואָלט עס אָנגערופן אָפּעראַציע אויף דעם מח פון דער מענטשהייט.

— וואָלט איר געקאָנט זיין אַזאַ כירורג דורכצופירן אַזאַ אָפּעראַציע? — האָט סטעלאַ ווידער געפרעגט.

— יאָ — האָט אנאטאל געענטפערט. — און פאַרוואָס ניט? אויב איך דענק, אַז עס איז אַ גערעכטער טאַט און איך האַלט זיך ניט אָפּ פון פראָפּאַגאַנדירן טאַט, טאָ פאַרוואָס זאָל איך אַליין ניט זיין גרייט דורכצופירן אים? וואָרן אויב עמיצער, וואָס וואָלט באַאיינפלוסט געוואָרן פון מיינע רייד, וואָלט דורכגעפירט דעם אַקט, וואָלטן דען דעמאָלט מיינע הענט און מיין געוויסן געווען ריין פון בלוט?

— עס איז פאַראַן אַ געוויסער אמת אין אייערע רייד — האָט סטעלאַ צוגעגעבן. — דער אמת איז אָבער אָן אויבערפלעכלעכער. רעדן און פאַנטאַזירן איז איין זאַך, און דורכפירן אַזאַ אַקט איז אן אנדערע זאַך. ווי דענקט איר, ראַש?

— עס איז ניט פאַנטאַזיע, סטעלא — האָט ראַש געענטפערט, לאַזנדיק וואָלקנס רויך פון דער ליולקע. — די אומגלויבלעכסטע פאַנ־טאַזיע איז הייַנט נול קעגן דערווירקלעכקייט. וואָרן, וואָס איז הייַנט ווירקלעכקייט, אויב ניט מאָרד און שוידער, שרעק און בלוט ? די גאַנ־צע ציוויליזאַציע איז איצט באַזירט אויף מאַכט און טעראָר. די מענטש־הייט גייט אויף אַ מאַרטירערישן וועג, געטריבן פון זיך אַליין. עס איז ניט פאַנטאַזיע. איך בין זיך מודה, איך טראָג אין זיך דעם געדאַנק און דעם דראַנג נאָך טאַט, נאָך פאַרניכטנדיקן טאַט. עס ווענדט זיך אָבער מערסטנס ניט אין דער מאָראַל און געוויסן, נאָר אין קוראַזש. און קו־ראַזש, ווי פּאַראַדאָקסאַל עס זאָל ניט קלינגען, איז אַ גרויסער פייגלינג. ער קומט, דער קוראַזש, בלויז אין די טיפסטע מינוטן פון פאַרצווייפלונג און אפילו דעמאָלט קומט ער אַ פאַרנעפּלטער, אָפט אַ ציטערנדיקער. קאָ־לעקטיווער מאָרד, ווי ער פּאַסירט אין די מלחמות, איז קאָלעקטיווער וואַהנזין, וואָס פּאָדערט ניט דעם ספּעציפיש אינדיווידועלן קוראַזש, ווייל עס פּאָדערט זיך ניט דאָרט די איבערצייגונג און די געוויסן־סאַנקציע פאַר מאָרד. ס'איז לייכטער צו מאָרדן, ווען טויזנטער אַרום דיר מאָרדן; אינדיווידועלער אַטענטאַט אָבער פּאָדערט די גרעסטע קאָנצענטראַציע פון אייגענעם איך און דאָס איז אייגנטלעך די אורזאַך, פאַרוואָס איך טראָג זיך אַרום דאָס גאַנצע לעבן מיט דעם געדאַנק וועגן טאַט און אַטענטאַט און בין ווייטער פון מיין געדאַנק נאָך ניט געגאַנגען.

— איר רעדט, גלייך ווי איר וואָלט געווען גרייט צו באַגיין דעם טאַט — האָט סטעלא באַמערקט.

— פּאָטענציעל בין איך גרייט — האָט באַראַש געענטפערט.

— אַך, ס'איז אַ שרעק מיט אייך, מענטשן ! אָבער . . . איך גלויב נאָך אַלץ, אַז ס'איז בלויז גערעדט . . .

— האָבן מיר דען ווייניק ביישפּילן אַזעלכע געזען ? — האָט באַ־ראַש געקוקט ערנסט, אין סטעלאַס אויגן — יאָהאַכים, ווען ער וועקט מיט זיין וואָרט צו אַנטיסעמיטיזם, מיינט ער עס ערנסט. און דידאָזיקע, וואָס האָבן זיך מקריב געווען אין די אַטענטאַטן אויף די טיראַנען, האָבן עס אויך געמיינט ערנסט. און אפילו מיר יידן האָבן אויך געהאַט אונ־דזערע העלדן סיי אין דער ביבלישע צייט און סיי הייַנט, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס מיר טראָגן זיך אַרום מיט אַ מאָראַל, וואָס איז באַזירט אויף יושר, אויף רחמנות, אויף ליבע און אויף שלום, מיט אַ קאָמפּלעקס, וואָס איז אַריין אין בלוט פון דעם יידן און מאַניפעסטירט זיך אין אַלע דערשיינונגען פון לעבן.

— איך ווייס, אַז איר זענט ניט אַ שאָוויניסט — האָט זיך אנאטאל

אַנגערופן. — טאָ ווי קומט צו אייך אַזאַ בליק אויף אַ ספּעציפיש־יידישער מאָראַל.

דער בליק קומט פון דעם טויזנטיעריקן יידישן קרייץ־וועג אויף וועלכן עס האָט זיך, ווילנדיק ניט ווילנדיק, געשאַפן אָט דער בליק, אָדער ריכטיקער, וואונטש אויף אַזאַ וועלטלעכער מאָראַל.

— די געזונטסטע מאָראַל איז צווישנפעלקערלעכע שטרעבונג צו העכערער מאָראַל — האָט אנאטאל געזאָגט.

— אָ, יע . . . — האָט באַראַש צוגעגעבן — אָט אַזאַ מין צווישנפעלקערלעכע סאָציאַלע און עטישע מאָראַל פּרובירט מען צו שאַפן אין סאָוועטן פאַרבאַנד, אָבער . . . די יידן־פראַגע ליגט נאָך אַלץ אונ־טער דעם מיקראָסקאָפּ פון דער וועלט און מ׳שטודירט נאָך אַלץ דעם פענאָמען, וואָס הייסט ייד. דערפאַר זינדיק איך אָפט מיט דעם געדאַנק וועגן אַן אייגענער יידישער טעריטאָריע ערגעץ אויף דעם ענגן, פאַרבלו־טיקטן ערד־קוגל.

— נאָך אַ פאָלק, מיט נאָך אַ טעריטאָריע, מיינט צוגיסן נאָך אויפ־רייס־שטאָף צו דעם ברענענדיקן אימפּעריאַליסטישן פייער — האָט אנאַ־טאָג אַרגומענטירט. — איך טראַכט אָפט, אַז . . . ווען די קליינע פעל־קער וואָלטן זיך אַסימילירט מיט די גרויסע קולטורן, וואָלטן אפשר מער קיין מלחמות ניט געווען. וואָרן עס וואָלט דעמאָלט אַסך לייכטער געווען איינצופירן אַן אינטערנאַציאָנאַלע און סאָציאַלע גערעכטיקייט אויף דער וועלט.

— וואָס פאַר אַ טרוימער איר זענט — האָט זיך באַראַש צעשמייכלט.

— איך גיב צו . . . כ׳האָב זיך צעטרוימט אַביסל — האָט זיך אנאטאל צעלאַכט. — אָבער דענקט איר ניט, אַז מיר זענען זיך דאָ אַביסל צו לאַנג פאַרזעסן ? סטעלא וועט מיד ווערן פון אונדז.

— איר דאַרפט זיך ניט איילן — האָט סטעלא אַ קוק געטאָן אויף אנאטאלן. — איך בין געוואוינט צו זיצן שפּעט און ס׳איז מיר זייער אַנגענעם מיט אייך.

— אייערע פענצטער זענען דאַכט זיך די איינציקע, וואָס שיינען נאָך מיט ליכט — האָט זיך באַראַש אָנגערופן.

— און אויך אייערע אויגן — האָט אנאטאל געזאָגט. — דענקט איר ניט אַזוי, ראָש ?

— אין דעם ליכט פון אירע אויגן זע איך מיין וועג . . . — האָט באַראַש אַ קוק געטאָן אויף איר.

— מעג איך גיין מיט אייך אויף דעם וועג, ראָש ? — האָט אנאַ־טאָל האַלב ערנסט, האַלב שפּאַסיק געפרעגט.

— עס איז דאָ געגוג ליכט פאַר דער גאַנצער וועלט — האָט זיך

באַראַש אויפגעהויבן און איז צוגעגאַנגען צו סטעלאַן — אַלזאָ, אַ גוטע נאַכט. ס׳איז געווען אַ פּיינער אָוונט.

— אַ חלום אין אַ מיטזומער נאַכט, ווי שעקספּיר וואָלט זיך אויסגעדריקט — האָט אנאַטאל ניט אַראָפּגענומען זיין בליק פון סטעלאַן.

— איך איבערראַשט און איר איבערשטייגט אַלע מיינע דערוואַרטונגען, אנאַטאל — האָט באַראַש באַמערקט. — ווי דענקט איר, סטעלאַ?

— איך דענק, אַז איר זענט ביידע גוטהאַרציקע מענטשן און מייסטער צו זאָגן די אָנגענעמסטע ווערטער.

— אַלזאָ, אַ גוטע נאַכט — האָט באַראַש פאַרהאַלטן סטעלאַס האַנט מיט מער וואַרעמקייט ווי אימער. דאָס מאָל האָט ער אָבער נִיט געקושט אירע פינגער ווי ער פלעגט עס געוויינלעך טאָן. זי האָט עס באַמערקט, אַ שמייכל געטאָן און באַראַשן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט אפילו געזען אַ קוים באַמערקטן וואונק אין אירע אויגן.

— אַ גוטע נאַכט — האָט אויך אנאַטאל געדריקט איר האַנט.

— קומט ווען איר האָט צייט — האָט סטעלאַ געזאָגט און איז נאָכגעגאַנגען זיי ביז צו דער טיר.

זי איז נאָך לאַנג געשטאַנען אויף דעם גאַנעק צוהערנדיק זיך צו די ווייטע טריט און צו אנאַטאלס געלעכטער, וואָס איז לאַנגזאַם צעגאַנגען געוואָרן אין דער שטילקייט פון דער נאַכט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דער פאַרמאַן דזשאנסאַן, האָט באַראַש באַמערקט, האָט שוין אַ פּאָר מאָל פּרובירט פּראָוואָצירן אַ קריג מיט אים. און באַראַש האָט געמיינט, אַז נאָך אַ טאָג, נאָך אַ וואָך און ער וועט אָפּגעזאָגט ווערן פון דעם דזשאָב. ביז איינמאָל איז דזשאנסאַן געבליבן שטיין נעבן אים און אַ זאָג געטאָן:

— ווי עס ווייזט אויס, זענט איר אַ געשוואָרענער גוטער־ברודער מיט אנאַטאלן. ווי קומט איר צו אים?

— מיר אַרבעטן דאָך צוזאַמען — האָט באַראַש געענטפערט.

— עפּעס האָט ער דאָרט אין אַרבעל — האָט דזשאנסאַן געזאָגט מיט דעם ספּעציפיש אַמעריקאַנישן אויסדרוק.

— אפשר אַ מעסער? — האָט באַראַש פּרובירט אַ שמייכל טאָן.

— און אפשר קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע — האָט דזשאנסאַן געקוקט כיטרע אויף באַראַשן. — עס וועט אָבער ניט גיין דאָ בײַ אונדז.

— פאַרוואָס דענקט איר אַזוי? — האָט באַראַש געפרעגט.

— פאַרוואָס דענק איך אַזוי וואָס? — האָט דזשאנסאַן אַ פרעג געטאָן בייז. — אַז ס׳וועט ניט גיין בײַ אונדז?

— ניין, ניט דאָס. פֿאַרוואָס דענקט איר, אַז ער איז אַ קאָמוניס־טישער פּראָפּאַגאַנדיסט?

— אָ, דאָס . . . פֿאַרלאָזט זיך אויף אונדז — האָט ער מיט זי־כערקייט געזאָגט. — מיר האָבן שוין די מענטשן און די מיטלען ווי אויסצוגעפֿינען דאָס. און מיר האָבן אויך די מיטלען ווי צו באַזייטיקן אַזעלכע פֿאַרשוינען.

— איך צווייפֿל ניט — האָט באַראַש באַמערקט.

— אייניקע אַרבעטער זענען געקומען צו מיר און האָבן דער־ציילט, אַז ער האָט גערעדט צו זיי „פּאַני" רייד. אויף אייך האָט מען אויך אַ פּאָר מאָל געזאָגט דאָסזעלבע און זייט וויסן, ראַש, אַז מיר האָבן אייך געהאַט אויפֿן אויג אַ שטיק צייט. באַ אייך איז דאָס, ווייזט אויס, בלויז אַ יידישע טבע צו זיין באַרמהערציק און רחמנות האָבן אויף די אָרעמע אַרבעטער, נעבעך. באַ אנאטאלן איז דאָס אָבער אַ ציל, אַ פּראָפֿעסיע. איך בין זיכער, אַז ער קריגט באַצאָלט דערפֿאַר — צו מוטיען די וואָסערן.

— צו וואָס זשע זאָגט איר עס מיר? צי אפֿשר פֿרעגט איר מיך?

— איך פֿרעג אייך ניט, איך וויים. איך זאָג עס אייך, כדי איר זאָלט עס וויסן, אויב איר ווייסט ניט, אָדער איר מאַכט זיך ניט וויסנ־דיק. מ'זעט אייך צו אָפּט מיט אים און דאָס קען נאָך פֿאַרשטאַרקן דעם פֿאַרדאַכט, אַז איר זענט אויך פֿון יענער חברה.

און אָפּזאָגנדיק דאָס, האָט ער זיך אויסגעדרייט און איז אַוועק־געגאַנגען. אין דעמזעלבן טאָג האָט זיך באַראַש געזען מיט אנאטאלן און האָט אים איבערגעגעבן דעם געשפּרעך מיט דזשאָנסאָנען.

— איך האָב דאָס דערוואַרטעט, פֿריער אָדער שפּעטער — האָט אנאטאל געזאָגט. — איך זע, אַז מיר וועלן האָבן אַ שווערערן דזשאַב, ווי איך האָב זיך פֿאָרגעשטעלט. אָבער זאָרגט ניט, ראַש, איך בין דאָ ניט אַליין און צי זיי ווילן צי ניט, די אַרבעטער וועלן ווערן אָרגאַניזירט.

אין דעמזעלבן אָוונט, ווען באַראַש איז געקומען צו סטעלאַן, האָט ער דאָרט געטראָפֿן אנאטאלן. אויף אַ רגע איז ער געבליבן שטיין פֿאַר־וואונדערט, אָבער גלייך האָט ער זיך געכאַפּט, אַז, אייגנטלעך, דאַרף ער זיך ניט וואונדערן און דאַרף ניט רעאַגירן. דאָך איז דער אָוונט אַוועק באַ אים אין אַ שלעכטער שטימונג.

. . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . .

גערסאָנען האָט מען ווידער איבערגעפֿירט אויף באַטאַגיקער אַר־בעט. דער פֿאָרמאַן האָט אים איינמאָל געזאָגט:

— גערסאָן, איר זענט אַ קלוגער מענטש און אַ שטילער מענטש. מיר האַלטן פֿון אייך, דאַרפֿט איר אונדז ווייזן, אַז איר שעצט עס אָפּ.

— וואָס זשע, איך אַרבעט שלעכט? — האָט גערסאָן געפרעגט, פּרעטענדירנדיק, אַז ער פאַרשטייט ניט וואוהין דזשאַנסאָן צילט.

— אָ, ניין, דאָס ניט — האָט אים דזשאַנסאָן באַרואיקט. — איר זענט ניט פויל און אייער אַרבעט איז גוט. איר דאַרפט אָבער זען, אַז ראַש, וועמען איר האָט רעקאָמענדירט אַהער, זאָל זיך ניט לאָזן פאַרפירן פון אנאַטאָלן.

— פון אנאַטאָלן? וואָס טוט ער דען, אנאַטאָל?

— וואָס ער טוט, וועלן מיר איצט ניט דיסקוטירן — האָט דזשאַנ־סאָן אַ דענערווירטער געענטפערט. — איר פאַרשטייט זייער גוט וואָס איך מיין. איר יידן זענט קלוג און כיטרע, איך וואָלט אָבער ניט געוואָלט מ׳זאָל זאָגן, אַז איר, כ׳מיין איר און באַראַש, זענט טראָבּלמאַכער דאָ.

— טראָבּלמאַכער?

— יאָ, אויב איר וועט זיך חברן מיט אים, וועט איר זיכער אַריין אין טראָבּל.

— פאַרוואָס וואַרפט איר אים ניט אַרויס, אויב ער איז אַ טראָבּל־מאַכער? — האָט גערסאָן געפרעגט.

— דאָס איז אונדזער זאַך — האָט דזשאַנסאָן געענטפערט מיט אַ סאַרדאָנישן שמייכל און איז אַוועקגעגאַנגען פון גערסאָנען.

אין אָוונט האָט גערסאָן דערציילט באַראַשן וועגן זיין געשפּרעך מיט דזשאַנסאָנען.

— עס שאַפט זיך אַ זייער אומאַנגענעמע לאַגע — האָט גערסאָן געזאָגט. — אָבער אַלץ וואָס מיר, קאָנען דאָ טאָן, איז צוהערן זיך צום אייגענעם שכל און צום אייגענעם געוויסן און דאָס איבעריקע איבערלאָזן צו אנאַטאָלן. ווארן וואָס פאַר אַ רעכט האָבן מיר צו מישן זיך אין זיין לעבן און אין זיינע אידעאַלן.

— מיר דאַכט זיך, אַז ער פאָדערט אויך פון אייך אַביסל קאָאָפּע־ראַציע — האָט זיך סטעלאַ אָנגערופן. — און . . . ווילנדיק ניט ווילנ־דיק, וועט איר אים מסתמא די קאָאָפּעראַציע געבן.

— ווי אַזוי? — האָט זיך גערסאָן געוואונדערט.

— מיט דעם, וואָס איר וועט ניט איבעררייסן די פריינדשאַפט און וועט ניט אַנטלויפן פון אים צוליב זיין אַקטיוויטעט.

— וואָס דענקט איר וועגן דעם, ראַש? — האָט גערסאָן געפרעגט.

— יעדער איינער האָט זיך זיין צוגאַנג צו זאַכן און צו פּראָבּלע־מען — האָט באַראַש געענטפערט. — אידייאיש און סאָציאַל בין איך מיט אנאַטאָלן, און מיין מענטשלעכע רעכט צו לעבן ווי איך וויל און צו חברן זיך מיט וועמען איך וויל, וועל איך, זעלבסטפאַרשטענדלעך, ניט אויפגעבן, אפילו ניט צוליב דזשאַנסאָנען.

— נו, איר דערוואַרט דאָך ניט פון מיר, אַז איך זאָל זאָגן דאָס פאַרקערטע? — האָט גערסאַן געזאָגט. — און אויב דזשאַנסאַן וועט מיך אַרויסוואַרפן, איז אפשר בעסער אַזוי. אַליין האָב איך מער ניט קיין מוט צו פאַרלאָזן ניו־פּאָרט און צו באַזעצן זיך ווידער אין ניו־יאָרק, אָבער ווען איך קריג דעם שטויס, וואָלט דאָס אפשר געווען בעסער פאַר מיר און פאַר סטעלאַן אודאי און אודאי . . . און פאַר אייך אויך, ראָש.

נו, טאָקע . . . איז דאָס אַ צוקונפט פאַר סטעלאַן צו פאַרבלייבן דאָ אַ פּיאַנאָ־לערערין אין ניו־פּאָרט? איז דאָס אַ תכלית פאַר אַ יידישער טאָכטער, וואָס איז נאָך, דאַנקען גאָט, יונג און שיין און מיט אַלע מעלות?

— אָ, פאָ . . . הער אויף . . . — האָט זיך סטעלא צעלאַכט.

— אָלרייט, אָלרייט . . . — האָט גערסאַן פולבאַדייטנד אַ קוק געטאָן אויף באַראַשן. — כ׳האָב גאָרניט געזאָגט.

באַראַש איז געזעסן אין אַ זייט, געלייענט די „צייט" און מיט אַ געפיל פון בושה צוגעהערט זיך צו גערסאַנס ווערטער. און פלוצים האָט עס אים ווי אַ טרייסל געטאָן אין שטול. אויף דער לעצטער זייט פון דער צייטונג האָט ער דערזען אַן אַנאָנס, וואָס האָט געמאָלדן, אַז אינגיכן וועט זיך אָנהייבן דרוקן אַ לענגערע נאָוועלע פון דעם טראַגיש־פאַרשוואונדענעם דיכטער באַראַש. די לעצטע איבערגעבליבענע נאָוועלע זיינע איז איבערגעגעבן געוואָרן צום דרוק פון דעם שריפטשטעלערס פרוי אַדאַ באַראַש מיט אַ קורצער אָפּהאַנדלונג וועגן דעם לעבן און שאַפן פון דעם דיכטער, געשריבן פון איר אַליין.

באַראַש איז געבליבן זיצן אַ צעטומלטער, געקוקט אינדערווייטנס, ווי זעענדיק פאַר זיך אַ גייסט. עפּעס האָט אים אין דעם אַנאָנס דער־פרייט און עפּעס באַאומרואיקט. ער האָט פּרובירט טרעפן וועלכע פון די צוויי נאָוועלן, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט, גיט אַדאַ איבער צום דרוק.ביידע נאָוועלן זענען געווען זיינע שוואַכסטע נאָוועלן און ער האָט ניט גע־איילט זיך אָפּצודרוקן זיי. און דאָ . . . אַדאַ מיט אַן אָפּהאַנדלונג וועגן זיין לעבן און שאַפן . . . וואָס פאַר אַ איראָניע! ווי ער פלעגט האַסן, ווען פרויען פון פאַרשטאָרבענע קינסטלער האָבן זיך דראַפּירט אין קונסט און אידעאַליזירט דעם נאָמען און דעם גייסט פון פאַרשטאָרבענעם. ער פלעגט שטענדיק אָפּלאַכן פון די פרויען, וואָס האָבן גענומען שיינען מיט פאַלשער ליכט פון קונסט, ווי עס שיינט די לבנה מיט דער ליכט פון דער זון. אָבער אַדאַ . . . זי האָט עס ניט באַדאַרפט טאָן . . .

ער איז שוין קוים איינגעזעסן אין שטול. אויפגעהויבן זיך און גענומען שפּאַנען נערוועז. און סיי סטעלא און סיי גערסאַן האָבן חושד געווען, אַז דאָס זענען זיינע, גערסאַנס ווערטער, וואָס האָבן אים אַריינגע־וואָרפן אין אַזאַ נערוועזיטעט. אומבאַמערקטערהייד האָט ער אַרויסגע־

ריסן דעם נאָטיץ פון דער צייטונג און באַהאַלטן אים אין קעשענע. גע־זעסן נאָך אַ ווײַלע, אויסגעטרונקען זײַן קאַלטע קאַווע און כמעט ניט גע־רעדט.

סטעלאַ האָט מיט איר געוויינלעכער טאַקטישקייט געהאַלטן זיך רואיק און ניט־צודרינגלעך און איידער ער איז אַהיימגעגאַנגען, האָט זי געזאָגט:

— ס׳איז גוט איצט אינדרויסן. די לבנה איז אַזוי רואיק און איך וואָלט געוואָלט גיין מיט אײַך. ס׳איז אָבער שפּעט . . .

— קומט . . .

— ניין, ניין . . . איצט גייט אַליין און . . . קוקט אויף דער לבנה . . .

אין דערדאָזיקער נאַכט האָבן מלאכים און שדים געריסן זיך אי־בער זײַן האַרץ. פאַרגעסענע טעג און נעכט פון אַמאָל, גאַנצע שטיקער לעבן האָבן געשוועבט פאַר זײַנע אויגן — אויגן פאַרנעפּלטע אין טרערן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

עס האָט גענומען עטלעכע טעג ביז באַראַשעס געמיט האָט זיך איינגעשטילט. אין דידאָזיקע טעג און נעכט האָט זײַן מח פיבעריש פּלאַנירט . . . ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי ער באַווײַזט זיך פּלוצים אין ניו־יאָרק, ווי ער קומט אַרײַן אין דער רעדאַקציע און יעדער איינער בלײַבט זיצן אין זײַן שטול ווי פאַראַליזירט . . . אָדער — ער גייט אַהיים . . . און עפנט די טיר . . . און פון אַדאַס ברוסט רײַסט זיך אַרויס אַ געשריי און זי קוקט אויף אים מיט אַ בליק פון אַ פאַרוואונדע־טער . . . אָדער — — —

די בילדער האָבן זיך געביטן און די שטימונג איז נאָכגעגאַנגען ווי אַ שוואַרצער שטאָן . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

באַראַש האָט געזען, אַז אַנאַטאָל אַרבעט אינטענסיוו צו פאַרמירן אַ קעמערל פון אַקטיווע אַרבעטער אין דער פאַבריק. און ער האָט גע־וואוסט, אַז ס׳איז אים שוין געלונגען צו צוציען צו זיך אַרום צען פון די מער פאַרגעשריטענע און דרייסטערע אַרבעטער. באַראַש האָט זיי גע־קאָנט. מיט זיי, מיט דידאָזיקע אַרבעטער האָט אַנאַטאָל גערעדט און אינסטרואירט, געלערנט ווי צו פאַרבינדן און פאַרקניפּן אין אַ שטאַר־קער נעץ אַ געדאַנק צו אַ געדאַנק, אַן אַרבעטער צו אַן אַרבעטער און אַ טאַט צו אַ טאַט.

עס איז אָבער ניט דורכגעגאַנגען אָן אינצידענטן. איינמאָל, ווען אַנאַ־

טאָל האָט פּרובירט צו רעדן מיט בלעקן, מיט איינעם פון די אַרבעטער, וואָס מיט זיין פאַרעקשנדן שוויגן האָט געמאַכט צו גלויבן, אַז עס זידט אין אים דער פייער פון פּראָטעסט, האָט בלעק, אַנשטאָט אָן ענטפער, פּלוצים אַ זעץ געטאָן און אַ שפּיי געטאָן אַנאַטאָלן אין פּנים. אַנאַטאָל האָט פאַרשטאַנען, אַז ס'איז בעסער ניט צו צעבלאָזן אַ פייער פאַר דער צייט, האָט ער מיט פאַרביסענע ליפּן פאַרשוויגן דעם קלאַפּ. אָבער פאַר־נאַכט, ווען אַנאַטאָל און באַראַש זענען אַרויסגעגאַנגען פון דער אַרבעט, האָבן זיי באַם טויער דערזען דעם פאָרמאַן, בלעקן און אַ פּאָר פון די פאַבריק דעטעקטיווס. זיי זענען געשטאַנען אין אַ זייט און געקוקט אויף אַנאַטאָלן און אויף באַראַשן מיט ציניש־שמייכלענדיקע בליקן, בליקן, וואָס האָבן געזאָגט: וואַרט, וואַרט, דאָס איז בלויז אַ מוסטער. עפּעס בעסערס איז ערשט צוגעגרייט פאַר אייך . . .

— איר האָט מוט, ווען איר גייט מיט מיר — האָט אַנאַטאָל געזאָגט.

— איך גיי ניט נאָר מיט אייך, איך גיי מיט זיך זעלבסט — האָט באַראַש געענטפערט.

— איז דאָס נאָך בעסער — האָט אַנאַטאָל אַרויפגעלייגט די האַנט אויף באַראַשעס פּלייצע. — דאָס לעבן איז ווערטפול, ווען עס טראָגט אין זיך אַ ציל.

— אַ ציל, וואָס איז פאַנאַנדערגעשאָסן מיט טויזנטער פיילן אויף יעדער סטעזשקע און אויף יעדן וועג פון לעבן — האָט באַראַש געענטפערט.

— איר וואָלט באַדאַרפט זיין אַ פּאָעט, ראַש.

— איך בין — האָט באַראַש געזאָגט און געקוקט ערגעץ אינ־דערוויטנס, אויף די כוואַליעס אין וועלכע ער האָט געזען די שאָטנס פון הימלקראַצערס.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

ניו־פּאָרט איז שוין געשלאָפן. קיין מענטשן האָט מען ניט געזען. אָבער אין דעם סאַלון, וואָס איז געשטאַנען נאָענט באַם באַרג, ווי צו־געטוליעט צו אַ שוואַרצער ברוסט, האָט זיך געפייניקט די נאַכט אין פאַרשיכורטן פלאַפּל, אין פּולסירנדן האַס, ווי אונטער סעיִנט וויטאָס טאַנץ פון ליכט און שאָטן.

פיר זענען זיי דאָרט געווען. האַנס מיונכאַוער, דער אייגנטימער פון סאַלון און זיינע דריי געשוואוירענע קונים: דער פאָרמאַן דזשאָנ־סאָן, בלעק און דער איטאַליענער טאָני. זיי זענען געשטאַנען באַ דעם באַר אַרום האַנסן און האָבן געוויקלט זייערע האַלב־פאַרשיכורטע רייד אין שטינקענדיקן רויך פון די ליולקעס. דאָס כישופדיקע קעסטעלע —

די ראַדיאָ האָט געטראָגן פון דער פאַרבאָרגענער ווייטקייט דאָס אַלמעכ־טיקע וואָרט פון דעם קלוגן יאַהאַכים. און שטענדיק אַזוי, ווען יאַהאַכים האָט גערעדט, פלעגן זיי צוהערן זיך מיט דער הנאה פון אַ חיה, וואָס זעט איר קרבן און איז גרייט צו פאַרצוקן אים. האַנס, מיט זיין לאַנגן זשיראַפן־האַלדז, מיט די דינע, ביינערדיקע הענט און קאַלטע אויגן, האָט דאָ און דאָרטן אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט און יעדע פראַזע זיינע האָט זיך אַרויסגעגאָרגלט פון זיין האַלדז, ווי בראַנפן פון דער פלאַש.

יידן . . . יידן . . . יידן . . .

די גלעזער מיט ביר און בראָנפן זענען געשטאַנען ווי שטומע עדות; די טונקעלע ווינקלען האָבן געוואָרט אויף טונקעלע טאָטן; די קליינע, רויטע לעמפּעלעך אין דער סטעליע האָבן געקוקט ווי בלוטיקע אויגן פון אַ מאָנסטער, וואָס וואַרט אויף אַ לעבעדיקן נפש אויפצופרעסן אים. ווי קליינע, מיאוסע רוחלעך, זענען געשפּרונגען די געדאַנקען. ער האָט זיי געשלעפּט, האַנס, פון מויל, פון די אויערן, פון דעם אַרבל . . . און די שפּעטע שעה האָט פאַרדעקט זייער האַס מיט איר שוואַרצן פליגל.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

די יולי נאַכט האָט געגלעט מיט אַ וואַרעמען ווינטל. באַראַש, אַן אַ הונט, מיט דער ליולקע אין מויל און אין דער באַגלייטונג פון שכנס הונט, איז געגאַנגען מיט לאַנגזאַמע, רואיקע טריט. די נאַכט האָט ניט געלאָזט איילן זיך. דער הונט איז נאָכגעגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעבויגע־נעם קאָפּ און אַ טרויעריקער. נאָכדעם, ווי דער באַלעבאָס זיינער, אַן אַרבעטער, איז געשטאָרבן און די אלמנה איז אַוועקגעפאָרן צו אירן אַ ברודער ערגעץ, איז ער געבליבן אַליין. אַ פּאָר טעג און נעכט איז ער געלעגן באַ דער טיר פון דעם פאַרוואָרלאָזטן הויז, פאַרלאָזנדיק דאָס פּלאַץ בלויז דאַן, ווען דער הונגער האָט געטריבן און ווען דער מחיה־דיקער ריח פון געבראָטן פלייש האָט זיך געטראָגן פון די שכנהשע הייזער.

באַראַש האָט פון זיין אַלטיטשקער באַלעבאָסטע געהערט וועגן דעם טויט פון דעם אַרבעטער, דעם הונט באַ דער טיר האָט ער אָבער אַליין באַמערקט. האָט ער גערעדט צו אים און געטרייסט אים, ווי מ'טרייסט אַ מענטשן און אַ פּאָר מאָל מיטגענומען מיט זיך פון רעסטאָראַן ביינער פאַר דער עלנדער בריאה. דער הונט האָט דערפילט אין אים אַ פריינט און האָט זיך צוגעבונדן צו אים. ער האָט אים אָנגעהויבן נאָכצוגיין אין הויז אַריין און האָט ניט געוואָלט אַרויסגיין פון זיין צימער. ער איז געווען ריין, דער הונט, און ציכטיק און אויגן האָט ער געהאַט טרויערי־

קע, האָט באַראַש געקראָגן רחמנות אויף אים און האָט אים ניט געקאָנט פאַרטרייבן פון זיך. דער אַלטער מעקגווייער האָט אָבער פיינט געהאַט הינט און האָט ניט געוואָלט ליידן, וואָס דער הונט דרייט זיך אַרום אין הויז און ווען באַראַש האָט דערציילט סטעלאַן וועגן הונט, האָט זי פאַר־געשלאָגן, אַז ער זאָל אים ברענגען צו איר.

דער הונט איז נאָכגעגאַנגען באַראַשן טראָט נאָך טראָט. און באַ־ראַש האָט געטראַכט, אַז אַ הינטישע נשמה האָט עפּעס מענטשלעכעס אין זיך, און אַז די פריינדשאַפט צווישן מענטש און הונט קאָן זיין טיף עמאָ־ציאָנעל און אפילו פול מיט געדאַנקלעכן אינהאַלט.

סטעלאַ האָט אים געזען פון פענצטער אָנקומען מיטן הונט, איז זי אים אַנטקעגנגעגאַנגען.

— אָט דאָס איז ער? — האָט זי געפרעגט און האָט זיך צוגע־בויגן צום הונט.

— דאָס איז ער.

— ווי רופט מען אים?

— ווי מ׳רופט אים? . . . — האָט באַראַש געפרעגט און גע־קוקט אויף די ליניעס פון איר קערפּער, וואָס האָבן זיך רעליף אויסגע־טיילט אין דער האַלב־דורכזיכטיקייט פון איר טוניק — די גאַס רופט אים פילאַ.

— ער קוקט אויף אונדז אַזוי קלוג און מיר דאַכט זיך אַביסל פאַר־שעמט, גלייך ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען, אַז מיר רעדן פון אים — האָט סטעלאַ געגלעט דעם הונטס פעל.

— אַ הונט איז ווי אַ מענטש — אָן אַ האַר איז ער פאַרלוירן — האָט באַראַש אַ שפּאַס געטאָן איראָניש.

— נו, גוט — האָט סטעלאַ געזאָגט. — לאָמיר אַריינגיין, וועלן מיר אים מכבד זיין מיט עפּעס.

סטעלאַ פאָראויס, און באַראַש נאָך איר, און דער הונט נאָך באַ־ראַשן זענען אַריינגעגאַנגען אין הויז. סטעלאַ האָט אַרויסגענומען פון פרידזשידיר אַ טעלער מיט פלייש און צוגעטראָגן עס צום הונט. דער הונט האָט אַ קוק געטאָן אויף באַראַשן, ווי אָנפרעגנדיק זיך צי ער מעג עסן און גענומען שטילן זיין הונגער.

באַראַש האָט געקוקט אויף סטעלאַן און אין געדאַנק האָט ער זי צאַרט געדריקט צו זיך.

— וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר? — האָט זי געפרעגט.

— עס חלומט זיך מיר עפּעס . . .

— אָ . . . —האָט זי בלויז געזאָגט און געקוקט אויף אים און געוואַרט, אַז ער זאָל נאָך עפּעס זאָגן. ער האָט אָבער מער גאָרניט גע־

זאָגט. פאַררויכערט זיין פאַרלאָשענע ליולקע און געקוקט ווי דער רויך שפּרייט זיך ווי אַ בלויער גייסט אין צימער.

גערסאָן איז אַריינגעקומען פון זיין שפּאַציר און ער האָט זיך אויך דערפרייט מיטן הונט, גענומען רעדן צו אים, געגעבן שלום, געקראַצט אונטערן אויער און אָנגעהייבן דערציילן מעשיות וועגן הינט, וועגן זייער שכל און געטריישאַפט.

ס'איז באַך געווען פרי אין אָוונט. דורכן פענצטער האָט זיך געזען די בלויקייט פון די בערג. און עס האָט אַ צי געטאָן באַראַשן צו גיין, צו וואַנדערן; צו פליען מיטן געדאַנק און מיט דער נשמה צו ווינטיקער ווייטקייט. ער האָט זיך אַ הייב געטאָן, ווי אונטערגעטריבן פון געדאַנק.

— איך גייט שוין? — האָט סטעלאַ געפרעגט פאַרוואונדערט.

— איך ווייס ניט . . . עפּעס ציט . . . עס וואָלט גוט געווען צו גיין. קומט, איר ווילט גיין?

— וואוהין?

— וואוהין די אויגן וועלן טראָגן.

— איך בין גרייט צו ריזיקירן — האָט זי געענטפערט, ווי אָנגערעגט מיט זיין ווינטיקייט.

זי האָט אַרויסגענומען פון דעם אַלקערל אַ לייכטן וואָלענעם מאַנטל, אַרויפגעוואָרפן אים אויף די פּלייצעס און צוגעגאַנגען צום פאָטער:

— ווילסט אפשר אויך גיין מיט אונדז, פּאַ?

— ניין, איך וועל בלייבן אין הויז, וועל פאַרברענגען מיטן כלב.

באַראַש און סטעלאַ זענען אַרויסגעגאַנגען. עס איז געווען שטיל אַרום. עס האָט געשמעקט מיט זשאַסמין. אינדערוויטנס, אין דער בלויקייט פון פאַלנדן אָוונט, האָט ווי אַ רויט אויג געקוקט דער עלעקטרישער שילד פון דעם קינאָ־טעאַטער.

זיי זענען געגאַנגען מיט רואיקע, לאַנגזאַמע טריט. פאַרבייגעגאַנגען אַ פּאָר זייטיקע געסלעך, אַריינגעקוקט דאָ און דאָרט אין די אָפענע, באַלויכטענע פענצטער, רעאַגירט אויף די בילדער און קלאַנגען, אויף דעם געזאַנג און געוויין, וואָס האָט זיך געטראָגן ווי דורך אַ סורדינע פון דער אָנקומענדיקער נאַכט.

— איך וואָלט געקאָנט אַזוי גיין און גיין ביז פאַרטאָג — האָט זי געזאָגט.

— וועלן מיר גיין — האָט ער געענטפערט און צוגעצויגן זי נענטער צו זיך.

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין אויף דער סטעזשקע, וואָס האָט געפירט אַרויף. זיי האָבן געשוויגן, אָבער דער שאָרך פון די בלעטער אונטער די פיס האָט גערעדט מיט דער שפּראַך פון וואַלד. די לופט איז געוואָרן

קילער און אין דער קילקייט האָט סטעלאַס נאָענטקייט געוואָרעמט און עלעקטריזירט באַראַשעס קערפּער. אַלץ העכער און העכער האָבן זיי געשטיגן, געגאַנגען, ווי טראַגנדיק מיט זיך אַ סוד. געגאַנגען, ווי גע־רופן פון דער נאַכט, און פון דעם באַרג און פון די ביימער, דורכצופירן אַ מיסטישע מיסיע. און פּלוצים זענען זיי געבליבן שטיין. די סטעזשקע האָט זיי צוגעפירט צום ברעג פון אַ שטיינערנער סקאַלע. אונטן איז געלעגן די טיפעניש און העכער האָבן ווידער סקאַלע אויף סקאַלע געפּו־רעמט ריזיקע טרעפּ צום שפּיץ פון באַרג. אַרום און אַרום זענען אַלטע, ריזיקע ביימער געשטאַנען ווי פּאַרכישופטע, מאָנסטערהאַפטע וועכטער און געהיט די סודות פון דעם באַרג, דעם סוד פון אייביקייט.

באַראַש און סטעלאַ זענען געשטאַנען אַרומגענומען, פּאַרגאַפטע. דורך דער זיידענער דינקייט פון איר טוניק האָט ער געפילט די וואַרעמע גלאַטקייט און שטייפקייט פון איר קערפּער. ער האָט געשוויגן און גע־קוקט אויף די שטערן אין הימל.

— אין אַזאַ נאַכט קאָן מען זען, אַז דאָס לעבן איז פאַרט פול מיט שענקייט און מיט צויבערלעכער האַרמאָניע — האָט ער געזאָגט.

— מיר וואָלטן באַדאַרפט קומען אַהערצו אָפטער, אויב אַזוי — האָט זי געענטפערט.

— וועלן מיר קומען אָפטער . . .

— איר זענט היינט, זע איך, גרייט איבערצוגעבן זיך צום לעבן מיט עפּעס אַ פּאַטאַליסטישן גלויבן . . . איז דאָס בלויז אַ שטימונג אַזאַ ?

— ס'איז די נאַכט און דער באַרג און דו . . . — איז ער פּלו־צים איבערגעגאַנגען אויף „דו".

זי האָט אַ זיפץ געטאָן און אירע פינגער האָבן נערוועז אַ צוק גע־טאָן אין זיין האַנט.

— דיינע פינגער האָבן איצט גערעדט . . .

— מיינע פינגער רעדן בעסער די שפּראַך פון מוזיק . . .

— איך הער ווי עס זינגט אין אונדז יעדער גליד, יעדער טראָפּן בלוט, יעדער אָטעם דאָס געזאַנג פון דער נאַכט . . . דאָס געזאַנג פון דעם באַרג . . .

— איך הער אויך.

ער האָט זי צוגעדריקט צו זיך און געמאַכט מיט איר אַ פּאָר שפּאַן צום סאַמע זוים פון דער סקאַלע:

— אַך, ווען מיר וואָלטן געקאָנט פליען . . . אָט אַזוי, אָן פליגל...

— ווען עס וואָלט געווען נאַטירלעך, וואָלטן מיר עס ניט גע־שעצט . . .

— איך פיל עפּעס אַ צוגעבנדנקייט צו דעם באַרג, סטעלאַ . . .

איך ווייס ניט פאַרוואָס, אָבער . . . עס וואָלט זיך מיר געוואָלט צוגע־קוועטשט ווערן צו אים מיט קייטן, ווי פּראָמעטעאוס . . . און שטאַרבן דאָ און ווידער ווערן געבוירן . . .

— איר זענט פול מיט ווילדע פּאָעטישע שטימונגען, איר זענט אַ פּראָמעטעאוס אין לעבן און איר זענט צוגעבונדן צו עפּעס מיט קייטן, און איר שטאַרבט און איר ווערט ווידער געבוירן און . . . לאָמיר גיין ראַש . . . צוריק . . . אַראָפּ צו רעאַליטעט . . .

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר, ניט וויסנדיק ווי צו נעמען אירע ווערטער.

— אַראָפּ . . . צוריק ?

— יאָ . . .

— אַזוי גיך ?

— עס וואַכט דאָ די אייביקייט, אָבער . . . ניט אונדזערע . . .

— נו גוט, לאָמיר גיין.

ער האָט זי געפירט אַראָפּ לאַנגזאַם, אַלץ פילנדיק איר ציטערדי־קייט נאָענט צו זיך . . . און ווען זיי זענען שוין געווען באַ די פיס פון באַרג, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט מיט איר, אַרויפגעקוקט און ווידערהאָלט אירע ווערטער :

— עס וואַכט דאָרט די אייביקייט, אָבער ניט אונדזערע . . . גוט געזאָגט, סטעלאַ . . .

און געטראַכט האָט ער :

— איך וואָלט אָבער געקאָנט פאַרבינדן דאָרט מיין רו און מיין אייביקייט מיט דער רו און אייביקייט פון באַרג — אין טויט . . . אין אייביקן טויט . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

יולי איז אַוועק. די אויגוסט טעג האָבן געזונגען אין באַראַשעס אויערן מיט כל־נדרי ניגונים. די אַרבעט אין דער פאַבריק איז געפאַלן יעדן טאָג מיט שווערער לאַסט. ניט אַזוי די אַרבעט, ווי די ניי־געשאַ־פענע אַטמאָספערע פון שנאה אַרום, דאָס קרומע שמייכלען פון דזשאַנ־סאַנען און פון בלעקן, זייערע גיפטיקע באַמערקונגען, זייערע אָפטע פאַר־טשעפּעונישן מיט אַנאַטאַלן — דאָס אַלץ האָט געטריבן באַראַשעס בלוט ווי אין שטורעמדיקן גאַלאָפּ.

ס'איז געווען אַ וואָלקנדיקער אָוונט, ווען ער און אַנאַטאָל האָבן זיך געטראָפן נאָך דער אַרבעט באַם טויער.

— אויב איר ווילט, ראַש, קומט צו צו מיר שפּעטער — האָט אַנאַטאָל געזאָגט. — איך האָב דערהאַלטן אַ פּאָר אינטערעסאַנטע בי־

כער, וועל איך זיי אייך געבן צו לייענען און מיר וועלן דערנאָך נעמען אַ שפּאַציר צו סטעלאַן.

— גוט — איז באַראַש באַשטאַנען.

אַנאַטאָל איז אַהיימגעגאַנגען און באַראַש איז אַריינגעגאַנגען אין אַ רעסטאָראַן אָפּעסן. און דערנאָך, ווען ער איז אַהיימגעקומען, האָט ער זיך אָפּגעוואַשן, אַנידערגעלייגט זיך אָפּצורוען, אָבער, ניט קאָנענדיק איינליגן פון דער וויבּרירנדער נערוועזיטעט, איז ער אויפגעשטאַנען און געלאָזט זיך גיין צו אַנאַטאָלן.

אַנאַטאָל האָט שוין געוואַרט אויף אים. אין צימערל איז געווען שטיל. זיינע באַלעבאַטים זענען ערגעץ אַוועקגעגאַנגען און ער איז גע־ווען אַליין. ער האָט געוויזן באַראַשן די ניי־אָנגעקומענע ביכער, גע־לייענט דאָ און דאָרט אויסצוגן פון זיי און קאָמענטירט און געפרייט זיך, ווען ער האָט אָנגעטראָפן אַ טרעפלעכן געדאַנק און אויסדרוק. זיי האָבן גערעדט, געררויכערט און פאַרגעסן אין דער צייט.

אָבער ווען באַם פענצטער האָט זיך פּלוצים צעטראַמאַסעט דער מאָטאָר פון אַן אויטאָמאָביל, האָט באַראַש אַ קוק געטאָן אויף דעם זייגער און דערזען, אַז ס׳איז שפּעט.

— שוין צו שפּעט צו גיין איצט צו סטעלאַן — האָט אַנאַטאָל באַמערקט.

— יאָ, צו שפּעט . . . — האָט באַראַש צוגעגעבן און דער גע־דאַנק האָט גערופן אַהיימצוגיין.

אָבער אין דער רגע האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין דער טיר, צום ערשטן שטיל, דערנאָך שטאַרקער. אַנאַטאָל איז געגאַנגען עפענען. און ווען באַראַשן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט געהערט אַ מאָדנעם, פאַרשטיקטן אויסגעשריי, האָט ער זיך אויך געלאָזט גיין צו דער טיר. אַרויסגייענדיק פון צימער אין קאָרידאָר אַריין, האָט ער דערפילט אַ קלאַפּ אין קאָפּ און אין די אויגן האָבן שוואַרץ־רויטע פלעקן, ווי שניידנדיקע פליגל פון פייגל, פאַרדעקט זיין מח . . .

ווען דער באַוואוסטזיין האָט זיך אומגעקערט צו אים, האָט ער דערפילט, אַז זיין מויל איז פאַרשטאָפּט און די אויגן פאַרבונדן; און אָפּגעריסענע ווערטער און פראַזן האָבן געציטערט אין די אויערן צוזאַמען מיט דעם ציטער פון דעם אויטאָ־מאָטאָר. ער האָט שוין געקאָנט נאָכ־פאָלגן דעם לויף פון דער מאַשין, וואָס האָט זיגזאַגירט איבער די געסלעך. עס איז געווען ענג אין מאַשין, דער ריח פון גאַזאָלין און בראַנפן האָט געשטיקט און דאָס בלוט אין די שלייפן האָט געקלאַפּט ווי מיט האַמערס. עס איז אַוועק, ווי עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַ האַלבע שעה כמעט און מיטאַמאָל איז דער אויטאָמאָביל געבליבן שטיין. ער האָט דערפילט ווי

צווייַ הענט האָבן אים אַ שלעפּ געטאָן און גענומען שטופּן פאָראויס. ער האָט געהערט ווי אַנדערע פּאַלגן אים נאָך און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז גלייך הינטער אים פירט מען אַנאַטאָלן. עס האָט זיך געעפנט אַ טיר, דערנאָך נאָך אַ טיר . . . אַראָפּ . . . אַראָפּ אין אַ קעלער. עס האָט אַ שלאָג געטאָן אין דער נאָז אַריין דער ריח פון ביר און זויערקייט און אַ שטאַרקע האַנט האָט געריסן די שמאַטע פון זיינע אויגן און פון זיין מויל און אין דער פאַרנעפּלדיקייט פון בליק, האָט ער אונטער דעם בלאַסן ליכט פון עלעקטרישן לעמפּל, דערזען לעבן זיך דאָס צעשלאָגענע פּנים פון אַנאַטאָלן און ווייטער אַביסל אין דער טיפקייט פון קעלער — דריי פאַרשווינען, אָנגעטאָן אין רעגנמאַנטלען מיט די קאַפּושאָנען איבער די קעפּ, די פּנימער פאַרדעקט מיט פאַטשיילעס, בלויז די שיכורע אויגן האָבן אַרויסגעקוקט ווי אויגן פון בייזע חיות.

איינער פון די דריי האָט געעפנט דאָס טירל פון אויוון און דער ריוטער זשאַר און פלאַם האָט אַ וואָרף געטאָן שאָטנס, וואָס האָבן אויסגעזען ווי שוואַרצע, ציטערדיקע ראַצן אויף די שמוציקע ווענט. די דריי האָבן זיך דערנענטערט און אין באַראַשעס אויערן האָט פּלוצים אַ געשריי געטאָן דאָס צעריסענע העמד אויף זיין לייב און איבער דער נאַקעטער פּלייצע זענען זיך צעלאָפן קאַלטע שטראָמען. ציטערדיקע ווערטער האָבן זיך געריסן פון זיין פאַרטריקנטן האַלדז און זענען ווי פאַרברענט געוואָרן אין מויל.

— טו זיך אויס! — האָט ער דערהערט, ווי איינער שרייט צו אַנאַטאָלן — טו זיך אויס!

אַנאַטאָל האָט זיך ניט גערירט פון אָרט.

— טו זיך אויס! — האָט אַ רעווע געטאָן דער צווייטער און, אָנכאַפּנדיק אַנאַטאָלן באַ די האָר, האָט ער גענומען שלאָגן אים מיטן פויסט אין פּנים אַריין.

דער דריטער האָט מיט רציחה גענומען אַראָפּרייסן פון אַנאַטאָלן די קליידער און געוואָרפן זיי שטיקערווייז אין אויוון אַרייַן. אַנאַטאָל איז געבליבן שטיין אַ נאַקעטער אונטער דעם פלאַם פון אויוון און די באַקעטקייט זיינע האָט באַראַשן מאָדנע פאַרוואונדערט. אויסטערליש, פאַנטאַסטיש און שרעקלעך האָט גענומען אויסזען דער קעלער און די מענטשן און אַנאַטאָל, און דער ברענענדיקער אויוון, און די שאָטנס אויף די ווענט. ער האָט געוואַרט, אַז אָט, אָט דאַרף אין דעם משוגענעם חלום עפּעס אַזוינס געשען, וואָס איז נאָך קיינמאָל ניט פאָרגעקומען. עפּעס אַזעלכעס, וואָס קומט פון כף־הקלע, פון איבערטייוולישער קראַפט.

זיי האָבן געלאַכט. און דער געלעכטער האָט געקילט ווי מיט קאַלטע ווינטן. ער האָט דערזען ווי אויסגעקרימטע, גראָבע פינגער, מיט

שמוציקע נעגל קריכן ווי פאַרשפּיצטע קלינעס אין אַנאַטאַלס לייב אַריין. יעדער אבער זיינער האָט געציטערט אַ פאַרשעמטער אין דער מאַכטלאָזי־קייט . . . די צוגעהאַלטענע הענט זיינע האָבן זיך קאָנוואולסיוו געדרייט אין פּיין און די פיס זיינע, אָפּגעשוואַכטע, האָבן געשלאָגן ווי אין שטיי־נערנע סקאַלעס אין די קערפּערס פון זיינע פּייניקער.

באַראַשעס אויגן האָבן עס געזען און ניט געזען, און די אויערן זיינע האָבן געהערט און ניט געהערט. דער דיקער, הויכער טייוול האָט גע־שאַרט מיט דעם אייזערנעם שטאַנג די קוילן אין אויוון און דער שטאַנג, ווי אַ שלאַנג מיט אַ רויטן, פייערדיקן קאָפּ, אַ שלאַנג מיט אַ שיפּענדי־קער פלאַמעדיקער צונג איז געקראָכן צו אנאטאלס קאָפּ . . . און זי האָט זיך איינגעביסן, די שלאַנג, מיט טויזנטער שאַרפע אָנגעגליטע ציין, איינגעביסן זיך אין אַנאַטאָלס שטערן . . . אַהין — אַהער . . . אַהער — אַהין . . . אַ צלם . . . און פון צלם — ציינער אין אַלע פיר זייטן, ציינער פון אַ בלוטיקער סוואַסטיקאַ איבער אַנאַטאָלס צעריסענעם זיפץ און קרעכץ.

אַ פאַרצווייפלטער געשריי האָט זיך מיט זעלבסטאָפּפער אַרויסגעריסן פון באַראַשעס ברוסט און דער גאַנצער קערפּער האָט זיך מיט אַלע פאַר־באָרגענע כחות אַ ריס געטאָן צו די פּייניקער, אָבער אַ זעץ איז געפאַלן אויף זיין פּנים ווי אַ באַרג און דאָס וואַרעמע בלוט האָט אַ שלאָג געטאָן פון אים ווי אַ כוואַליע. רויטע ריטשקעלעך האָבן גענומען רינען פון פּנים צו דער נאַקעטער ברוסט און אַן אויסגעשלאָגענער צאָן האָט זיך ווי אַ גרויסער ביין געשאָקלט אין מויל און געשראָקן. ער האָט אויס־געשפּיגן אַ טייך מיט בלוט און דערהערט ווי עס האָט אַ הירזשע געטאָן אַ געלעכטער . . . און דער געלעכטער שטייגט — בייז, חיהש, גרוי־זאַם . . . און פון געלעכטער רייסן זיך ווערטער מיט בלוטיקע אויגן, מיט שאַרפע, אַרויסגעשטאַרצטע ציין, ווערטער מיט שפּיציקע קעפּ און פלאַכע, חיהשע נעזער . . . ווי די שוואַרצע האַנט פון אַ שד האָט זיך איבערן קאָפּ געדרייט אַ שטיק האָלץ, איינגעטונקען אין דזשעגאַכץ און די האַנט האָט גענומען שמירן, שמירן איבער דעם האַלדז, איבער דער ברוסט, איבער דעם גאַנצן קערפּער — — —

און מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן האָט ער זיך געטראָגן אויף פאַר־חלשע געדאַנקען און מער גאָרנישט ניט געזען און מער ניט געהערט, גאָרניט . . . גאָרניט . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

אין די גרויען שויבן האָט געקלאַפּט אַ רעגן און אין צימער זענען, דאַכט זיך, געווען מענטשן און ניט געווען. עס האָבן זיך געהערט שטילע

ווערטער און עס האָבן זיך ניט געהערט . . . עמיצער האָט געקוקט אויף אים און אפשר האָט קיינער ניט געקוקט. אַזוי פיל אויגן, אַזוי פיל לאָמפּן, וואָס בליצן אַרום . . . און אויוונס, וואָס זשאַרען, און שלאַנ־גען מיט ברענענדיקע קעפּ, וואָס שיפּען, שיפּען . . . און מיטאַמאָל ווערט טונקל און עס ווערט שטיל, שטיל . . . ער ליגט, דאַכט זיך, אויף דער ערד . . . די ערד איז אָבער ווי אַ גוטע מאַמע . . . און אַרום אים שטייען מענטשן, פרעמדע מענטשן און זיי בייגן זיך אָן איבער אים און רעדן צו אים און פרעגן אים עפּעס . . . און ער קוקט אויף זיי, און ער ווייסט ניט ווער זיי זענען און וואָס זיי פרעגן און וואָס זיי ווילן. און פּלוצים צעפּלאָקערט זיך ווידער אַ גרויסער, ריזיקער אויוון און שוואַרצע מענטשן מיט ברענענדיקע סוואָסטיקאַס אויף די שטערנס וואַרפן אים איינער צום צווייטן . . . און ווידער ווערט שטיל . . . און ער עפנט די אויגן און ער זעט ווענט . . . און ער הערט אַ פרויענ־שטימע: ראָש . . . ראָש . . . די שטימע איז ווי אַ זיסער ניגון, וואָס ציט, ציט . . . ציט אין שלאָף אַריין . . . דער קאָפּ ליגט ווי געשמידט אין רייפן . . . ער וויל אויפהייבן די האַנט . . . צורירן זיך, וויסן . . . די האַנט בלייבט אָבער ליגן אַ מאַכטלאָזע . . . און אַ הונט . . . יאָ, אַ הונט שטייט לעבן אים, לעבן זיין געלעגער און לעקט און קושט זיין אָפּגעשוואַכטע, דאַרע האַנט . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווען די פולע באַוואוסטזיניקייט האָט זיך אומגעקערט צו באַראַשן און ער האָט רעאַליזירט, אַז דאָס צימער וואו ער געפינט זיך, איז סטע־לאַס צימער און דאָס בעט איז סטעלאַס בעט און די פרוי, וואָס האָט אין זיין האַלב באַוואוסטלאָזן צושטאַנד געקילט זיין הייסן שטערן מיט אירע קאַלטע פינגער איז זי, סטעלאַ. ווען ער האָט דאָס אַלץ רעאַליזירט, איז שוין פאַרביי דריי טעג און דריי נעכט פון יענער באַכט אָן.

סטעלאַ האָט אים ניט געלאָזט רעדן און טראַכטן פון יענער נאַכט. שפּעטער . . . — האָט זי אים געזאָגט — שפּעטער . . . די טעג זענען געווען רעגנדיקע און כמורנע און אָפּט, איינשלאָפנדיק, האָט ער ווי אין אַ חלום געהערט ווי מענטשן רעדן — פרעמדע מענטשן . . . קו־מען און גייען . . . און ערשט אויף דעם פערטן טאָג האָט אים סטעלאַ געזאָגט, אַז די מענטשן האָבן זיך אים ניט געחלומט, אַז דאָס זענען געווען דעטעקטיווס פון דער פּאָליציי און זיי האָבן פּרובירט אויספרעגן אים, אויסגעפינען, ווער עס האָט געמאַכט דעם מערדערלעכן אָנפאַל אויף אים און אויף אַנאַטאָלן. אָבער אויף זיינע פראַגן וועגן אַנאַטאָלן האָט אים סטעלאַ בלויז געזאָגט, אַז אַנאַטאָל איז אין האָספּיטאַל אין אַ קריטישן

צושטאַנד. אָבער אין דעמזעלבן טאָג, פאַרנאַכט, איז ווידער געקומען אַ דעטעקטיוו און באַראַש האָט אויסגעפונען, אַז אַנאַטאָל איז טויט — דער־מאָרדעט . . . אַז מ׳האָט זיי ביידן, אים און אַנאַטאָלן, געפונען אין פעלד. אַנאַטאָלן אַ טויטן און אים אין אַ באַוואוסטלאָזן צושטאַנד. אין זיינע, אין באַראַשעס הויזן, האָבן זיי געפונען די ערשטע זייט פון דער יידישער צייטונג מיט געראַנס נאָמען און אַדרעס. האָבן זיי אים געבראַכט צו סטעלאַן.

אָבער ערשט איצט האָט זיך פאַר באַראַשן אָנגעפאַנגען דער פּיין פון גייסט. ער האָט באַדאַרפט ענטפערן אויף פאַרשידענע פראַגן און זיי האָבן אים גענומען צום האָספּיטאַל מאַרג אויף אַן אויספאָרשונג. און אויף אַלע פראַגן וועגן זיין אַרבעט אין פאַבריק און וועגן זיין פאַרגאַנ־גענהייט האָט ער מיט אָפטער צעטומלעניש אימפּראָוויזירט צוגעטראַכטע ענטפערס. וועגן אַנאַטאָלן האָט ער זיי דערציילט, וואָס ער האָט גע־וואוסט, ניט דערמאָנענדיק וועגן זיינע אָנשויאונגען און צילן אין לעבן. דערציילט זיי וועגן דעם געשלעג אין דער פאַבריק און דערנאָך, אין דער אָנוועזנהייט פון דזשאַנסאַנען און פון בלעקן, ווידערהאָלט דאָס דער־ציילטע. ער האָט אָבער ניט פּרובירט צו באַשולדיקן עמיצן, אפילו ווען ער האָט געטראָגן אין זיך דעם חשד, אַז דזשאַנסאָן און בלעק זענען גע־ווען, אויב ניט די אויספירער, איז זיכער די אינסטיגאַטאָרן פון אַנאַטאָלס מאָרד. ער האָט אָבער געשוויגן, באַראַש. ער האָט געוואוסט, אַז די גערעכטיקייט אין ניו־פאָרט וועט סיי ווי דערדריקט ווערן און דער איינ־ציקער וואָס וועט ווידער ליידן און אויפגעדעקט ווערן, וועט זיין ער אַליין באַראַש—ראָש.

די אַדמיניסטראַציע פון דער פאַבריק, ווי באַראַש און געראַנס האָבן פאַרשטאַנען, האָט געטאָן אַלץ צו פאַרווישן דעם אינצידענט און בלויז באַ באַראַשן איז פאַרבליבן די טיפע פיינלעכע שטימונג און צעדו־דערטקייט פון גייסט און אויף דעם שטערן אַ טיפער, בלוטיקער צייכן פון צעגלייטן אייזן.

אין דער פאַבריק איז ער מער ניט געגאַנגען. די טעג האָט ער פאַרבראַכט אַליין באַ זיך אין צימער און די נעכט באַ סטעלאַן. ער האָט געפילט, אַז ער איז קראַנק. אַז ער איז אויסגעהוילט, אויסגעליידיקט געוואָרן און איז געבליבן אָן לעבנסזאַפט, אָן ענערגיע און אָן ברויזנדן, וויבּרירנדן ווילן צו שאַפן און לעבן. פאַרבלייבנדיק אַליין האָט ער גע־קוקט אין שפּיגל אויף דעם שראַם און אויף דער צעשפּאָלטענער, נאָך ניט פאַרהיילטער ליפּ און אין מח האָבן געשפּרונגען געדאַנקען ווי שפּי־זיקע מעסערס, געדאַנקען וועגן נקמה, נקמה ניט נאָר פאַר זיך, נאָר פאַר די אַנאַטאָלס, פאַר די מיכלס, פאַר די יידן, פאַר די מענטשן, וואָס גיבן

אַוועק דאָס לעבן צוליב גערעכטיקייט און שלום אויף דער וועלט. און, זיצנדיק מיט סטעלאַן און הערנדיק ווי זי רעדט מיט מוטערלעכער רו־איקייט און פּרוואווט פירן זיינע געדאַנקען ווייט, ווייט פון דער שוואַר־צער נאַכט, האָט ער געהערט אירע רייד, אָבער אין זיין אונטערבאַוואוסט־זיין, ערגעץ הינטער זיינע אויגן, האָבן אַנדערע, פרעמדע אויגן געקוקט און געזען זאַכן, וועלכע האָבן געשוועבט אין אַ סורעאַליסטיש־פאַנטאַס־טישן מישמאַש . . . און אָט יענע, די צווייטע, די אַנדערע אויגן זיינע זענען געווען די באַדינער פון די געדאַנקען, וואָס האָבן פיבעריש־קראַנק, נערוועז און כאַאָטיש פלאַנירט, פלאַנירט אָן אַ פּלאַן . . .

און ווען עס זענען אַוועק אַ פּאָר וואָכן און דאָס לעבן האָט אָנגע־הויבן ביסלעכווייז צו מאָנען און פאָדערן די צינזן, וואָס אַ לעבעדיקער מענטש דאַרף בייטראָגן אין לעבן, האָט ער איינמאָל אין אַן אינדערפרי גענומען זיין קעסטל מיט פאַרבן און איז אַוועק צום בריק, צו זיין אַמאָ־ליקן פּלאַץ, צו מאָלן.

אָקטאָבער האָט געבלאָזן מיט שטימונגען. די נעכט זענען געווען אומרואיקע, שלאָפלאָזע און לאַנגע. באַראַש האָט וויברירט מיט אַלע נערוון. אַליין, באַ זיך אין צימער — האָט געצויגן צו סטעלאַן. באַ סטעלאַן — האָט אין אומרו, געצויגן צוריק, ערגעץ אַנדערש — וואו־הין האָט ער ניט געוואוסט. באַנאַכט האָט ער גערופן אַדאָס געשטאַלט, ווי מ׳רופט אַ גייסט און גערעדט צו איר, אָבער די רייד זענען געפאַלן אָן ציל, ווי אָפּגעריסענע בלעטער פון די ביימער. און ווען ער האָט געטראַכט פון עוואַן, איז זי נאָך אַלץ געשטאַנען פאַר זיינע אויגן, מיט איר דין פּנים און מיט אירע שוואַרצע, לאַנגע ברעמען, ווי אַ ווייסע, דינע ליליע. מאָמענטנווייז האָט ער געפילט, ווי צו מאַכן אַ סוף צו די פאַר־פלאָנטערטע טעג זיינע. ס׳האָט געצויגן צוצוגיין צו סטעלאַן, אַנידער־זעצן זיך לעבן איר און דערציילן איר וועגן זיך . . . דערציילן אַלץ, אַלץ, וואָס עס וואָלט זיך אַנטפּלעקט פון אים. ער האָט אָבער געוואוסט, אַז דאָס וועט קיינמאָל ניט געשען. ניט ער איז דער מענטש צו לאָזן פריי די צונג וועגן זיך. אָבער איינמאָל, אין אַן אָוונט, זיצנדיק לעבן איר און גלעטנדיק דעם הונט, האָט ער געזאָגט:

— איך דערמאָן זיך ווי אַזוי פילאָ איז געלעגן צוויי טעג באַ דער טיר נאָך דעם טויט פון זיין באַלעבאָס און איך וואונדער זיך צי עמיצער וועט אַמאָל אויפנעמען מיין אָפּשייד אָט אַזוי, ווי דער הונט האָט עס אויפגענומען.

— אויב דער עמיצער וועט האָבן אַ הינטישע נשמה ווי פילאָ האָט, וועט ער מסתמא אויך אַזוי אויפנעמען אייער אָפּשייד — האָט סטעלא אַ שפּאָס געטאָן.

— סטעלא . . . דו ווערסט ציניש . . . — האָט באַראַש אַ דריק געטאָן איר האַנט.

— איך וואונדער זיך אָפּט צי ס'איז ניט בעסער צו זיין ציניש, איידער ר'עזערווירט און איידל.

— וואָלסטו געטרויערט נאָך מיר, ווען . . .

— אָ, רעדט ניט דערפון . . . — האָט זי פאַרשטעלט זיינע ליפּן מיט די פינגער — ס'איז ניט נויטיק צו רעדן וועגן טויט.

— אַז מ'האָט מורא פאַרן טויט, מיידט מען אויס צו רעדן וועגן אים. איך פיל אָבער עפּעס אַזאַ נאָענטקייט צו אים, אָט ווי מ'דערפילט די נאָענטקייט פון דעם אָקעאַן, אָדער דאָס אָנקומען פון אַ שטורעם. און ס'ווילט זיך אָפּט וויסן, ווי אַזוי דיינע נאָענטסטע וועלן רעאַגירן אויף דיין טויט און ווי אַזוי די וועלט וועט אויסזען אָן מיר.

— איך האָב געטראַכט . . . — האָט סטעלא געזאָגט — אַז ווען מ'געפינט ניט באַ אייך די צייטונג מיט אונדזער אַדרעס, וואָלט מען אייך אַוועקגעפירט אין האָספּיטאַל און ניט צו מיר . . . צו אונדז . . .

— וואָלט געווען גוט אַזוי . . . קיינער וואָלט ניט געוויינט איבער מיר, און קיינער וואָלט מיך ניט באַגלייט און קיינער וואָלט ניט געשטאַנען איבער מיין קבר . . . וואָרן צו וואָס דאַרף אַ טויטער מענטש אַ קבר? איך וואָלט ניט געוואָלט קיין קבר און איך וואָלט ניט געוואָלט קיין מצבה. אויב מיין גייסט וועט ווערן אַ טויטער ווי דער קערפּער מיינער, טאָ ווער דאַרף אים? און אויב מיין גייסט וועט בלייבן אַ לעבעדיקער און בלויז דער קערפּער וועט אויפגעפרעסן ווערן פון ווערים, וועט דען מיין גייסט שטיין דעמאָלט באַם קבר און וועט היטן דעם צעפוילטן, צעפרעסענעם קערפּער? טאָ צוליב וואָס אַ קבר און אַ מצבה? צוליב די איבערגעבליבענע? צוליב די מענטשן? אָך, אויך זיי און איעדע זאַך וואָס לעבט, וועט ווערן צו שטויב . . . און די מצבה . . . די מצבה איז דער גרעסטער ליגן, די אומבאַוועגלעכסטע, קאַלטע אילוזיע מיט וועלכער די לעבעדיקע פאַרדעקן דעם באַנקראָט פון דעם פאַרשפּילטן שפּילער . . .

— אייער טיראַדע איז זייער אַן אינטערעסאַנטע, מיסטער ראַש — האָט סטעלא אַ שמייכל געטאָן. — דאָך וואָלט זיך געוואָלט וויסן צי האָט איר טאַקע אַבסאָלוט קיינעם אין דער וועלט, וועמען איר זענט נאָענט און טייער און וועמען עס אינטערעסירט אייער לעבן און שיקזאַל? האָט איר טאַקע קיינעם ניט? איך האָב אייך קיינמאָל ניט געפרעגט, אָבער געטראַכט האָב איך אַזוי פיל מאָל וועגן דעם.

באַראַש האָט ניט געענטפערט. געגלעט דעם הונט און געקוקט ערגעץ אַ פאַרטראַכטער. און סטעלא האָט געזאָגט:

— אַנטשולדיקט, איך האָב אפשר ניט באַדאַרפט פרעגן. אָבער איר זענט מיר שוין צו נאָענט, צו פּרעטענדירן, אַז אייער לעבן און אַלץ אין אייער לעבן אינטערעסירט מיך ניט.

— איך ווייס עס, סטעלאַ. און גלויב מיר, אַז אָפט קומט מיר אָן אַ געדאַנק צו נעמען און אַריינפירן דיך אין דעם לאַבירינט פון מיין לעבן. און גלייך באַטראַכט איך זיך. מוז מען דאָס טאָן? מוז מען דאָס וויסן? ווען איך וואָלט גאָרניט געוואוסט וועגן דיר, וואָלסטו דען געווען וויניקער ליבלעך און נאָענט צו מיין האַרץ און געדאַנק? צי אפשר מוז איינער וויסן וועגן צווייטן, כדי דאָס וויסן זאָל ווערן די קייט מיט וועלכער זיי זאָלן צוגעשמידט ווערן איינער צום צווייטן? איך ווייס, אַז אין מענטשן לעבט אָט דער וואונטש צו דערגיין ביזן גרונט פון דעם געליבטנס האַרץ, אָבער — עס וואָלט ניט באַדאַרפט זיין אַזוי.

— אפשר וואָלט ניט באַדאַרפט זיין אַזוי — האָט סטעלאַ צו־געגעבן — די מיסטעריעזקייט וואַרפט אָבער אַ שאָטן אויף דעם מענטשנס כאַראַקטער און אַזוי פיל אומקלאָרע געדאַנקען און אפילו אומצוטרוי און עפּעס אַ מורא פיניקן . . .

— ווען דו דערקענסט דעם מענטשן, אָט אַזוי ווי דו אַליין האָסט אים דערקאָנט, און דו הייבסט אָן ליב צו האָבן אים, אָט אַזוי ווי דו האָסט אים ליב און דו בענקסט נאָך זיין נאָענטקייט, וואָס פאַרשאַפט דיר פאַרגעניגן און גליק — דעמאָלט איז דער חשד און די מורא אין שאָטן — דאָס איבעריקע איז אין דעם ליכט.

— און עס הערט זיך ניט דאָס קלינגען פון קיין קייטן . . . איאָ, מיין מיסטעריעזער פריינט?

— און עס הערט זיך ניט דאָס קלינגען פון קיין קייטן . . . — האָט ער זיך צוגעבויגן צו אירע הענט און זיי געקושט מיט ליבשאַפט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

באַראַש האָט געפילט, אַז ער איז קראַנק. די וואונדן אויף דעם שטערן און אויף דער ליפּ האָבן זיך שוין פאַרהיילט, ער האָט אָבער גע־פילט ווייטיקן אין דער ברוסט און אין די זייטן. די טעג זענען נאָך גע־ווען וואַרעמע און טרוקענע, די נעכט אָבער — קילע. דאָס מאָלן פון בילדער האָט אים ווידער פאַרכאַפּט און דער פאַרקויף איז געווען אַ גו־טער. גערסאַן איז לעצטנס אַרומגעגאַנגען אַ שווייגנדיקער און אפילו אַ טרויעריקער. און ווען באַראַש פלעגט אַריינקומען אין הויז, האָט ער אים, ווי פריער, אַרויסגעוויזן פריינדשאַפט, די ווערטער זיינע זענען אָבער געווען ווי אָנגעלאָדן מיט גלייכגילטיקייט. און איינמאָל, ווען באַראַש האָט אים באַגלייט צו דעם אַפּטייקער, האָט גערסאַן אַ זאָג געטאָן:

—איך זע, איר האָט זיך ווידער גענומען צו אייערע בילדער, דענקט איר טאַקע צו בלייבן שוין בײַ דער אַרבעט?

— וואָס איז דער אונטערשייד? — האָט בּאַראַש געפרעגט.

— איר זענט גערעכט, עס מאַכט ניט קיין אונטערשייד . . . און די פראַגע האָב איך אייך געשטעלט מסתמא דערפאַר, ווייל דער גאַנג פון מיינע געדאַנקען האָבן מיך געפירט צו דעם. און געפירט האָבן זיי מיך אָט ווי אַזוי: כ׳האָב אייך געזען רייכערן די ליולקע, וועלכע כ׳האָב אייך געגעבן און איך האָב זיך דערמאָנט אָן די ווערטער, וועלכע כ׳האָב אייך געזאָגט, ווען איך האָב זיי אייך געגעבן. געדענקט איר, וואָס כ׳האָב אייך געזאָגט?

— יאָ, איר האָט גערעדט וועגן . . . ירושה. איר האָט מיר דערציילט, אַז די ליולקע איז איבערגעגעבן געוואָרן פון אייער זיידן צו אייער פאָטער און פון אייער פאָטער צו אייך.

— און פון מיר צו אייך — האָט גערסאן פאַרענדיקט. — כ׳האָב געהאָפט — צו מיין זון. און ווען איך האָב געטראַכט וועגן אייך אַלס מיין זון, האָב איך זיך פאַרגעשטעלט, אַז איר וועט הייראַטן מיט סטעלאַן. דעם אמת זאָגנדיק, ווייס איך ניט, צי איר זענט אַ בחור, אַן אַלטער בחור און צי איר זענט אַ מאלער . . . אָבער פראַגן ציען זיך אין אַ ליניע, איינע נאָך דער צווייטער . . . האָט איר אפשר פאַראיבל אויף מיר פאַר מיין רעדן און פרעגן?

— ניין — האָט אים באַראַש געענטפערט. — איך פאַרשטיי אייך, און איך וועל מאַכן קלאָר פאַר אייך מיין פּאָזיציע, אַזוי צו זאָגן. כ׳האָב זי ליב, סטעלאַן, אָבער צוליב געוויסע אורזאַכן קאָן איך ניט הייראַטן . . .

— ווייסט זי דאָס? — האָט זיך גערסאן אָפּגעשטעלט.

— ניין.

— וועט איר דאָס זאָגן איר?

— ניין. כ׳גלויב ניט, אַז איך מוז און אַז ס׳איז נויטיק צו זאָגן. מיר פאַרשטייען זיך.

— אַ גוטע נאַכט — האָט זיך גערסאן מיטאַמאָל אויסגעדרייט און איז אַוועק פון אים מיט שנעלע טריט.

— אַ גוטע נאַכט — האָט באַראַש געענטפערט, אָבער די ווער־טער זיינע האָבן שוין גערסאַנען ניט דערגרייכט.

אין דעם אָוונט האָט באַראַש פאַרשריבן:

„ . . . כ׳האָב זי ליב, סטעלאַן. כ׳האָב זי ליב פאַר איר שטילן כאַראַקטער, פאַר אירע טאַקטישע, פאַרשטענדלעכע און מענטשלעכע האַנד־לונגען, פאַר איר חוש, פאַר איר שענקייט, פאַר איר שמייכל, פאַר אירע אויגן און פאַר דער ווייבלעכקייט אין איר, וואָס טראָגט אין זיך עפּעס

אַ מין יונגע מוטערלעכקייט. כ׳האָב זי ליב פאַר די מעלאָדיעס, וואָס זענען אין איר, פאַר דער איבערגעבנהייט און געדולדיקייט, פאַר איר צאַרטקייט, פּאָעטישקייט און ליבשאַפט, וואָס איז פריי און ריין ווי די לופט אויף דעם באַרג, פריי, אָבער ניט הפקרדיק . . . כ׳האָב זי ליב...״

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

עס איז געווען אַ רעגנדיקער טאָג, און באַראַש איז ניט אַרויסגעגאַנגען צום בריק אַרבעטן. ער האָט באַשלאָסן צו זיין דעם טאָג מיט זיך אַליין. ניט מאָלן, ניט זען די מענטשן אַרום זיך, ניט רעדן צו קיינעם, אָפּגעבן זיך צו דער רו, צו די געדאַנקען, צו מעדיטאַציע . . . . ער האָט געררויכערט די ליולקע, געטראַכט וועגן גערסאַנס ווערטער און וועגן זיין פּלוצימדיקן און ברוגזדיקן „גוטע נאַכט״. ער האָט אָנגעשטעלט די ראַדיאָ און דאָס צימערל האָט זיך אָנגעפילט מיט סימפאָנישער מוזיק. האָט ער זיך אַנידערגעלייגט און געלאָזט די געדאַנקען וואַנדערן וואוהין און ווי אַזוי זיי ווילן. די מעדיטאַציע זיינע האָט זיך אבער געטראָגן אויף די כוואַליעס פון מוזיק, און שטימונגען, מיט אַלע שאַטירונגען פון די טענער, האָבן זיך געביטן ווי ליכט און שאָטן. די מוזיק האָט אויפגעהערט און ער האָט דערהערט אַנאָנסירן, אַז ס׳וועט רעדן יאָהאַכים. אינסטינקטיוו האָט ער זיך אַ צי געטאָן צו פאַרדרייען די ראַדיאָ, אָבער עפּעס אַ געפיל פון ווילן זיין געפּייניקט, אום צו פאַרשאַרפן דעם אייגענעם האַס, האָט אים אָפּגעהאַלטן. ער איז געלעגן און האָט געהערט ווי יאָהאַכים רעדט. און יאָהאַכימס סאַרקאַזם, און זיין איראָניע און זיין ביטערער הומאָר און אָנצוהערענישן און זיין צעגלידערונג פון דער געזעלשאַפט אין ליכט פון קאַפּיטאַליזם און קאָמוניזם אין שייכות מיטן יידישן גייסט, האָט געהאַלטן באַראַשן ווי אויף אָנגעגליטע קוילן. אויף יעדער פראַזע זיינער האָט ער געענטפערט מיט אַ פראַזע, אויף יעדער פייל, מיט אַ פייל, אויף יעדן קלאַפּ מיטן פויסט, וואָס איז געקומען פון דער ווייטער אומענדלעכקייט, האָט באַראַש געענטפערט מיט אַ קלאַפּ פון פויסט; און מיט אַ צעשטורעמט האַרץ און מיט אויפגעברויזטע בלוטן האָט עמיצער אין אים, ווי אַ דערשטיקטער, געשריען: לינטשן דאַרף מען אים! לינטשן דעם שענדער און פאַרסמער פון רייַנעם מענטשלעכן געדאַנק! לינטשן! אַנאַטאָלס אויגן האָבן געקוקט און אַנאַטאָלס שטימע האָט געשריגן: לינטשן! און ווען ער האָט שוין מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן דעם אויפגעברויזטן האַס, איז ער אויפגעשפּרונגען און אַ נערוועזער פאַרדרייט די ראַדיאָ. אין צימער איז געוואָרן שטיל, אָבער אין די אויערן האָט נאָך געקלונגען יאָהאַכימס מעטאַלענע שטימע און זיין אייגענע, באַראַשעס שטימע האָט געקלונגען אין האַרץ.

דער רעגן האָט ניט אויפגעהערט און די געדאַנקען זענען, ווי פייגל מיט פייערדיקע פליגל, ביסלעכווייז אויסגעלאָשן געוואָרן אונטער דעם מאָנאָטאָנעם וואָלקן־געוויין. די אויגן האָבן זיך צוגעשלאָסן און ער איז פאַרזונקען אין שלאָף און אין שלאָף האָט אַ מיסטעריעזע קראַפט געפירט אים און געפירט . . . און פלוצים דערפירט צו יאָהאַכימען. יאָהאַכים איז געשטאַנען קעגן אים מיט אַ קרייץ אין דער האַנט און געקוקט מיט קאַלטע, מערדערישע אויגן און באַראַש האָט זיך לאַנגזאַם דערנענטערט צו אים. און ווען ער איז צוגעקומען אַזוי נאָענט, אַז ער האָט געקאָנט אָנרירן דעם צלם, האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט און געזאָגט: דאָס איז מיינס . . . דער קרייץ איז דער סימבאָל פון מיין לעבן, ניט פון דיינעם . . . פון מיין גייסט, ניט פון דיינעם; פון מיין וועג, ניט פון דיינעם . . . גיב מיר אָפּ מיין קרייץ. יאָהאַכים האָט מיט אַ טייוולישן געלעכטער אויפגעהויבן דעם קרייץ איבער דעם קאָפּ און דער קרייז איז ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ האַקנקרייץ און פון דעם האַקנ־קרייץ האָבן גענומען רינען טראָפּנס בלוט. און יעדער טראָפּן בלוט איז מיט קלאַנג פון אַ גלאָק געפאַלן אין אַ בעכער, וואָס אַ קניענדיקער טייוול האָט געהאַלטן באַ יאָהאַכימס פיס . . . און אונטער דעם טיפן קלאַנג פון דעם בלוט האָבן פון געסלעך, פון הייזער, אָנגעהויבן צו קומען מענטשן . . . און יעדער מענטש האָט געהאַט אַ פנים פון אַ וואָלף . . . און יאָהאַכים האָט אָנגעוויזן אויף אים, אויף באַראַשן און האָט געזאָגט: אָט דאָס איז ער, וועגן וועמען איך האָב גערעדט צו אייך . . . קוקט זיך איין אין אים, קוקט זיך גוט איין אין די שטריכן פון זיין פנים. טוט אַ קוק ווי הייליק ער זעט אויס, וויפל טרויער עס שוועבט פון זיינע אויגן, און ווי זיינע טרערן גיסן זיך, גיסן זיך ווי בלויע טייכן פון די בערג . . . טוט אַ קוק אויף זיין קאָפּ . . . דאָרט אין קאָפּ ליגט אַ ספר און אין זיין האַרץ ברענט אַ נר־תמיד . . . זיינע פיס זענען מיד . . . ער האָט אָבער אויסגעשפּאַנט מיט זיי אַ וועלט . . . זיינע הענט זענען דין און שוואַך, ער האָט אָבער ווי אַ גבור געטראָגן די שווערסטע קייטן . . . זיין שטימע איז ווייך און ציטערדיק — ער האָט אָבער דערגרייכט מיט איר די גרעסטע הויכן . . . זיין באַקן איז געבויגן, ער טראָגט אָבער אויף אים דעם יאָך פון דער וועלט . . . — גלויבט אים ניט ווען ער שרייט, אַז דער צלם איז זיינער, אַז די ליידן זענען זיינע, אַז דאָס בלוט וואָס רינט, איז זיינס . . . גלויבט אים ניט! שטעמפּלט אים מיט דער התימה פון פייער, בלוט און פאַרניכטונג! שטעמפּלט אים . . . נענטער און נענטער שוועבט צו זיין שטערן דער האַקנקרייץ, און אויסגעקרימטע פינגער מיט שאַרפע נעגל גראָבן זיך איין אין זיין לייב און רייסן . . . רייסן . . . רייסן . . .

— מיסטער ראָש . . . מיסטער ראָש . . .

מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ און ציטערנדיק מיטן גאַנצן קערפּער, האָט באַראַש קוים אויפגעעפנט די אויגן. געלעגן אַ ווײַלע ווי אַ צעריסענער און ביסלעכווײַז געקומען צו זיך. דערפילט אויף זיין אָרעם די מאָגערע און אויסגעדאַרטע פינגער פון דעם אַלטן מעקגווייער.

— מיסטער ראָש . . . איר האָט אַזוי געשריגן . . . פון שלאָף . . . זענט איר אפשר קראַנק?

באַראַש האָט אַ ווײַלע ניט געענטפערט. געקוקט אויף אים מיט רויטע, פאַרבלוטיקטע אויגן און קוים געזאָגט:

— אפשר אַ חלום . . . אפשר . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

און ווידעראַמאָל אין אַן אָוונט, ווען באַראַש איז אַרײַנגעקומען צו סטעלאַן און האָט זיך, ווי געוויינלעך, גלייך אַ וואָרף געטאָן צו דער „צייט“, איז דאָס פּנים זיינס פאַרגאָסן געוואָרן מיט בלוט, ווי אַ זאַמדיקער ברעג פון אַ כוואַליע. ער האָט דערזען דעם נאָמען באַראַש אונטער דעם נאָמען „שטילע נעכט“ און גלייך אונטער זיין אייגענעם נאָמען די שורה: „פאָרוואָרט פון אַדאַ באַראַש“. מיט ציטערדיקע הענט, ניט וועלנדיק אָפּשטעלן זיך אויף דער ערשטער שורה, האָט ער גענומען שטופּן די צייטונג אין דער קעשענע אַרײַן. סטעלא האָט באַמערקט זיין נערוועזיטעט און געקוקט אויף אים אַ פאַרוואונדערטע. זי האָט אָבער גאָרניט געזאָגט.

באַראַש האָט זיך ביסלעכווײַז באַרואיקט. געטרונקען קאַווע, געלאַשטשעט דעם הונט, אָבער ווייניק גערעדט. דערנאָך האָט ער זי געבעטן עפּעס שפּילן און זי האָט געשפּילט פאַר אים מענדעלסאָנס „מעלאָדיעס אָן ווערטער“. ער איז געזעסן אין שטול און געריכערט די ליולקע און די צייטונג אין דער קעשענע איז געלעגן ווי אַ שטורעם, וואָס האָט געריסן, געוואָרפן און געצויגן זיין גאַנצן וועזן. און ווען סטעלא האָט פאַרענדיקט שפּילן און איז געבליבן זיצן בײַ דער פּיאַנאָ מיט צונויפגעלייגטע הענט, אַ שווייגנדיקע און אַ פאַרטראַכטע, האָט ער אַרויסגענומען די ליולקע פון מויל, אַנידערגעלייגט זי בײַם עק פון טיש און איז צוגעגאַנגען צו איר. אַרומגענומען אירע אַקסלען און צוגעדריקט זי צו זיך מיט צערטלעכקייט, וואָס האָט געכוואַליעט מיט טרערן. געלאַשטשעט מיט די ציטערדיקע פינגער אירע באַקן, אַריבערגעבויגן איר קאָפּ צו זיך און געקוקט אין אירע אויגן און מיטאַמאָל, ניט זאָגנדיק קיין וואָרט, האָט ער זי אָפּגעלאָזט און איז מיט שנעלע טריט אַרויס פון הויז.

עס איז געווען ווינטיק און עס האָט אים געטראָגן. דער ווינט פון דרויסן און דער ווינט פון אינעווייניק, און ווען ער איז אַהיימגעקומען, איז ער אויף אַ ווײַלע געבליבן שטיין אינמיטן צימער, האַלטנדיק מיט ביידע הענט דאָס האַרץ, וואו עס האָט געשטאָכן ווי מיט נאָדלען; דער־נאָך האָט ער זיך אַנידערגעזעצט אונטער דעם אַבאַזשור פון לאָמפּ, אַרויס־גענומען „די צייט" און אָנגעהויבן לייענען. און לייענענדיק די אָפּשאַ־צונג וועגן זיין לעבן און שאַפן, געשריבן פון אַדאַן, האָט ער ווי דורך אַ דורכזיכטיקן וואוּאַל געזען איר פּנים און געהערט אירע פּשוטע און די־רעקטע ווערטער, וואָס האָבן אימפּאָנירט אפילו מיט דער כאַראַקטערי־זאַציע פון זיין שאַפן. עס האָט אים אָבער שאָקירט איר טעכנישע אומ־באַהאָלפנקייט און עס האָט פאַרדראָסן איר שריט און איר וועג צו דער פּרעסע . . . דורך זיין נאָוועלע. אָבער . . . — האָט ער געטראַכט — ער אַליין האָט דאָך פאַרשלאָסן די טיר הינטער זיך, און די וועלט איז מער ניט זייק וועלט און די נאָוועלע, אויב ער האָט זי איבערגעלאָזט און ניט פאַרברענט, איז אויך ניט זיינע . . . און רעדנדיק צו זיך אַזוי און קוקנדיק אויף זיך אין שפּיגל, און זעענדיק דאָס אייגענע פאַרענ־דערטע פּנים, די איינגעפאַלענע באַקן און דעם טיפן שראַם אויף דעם שטערן, איז אים פּלוצים באַפאַלן אַ ביטערער געלעכטער און ער האָט אַ זעץ געטאָן מיט דער האַנט אין טיש און ווען ער האָט דערהערט, ווי די מעקגווייערס אין צווייטן צימער זענען אויפגעשפּרונגען דערשראָקענע, האָט עס אים ניט געאַרט. זאָלן זיי מיינען, אַז ער איז משוגע געוואָרן, זאָלן זיי טראַכטן וועגן אים וואָס זיי ווילן. דער געדאַנק וואָס האָט פּיי־ערדיק אַ בליץ געטאָן אין זיין מח, האָט ווי אַ שאַרף מעסער צעהאַקט דעם אומזעבאַרן פּסיכישן שטריק, וואָס האָט אים געהאַלטן צוגעבונדן. יאָ, דאָס איז עס — ניו־יאָרק. ער וועט פאָרן קיין ניו־יאָרק, אָבער ניט באַראַש־דאָקטאָר דזשעקיל, נאָר ראָש־מיסטער האַיד, דער באַהאַלטע־נער, דער דיבוק, וואָס איז אַריין אין דיכטער און שריפטשטעלער באַראָש. ער וועט ווידער אַ קוק טאָן אויף ניו־יאָרק מיט זיינע אויגן און ער וועט אפשר קאָנען זען און הערן און וויסן וואו עס ליגט דער ציל פון זיין ווייַ־טערדיקן לעבן.

מיט שנעלע און נערוועזע באַוועגונגען האָט ער זיך געכאַפּט איינ־פּאַקן דאָס ראַנצל, דורכגעקוקט און אַרומגעקוקט יעדע קלייניקייט, צי האָט ער ניט פאַרגעסן עפּעס, איבערגעציילט דאָס געלט, וואָס ער האָט פאַרמאָגט און איז אַרויס פון צימער. געבליבן שטיין קעגן דעם פאַר־וואונדערטן אַלטן פאַרפאַלק און אַ זאָג געטאָן:

— גוד־ביי, מיינע פריינט. דער טייוול טראָגט מיך ווידער. גוד־ביי . . .

אַרויסגעגאַנגען פון הויז און געלאָזט זיך גיין מיט די פינצטערע געסלעך צו דער באַן־סטאַנציע.

דער צוג איז געלאָפן מיט ווילדער רציחה, געלאָפן אין דער נאַכט אַריין, ווי נאָכיאָגנדיק זיך דער לבנה, ווי וועלנדיק צעשניידן די פינצ־טערניש מיט די ליכט־פּאַסן אין זיינע פייערדיקע אויגן, ווי וועלנדיק מטור ווערן פון די פאַנטאַסטישע ברואים, וואָס זענען געלעגן אין זיינע געדערים און געיאָגט אים מיט זייערע געדאַנקען, געפייניקט זיך און גע־פרייט זיך, געהאַסט און געחלומט, געחלומט פון אַזוי פיל פאַרשידענע, פשוטע און אומגלויבלעכע זאַכן — מאָדנע ברואים.

באַראַש איז געזעסן באַם פענצטער, געקוקט אויף די לויפנדע סקאַ־לעס, וואָס האָבן אָפּגעטראָטן דעם וועג פאַר דער פליענדער בעסטיע, גע־זעסן און געטראַכט פון סטעלאַן. און פלוצים האָט ער זיך דערמאָנט אָן זיין ליולקע, ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט זי געלאָזט באַ סטעלאַן אויף דעם טיש און סיי סטעלא און סיי גערסאַן וועלן טראַכטן און זאָגן: ער האָט צוריקגעוויזן דעם פריינטלעכן און פאָטערלעכן אָנבאָט. ער וויל ניט זיין דער זון. ער וויל ניט די ירושה. בן — וועט גערסאַן טראַכטן — דאָס האָט ער דאָך שוין געוואוסט. אָבער סטעלא . . . סטעלאַ . . . וואָס וועט זי טראַכטן וועגן אים, וועגן דעם פאַרשלאָסענעם, אומבאַקאַנטן און אַזוי נאָענטן מענטשן, וואָס איז געקומען נעמען און געבן גליק אויף אַ בליק און איז פאַרשוואונדן געוואָרן אָן אַ זיי־געזונט און איבערגעלאָזט בלויז די ליולקע, בלויז דעם סימבאָל . . . אַך, וואָס פאַר אַן אומפריינד־לעכער און אונמענטשלעכער זשעסט פון אַ מאַן, וואָס . . .

באַראַש האָט געביסן די נעגל פון די פינגער, געפילט, ווי עס שטעכט מיט נאָדלען אין דער ברוסט און צוגעהערט זיך, ווי עס שרייט ווילד מיט געוויין און מיט געבעט, דער מעטאַלענער גאַרגל פון לאָקאָ־מאָטיוו און ווי די רעדער קלאַפּן אויס אין רעטשיטאַטיוו — די ליולקע — די ליולקע — די ליולקע — די ליולקע — די ליולקע — — — —

צום טייוול . . . ווי ער קאָן עס, דער טייוול, פאַרשלעפּן און פאַרדרייען אין אַ קנויל . . . פאַרפּלאָנטערן און צערייסן און ווידער פאַרפּלאָנטערן אין כאַאָס און אין אומבאַהאָלפענעם פיין . . . צום טייוול, צום טייוול . . .

— די ליולקע — די ליולקע — די ליולקע — די ליולקע — — —

# III

ניו־יאָרק —

פאַנטאַסטיש קומען אַנטקעגן פון דער נאַכט אַרויס טויזנט־אויגיקע ריזן. עס מישט זיך דער רויטער געלעכטער און שוואַרצער געוויין פון דער נאַכט . . . עס גרילצט און עס קריצט, עס סאָפּעט און עס שרייט דער אָפּגאָט פון מענטש, דער געץ, באַ וועמעס פיס עס קריכן און עס קאָרטשען זיך אין תאווה, אין פּיין, אין געלעכטער, אין געוויין, אין האַס, אין ליבע, מיליאָנען איבער מיליאָנען געניאַלע באַשעפענישן מענטשן־ווערים . . .

ניו־יאָרק — — —

באַראַש האָט ניט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן. דאָס צימערל אין אָרימען האָטעל האָט דערציילט גרויע געשיכטעס. די ווענט האָבן גע־רעדט, געלאַכט, געשנאָרכט און געפיבערט. דאָס צימערל האָט גערעדט און דאָס פענצטער האָט געוואונקען מיטן אָפּשיין פון דעם רויטען נעאָן־שילד אַנטקעגן. עס איז שוין געווען שפּעט, עס האָט אָבער געצויגן אַראָפּצוגייען און ווידער באַטרעטן די ראָגן פון דער אויבער־שטאָט. האָט ער אָנגעטאָן זיין מאַנטל און זיין הוט און איז אַראָפּ מיט די האַלב־טונ־קעלע טרעפּ. אַראָפּגעקומען אויף דעם ראָג און געבליבן שטיין. גע־קוקט ווי הונדערטער און הונדערטער אויטאָס פליען פאַרביי, פליען, ווי אין אַ פּראָצעסיע צום טעמפּל פון דער קעניגין פון נאַכט. ער האָט אַרויפ־געקוקט אויף די ריזן און אויף זייערע פייערדיקע קרוינען, ער האָט גע־זוכט דעם שפּיץ פון באַרג, פון זיין באַרג — און דער באַרג איז ניט געווען.

ער האָט זיך געלאָזט גיין. גלייך, גלייך מיט דער גראַדער ליניע פון באַלויכטענע וויטרינעס און לאַמטערנעס. געגאַנגען און פּלוצים אָפּגעשטעלט זיך. אין אַ ריזיקן פענצטער האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט אַ באַקאַנטע און נאָענטע וועלט: מענטשן זענען געזעסן באַ טישלעך, געגעסן, גערויכערט, גערעדט און געשמייכלט. און דורך דעם געוויקלטן רויך פון סיגאַרעטן, האָט ער באַמערקט אַ פּאָר אויגן, שוואַרצע, גליענ־דיקע אויגן פון אַ פרוי, אויגן פון אַ מאָדערנער לילית, אונטער אַ ברייטן שוואַרצן הוט, אויגן, וואָס האָבן געטראָגן אין זיך דעם סוד און דעם זין פון גענוס.

אָט דאָס איז עס — דאָס צאַפּלדיקע האַרץ פון דעם מענטשן און דעם שטאָלענעם האַרץ פון ניו־יאָרק. אָט דאָ און אין דעם ליגט דער גאַנצער זין.

ער איז אַריינגעגאַנגען און האָט פאַרנומען אַ טישל. אַראָפּגע־צויגן דעם הוט איבער די אויגן — ניט פאַרגעסן, אַז ער איז טויט, אי־

בערהויפּט פאַר ניו־יאָרק. ער האָט געגעסן אַ סענדוויטש און געטרונ־קען קאַווע און דערנאָך האָט זיך די האַנט אַ צוגעוואוינטע אַ לאָז געטאָן צו דער קעשענע און איז פאַרבליבן דאָרט אָן מאַכט, אָן אָפּגעשוואַכטע . . . און אין מח האָט ווידער גענומען קלאַפּן: די ליולקע — די ליולקע — די ליולקע — און אַ מידקייט האָט גענומען ציען צו דעם דיל — אַנידערלייגן זיך, און די דעקלעך פון די אויגן האָבן ווי בלייענע, גענומען פאַלן . . . פאַלן אַראָפּ און יעדער רגע האָט עפּעס אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ און געלאַכט, געחוזקט, געפּלאַפּלט אומפאַרשטענדלעך אין די אויערן. ער האָט זיך אַרויסגעשלעפּט פון רעסטאָראַן און געלאָזט זיך גיין צוריק צום האָטעל. און ווען ער איז צוריקגעקומען צו זיין צימער, האָט ער זיך אויסגעטאָן, אַנידערגעוואָרפן זיך אויפן בעט און איז געבליבן ליגן אַן אויסגעשעפּטער. געפילט ווי יעדער אבר ווערט אַ ליימענער, אַ פאַר־שטיינערטער אין באַוואוסטלאָזיקייט . . .

ער איז געשלאָפן שפּעט. און ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער זיך ניט געוואָלט רירן פון אָרט. ער האָט געוואָלט, אַז די שווערע מידקייט אין אים זאָל זיך אָפּטיילן, אָפּשיידן פון אים ווי אַ שווערער גייסט און לאָזן אים אַ לייכטן, אַ רואיקן.

דורך דער פאַרמאַכטער טיר האָט ער געהערט מענטשן קומען און גיין און דורך דעם פענצטער האָט געערדט צו אים די רוישיקע גאַס מיט דעם זשום און ברום פון מאַשינען. ער האָט געלאָזט די געדאַנקען זיינע שפּאַצירן ווי מאַסקירטע, שוואַרצע אויסשפּירער, וואָס דאַרפן געפינען די וועגן און מיטלען ווי אַריינצופירן און אַרומפירן אים אַן אומזעבאַרן צווישן די נאָענטע און פרעמדע.

שפּעט באַטאָג איז ער אַרויסגעגאַנגען פון האָטעל און געלאָזט זיך גיין צום רעסטאָראַן. אין דעמדאָזיקן רעסטאָראַן, וואָס איז געשטאַנען אין אַ פרעמדן געגנט, האָט ער געוואוסט, אַז ער וועט קיין באַקאַנטע ניט טרעפן. ער האָט געקויפט אַ צייטונג, געגעסן זיין מאָלצייט און געלייענט. באַזמערקט אַ יידישע צייטונג, וואָס עמיצער האָט איבערגעלאָזט אויף אַ בענקל, האָט ער זי אַ כאַפּ געטאָן און דערזען, אַז ס׳איז „די צייט". גע־כאַפּט זיך לייענען זיין אייגענע נאָוועלע און, לייענענדיק, האָט ער זיך דערפילט ווי אַמאָל, אייגן, נאָענט צו זיך אַליין און צו דעם מיליאָנען־קעפּיקן ניו־יאָרק. ער האָט זיך ווידער דערפילט און דערזען אַלס שריי־בער, שאַפער, קינסטלער, וואָס פאַרכאַפּט און פירט מיטן צויבער פון וואָרט הונדערטער און אפילו טויזנטער יידישע לייענער. און אין זיין זיצן און אין זיין מאַניער צו באַאָבאַכטן די מענטשן, האָט ווידער אַרויס־געוויזן זיך באַראַש, דער אַמאָליקער שרייבער באַראַש. אָבער די היג־טערבאַוואוסטזיניקע געדאַנקען, וואָס האָבן אַזאַ לאַנגע צייט געהאַלטן

אים געפאַנגען און געפירט אין זייערע וועגן, האָבן אים ניט געלאָזט אויף לאַנג אַרויסצורייסן זיך פון זייערע נעצן און ווידער אַריינגענומען אים אין פאַרשלאָסנקייט, און ווידער אָנגעהויבן צו פּלאַנירן ווי צו פירן אים אין זיינע ווייטערע וועגן אין דער ספערע, וואָס איז געווען אַזוי שרייענד־לעבעדיק אַרום אין שטיל־טויט פאַר אים.

דער טאָג איז שוין כמעט פאַריבער און ער האָט געוואָרט, אַז ס׳זאָל קומען דער אָוונט, ווייל אין דעם אָוונט וועט ער מוזן עפּעס זען, מוזן עפּעס וויסן. ער וועט מוזן אויסגעפינען צי וואוינען זיי נאָך, אַדאַ און עווא, אין דעם הויז, וואָס איז געווען זיין היים, זייער היים.

ער איז געזעסן אין רעסטאָראַן ביז ס׳איז געוואָרן פינצטער און דערנאָך, איז ער איז אַוועק צום סאָבוויי און פאַרנדיק געפילט, ווי אין אַ חלום. אַט איז „טיימס סקווער" און אָט ווערט ער פאַרדרייט אין אַ קעסלגרוב פון מענטשן־כוואַליעס. ער איז געגאַנגען און ער איז ווידער אַראָפּ אין סאָבוויי און איז ווידער געפאָרן. דאָס מאָל גלייך צום ציל. זען זיין אַמאָליקע וואוינונג און אַדאַן און עוואן, אויב זיי זענען דאָרט.

די אַלט־באַקאַנטע גאַס מיט דעם פאַרק קעגנאיבער האָט אים אויפ־גענומען מיט דער אַמאָליקער שטילקייט. דער פאַרק איז געווען פאַר־נעפּלט, ווי אין דעם טאָג, ווען ער האָט אים פאַרלאָזט; און דאָס הויז — דאָסזעלבע הויז, מיט דיזעלבע פענצטער . . . אָבער פרעמדע פענצ־טער. דאָס זענען ניט זיינע פענצטער און דאָס זענען ניט זיינע בילדער, וואָס ער זעט דורך זיי. און די מענטשן וואָס זיצן אין הויז און שפּילן אין קאָרטן — דאָס זענען ניט זיי, זיינע אַדאַ און עווא.

ער איז געשטאַנען אונטער אַ בוים און האָט געקוקט און דערנאָך געלאָזט זיך גיין צו דער טיר פון הויז און פּרובירט לייענען די נעמען פון די מענטשן באַ די קנעפּלעך פון די עלעקטרישע גלעקלעך. דעם נאָמען באַראַש האָט ער צווישן די אומבאַקאַנטע נעמען ניט געפונען. ער האָט געוואוסט, אַז באַ דעם הויז, באַ דער טיר האָט ער מער ניט וואָס צו טאָן. ער איז אַריינגעגאַנגען אין פאַרק און האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ באַנק. געזעסן און געפילט, אַז ער האָט רחמנות אויף זיך אַליין, און ער ווייסט אַליין ניט ווער ס׳איז שולדיק אין דעם, צי ער אַליין, וואָס פירט דאָס אייגענע לעבן אין דידאָזיקע פרעמדע פאַר אים וועגן, צי דאָס לעבן, וואָס פירט אים און טראָגט אים, אַן אומבאַהאָלפענעם, אויף די טיפע שטראָמען.

ער איז ווידער אַראָפּ אין סאָבוויי און געלאָזט זיך פאָרן צוריק צום האָטעל. און באַם האָטעל איז ער ווידער אַריין אין אַ רעסטאָראַן און איז געזעסן דאָרט אַ לאַנגע צייט אָן קאָנקרעטע געדאַנקען. און ענדלעך

געלאָזט זיך גיין צוריק צום צימער. און זיצנדיק אין צימער האָט ער פֿאַרשריבן:

„. . . צוליב וואָס בין איך געקומען אַהער? צוליב וואָס בין איך געגאַנגען זוכן דאָס הויז און זען אַדאַן און עוואַן? האָב איך זיך דען ניט אָפּגעשיידט פֿון זיי מיט דעם געדאַנק צו ווערן אַ פֿרעמדער, אַ טויטער פֿאַר זיי? צוליב וואָס, אויב אַזוי, ווייל איך, מוז איך, דאַרף איך וויסן וועגן זיי און זען זיי? איז דאָס אַ קאַפּיטולאַציע צום דורכגעפֿאַלענעם, באַנקראָטירטן לעבן מײַנעם? צי אפשר פֿאַרגין איך ניט זיי די רו זייערע נאָך דעם שטורעם? צי אפשר ציט מיך צוריק צום אַלטן לעבן און ס׳גלוסט זיך מיר ווידער צו ווערן דער שרייבער באַראַש?

„נו, האָב איך זי געפֿונען — וועל איך דען קומען צו איר און זאָגן: אָט בין איך דאָ און איך גיב זיך ווידער איבער צו דיר, און צו עוואַן און צו דער געזעלשאַפֿט אָט אַזוי ווי דו און די געזעלשאַפֿט וויל? און אַז איך וועל דאָס זאָגן, וואָס וועט זיין די רעאַקציע אין איר נשמה? איך שטעל די פֿראַגן און וויס, אַז בלויז דאָס געפֿיל פֿון אַ פֿייגלינג טרייבט מיך צו אַנטבלויזן דידאָזיקע פֿראַגן. ווייל, ווען איך וואָלט ניט פֿאַרבליבן שקלאַף צו דעם, וואָס מ׳רופֿט געוויסן און וואָס מ׳רופֿט געזעלשאַפֿטלעכע מיינונג, וואָלט איך זיך אַזעלכע פֿראַגן ניט געשטעלט. מאָדנע איז דער מענטש . . . לעבט אָפּ אַ לעבן און ציטערט פֿאַר דער מיינונג פֿון פֿרעמדע, אַבסאָלוט פֿרעמדע מענטשן צו אים, ציטערט אפֿילו אין דעם פּשוטסטן פֿאַל, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ שניפּס, אָדער וועגן אַ הוט, וואָס קאָן נאָך חלילה אַרויסרופֿן דעם געלעכטער פֿון די פֿרעמדע, פֿאַרבייגייענדיקע מענטשן . . . היינט . . . ווי שקלאַפֿיש ער ווערט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן דער מאָראַל . . . יאָ, אַ מענטש קאָן אָפּלעבן פּופֿציק יאָר און הונדערט יאָר און דאַך ניט וואַגן צו זיין וואָס ער וויל און ווי ער וויל . . . ווייל די מענטשהייט שטימט ניט איין.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

ער איז געשלאָפֿן גוט און האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿאַרטאָג. ער האָט געפֿילט אויסגערוט און ס׳איז געווען אַנגענעם צו ליגן. ער איז געלעגן אַ פּאָר שטונדן אָן שום קאָנסטרוקטיווע געדאַנקען. בלויז אַ מין נעפּל פֿון קאַליידאָסקאָפּישע טרוימען האָבן זיך געוויקלט אַרום אים און פֿאַרוויקלט אין אַ גליקלאָזן גליק. און ווען ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז ס׳איז צייט אויפֿצושטיין און גענומען פֿאַרשטעלן זיך ווי אַזוי עס וואָלט אים געפֿירט דער טאָג אין די נאָרמאַלע צייטן, האָט ער זיך דערמאָנט אָן שאַפּ און אָן מיס באַרנאַרדאַ. און, דערמאָנענדיק זיך אָן איר, האָט עס אין אים מיטאַמאָל אויפֿגעלויכטן. מיס בארנארדא — אָט דאָ ליגט

זיין וועג, דער וועג צו איר, און פון איר — ווייטער . . . מיס באַר־נאַרדא —

ווען ער איז פּאַרטיק געוואָרן מיט אָנטאָן זיך, איז ער אַראָפּגעגאַנ־גען אין רעסטאָראַן און איז געזעסן באַם פרישטיק מיט אַ רואיקן געמיט. שפּעטער איז אים איינגעפאַלן אָפּצורופן די רעדאַקציע פון „צייט" און אויסגעפינען אַדאַס אַדרעס. די רעדאַקציע האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט אַרויסצוגעבן דעם אַדרעס אָן ספּעציפישע אורזאַכן פאַר דעם. ער האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז אַדאַ זאָל האָבן באַ זיך אין וואוינונג אַ פּריוואַטן טעלעפאָן, דאָך האָט ער דורכגעקוקט אַלע טעלעפאָן ביכער, אָבער איר נאָמען האָט ער דאָרט ניט געפונען. דעם טאָג האָט ער פאַרבראַכט אין אַ פּאַרק, געלייענט די צייטונגען, דערנאָך אַריינגעגאַנגען אין אַ מואווי און ווען עס איז ענדלעך געקומען די צייט, ווען ער האָט געדענקט, אַז ס,איז צייט צו פאָרן צום שאַפּ וואו ער האָט געאַרבעט, איז ער אַראָפּ צום סאָבוויי.

באַם שאַפּ האָט ער זיך אַנידערגעשטעלט באַ אַ טיר קעגנאיבער און נאָכגעפאָלגט יעדן אַרבעטער מיט זיין בליק. ער האָט שוין כמעט אויפגעגעבן די האָפענונג צו זען מיס באַראַנאַרדאַ און געטראַכט, אַז ער האָט באַדאַרפט פריער אָפּרופן דעם שאַפּ און אויסגעפינען צי זי אַרבעט נאָך דאָרט, אָבער אין דער לעצטער רגע האָט זי זיך באַוויזן אין דער טיר און, ניט אָפּשטעלנדיק זיך, געלאָזט זיך גיין צום סאָבוויי. באַראַש איז איר נאָכגעגאַנגען. און ווען ער איז שוין געווען נאָענט צו איר, האָט ער שטיל אַ רוף געטאָן:

— מיס באַרנאַרדאַ . . .

זי האָט זיך אויסגעדרייט און דערזעענדיק אים, געבליבן שטיין ווי געפּלעפט:

— מיסטער . . . באַראַש . . . מיסטער באַראַש . . .

— יאָ, איר האָט מיך דערקאָנט?

— אודאי האָב איך אייך דערקאָנט, אָבער איר האָט זיך שרעק־לעך געענדערט . . .

— איך וויים עס.

— איר זענט געווען קראַנק? — האָט זי געפרעגט מיט מיטלייד.

— יאָ און ניין — האָט ער געענטפערט.

— איר האָט אַזוי אומדערוואַרט פאַרלאָזט אייער דזשאַב, אַז איך האָב געמיינט, אַז . . . אפשר בין איך געווען די אורזאַך פאַר דעם.

— איר? — האָט באַראַש מילד אַ שמייכל געטאָן. — ניין, פאַר־קערט. עס זענען באַ מיר פאַרבליבן די בעסטע מיינונגען וועגן אייך,

אָבער . . . איר גייט איצט אַהיים, מיס באַרנאַרדא, צי אפשר אין רעס־טאָראַן עסן ?

— איך גיי אין רעסטאָראַן.

— אויב אַזוי, גייען מיר ביידע — האָט ער זי אָנגענומען בײַ דער האַנט און גענומען פירן זי אין אַ פאַרקערטער ריכטונג.

— וואוהין פירט איר מיך ? — האָט זי פאַרוואונדערט געפרעגט

— אָט האָט איר דאָך דעם רעסטאָראַן . . . איר געדענקט ? מיר האָבן דאָרט אַ פּאָר מאָל געגעסן.

— יאָ, איך געדענק, אָבער עס גלוסט זיך מיר ניט צו גיין אַהינצו. לאָמיר גיין אַביסל ווייטער, אויב איר האָט גאָרניט קעגן.

— איך האָב גאָרניט קעגן — האָט זי צוגעשטימט.

זיי זענען צוגעקומען צו אַ רעסטאָראַן אין אַ זייטיק געסל און אַהינצו זענען זיי אַריינגעגאַנגען.

זיי האָבן דאָרט פאַרבראַכט כמעט אַ שטונדע צייט און גערעדט וועגן שאַפּ און וועגן איר אַרבעט און פּלענער. זי איז נאָך אַלץ אַליין, ניט פאַרהייראַט — האָט זי דערציילט. זי האָט נאָך אַלץ ניט געפונען דעם פּאַסיקן מאַן און באַראַשעס פאַרלאָזן דעם שאַפּ אָן אַ גוד־ביי האָט זי אַנ־טוישט און געוואונדערט. און ווייטער — דאָס לעבן גייט ווי מיט יעדן איינעם אין ניו־יאָרק. אָבער מיט אים . . . וואָס איז געשען מיט אים ?

באַראַש האָט דערווײַלע נאָך גאָרניט דערציילט וועגן זיך. ער האָט נאָך אַלץ געטראַכט, צי זאָל ער פאַרטרויען איר אַלץ, איר, דער קריסט־לעכער פרוי, וואָס ווייסט אַבסאָלוט גאָרניט וועגן אים.

— קומט, לאָמיר גיין אין פּאַרק — האָט ער אַ זאָג געטאָן — אין פּאַרק איז לײַכטער צו שמועסן.

און ווען זיי זענען שוין געקומען אין פּאַרק, האָט זי געזאָגט :

— איך וועל אײַך עפּעס פרעגן, מיסטער באַראַש . . . וועט איר מיר ענטפערן ?

— אַלץ וואָס איר וועט מיך פרעגן, מיס באַרנאַרדא.

— מיר דאַכט זיך, אַז איר אַרבעט ניט איצט און איר האָט ניט קיין געלט.

— עס איז אַזוי — האָט ער געענטפערט.

— און אײַער פרוי ? אַרבעט זי ?

— איך וואוין ניט מיט מײַן פרוי — האָט ער געזאָגט.

בײַ דעם ענטפער האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און, קוקנדיק אויף אים, אַ פרעג געטאָן מיט אַ מאָדנער ענדערונג אין איר שטימע :

— שוין לאַנג ?

— שוין לאַנג. פון זינט כ׳האָב פאַרלאָזט דעם שאַפּ.

— אָ . . . — איז זי געבליבן שטיין אַן איבערראַשטע. — איך האָב ניט געוואוסט. און איר האָט ניט געפונען פאַר נויטיק צו זען מיך אַמאָל . . .

— אָט האָב איך דאָך.

— דורך אַ צופאַל . . .

— ניין . . .

— דערציילט מיר, ווי אַזוי איז דאָס געשען?

— . . . עס איז שווער צו רעדן אָט אַזוי . . . גייענדיק . . . לאָמיר זיך אַנידערזעצן.

— ווייסט איר וואָס . . . — האָט זי אים אָנגענומען באַם אָרעם — קומט צו מיר. דאָ איז קיל און נעפּלדיק, באַ מיר איז וואַרעם, שטיל און אָנגענעם. קיינער וועט אונדז ניט שטערן. איך וואוין נאָך אַלץ פּריוואַט. איר געדענקט דאָך וואו איך וואוין? איר געדעקט איר האָט מיך אַהיימגעפירט נאָך דער אויסשטעלונג?

— איך געדענק — האָט באַראַש געזאָגט.

עס האָט ניט גענומען לאַנג און זיי זענען צוגעקומען צום הויז וואו זי האָט געוואוינט. זיי זענען אַרויפגעגאַנגען צו איר אין צימער און באַראַש האָט גלייך דערפילט אַן אינטימע אָנגענעמקייט. דאָס צימער איז געווען קינסטלעריש און ציכטיק איינגעשטעלט. ביכער, בילדער, אַ ראַדיאָ, שיינע וואַזעס און אפילו פרישע בלומען.

זי איז אַריינגעגאַנגען אין צווייטן צימערל, איבערגעטאָן זיך און באַראַש האָט זיך אַנידערגעזעצט באַם טיש און גענומען אַ בוך. עס האָט ניט גענומען לאַנג, איז זי ווידער אַריינגעקומען און אין דער האַלב־טונקלקייט און אינטימקייט פון צימער האָט זי אויסגעקוקט אינגער און צוציענדער. זי האָט געשמייכלט, אָבער איר שמייכל איז געווען אַן ערנסטער און די שטריכן פון דער ראָמאַנישער ראַסע, און איר אויסשפּראַך האָט זי פאַרוויקלט אין עקזאָטישקייט, וואָס האָט אינטריגירט. די מאָמענטאַלע אימפּרעסיע איז אָבער פאַרטרונקען געוואָרן פון נאָך ניט באַפרייטער, געדריקטער שטימונג.

זי האָט זיך אַנידערגעזעצט לעבן אים, געקוקט מיט אַ מילדן און נייגעריקן בליק און געזאָגט:

— ס'איז מיר איצט זייער גוט, מיסטער באַראַש. ס'איז כמעט אַ יום־טוב באַ מיר. איך גלויב, אַז עפּעס אַ וואונדערלעכער פאַרגעפּיל האָט מיך נעכטן באַנאַכט ווי געבעטן צו קויפן בלומען. איך האָף, איר טראַכט ניט, אַז איך רעד ווי אַ נאַרישע פרוי . . .

— ס'איז מענטשלעך און שיין. און איר האָט אַ פיינע, סענסיטיווע נשמה.

— איר ווייסט ווי צו זאָגן אַנגענעמע ווערטער.
— מענטשן זאָגן זייער זעלטן אַנגענעמע ווערטער איינער צום צווייטן, און דאָס איז אַזוי נויטיק און וויכטיק.
— אַלזאָ . . . — האָט זי זיך צוגערוקט נענטער צו אים — דערציילט, דערציילט וועגן זיך. איך בין אומגעדולדיק.
— איך ווייס ניט ווי אַזוי און פֿון וואַנען אָנצוהייבן.
— איר ווייסט ניט? מיר דאַכט זיך, אַז איר האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז איר זענט אַ שרייבער.
— יאָ, און דאָך ווייס איך ניט ווי אָנצוהייבן. אָט, גראָדע מיט שרייבער טרעפֿט עס אָפֿטער ווי מיט ניט־שרייבער.
ער איז געבליבן שטיל אויף אַ ווײַלע, געזעסן, קלאַפּנדיק מיט די פֿינגער אין שטול און באַטראַכטנדיק די בילדער אויף די ווענט. ענדלעך האָט ער אַ זאָג געטאָן:
— איך וועל מיט אײַך זײַן אַזוי אָפֿנהערציק, ווי מיט קיינעם נאָך אין מײַן גאַנצן לעבן.
— די פּריווילעגיע פֿרייט מיך זייער.
— איך בין געקומען אײַך זען טאַקע אָט צוליב דעם.
— איר מעגט מיר אָנפֿאַרטרויען אַלץ.
— איך ווייס עס. און דערפֿאַר בין איך געקומען — האָט ער אָנגערירט איר האַנט.
— איר דאַרפֿט געלט . . . זאָגט מיר, וועל איך אײַך געבן — האָט זי געוואָלט לײַכטער מאַכן פֿאַר אים די אויפֿגאַבע.
— געלט . . . דאַרף איך ניט קיין סך, אָבער ניט צוליב דעם בין איך געקומען. איך בין געקומען צו אײַך צוליב אַן ערנסטערן און וויכטיקערן ענין.
— יאָ . . . — האָט באַראַש דערהערט אַ ציטער אין איר שטימע.
— איך בין געקומען בעטן אײַך אַ זאַך, וואָס וועט אפֿשר זײַן אַביסל אומאָנגענעם דורכצופֿירן. איך האָב אָבער געהאָפֿט, אַז די פֿרײַנדשאַפֿט צווישן אונדז וועט עס פֿאַרלײַכטערן. מאָרגן איז שבת, וועט איר ניט אַרבעטן, ווײַל איך אײַך בעטן, אַז איר זאָלט טאָן אָט וואָס: איך וועל אײַך געבן דעם אַדרעס וואו איך האָב אַמאָל געוואוינט. פֿאָרט צו אַהינצו, קלינגט אָן בײַ די מענטשן, וואָס וואוינען דאָרט און פֿרעגט אויף מיר. אויב זיי האָבן געהערט וועגן מיר אָדער מײַן פֿרוי, פֿרעגט זיי אויף מײַן פֿרויס אַדרעס און אויב זיי קאָנען מיך ניט, גייט אַריין אין דער דעלי־קאַטעסן סטאָר, וואָס איז אין דעמזעלבן בלאָק און פֿרעגט דאָסזעלביקע. פֿרעגט וואָס איר ווילט אַליין וועגן מיר און וועגן מײַן פֿרוי. וואָס מער איר וועט פֿרעגן און וואָס מער איר וועט געוואויר ווערן — אַלץ בעסער.

און זאָל אייך גאָרניט איבערראַשן, וואָס איר זאָלט ניט הערן, די הויפּט זאַך איז אויסצוגעפינען מיין פרוים אַדרעס. אויב עס געלינגט אייך ניט דאָרט, וועל איך אייך געבן דעם אַדרעס פון אַ יידישער צייטונג און אין דער צייטונג מעגט איר זיי זאָגן, אַז איר זענט אירע אַ שוועסטער, אָדער אַ קוזינע און איר מוזט האָבן איר אַדרעס.

— דאָס אַלעס ? — האָט מיס בארנארדא געפרעגט.

— דערווייליע — דאָס אַלעס, אויב עס איז ניט צופיל צו בעטן פון אייך.

— ניין, עס איז ניט צופיל, כאָטש איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך וועל ניט שלאָפן אַ גאַנצע נאַכט פון דערדאָזיקער מיסטעריע.

— שלאָפט רואיק, מיס בארנארדא. די מיסטעריע איז אַ גאַנץ מענטשלעכע, אפילו ווען עס איז אַביסל אויסער דעם אויסגעטראָטענעם וועג.

מיס בארנארדא האָט זיך אויפגעהויבן צו מאַכן קאַווע. זי האָט געפירט אַ גאַנצע באַלעבאַטישקייט און איז צוגעוואוינט געוואָרן צו דער איינזאַמקייט. מאַכנדיק די קאַווע, האָט זי דערווייליע דערציילט וועגן איר אַרבעט אין שאַפּ און דערמאָנט זיך, אַז מיט וואָכן שפּעטער, נאָכדעם ווי ער האָט פאַרלאָזט דעם שאַפּ, האָט אַ פרוי איינמאָל אָפּגערופן און נאָכגעפרעגט זיך אויף אים, צי ער אַרבעט נאָך דאָרט און צי מ׳ווייסט ניט וואו ער איז. זי האָט געהערט, ווי דער באָס האָט געענטפערט, אַז ער האָט אים פאַר די לעצטע וואָכן ניט געזען און וויל אים ניט זען.

— אפשר איז דאָס געווען אייער פרוי ? — האָט מיס בארנארדא געפרעגט.

— איך בין זיכער, ווייל איך קאָן ניט קיינעם ווער עס וואָלט זיך געקאָנט אָנפרעגן אויף מיר אין שאַפּ.

מיס באַרנאַרדאָ האָט וויטער דערציילט, ווי אַנטוישט זי איז גע־ווען די ערשטע צייט נאָך זיין פאַרשווינדן און ווי אָפט זי האָט געטראַכט וועגן אמתער פריינדשאַפט, וועגן אַזאַ פריינדשאַפט, וואָס איז גרייט אויף קרבנות. זי האָבן נאָך לאַנג גערעדט און באַראַש האָט זיך ניט געאיילט, ניט געוואוסט וואוהין און צו וואָס צו איילן זיך. ווען עס איז שוין אָבער געוואָרן גאַנץ שפּעט, האָט ער זיך אויפגעהויבן און געגרייט זיך אַוועק־צוגיין. ווען ער האָט גענומען זיין מאַנטל, איז זי אויף אַ ווילע אַריין אין אַ צווייטן צימער און צוריקקומענדיק, האָט זי אַריינגעלייגט איר האַנט איר דער קעשענע פון זיין מאַנטל און האָט געזאָגט:

— איך ווייס איר דאַרפט געלט, מיסטער באַראַש. און איך ווייס, אַז איר וועט מיך ניט בעטן. כ׳בעט אייך אָבער, זאָגט מיר ניט אָפּ, איר וועט עס מיר אַמאָל שפּעטער אָפּגעבן — ס׳איז סיי ווי ניט קיין סך.

— איר זענט זייער אַ גוטער און סימפּאַטישער פריינט, מיס באַר־נאַרדאָ.

— און איר דאַרפט מיך ניט רופן מיס באַרנאַרדאָ. מאַרי — איז גענוג.

— גוט, מאַרי . . .

ער האָט איר געגעבן דעם אַדרעס פון דער „צייט״, וואָס ער האָט אַרויסגעריסן פון דער צייטונג, אַ קוש געטאָן איר האַנט און האָט געפרעגט:

— מאָרגן אָוונט . . . דענקט איר . . .

— יאָ, מאָרגן אין אָוונט וועל איך וואַרטן אויף אייך — האָט זי פאַרענדיקט. — איך וועל זען אַלץ אויסצוגעפינען.

דער אָוונט באַ מיס באַראַנאַרדאָן און די זיכערקייט, אַז מאָרגן וועט ער וויסן וועגן אַדאַן, האָט דערהויבן זיין שטימונג און שטייענדיק איגנ־דרויסן איז אים פּלוצים איינגעפאַלן צוצופאָרן צום „טעאַליט״. אויך דאָרט וועט ער אַריינקוקן דורך די פענצטער און, ווער ווייסט, אפשר איז זי דאָרט, אַדאַ . . . אפשר דאָרט אין דעם שרייבער־ווינקל, אין דער שרייבער־נעסט, וואָס לעבט אויף און זשומעט ווי אַ בינשטאָק אין דער שפּעטער שטונדע פון דער נאַכט.

ער האָט זיך געלאָזט פאָרן צום „טעאַליט״, און ווען ער איז אָנ־געקומען אַהינצו, האָט ער זיך אַנידערגעשטעלט הינטער די פענצטער און האָט אַריינגעקוקט. און אַ געפיל פון זעלבסטבאַליידיקונג און בי־ליקייט האָט אים אַרומגעכאַפּט פון דעם געדאַנק, אַז ער שטייט הינטער די פענצטער און גנבעט בליקן, בליקן אָן זין, אָן ווירדע — בליקן פון אַ טויטן. ער האָט דערזען דעם אַלטן דיכטער יאַרוש — דערזעל־בער אימפּאָזאַנטער און אַרטיסטישער אויסזען. ער לייענט עפּעס און זיפּט פּאַמעלעך די קאַווע און גלעט דאָס בלעטל פון בוך מיט עפּעס אַ באַזונדערן פאַרגעניגן און ליבשאַפט; ניט ווייט פון יאַרושן איז גע־זעסן אַ צווייטער דיכטער — אַ „שונא״ זיינער, פון צווייטער לאַגער, פון אַ צווייטער שיטה; און אַביסל ווייטער — די אַקטריסע בלומע שטערן — געווען אַמאָל באַרימט און שיין, געשפּילט אפילו אין זיינער אַ פּיעסע; און ניט ווייט פון דער אַקטריסע — דער אייביקער קיבעצער, דער קאָרטנשפּילער און טרעמפּ, וועמעס לעבנס־בליק האָט אָפּט געריצט באַראַשעס געדאַנק מער, ווי די מח־שפּאַלטנדיקע פילאָזאָ־פיען פון אָנערקענטע „טעאַליט־פילאָזאָפן״. ער איז געזעסן, דער קיבע־צער אין אַ ווינקל, געקוקט אויף דער אַקטריסע מיט אַ מעפיסטאָפעלישן שמייכל און געדרייט צווישן די פינגער אַ קיילעכל ברויט. אין אַ ווינקל אין דער טיפקייט פון קאַפע האָט ער אַרום אַ טיש אין פּאַפּיראָסן־רויך דערקאָנט דאָס נעסטל יונגע דיכטער און טיפער, באַ די אַנדערע

טישן, אומבאַקאַנטע פּנימער פון אַקטיאָרן — געווען זיכער, אַז זיי זע־נען אַקטיאָרן. אַדאַ איז דאָרטן ניט געווען. עס האָט ניט געהאַט קיין זין מער דאָס שטיק הינטערן פענצטער, האָט ער זיך געלאָזט גיין אַ דער־דריקטער און אַנטוישטער. ער האָט געפילט, אַז ער איז געשטאַנען באַ די פענצטער פון אַ חלום און דער חלום איז אַמאָל געווען רעאַל. איצט איז ער ראָש און אין דעם ראָש לעבט אַ באַראַש — ניט פאַרקערט. און ס׳איז ניטאָ מער קיין פּלאַץ אין ניו־יאָרק פאַר באַראַשן, בלויז אפשר פאַר ראָשן, פאַר דער פאַרבלאָנדזשעטער, וואַנדערנדער נשמה — ראָש.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

דער שבת האָט זיך געצויגן, ווי דער רעגן אינדרויסן — גרוי און אָן אויפהער. און ערשט שפּעט נאָכמיטאָק איז באַראַש אַראָפּגעקו־מען פון זיין צימער און געלאָזט זיך גיין צום רעסטאָראַן. געזעסן דאָרט אַן אומגעדולדיקער און אַ נערוועזער און ווען ער האָט געזען, אַז עס רוקט זיך אָן דער גרויער אָוונט, האָט ער זיך געלאָזט גיין צ ומיס בארנאַרדאַ.

זי איז שוין געווען אינדערהיים און ווען באַראַש איז אַריינגעקו־מען, האָט אַ שלאָג געטאָן אויף אים מיט רויטער וואַרעמקייט. מאַרי־אַליין האָט אין אַ שטייף־געפּאַסטן קלייד, אויסגעקוקט דינער, העכער און רייצנדער.

— איר קוקט אויס וואונדערבאַר שיין, מאַרי — האָט ער געזאָגט.

— שוין אַ לאַנגע צייט, זינט כ׳האָב געטראָגן דאָס קלייד . . .

— האָבן אירע אויגן געשיינט. — מ׳קאָן זאָגן — יאָרן שוין.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט מיט דעם געפיל פון אַ מענטשן, וואָס האָט זיך ענדלעך דערשלאָגן צו אַ ווינקל פון רו.

זי האָט באַמערקט זיין פּאָזע און צושטאַנד:

— איר זענט מיד, זע איך, פיזיש און גייסטיק . . .

— אמת.

— נאָך דעם, וואָס איך האָב היינט געהערט וועגן אייך, שטעל איך זיך פאָר, אַז עפּעס אויסערגעוויינלעכעס האָט פּאַסירט מיט אייך.

— ניין, מאַרי, ווי איך האָב שוין אייך געזאָגט, זע איך קיין שום אויסערגעוויינלעכעס אין די . . . אינצידענטן פון מיין לעבן. ס׳איז בלויז אַ טראָפּן אין דעם ים פון מעלאָדראַמאַטישקייט אין וועלכן דאָס לעבן ווערט דערטרונקען. אָבער . . . וואָס האָט איר געהערט ?

— איך וויים, אַז איר וואָלט שוין געוואָלט וויסן די רעזולטאַטן פון מיין . . . אויספאָרשונג. אָבער איר וועט מוזן וואַרטן נאָך אַ ווײַלע. איך האַלט אין קאָכן עפּעס און ווען איך וועל פאַרטיק ווערן, וועלן מיר רעדן.

— איך פיל, עס שמעקט גוט. — האָט ער געזאָגט.

— ספּאַגעטי . . . — האָט זי זיך צעלאַכט. — מיר וועלן עסן ספּאַגעטי און טרינקען קאַווע, וועט זיך בעסער רעדן.

— איר זענט אַ מלאך — האָט ער געזאָגט און אַ טראַכט געטאָן — ווי באַנאַל.

די ספּאַגעטי און די קאַווע זענען געווען געשמאַק. און ווען זיי האָבן אָפּגעגעסן, האָבן זיי זיך אַנידערגעזעצט אויף דער נידעריקער און באַק־וועמער אָטאָמאַנע, וואָס האָט אים דערמאָנט אין שעליאָס סטודיאָ־קאַנאַפּע. אַ ווײַלע איז זי געזעסן און געקוקט אויף אים און אין איר בליק האָט ער געלייענט די פראַגע: וואָס פאַר אַ מענטש איז ער, אָט דער מיסטער באַראַש, דער ייִד, וואָס . . .

— כ׳בין געווען אין דעם הויז וואו איר האָט אַמאָל געוואוינט — האָט זי איבערגעריסן זיינע געדאַנקען.

— יאָ . . . — האָט ער זיך מיט אויפמערקזאַמקייט צוגעבויגן צו איר.

— איך האָב אָנגעקלונגען און האָב געפרעגט אויף אייך. אין אַלע דריי טירן האָב איך אָנגעקלונגען. און אַלע האָבן מיר געענטפערט, אַז זיי ווייסן ניט, אַז זיי האָבן קיינמאָל אייער נאָמען ניט געהערט. בין איך אַריינגעגאַנגען, ווי איר האָט מיר געזאָגט, אין דער דעליקאַטעסן און איך האָב גערעדט צו דער אייגענטימערין און אַלץ, וואָס זי האָט מיר געזאָגט, איז געווען וועגן דעם געלט, וואָס איר זענט שולדיק געבליבן און אייער פרוי האָט פאַרגעסן צו באַצאָלן.

— איך האָב ניט געוואוסט . . . — האָט באַראַש אָנגעהויבן . . .

— עס איז געווען אַ קליינע סומע — האָט אים מאַרי באַרואיקט — האָב איך איר באַצאָלט. און ווען כ׳האָב איר געגעבן דאָס געלט, האָט זי אָנגעהויבן צו דערציילן, וואָס פאַר אַ פיינע מענטשן איר און אייער פרוי זענען און ווי זי האָט ליב געהאַט צו לייענען אייערע ראָמאַנען און אפילו איצט, האָט זי געזאָגט, לייענט זי אויך אייערן אַ ראָמאַן אין דער דער צייטונג, אָבער וואו איר זענט, ווייסט זי ניט. זי דענקט, אַז איר זענט געשטאָרבן.

— זענט איר שוין נאָך דעם געפאָרן אין דער ר׳עדאַקציע, מסתמא?

— האָט באַראַש געפרעגט.

— ניין, איידער צו פאָרן אין דער רעדאַקציע, איז מיר איינגעפאַלן צו זען זיך פריער מיט דעם דזשעניטאָר פון הויז וואו איר האָט געוואוינט און באַם דזשעניטאָר בין איך געוואויר געוואָרן, וואָס עס איז פאָרגעקו־מען, אויף וויפל זיי ווייסן וועגן דעם, פאַרשטייט זיך.

— יאָ, יאָ — איז באַראַש געוואָרן אומגעדולדיק.

— דער דזשעניטאָר און זיין פרוי האָבן מיר דערציילט — האָט

מאַרי פּאַרטגעזעצט — אַז ווען זיי האָבן אָנגעהויבן צו באַמערקן, אַז דאָס הויז איז פּאַרלאָזט, האָט עס זיי באַאומרואיקט און זיי האָבן ניט געװאוסט וואָס צו טאָן. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד האָבן זיי געהערט ווי עס קלינגט בײַ אײַך דער טעלעפאָן און קיינער ענטפערט ניט. דערנאָך האָבן זיי באַמערקט בײַ דער הינטערשטער טיר אַ גאַנצע ריי פלעשער מיט מילך; און דאָס בריוו־קעסטל איז געווען אָנגעפּאַקט מיט בריוו און מיט זשורנאַלן און אַסך פון זיי, וואָס האָבן ניט געקאָנט אַרײַן אין קעסטל, האָבן זיך געוואַלגערט אויף דעם דיל; און דאָס, האָבן זיי מיר געזאָגט, איז ניט געווען אייער טבע. האָבן זיי פּרובירט קלינגען און קלאַפּן אין דער טיר און קיינער האָט ניט געענטפערט. און ווען עס איז אַוועק אַ וואָך צייט און דער לענדלאָרד איז געקומען נאָך דער רענט און דאָס מאָל האָט אויך קיינער ניט געענטפערט, האָט ער אָפּגערופן די פּאָליציי און זיי זענען אַרײַן אין הויז. מ׳האָט קיינעם ניט געטראָפן, בלויז אַ בריוו פון אייער פרוי, וואָס איז געלעגן אויף דעם דיל און אייער בריוו אויף דעם טיש, וואו איר האָט געשריבן, אַז איר גייט באַגיין זעלבסטמאָרד.

— איך האָב דאָס ניט געשריבן . . . — האָט געזאָגט באַראַש.

— ווייזט אויס, אַז זיי האָבן עס אַזוי פאַרשטאַנען. וואָס האָט איר דאָרט געשריבן?

—דאָס איז ניט וויכטיק, מאַרי, דערציילט ווייטער, איך בעט אײַך.

— די פּאָליציי האָט זיך גלייך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אייער פרוי אין קאַליפאָרניע און זי איז גלייך געקומען צו פאָרן. וואָס ס׳איז פאָרגעקומען ווייטער, ווייסן זיי ניט. זיי ווייסן בלויז, אַז אייער פרוי האָט אויסגעזען זייער דערשלאָגן און צעבראָכן און אַז אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט זי זיך אַרויסגעצויגן פון דעם הויז און וואו זי געפינט זיך איצט ווייסן זיי ניט.

— זענט איר געפאָרן אין דער רעדאַקציע פון דער צייטונג . . .

— יאָ — האָט מאַרי געזאָגט — און זיי האָבן מיך זייער פריינטלעך אויפגענומען און האָבן מיר געזאָגט, אַז אויב ס׳איז פאַראַן אין דער רעדאַקציע דער אַדרעס פון מיין קוזינע —כ׳האָב זיי געזאָגט, אַז איך בין אייער פרויס אַ קוזינע — איז דער אַדרעס בײַ דעם רעדאַקטאָר. האָב איך זיי געבעטן זיי זאָלן מיך לאָזן רעדן צום רעדאַקטאָר. האָבן זיי מיר געהייסן וואַרטן. כ׳האָב געוואַרט אַריבער אַ שעה צייט און ענדלעך האָט מען מיך אַרײַנגעלאָזט צו אים. האָט ער די גאַנצע צייט געקוקט אויף מיר מיט פאַרדאַכט און אַ פּאָר מאָל געררופן עמיצן אויף דעם טעלעפאָן און אויסגעפרעגט מיך פון וואַנען איך קום און צי מיין קוזינע קאָן מיך. און ווען כ׳האָב אים דערציילט, אַז איך קום קיין ניו־יאָרק פון שיקאַגאַ

און האָב פאַרלוירן איר אַדרעס, האָט ער אַ פרעג געטאָן פונוואַנען כ׳האָב געוואוסט, אַז זיי האָבן איר אַדרעס. האָב איך אים געזאָגט, אַז באַקאַנטע האָבן מיר געגעבן די עצה. האָט ער געפרעגט צי איך האָב אפשר גיוי געהערט אַמאָל פון מיין קוזינעס מאַן, האָב איך אים געזאָגט, אַז איך האָב ניט געהערט, און איך ווייס ניט, גאָרניט וועגן אים. האָט ער געקוקט אויף מיר אַזוי אַ לאַנגע צייט און ענדלעך אויפגעעפנט אַ שופלאד, אַרויס־גענומען אַ פּאַק פּאַפּירן, געזוכט אַ ווײַלע און ענדלעך אָנגעשריבן איר אַדרעס אויף אַ שטיקל פּאַפּיר.

— האָט איר אים ? — איז באַראַש אויפגעשפּרונגען.

— יאָ, אָט איז ער — האָט מאַרי געעפנט איר האַנטבייטל און האָט אים געגעבן דעם אַדרעס.

באַראַש האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס פּאַפּירל, געקוקט אויף דעם אַד־רעס, פּרובירנדיק פאַרשטעלן זיך וואו די גאַס געפינט זיך. דערנאָך האָט ער אַריינגעלייגט דאָס פּאַפּירל אין קעשענע, גענומען שפּאַנען אַ נער־וועזער, געשוויבערט די האָר און, ווי מאַרין האָט זיך אויסגעוויזן, האָט ער אינגאַנצן פאַרגעסן אָן איר אנוועזנהייט אין צימער.

— זייט ניט אַזוי נערוועז, קומט אַהער — האָט ער דערהערט, ווי זי רופט אים — קומט אַהער, זעצט זיך אַנידער.

ער איז צוגעגאַנגען, אַנידערגעזעצט זיך לעבן איר און, ווי פאַר־געסנדיק וואו און מיט וועמען ער איז, האָט ער זיך צוגעבויגן צו איר שויס און די אינסטינקטיווע נאָענטקייט צו אַ פרוי האָט געצויגן צו פאַר־געסן זיך . . . און זי, פילנדיק זיין באַגער, האָט געלאַשטשעט זיין קאָפּ און פאַרזיכטיק און לייכט געפירט אירע פינגער איבער זיין שטערן.

— דערציילט מיר וועגן זיך . . . — האָט ער דערהערט ווי זי בעט שטיל — דערציילט מיר אַלץ, אַבסאָלוט אַלץ . . . פאַרטרויעט מיר . . .

ער האָט געשוויגן אַ ווײַלע און אָנגעהייבן לאַנגזאַם, פאַטראַכט . . . דערציילט, ווי רעדנדיק צו זיך אַליין, ווי רעדנדיק צום רויטן לעמפּל אונטערן אַבאַזשור און צו די קאָלירפולע בילדער אין די גאָלדענע ראַמען, און צו די שאָטנדיקע ווינקלען. ער האָט אָנגעהויבן פון אָנהייב, ווי ער וואָלט אָנגעהויבן אַ נאָוועלע . . . דערציילט וועגן זיך, וועגן מיכלען, וועגן אַדאַן, וועגן סטעלאַן און וועגן אַנאַטאָלן. און דאָ און דאָרט, אַ דער־פרישטער פון מאַריס אַ פראַגע, ווי פון אַ ווינטל, האָט ער געשילדערט עפּיזאָד נאָך עפּיזאָד, שטימונג נאָך שטימונג און ווען ער האָט פאַרענדיקט, האָט ער געזאָגט :

— איצט ווייסט איר אַלץ. איך בין טויט פאַר דער וועלט און דערווײַלע וויל איך בלייבן טויט. איך האָף, אַז איר פאַרשטייט, . . .

אַז דאָ האַנדלט זיך ניט אין אַ קריגעריי און אין אַ צעשיידונג פון אַ מאַן און פרוי. אַדאַ איז ניט די אורזאַך פון מיין פאַרשווינדן. ניט זי. די אורזאַך איז די אַקומולאַציע פון טויזנטער סיבות, ווי די אַנטיושונג מיט זיך, די אַלגעמיינע אַנטוישונג אין מענטש, אַנטוישונג אין דעם זין פון לעבן, אַנטוישונג אין דער סאָציאַלער סיסטעמע, אַנטוישונג אפילו אין די רעוואָלוציעס, וואָס יאָגן אָן ווי שטורעמס צו באַפרייען די מענטשהייט . . . אַלץ, אַלץ אַרום מיר האָט געטריבן צו צווייפלונג און פאַרצווייפ־לונג . .. איבערהויפּט נאָך דעם טויט פון מיין זון. און דאַן איז מיט־אַמאָל פאַרגעקומען אין מיר די רעאַקציע און עס האָט אַ שלעפּ געטאָן און אַ טרייב געטאָן צום טייוול . . .

— און האָבן אייך אייערע . . . פּרויען־פריינט אויך אַנטוישט?

— האָט מאַרי געפרעגט.

— אָפּט אַנטוישן פרויען־פריינט אויך . . . — האָט באַראַש ניט־ווילנדיק אַ שמייכל געטאָן. — איך מוז אָבער צוגעבן און מודה זיין, אַז אין מיינע שטימונגען האָבן די פרויען גראַדע געשפּילט ווי ווייך אויף מיין געמיט. זיי זענען געווען דאָס געטראַנק, וואָס האָט מיך פאַרשיכורט אין דער אַנטוישונג פון לעבן.

— איז דאָס דען ניט גענוג צו צובינדן איינעם מיט אינטערעס צום לעבן?

— זעט איר דאָך. די פאַרשיכורונג, ווייזט אויס, איז געווען ניט שטאַרק גענוג. דאָס וואַהנזיניקע לעבן אַרום וואַרפט און הוידעט שטאַר־קער ווי די שוימיקע כוואַליעס פון . . . פאַרשיכורטע עמאָציעס . . .

— איר האָט אָבער ליב די פאַרשיכורונג . . . איר האָט זי ליב . . . ניט אַזוי? . . .

— יאָ, כ׳האָב זי ליב.

— וועל איך אייך פאַרשיכורן . . . — האָט זי זיך פּלוצים צו־געבויגן צו אים און ער האָט דערפילט אירע פולע, הייסע ליפּן אויף זיין מויל.

און דערנאָך, שפּעט שוין, ווען די שעה פון דער נאַכט איז געווען אַ שווייגנדיקע און אַ מידע, האָט מאַרי, איר קאָפּ אויף זיין ברוסט, געזאָגט:

— בלייבט דאָ . . . בלייבט דאָ באַ מיר . . . וואוהין און צו וואָס וועט איר גיין אין האָטעל? בלייבט דאָ באַ מיר . . . איך וועל אייך ניט שטערן און איר וועט קאָנען טאָן און זיין וואָס איר ווילט . . .

ער איז פאַרבליבן באַ איר.

. . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . .

אינדערפרי האָט די זון באַגאָסן מיט ליכט דאָס צימער, און דאָס

ווייסע געלעגער און די בילדער און די קליניקייטן אַרום — אַלץ האָט אויפגעוואַכט, ווי זייענדיק גרייט צו דינען און אַלץ האָט געדעדט מיט שטומען לשון: גוט מאָרגן . . . גוט מאָרגן . . .

באַם פרישטיק האָבן זיי גערעדט ווי צוויי פריינט, וואָס האָבן זיך ענדלעך צוריקגעקערט צו זייער היים פון אַ לאַנגער רייזע אין אַ מיס־טעריעזן חלום, וואָס חלומט זיך בלויז איינמאָל אין לעבן. דעם טאָג האָבן זיי פאַרבראַכט צוזאַמען. באַראַש האָט אָבער געפילט, ווי ער גייט אַרום מיט דעם שליסל צו אַ סוד און ער וואַרט, און ער האָט מורא אויפצושליסן אים . . .

אָבער אויף דעם צווייטן טאָג פאַרנאַכט האָט ער זיך געלאָזט פאָרן צו אַדאַן. . . . ווען ער איז צוגעקומען צום הויז וואו זי האָט געוואוינט, האָט ער פרובירט טרעפן אין וועלכן פון די באַלויכטענע פענצטער וועט ער דאַרפן קוקן און זוכן זי . . . און מיטאַמאָל האָט ער זי דערזען. זי איז געשטאַנען מיט דער פּלייצע צו אים, איבערגעבויגן איבער אַ שטול אין וועלכן עס איז געזעסן עווא. זיי האָבן ביידע, ווייזט אויס, געקוקט אין אַ בוך, אָדער אַ זשורנאַל. ער האָט זי אָבער דערקאָנט, דערקאַנט דעם נויג פון איר קאָפּ און אירע פּלייצעס און אירע האָר; געוואַרט מיט אומגעדולד זי זאָל זיך אויסדרייען, אַז ער זאָל זען איר פּנים, אַז זי זאָל ניט פאַרשטעלן עוואַן, ווייל בלויז אויף אַ מאָמענט האָט ער געכאַפּט די קאָנטורן פון איר דין געשניצט פּנים. זיי זענען אָבער, ווייזט אויס, גע־ווען פאַרטיפט אין בוך און האָבן זיך ניט געאײַלט איבערצורייסן דאָס לייענען. באַראַשעס בליקן האָבן זיך, ווי אויסשפּירער, אַ יאָג געטאָן איבער די ווענט פון צימער. עס איז געווען שווער צו זען קלאָר יעדע קליניקייט, ער האָט דערקאָנט אויף איין וואַנט מיכלס פּאָרטרעט און אויף דער צווייטער, קעגנאיבער, זיין אייגענעם פּאָרטרעט. עס האָבן זיך אים, ניט ווילנדיק, געשטעלט טרערן אין די אויגן, ווען ער האָט אַ טראַכט געטאָן פון אַדאַן, פון דער פרוי, וואָס האָט פאַרלוירן אויף די שלאַכט־פעלדער פון שפּאַניע אַ יונגן זון און אויף די וועגן פון לעבן, אַ חבר, אַ מאַן און איז געבליבן בלויז מיט צוויי פּאָרטרעטן, וואָס קוקן אויף איר פון ביידע ווענט אַראָפּ.

באַראַש האָט זיך צוגערוקט נענטער. אַנידערגעשטעלט זיך הינ־טער דער קאַלאָנע פון באַלקאָן, אויפגעהויבן דעם קאָלנער, אַראָפּגערוקט דעם הוט איבער די אויגן און געקוקט און געוואַרט.

ענדלעך איז אַדאַ אַוועקגעגאַנגען פון שטול און עווא האָט זיך אויפ־געהויבן, דיזעלבע אַדאַ — האָט ער אַ טראַכט געטאָן. אָבער אין אירע אַראָפּגעלאָזטע אַקסלען האָט ער דערזען מידקייט און טרויער. אָט אַזוי פלעגט זי אויסזען און אָט אַזוי פלעגט זי גיין, ווען צווישן אים און איר

פלעגן זיך אַריינרייסן די בייזע שדים און טראָגן זיי אויף דעם שטורעם פון קריג אין גיהנום אַריין. עווא איז צוגעגאַנגען צו איר. ווי אויס־געוואָקסן, ווי דין און צאַרט זי זעט אויס . . . זי האָט אַרויפגעלייגט אירע הענט אויף דער מוטערס אַקסלען און צוגעטוליעט זיך צו איר. ער האָט געקאָנט אַזוי גוט דידאַזיקע פּאָזע אירע, איצט אָבער האָט ער אין איר געזען מער ווי קינדערישע לאַשטשענדיקייט. עס איז געווען אין איר זשעסט און פּאָזע טרייסט, זין און חברשאַפט. און מיטאַמאָל איז פינצטער געוואָרן. ער איז געשטאַנען ווי אַ צוגעשמידטער הינטער דער קאָלאָנע און דאָס האַרץ זיינס האָט געקלאַפּט ווי אַ זייגער, באַ וועלכן די פּרוזשינע האַלט באַם אויסגיין. אָבער ווידער האָט אַ שיין געטאָן אַ פּאָס ליכט. פון צווייטן צימערל, דורך דער האַלב־פאַרמאַכטער טיר האָט זיך געריסן אין דער פינצטערניש אַריין דער ליכט־פּאָס און באַראַש האָט געוואַרט, אַז די טיר זאָל זיך ווידער עפענען און ער זאָל ווידער דערזען אַדאַן און עוואַן און ער וועט אפשר דערזען אויף זייערע ליפּן אַ שמייכל, און ער וועט אפשר לייענען אויף זייערע ליפּן דעם אויסדרוק פון אַ וואָרט. דער ליכט־פּאָס איז אָבער אינגאַנצן אויסגעלאָשן געוואָרן און געבליבן איז בלויז די פינצטערניש אַרום אים און אין אים. מיט שטילע טריט, ווי אַ גנב, האָט ער זיך אַרויסגערוקט פון הינטער דער קאָלאָנע און אַ געבויגענער געלאָזט זיך גיין צוריק — צו מאַרין.

. . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . .

נאָך אַ טאָג און אַ נאַכט זענען פאַראיבער. ער האָט זיי ווידער געזען, אָבער דאָס מאָל איז אין הויז געווען אַ מאַן, אַן אומבאַקאַנטער. זיי האָבן געלייענט „די צייט" און האָבן וועגן עפּעס דיסקוטירט און דער מאַן האָט זיך, פּונקט ווי אַדאַ מיט אַן אָוונט פריער, אַריבערגעבויגן איבער עוואַן און געגעבן איר עפּעס צו פאַרשטיין אין בוך, וואָס זי האָט געהאַלטן אין די הענט. דערנאָך האָבן זיי געטרונקען טיי און ווען דער מאַן איז אַוועק־געגאַנגען, איז ווידער געוואָרן פינצטער. ער איז ווידער צוריקגעקומען צו מאַרין אַ שווייגנדיקער און זי האָט פאַרשטאַנען, אַז ס'איז בעסער ניט צו רעדן צו אים, ניט שטעלן קיין פראַגן. זי איז געזעסן לעבן אים, אַנידערגעלייגט איר הייס פּנים אויף זיינע קני און אונטער דעם רויטן ליכט פון לאָמפּ געקוקט אויף אים, אויף זיין צעקאַרבטן שטערן, געקוקט ווי אַ געטרייער הונט . . .

. . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . .

אויף דעם פערטן טאָג אין אָוונט האָט ער צו איר געזאָגט:

— מאַרי, איך וועל אייך בעטן נאָך איין מאָל צו טאָן עפּעס פאַר מיר.

— איך וועל טאָן, וואָס איר וועט מיך בעטן.
— איך וועל אייך בעטן, אַז איר זאָלט צופאָרן צו אַדאָן און רעדן מיט איר פּערזענלעך, אויב מעגלעך. נעמט מיט מיט זיך אַ פּאָר פון אייערע בילדער, זאָגט איר, אַז איר זענט אַ מאַלערין און אַז דורך דעם פאַרקויף פון די בילדער מאַכט איר אַ לעבן. מאַלעריי און די בילדער וועלן זיכער דערמאָנען איר אין מיר און וועלן זי אַרויספירן אפשר אויף אַ געשפּרעך וועגן מיר. דאָס איבעריקע לאָז איך איבער צו אייך.
— זאָל איך שוין פאָרן?
— שוין, אויב עס ניט שווער פאַר אייך.
— איך פאָר שוין — האָט זי זיך אויפגעהויבן און צוגייענדיק צום קאַמאָד, האָט זי אַרויסגענומען אַ פּאָר בילדער, צווישן זיי אַ בילד פון אַן אַלטן איטאַליענער מיט אַ ליולקע אין מויל. באַראַש האָט גע־כאַפּט אַ קוק אויף דעם בילד און דערמאָנט זיך אָן סטעלאַן . . . די ליולקע — די ליולקע — האָבן זיך אַרויסגעריסן פון אים די ווערטער — די ליולקע — — —
— וואָס זאָגט איר, זיסער? — האָט מאַרי פאַרוואונדערט געפרעגט.
— גאָרניט . . . — האָט ער אויפגעוואַכט — גאָרניט.
— איר האָט גערעדט צו זיך אַליין.
— עס טרעפט אָפּט מיט מיר, ווען איך פאַרליר דעם קאָנטראָל איבער זיך.
— דאָס האָבן די ליידן אָפּגעשוואַכט אייערע נערוון.
— ווייזט אויס אַזוי.
— ליבינקער מיינער . . . — האָט זי זיך צוגעטוליעט צו אים איך גיי . . .
— איר האָט אַ גוטע נשמה, מאַרי.
ער האָט אָנגעשטעלט די ראַדיאָ און אָפּגעגעבן זיך דער מוזיק. די שטונדן האָבן זיך געצויגן מיט אומגעדולד. ענדלעך האָט ער דער־הערט מאַריס טריט. זי איז אַריינגעקומען אַ שווייגנדיקע, אַוועקגעשטעלט אויף דעם טיש די אָנגעקויפטע זיסע נאַשערייען, אויסגעטאָן איר מאַנטל און ענדלעך אַנידערגעזעצט זיך.
— איך האָב זי געזען — האָט זי אָנגעהייבן. — זי איז שיין און אינטערעסאַנט, און קוקנדיק אויף איר האָב איך זיך געוואונדערט, ווי אַזוי איר האָט געקאָנט אַוועק פון איר.
— ניט פון איר, מאַרי . . . פון מיין לעבן . . .
— נו, גוט . . . כ׳האָב איר געזאָגט, אַז איך וואָלט געוואָלט זי זאָל אַ קוק טאָן אויף מיינע בילדער און קויפן אַ בילד אָדער צוויי, אויב זי קאָן. האָט זי אַ קוק געטאָן אויף מיר און באַטראַכט מיך פון אַלע

זייטן; דערנאָך האָט זי געקוקט אויף די בילדער און האָט אַ זאָג געי
טאָן: מיין מאַן האָט אויך געמאָלן בילדער און, דעם אמת זאָגנדיק, האָב
איך מער בילדער ווי איך דאַרף. — אָ, אייער מאַן האָט אויך געמאָלן?
— האָב איך זי געפרעגט. — יאָ — האָט זי געענטפערט. — מיין מאַן
איז געווען אַ שרייבער . . . — געווען? — האָב איך געפרעגט. —
יאָ, ס'ווייזט אויס, אַז ער איז טויט . . . — האָט זי געזאָגט, און איך
האָב געפילט, אַז מיט מיין שווייגן רויב איך אַוועק פון איר און פון אייער
טאָכטער דעם גרעסטן אוצר — דאם אמת.

— איך פאַרשטיי אייער צושטאַנד — האָט באַראַש געזאָגט, קוקנ־
דיק אין אַ זייט.

— נו, אַזוי האָבן מיר זיך צערעדט און זי האָט מיך געבעטן זיצן
און איך האָב געפילט, אַז זי קוקט נאָך אַלץ אויף מיר מיט אַ מאָדנעם
בליק. האָב איך זי געפרעגט פאַרוואָס זי קוקט אַזוי אויף מיר, האָט זי
אַ ווילע געשוויגן און דערנאָך געזאָגט, אַז איר מאַן, דאָס הייסט איר,
האָט געאַרבעט אין אַ קונסט־שאָפּ און ער האָט איר דערציילט וועגן אַ
פרוי, אַן איטאַליענישע פרוי, וואָס האָט דאָרט געאַרבעט און זי האָט
זיך געוואונדערט צי בין איך ניט יענע פרוי וועגן וועלכער ער האָט
איר דערציילט. אויף אַ מאָמענט האָב איך זיך פאַרלוירן און ניט גע־
וואוסט וואָס צו ענטפערן, אָבער גלייך האָב איך זיך באַהערשט און איך
האָב אַ פרעג געטאָן: וואָס איז אייער מאַנס נאָמען, מאַדאַם? — באַ־
ראַש — האָט זי געזאָגט. — אויב אַזוי, בין איך דאָס די פרוי וועגן
וועלכער אייער מאַן האָט אייך דערציילט און איך געדענק מיסטער באַ־
ראַשן זייער גוט. אויף אַ מאָמענט איז זי געוואָרן בלייך און מיר איז
אַביסל געוואָרן ניט גוט פון מיטלייד, אָבער זי האָט גלייך אַ פרעג געטאָן:
— געדענקט איר ווען און ווי אַזוי ער האָט פאַרלאָזט דעם שאָפּ? — דאָ
האָב איך איר דערציילט ווי עס איז ווירקלעך פאָרגעקומען. מיר זענען
אַזוי געזעסן און האָבן גערעדט און אייער טעכטערל האָט געקוקט אויף
אונדז מיט אירע גרויסע, טרויעריקע אויגן. איך האָב איר געזאָגט, אַז
דערווייל אַרבעט איך אין שאָפּ, אָבער נאָך דער אַרבעט פאַרקויף איך
בילדער צו מאַכן אַביסל מער געלט. און זי האָט מיר דערציילט, אַז זי
אַרבעט אויך אין אַ שאָפּ, אַלס דעזיינערין פון קליידער און זי פאַרדינט
גוט און זי האָט אַסך פריינט, מייסטנס די פריינט פון איר מאַן, און זי
האָפט נאָך, אַז אַמאָל וועט געשען עפּעס אַ נס און איר וועט זיך ווידער
באַווייזן און אויב ניט, וועט זי, מסתמא, ווידער פאָרן קיין קאַליפאָרניע.
איך האָב זי געוואָלט אַ פרעג טאָן, צי זי וואָלט ניט געוואָלט ווידעראַמאָל
הייראַטן, אָבער איך האָב ניט געפונען אין זיך גענוג מוט צו זיין אַזוי . . .
ברוטאַל און ציניש. און דאָס איז, דאַכט זיך, אַלץ. זי האָט דערנאָך גע־

קויפט בא מיר א בילד, האָב איך אַבזיכטלעך געגעבן אַ קליינע פּרייז. זי האָט מיך געבעטן אַריינצוקומען אַמאָל און איך בין אַוועקגעגאַנגען. דאָס אַלץ . . .

— אַ דאַנק, מאַרי — האָט באַראַש פאַרקוועטשט מיט די הענט די אויגן. — איר האָט געטאָן פאַר מיר מער, ווי מיינע בעסטע פריינט האָבן ווען עס איז געטאָן פאַר מיר.

זי האָט אַרומגענומען זיין האַלדז מיט די הענט און געזאָגט:

— איצט ווייסט איר שוין אַלץ. איר דאַרפט אָבער ניט זיין טרויעריק. נאָך אַלעמען, זיי לעבן און זיי זענען געזונט און זי אַרבעט און פאַרדינט גוט. אָבער . . . צו וואָס זאָג איך אייך דאָס? אפשר ווילט איר אומקערן זיך צו זיי . . . און צו גליק . . .

— דענקט איר, מאַרי, אַז דאָס גליק וואָלט געווען אמת גליק? וואָלט ניט אונדזער לעבן געווען ווי צוויי באַזונדערע בעכערס, אָנגעפילט מיט אומצוטרוי אנשטאָט גליק? וואָלט זי דען געקאָנט אָפּלעבן איר לעבן מיט מיר אין גלויבן, אין רו און פאַרשטענדעניש, ווען איך וואָלט פלוצים ווידער געוואָרן אַ לעבעדיקער? וואָלטן ניט אירע גוטע געפילן וועגן מיר דעם טויטן, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין געפילן פון חוזק און פאַראַכטונג — צו מיר דעם לעבעדיקן?

— פאַרוואָס? פאַרוואָס? — האָט מאַרי ניט געקאָנט פאַרשטיין.

— ווייל אַזוי לויפט די פסיכאָלאָגיע פון אַ מענטשן; ווייל, ניט ווויסנדיק אַליין פאַרוואָס, וואָלט זי זיך געפילט אַן אַנטוישטע; ווייל מיט דער צייט וואָלט איך ווידער דערשינען אין אירע אויגן ווי דער אַלטער, באַקאָנטער מאַן אירער, דערזעלבער, אָבער נאָך מער אָפּגעריסן און פאַרפרעמדט פון איר, פון זיך אַליין און פון דעם לעבן. וואָלט דאָס, דענקט איר, געווען גליק?

— אפשר זענט איר גערעכט — האָט זיך מאַרי פאַרטראַכט.

— ניט אפשר, נאָר זיכער.

— אויב אַזוי . . . אויב אַזוי . . . . — האָט זי ניט געוואַגט צו פאַרענדיקן איר געדאַנק.

— אויב אַזוי . . . וואָס?

— אויב אַזוי, טאָרט איר ניט וואוינען דאָ אין ניו־יאָרק. ווייל פריער צי שפעטער וועט איר דאָך אַנטדעקט ווערן . . .

— אודאי טאָר איך ניט בלייבן אין ניו־יאָרק, כאָטש ניו־יאָרק איז ווי אַ מדינה פאַר זיך אַליין, אַ דזשאַנגל. קיין שאַנסן וועל איך אָבער ניט נעמען.

— איר וועט אַוועקפאָרן?

— מסתמא.

— און איך . . . אויך?

בּאַראַש האָט ניט געענטפערט. גענומען שפּאַנען איבער דעם צי־מער, געשויבּערט די האָר און ענדלעך אָפּגעשטעלט זיך לעבן איר, אָנ־גענומען איר קאָפּ מיט די הענט און געזאָגט:

— איך ווייס ניט אין וואָס פאַר אַ פיזישע און גייסטיקע וועלטן עס וועט מיך פאַרטראָגן מיין פאַנטאַזיע און טאַט. איך האָב דאָך איצט סייווי מער גאָרניט וואָס צו פאַרלירן. אָבער וואוהין איך זאָל ניט פאַר־פליען — בּאַ מיר אין האַרצן וועט איר פאַרבּלייבּן.

— אַ דאַנק כאָטש פאַר דעם . . . נאָך אַדאַן און נאָך סטעלאַן ווייס איך ניט צי איך האָב אַ רעכט צו פאָדערן מער.

— ס׳איז ניט קיין פראַגע פון רעכט אָדער אַ פראַגע פון פאָדערן. איר ווייסט עס, מאַרי . . .

— יאָ, איך ווייס עס — האָבּן זיך בּאַוויזן טרערן אין אירע אויגן.

— ס׳איז אַ פראַגע פון צופאַל, אָדער שיקזאַל.

אפשר צופאַל און אפשר שיקזאַל, ווי איר זאָגט, און אפשר פון מענטשלעכן וואַהנזין אין שטורעם.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

אין דערדאָזיקער נאַכט האָבּן בּאַראַשעס געדאַנקען געוואַנדערט בּאַ אַדאַס פענצטער און זיין קערפּער איז געלעגן מאַכטלאָז ווי אונטער אַ בּרענענדיקן סאַמום אין דער מדבר.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

עס זענען אַוועק טעג און עס זענען אַוועק נעכט. אין די אָוונטן האָט ער זיך געגאַנבעט בּאַ אַדאַס פענצטער און יעדעס מאָל האָט אַן אומ־זעבּאַרע האַנט אַריינגעכאַפּט זיין האַרץ צווישן צעקרימטע פינגער און געדריקט . . . געדריקט . . . די טעג האָבּן געוואָיעט ווי שאַקאַלן, געקראָכן ווי שלאַנגען אין מעטראָפּאָליטאַנישן דזשאַנגל און געטראָגן פון גאַס צו גאַס, פון סקווער צו סקווער, פון רעסטאָראַן צו רעסטאָראַן. ער האָט געהאַסט די ליידיקע און אומפּראָדוקטיווע שטונדן זיינע, ער האָט אָבער מורא געהאָט צו נעמען זיך צו עפּעס אַן אַרבּעט, די אַרבּעט זאָל אים ניט צובּינדן, ווייל אַ צוגעבּינדענער צו ניו־יאָרק, האָט ער געוואוסט, וועט ער פריער אָדער שפּעטער אַנטדעקט ווערן. שטייענדיק בּאַ דער „עמפּייער־סטייט" געבּיידע, האָט ער געטראַכט, ווי גוט עס זאָל געווען אַרויפצופאָרן צום העכסטן, צו דעם הונדערטסטן שטאָק און מאַכן בּלויז איין שפּאַן — אַראָפּ . . . און זיצנדיק בּאַם ים, האָט ער געטראַכט, אַז ס׳וואָלט גוט געווען אַרויסצולאָזן זיך אויף אַ קליינעם שיפל אין אָקעאַן

אַריין . . . וויט, וויט, צווישן די מוראדיקע וואַסער־בערג און פֿאַר־שלונגען ווערן צווישן זיי אויף אייביק . . . געטראַכט, ווי פֿײַנלעך עס איז צו וויסן, אַז דאָס לעבן שלעפּט אַראָפּ, אַראָפּ צום שטאַנד פֿון אַ פּאַ־ראַזיט . . . (אָ, ניין, ניין! אָננעמען הילף פֿון אַ ליבנדער פֿרוי הייסט נאָך ניט פּאַראַזיטיזם . . .) ניין . . . עס שלעפּט אָבער צו רעזיגנאַ־ציע, צו קאַפּיטולאַציע, צו אַפּאַטיע . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

די טעג זענען געקראָכן. מאַרי האָט אים שוין מער ניט געפֿרעגט וואוהין ער גייט — זי האָט שוין געוואוסט. די נאָוועלע זיינען אין דער „צייט" האָט שוין געהאַלטן באַם סוף. איצט, האָט ער געטראַכט, וועט מען ווידער פֿאַרגעסן אָן אים. און אפֿשר וועט אַדאַ ווידעראַמאָל געפֿינען זיינע אַ פֿאַרוואַלגערטע דראַמע, אָדער דערציילונג, אָדער ליד און זיין נאָמען וועט ווידער אַרויסשווימען אין דעם „פּאָסט מאָרטעם" . . .

ער האָט געלייענט אַלע ניו־יאָרקער יידישע צייטונגען און, ווי שטענדיק, זענען די צייטונגען געשטאַנען פֿאַר אים ווי אַ סימבאָל פֿון יידישן לעבן, פֿון יידישער צעריסנקייט און די לעגענדע וועגן יידישער ברידערלעכקייט האָט געמאַכט גרימאַסן — געלעכטער־גרימאַסן און גע־וויין־גרימאַסן.

אין צערודערטקייט האָט ער רעאַגירט אויף די שרייענדיקע קעפּ אין די צייטונגען, אויף דעם ווייטן פֿלאַטער פֿון די שוואַרצע מלחמה־פֿליגל, אויף די כאַאָטישע געשעענישן אין דער וועלט. די וועלט איז שוין מער ניט געווען אַ וועלט, אַ רוים, אַ גאָט־באַשאַפֿענער ערד־קוגל אין דער טריליאָנענדיקער סיסטעמע פֿון שטערן און פּלאַנעטן. די ערד איז געוואָרן אַ מאַפּע, איבער וועלכער עס האָט פֿון ברעג צו ברעג, פֿון ליניע צו ליניע געשפּרייט זיך אַ שוואַרצער שאָטן, וואָס פֿאַרדעקט און פֿאַרמעקט שטעט און לענדער, פֿאַרמעקט אַלץ . . . און אים, באַראַשן, צוזאַמען מיט דער וועלט . . . ווי אין אַ קעסל־גרוב האָט עס אים גע־טראָגן אין אַ זומפּ פֿון געדאַנקען און געפֿילן — קריכנדיקע שלאַנגען אין דעם זומפּ . . . און עס איז ניט געווען צו ווען אויסצושטרעקן די האַנט, אַרויסצורייסן זיך פֿון דעם זומפּ . . . ניט געווען צו וועמען, חוץ צו מאַרין. מאַריס וועלט איז אָבער געווען אין צימער און דער גע־דאַנק אירער האָט ניט געשוועבט ווייטער פֿון אים. יעדע וואָך האָט ער געפֿילט אין דער קעשענע דעם זיידענעם שאָרך פֿון פּאַפּירענעם געלט און יעדעס מאָל האָט עס אים אַ ברי געטאָן ווי אַן עלעקטרישער שטראָם. ער האָט שוין אָבער אויפֿגעהערט צו פּראָטעסטירן און מיט אַ פֿאַרקרימטן

שמייכל פרובירט וויצלען זיך אויף מאַריס חשבון, אַז זי פאַרזייט געלט אין אַ זאַמדיקן מדבר.

— גלויבט מיר, איך ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט דעם געלט, וואָס איך פאַרדין — האָט זי אים פאַרזיכערט און ער האָט אויסגעהערט, שמייכלענדיק טריבלעך און מער ניט גערעדט וועגן דעם.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

איינמאָל איז מאַרי אַהיימגעקומען אַ דערפרייטע. עס איז איר געלונגען צו קריגן צוויי בילעטן צו אַ גראַנדיעזן מיטינג וואו יאָהאַכים האָט באַדאַרפט אויפטרעטן.

— יאָהאַכים ?! — האָט באַראַש אַ פרעג געטאָן פאַרוואונדערט.

— דו מיינסט . . . עס פרייט דיך צו הערן יאָהאַכימען ?

— פאַרוואָס ניט ? — האָט זי זיך אויך פאַרוואונדערט. — ער איז אַ גרויסער מענטש און אַ וואונדערבאַרער רעדנער. מ׳קאָן אַסך לער־נען פון אים.

— וואָס אַשטייגער קאָן מען לערנען פון אים ? — האָט באַראַש איראָניש געפרעגט.

—איך האָב אים אַסך מאָל געהערט אויף דער ראַדיאָ — האָט זי געזאָגט — און שטענדיק האָט ער אַנטפּלעקט פאַר מיר עפּעס נייס, וועגן וואָס איך האָב ניט געוואוסט.

— וועגן יידן, אַשטייגער ? — האָט באַראַש געשמייכלט.

— וועגן יידן אויך. ער איז אַ פריינט פון יידן — האָט זי באַאיוו געענטפערט.

— אַ פריינט ?!

— וואָס דען, ניט קיין פריינט ? ווען ער וואָלט ניט געווען אַ פריינט, וואָלט ער ניט גערעדט אַזוי אָפט צום יידישן פאָלק, וואָלט ער זיי ניט געוואָרנט קעגן די קאָמוניסטן.

באַראַש האָט זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעלאַכט. ער האָט ניט געוואוסט צי דאַרף ער איר ענטפערן, צי דאַרף ער איר געבן צו פאַרשטיין די כיטרע דעמאַגאָגישע שפּיל פון דעם פאַשיסט און אַנטיסעמיט. ער האָט אָבער דערפילט, אַז עפּעס ברענט שוין אין אים און רייסט זיך און מאָנט אַראָפּ־צורייסן עפּעס, אויפצודעקן און ווייזן דער פּאָליטיש ניט־אַנטוויקלטער פרוי די מיאוסע שלאַנג, וואָס ליגט אונטער יאָהאַכימס צונג. האָט ער פּלוצים אויסגעשריגן :

— און היטלער, היטלער איז אויך אַ יידנפריינט ?!

פון באַראַשעס אויפגערעגטן אויסגעשריי איז זי געבליבן שטיין אַן איבעראַשטע און אַביסל אַ דערשראָקענע, און ווען זי האָט דערזען,

אַז ער קוקט נאָך אַלץ אויף איר מיט אַ פרעמדן בליק, האָט זי געזאָגט:
— היטלער איז אַ מאַניאַק און יאָהאַכים איז . . .

ער איז צוגעגאַנגען נאָענט צו איר און אָנווייזנדיק מיטן פינגער אויף דעם אויסגעברענטן צייכן פון זיין שטערן, האָט ער געזאָגט:

— זעסט דאָס?! דאָס האָט היטלערס פאַרשאָלטענע און חיהשע האַנט געפירט איבער מיין שטערן. און דערגרייכט צו מיין שטערן און צו מיין האַרץ האָט ער דורך יאָהאַכימען. ווייל דורך יאָהאַכימס מויל פליסן היטלערס רייד, היטלערס סם, דער סם, וואָס פאַרקריפּלט סיי דעם יידן און סיי דעם קריסט. אָט דורך יאָהאַכימען און דורך זיין וואָרט האָבן זיך אויפגעהויבן די פאַרשיכורטע, אומוויסנדע הענט, וואָס האָבן דער־מאָרדעט אַנאַטאָלן. יאָ, דער יאָהאַכים פון וועלכן איר האָט אַזוי פיל געלערנט, בלאָזט אַריין אין יעדן ווינקל פון לאַנד, אין יעדער נשמה, דעם שוואַרצן, מאַניקאַלישן, היטלעריסטישן שטורעם און די אומוויסנדע, גלויביקע און עהרלעכע קריסטן, אָט אַזעלכע ווי איר, ווערן פאַרכאַפּט און פאַרטראָגן צו אַ גלויבן פון בלוטיקער, מערדערישער וואַקכאַנאַליע...

— איך? — האָבן זיך באַוויזן טרערן אין אירע אויגן.

— ניט אייער שולד, מאַרי . . . אָבער . . . — האָט ער פלו־צים געביטן דעם טאָן — לאָמיר גיין און הערן אייער יאָהאַכימען, און לאָמיך זען צי איר וועט ניט אַהיימקומען אַ פאַרשעמטע און וועט ניט זאָגן: יאָ, ער איז היטלערס שוואַרצער פּאַפּוגיי!

זיי האָבן נאָכדעם פּרובירט צו רעדן רואיק, גלייך ווי דער געשפּרעך איז ניט פאָרגעקומען. זיי האָבן אָבער ביידע געפילט, אַז ס׳איז אַ מאָס־קידטע שטימונג — ס׳איז אָבער געווען בעסער ווי אָפענע בייזקייט.

שפּעטער זענען זיי געפאָרן צום מיטינג. ווען זיי זענען געקומען צום „מעדיסאָן סקווער גאַרדן" זענען שוין אויף דער גאַס אַרום געשטאַ־נען הונדערטער מענטשן, וואָס האָבן ניט געקאָנט קריגן קיין בילעטן. ווען באַראַש און מאַרי זענען אַריין און האָבן זיך דערשלאָגן צוא פּלאַץ, האָט שוין עמיצער גערעדט באַם מיקראָפאָן און פאַרהילכט מיט אַ שטאַרקן עכאָ דעם גראַנדיעזן בנין. יוניפאָרמירטע יונגעלייט האָבן געהאַלטן זיי־ערע פּאָסטנס באַם אַריינגאַנג און באַ די דורכגאַנגען, קוקנדיק שטרענג און שטאָלץ. עס האָבן גערעדט אַ פּאָר רעדנער און זייערע רייד זענען געווען ווי ווינטן, וואָס זאָגן אָן דאָס אָנקומען פון אַ שטורעם. ענדלעך האָט דער פאָרזיצער פון מיטינג פאָרגעשטעלט יאָהאַכימען. אַ דונער־דיקער אַפּלאָז און אַ ווילדער געשריי האָט אויסגעבראָכן מיט דעם ערשטן זשעסט, וואָס האָט דערמאָנט אָן דעם נאַצי־סאַלוט.

ער האָט אָנגעהייבן צו רעדן און מיט פלאַנמעסיקע און גוט־פאָר־מירטע פראַזן, אין דעם טאָן פון אַ געלערנטן, גענומען פאַנאַנדערוויקלען

אַ בילד פון דעם אַמעריקאַנעם לאַנד און פון דעם אַמעריקאַנעם פאָלק. אַ גראַנדיעז בילד האָט ער געמאָלן, אַ בילד פון וועלכן אפילו בּאַראַש איז פאַרכאַפּט געוואָרן און פון וועלכן מאַרי האָט געשיינט מיט באַגייסטע־רונג. אָבער דאָס בילד, יאָהאַכימס בילד האָט לאַנגזאַם אַנגעהויבן פאַר־טונקלט צו ווערן. לאַנגזאַם, ווי אַ געניטער בינע־מייסטער האָט ער גע־נומען בייטן בילד נאָך בילד און אויפגעדעקט איין טונקעלן ווינקל נאָך דעם צווייטן פון די הינטערקוליסן. און צום ערשטן פאַרשטעלט, און דערנאָך שוין אָפן, האָט ער פון די הינטערקוליסן אָנגעהויבן אַרויסצו־פירן דעם העלד זיינעם, דעם יידן, דעם שיילאָק, ווי ער האָט אים פאַר־געשטעלט. און דער שיילאָק, אונטער דער שטאַרקער און באַווירקנדער אָראַטאָרישער קראַפט זיינער און אונטער די טונקעלע שאָטנס פון דער געשאַפענער שטימונג, דער שיילאָק האָט זיך באַוויזן פאַר די אויגן פון די צוהערער, ווי אַ לעבעדיקער. עס האָט זיך געפילט אין דעם, צום ערשטן שטילן און דערנאָך שטאַרקערן ברום פון דער מאַסן, דער אָנקום פון פאַנאַנדערגעלאָזטע, צעבלאָזענע ליידנשאַפטן — דער שטורעם פון האָס און בלוט.

באַראַש האָט געפילט, ווי עס טראָגט אים אויף פון זיין שטול. ער האָט געפילט, ווי זיין אָטעם ווערט אַרויסגעריסן פון אים, ווי די געדאַנ־קען הייבן אָן בריען און אַ פלאַם צעשפּרייט זיך איבערן פנים, איבערן האַלדז, איבער דעם גאַנצן קערפּער. און ווען זיין שנעלער, מאָמענטאַלער בליק האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן מאַרין און ער האָט דערזען איר בלאַסקייט און ברייט־פאַנאַנדערגעעפנטע, שוואַרצע אויגן, האָט זיך אַ ברעננענדי־קער פראָטעסט צעזאָטן און צעברומט אין אים ווי אַ צעשמאָלצענע לאַווע אין אַ פאַרקלאַפּטן קעסל. ער האָט זיך אַ הייב געטאָן, געוואָלט אויס־שרייען, אויסֶלייזן דאָס אָנגעזאָטענע אין דעם האַרץ — די ווערטער זע־נען אָבער פאַרברענט געוואָרן אין פלאַמעדיקן האַלדז און בלויז די באַ־וועגונג זיינע און דער פאַרשטיקטער ברום זיינער און דער רויטער בליק אין די אויגן האָט אַנטפּלעקט זיין צושטאַנד. מאַרי האָט באַמערקט, וואָס עס קומט פאַר אין אים, האָט זי גענומען ציען אים אַראָפּ צום שטול, צו זיך און גערעדט עפּעס שטיל, אין פאַרצווייפלונג — די אַרומיקע האָבן אָבער אויך באַמערקט זיינע בליקן און זיין אָנגעצונדן פנים און דאָ און דאָרטן האָבן זיך דערטראָגן פאַרשטיקטע זידלווערטער און די יוניפאַר־מירטע חברה־לייט זענען אויסגעוואָקסן לעבן אים, ווי פון אונטער דער ערד און שטאַרקע הענט האָבן אים אַ כאַפּ געטאָן באַם קאָלנער און באַ די לאַנגע, צעשויבערטע האָר, אַ כאַפּ געטאָן אים און מאַרין און גענו־מען שלעפּן צום אויסגאַנג. און אין נעפּל פון צעשטורעמטן בלוט, האָט זיין אויער געכאַפּט: — יודן, יודן . . . — און ווען ער איז פון דער אויפ־

געפּראַלטער טיר אַרויסגעפאַלן אויף דער וואַנט פון מענטשן אינדרויסן און די קאַלטע נאַכט האָט אַ בלאָז געטאָן אויף זיין פאַרשוויצטן פּנים, האָט ער אויך דאָ דערפילט, ווי הענט, ווי קלעשטשעס שטופן אים און וואַרפן אים פון איינעם צום צווייטן, שלאָגן אין דער פּלייצע, אין קאָפּ, דריקן מיט האַרטע עלנבויגנס אין זיין ברוסט און פון אַלע זייטן שיפּעט ווי פון גיפטיקע שלאַנגען — יידן . . . יידן . . .

ערשט שטייענדיק אונטער דער וואַנט פון אַ הימלקראַצער און ווישנדיק מיט ציטערדיקע פינגער די אָנגעשוואָלענע אויגן, האָט ער אָנ־געהויבן צו באַנעמען וואָס עס איז מיט אים פאָרגעקומען. פּונוויטנס האָט זיך פון די עמפּליפייערס געטראָגן ווי אַן עכאָ יאַהאַכימס שטימע און בּאַראַש האָט דערפילט, אַז איצט וואָלט זיך אים געוואָלט זיין אַן אָנגעלאָדענער מיט דינאַמיט מעטעאָר, וואָס זאָל מיט צעשניידנדן סווישטש אַראָפּפאַלן אויף דעם בנין און צערייסן, צעשמעטערן אויף אַטאָ־מען אַלץ און אַלעמען . . . שטאָל, שטיין, פלייש און ביין . . .

ער האָט זיך דערמאָנט אָן מאַרין . . . אַן אָפּגעריסענע פון אים איז זי פאַרלוירן געגאַנגען אין די מענטשלעכע כוואַליעס . . . ווען ער איז אַהיימגעקומען, איז זי נאָך ניט געווען. ער האָט אַ טראַכט געטאָן וועגן איר מיט רחמנות. אין דער צעטומלעניש פון קאַמף האָט ער אויף אַ מאָמענט באַמערקט, ווי אויך זי ווערט געשלעפּט פון צעבייזערטע הענט, ער האָט זי אָבער גלייך פאַרלוירן. איצט האָט ער אַ קוק געטאָן אויף זיך און דערזען ווי זיין פּנים איז צעקנייטשט און צעגראַבלט און די אויגן זיינע האָבן גערעדט צו אים, ווי עס וואָלטן גערעדט אויגן פון אַ טרעמפּ. ער איז געשטאַנען אַזוי און געקוקט אויף זיך אין שפּיגל און די צעשוי־בערטע האָר, גרוי באַ די שלייפן און דער צייכן אויף דעם שטערן האָבן לאַנגזאַם, ווי אונטער דעם בת־קול פון אַן אומזעבאַרן, געצויגן אַרויף . . . אַרויף . . . און די אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט פייער, מיט דעם גייסט פון פאַרברענטע אויף שייטערהויפנס, פון פאַרפּייניקטע אין די שולן, אין די קעלערס, אויף די ביידעמער, אויף די פעלדער, אין וועל־דער . . . און ער האָט אויפגעהויבן זיין האַנט אין אַ קאָנוואולסיוון זשעסט און פון די פאַרהאַקטע, פאַרשלאָסענע ליפּן האָט זיך אַרויסגעריסן: איך וועל ניט זיין דער לאָם אין די הענט פון רשע . . . אויך איך וועל איינטונקען מיינע הענט אין בלוט! . . .

. . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . .

מאַרי האָט געוויינט באַנאַכט. זי האָט ווי אין עקסטאַז געקושט

זיינע באַקן און הענט און גערעדט פון מיטלייד, פון ליבע און פון יע־זוסן . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

דאָס צעגראַבלטע פּנים, די צייטונגען און די ראַדיאָ האָבן נאָך אַלץ דערמאָנט אָן יאָהאַכימס נאַכט. פאַר באַראַשן איז מיטאַמאָל געוואָרן קלאָר, אַז עפּעס מוז געטאָן ווערן. עמיצער אין לאַנד מוז זאָגן עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל אויפטרייסלען, אויפרייסן די אַפּאַטיע פון דער פּיל־מיליאָניקער באַפעלקערונג — אויב ניט, וועט די שוואַרצע סוואַסטיקאַ אַריינגראָבן אירע פּירקאָנטיקע אָנקערס אין דעם לייב פון לאַנד. אָבער קיינער האָט ניט אַ שאַל געטאָן, ניט אַ קלונג געטאָן אין אַלאַרם־גלאָק, קיינער האָט ניט געוואוסט, אַז דאָס מיינט מען אים, אים אַליין . . .

באַנאַכט האָט זיך באַראַשן געחלומט מענטשן — מאָנסטערס, פּאָג־ראָמירטע גאַסן, צעהאַקטע, פאַרבלוטיקטע גלידער אויף די ראָגן . . . די חלומות האָבן אים דערדריקט און געהאַלטן אין פינצטערער שטימונג. די נאַכט אין „מעדיסאָן סקווער גאַרדן" האָט זיך אין אים נאָך ניט גע־ענדיקט . . . זי האָט זיך געצויגן אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַ נאַכט נאָך אַ נאַכט . . . און אין שטונדן פון אויפגעריסענער און אויפגעפלאַצטער אַפּאַטיע, איז דאָס הייסע בלוט אין אים געלאָפן ווי אַ רוישיקער טייך איבער שפּיציקע שטיינער און סקאַלעס. ער האָט דערפילט, אַז דאָס לעבן פאָדערט עפּעס פון אים און ער האָט געוואוסט, אַז דאָס איז טאַט, טאַט, טאַט . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

דאָס פּייערל אין ליכט־טורעם האָט אים באַם ברעג פון ים דער־מאָנט אָן שעליאַן . . . האָט עס אים אַ טראָג געטאָן צו אַ דראָג־סטאָר אָפּצורופן זי. און הערנדיק שוין, ווי זי ענטפערט מיט איר טיפער, ברוס־טיקער און גלעטנדיקער שטימע — האַללאָ . . . האַללאָ . . . האָט ער שטיל און לאַנגזאַם אויפגעהאַנגען דאָס טרייבל . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

ער איז געגאַנגען מיט די גאַסן, ניט ווויסנדיק וואוהין ער גייט. זיי האָבן ניט געהאַט קיין סוף. אָבער אין איין גאַס, באַם פענצטער פון אַ „פּאון־שאַפּ", וואו ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אָן געדאַנק און אָן ציל, האָט ער דערזען אַ ניקעלנעם רעוואָלווער. דער רעוואָלווער איז געלעגן נעבן אָן איבערגעקערטן בעכער און דער פאַרשידענער בריק־אַ־בראַק פון צענדליקער פאַרמשכונטע זאַכן אַרום, האָט אויסגעזען ווי אַ שלאַנג־

פעלד. עס האָט אַ שלעפּ געטאָן בּאַראַשן אַריינצוגיין. און ווען ער איז אַריינגעקומען און האָט דערזען אַן אָרעם־געקליידעטן יידן מיט אַ בּעזים אין האַנט ראַמען דעם דיל, איז ער געבּליבּן שטיין, ווי ניט וויסנדיק אַליין צוליבּ וואָס ער איז אַריינגעקומען.

— איר ווילט עפּעס? — האָט דער ייד געפרעגט.

— אייגנטלעך, וויל איך גאָרניט . . . — האָט בּאַראַש געענטפערט און ס'איז אים איינגעפאַלן אַ זאָג צו טאָן: — איך בּין אַן אַקטיאָר . . . און . . . כ'האָבּ אין פענצטער דאָ בּאַמערקט אַ רעוואָלווער און גראַדע דאַרפן מיר האָבּן איינעם פאַר אַ פּיעסע, וואָס מיר פירן אויף, האָבּ איך אַ טראַכט געטאָן, אַז אפשר קאָן איך אים אָפּקויפן בּאַ אייך.

נו, אוודאי קאָנט איר אים אָפּקויפן — האָט דער ייד אַוועקגעשטעלט דעם בּעזים. — דאָס הייסט, אַן אַנדערן וואָלט איך אים אפשר ניט פאַרקויפט. ערשטנס, ווייס איך וואָס מ'טוט מיט אַ רעוואָלווער, און צווייטנס, גיי הייבּ זיך אָן מיט דער פאָליציי . . . אָבּער אין אייך זע איך דאָך, אַז איר זענט אַן אַקטיאָר, איז לאָמיר טאַקע זען . . .

ער האָט אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער פון פענצטער, אָפּגעווישט מיטן האַרבּל און אַ זאָג געטאָן:

— פאַרשטייט איר מיך, דער רעוואָלווער, צווישן אונדז זאָל עס בּלייבּן, דאַרף זיין אַ טויטער, אַ צעבּראָכענער, הייסט עס, אַ שטיק דזשאַנק. עס ווענדט זיך, פאַרשטייט זיך, אין קונה. איר זעט, דאָ פעלט דאָס צינגל . . . אָן דעם צינגל קען מען ניט שיסן. ליגט זיך אַ צעבּראָכענער רעוואָלווער אין פענצטער און קיינער קאָן צו מיר קיין טענות ניט האָבּן. אָבּער אויבּ איר ווילט אים קויפן, וועל איך אייך גיבּן דאָס צינגל וואָס איך האָבּ אַרויסגעשרויפט און איר האָט אַ שפּאָגל נייעם רעוואָלווער, ערשט אַרויס פון דער פאַבּריק. וויפל, דענקט איר, אַז ער וועט פאַר אייך?

— אַ צוויי דאָלער — האָט בּאַראַש געזאָגט, ניט טראַכטנדיק — דער רעוואָלווער איז נאָך פון מיין בּאָבּע טאָלצעס צייטן.

— נו, אוודאי, אַ פּרייז גיט איר ווי אַן אמתער אַקטיאָר — האָט דער ייד מיט אַ בּרוגזער מינע אַוועקגעלייגט דעם רעוואָלווער. — אַ צענערל.

— ס'איז צופיל געלט — האָט בּאַראַש גלייכגילטיק געזאָגט. — ערשטנס, האָבּ איך ניט אַזוי פיל געלט און צווייטנס, קאָנען מיר זיך בּאַגיין . . . — און פּונקט ווי עס האָט אים אַ טראָג געטאָן אַריינצוגיין, פּונקט אַזוי האָט אים אַ טראָג געטאָן אַרויסצוגיין.

— וואַרט, איילט זיך ניט — האָט אים דער ייד אָנגעכאַפּט באַם האַרבל. — וויפל האָט איר?

— דריי דאָלער — האָט באַראַש ווי אין שלאָף אַ זאָג געטאָן.

— גיט אַהער — האָט דער ייד אויסגעשטרעקט די האַנט.

— און קוילן צום רעוואָלווער האָט איר? — האָט באַראַש גע־פרעגט.

— וואָס זשע, איר גייט עמיצן שיסן, צי זיך אַליין חלילה?

— איר מיינט דאָך ניט, אַז איך וועל אייך גלייך דערציילן, אויב איך קלייב זיך עמיצן צו שיסן . . .

— כ'ווייס . . . גיי זיי אַ חכם . . . אָבער איך ווייס, אַ איד איז ניט קיין גזלן, וועל איך אייך געבן אַ פּאָר קוילן. כ'האָב זיי אין קעסטל.

ער איז צוגעגאַנגען צום קעסטל, געזוכט צווישן ברוכוואַרג און אַלטע מטבעות און ענדלעך געפונען צוויי קוילן און דאָס ציגל צום רע־וואָלווער.

— אָט זענען זיי — האָט ער געזאָגט און גענומען צושרויפן דאָס ציגל. — איר זעט, אַז מ'דאַרף בין איך אַ מעכאַניקער, אַסך מלאכות און וויניק ברכות. פּאַרטיק, גיט אַהער דאָס געלט.

באַראַש האָט אים געגעבן דאָס געלט און דער ייד האָט אַ שטופּ געטאָן דעם רעוואָלווער אין באַראַשעס הענט:

— נאָט, ברוך שפּטרני . . . שוין לאַנג געוואָלט פּטור ווערן פון אים און דאָס האַרץ האָט ניט פאַרטראָגן אַרויסצוואַרפן אים.

באַראַש איז אַרויסגעגאַנגען פון „פּאָן־שאָפּ" און געפילט ווי דער רעוואָלווער ליגט אין קעשענע אַ שווערער און אַ קאַלטער. מיט רואיקע, שוין צו רואיקע טריט האָט ער זיך געלאָזט גיין מיט דער גאַס . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט באַראַש פאַרשריבן:

„. . . איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי אויסגעהאַלטענע לאָגיק? איך צווייפל. אפילו אין דער שטאַרקסטער לאָגיק רייסט זיך אַריין עפּעס אַזעלכעס, וואָס מיסבאַלאַנסירט און וויגט די וואָגשאָלן פון לאָגיק אַראָפּ און אַרויף. אָט דער עפּעס איז אָפט בלויז אַ קאָמפּלעקס, וואָס קומט צום מענטשן נאָך פון די אוראַלטע צייטן אָן. וואָס איז מיין קאָמפּלעקס, וואָס מיסבאַלאַנסירט די וואָגשאָלן פון מיין לאָגיק? איך גלויב, אַז איך קאָן אים אויסדרוקן אין דעם פאַרטיקן, פאָרמולירטן שפּרוך: הבל הבלים הכל הבל. ווי גרויס און פריידיק מיין באַגייסטערונג, מיין אילוזיע און געזאַנג צום לעבן זאָל ניט זיין, זע איך שטענדיק דעם באַלאַנס פון דעם לעבנס־חשבון. און דאָס קומט מסתמא פון ניט גלויבן. אָבער צו וואָס

האָב איך דאָס אָנגעהויבן? איך האָב עס אָנגעהויבן, אום צו דערפירן זיך צו דער לאָגיק פון אומלאָגישקייט, ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל ניט קלינגען.

„אַט זיץ איך דאָ באַם טיש און מיין בליק, ווי אַ רענטגען־שטראַל דרינגט דורך און דורך מיין ראַנצל און איך זע דאָרט דעם רואיקן, קאַלט־בלישטשענדיקן רעוואָלווער. איך ווייס, אַז מיין גאַנצער וועזן איז איצט ווי צוגעבונדן צו אים. ער פאָדערט טאָט. און איך טראַכט וועגן טאָט, וואָרן ווער פון אונדז מענטשן האָט ניט געטראַכט אַמאָל וועגן טאָט? איך טראַכט אָבער איצט וועגן טאָט, ווי אַטענטאַט. און איך ווייס, אַז ס׳איז ניט פּלוצים. איך האָב געטראַכט וועגן אַטענטאַט נאָך מיכלס טויט, איך האָב געטראַכט וועגן אַטענטאַט נאָך אַנאַטאָלס טויט און יעדעס מאָל, יע־דעס מאָל, ווען כ׳האָב געהערט יאָהאַכימען רעדן . . . יאָ, כ׳האָב אָפט געטראַכט וועגן אַטענטאַט. און בלויז דערפאַר, ווייל איך בין אַ קול־טורעל־ציוויליזירטער מענטש (רעלאַטיוו) און ווייל איך טראָג זיך ניט אַרום מיט געווער, און ווייל איך בין ניט אין דער „שפּיל", ווי דער אַמע־ריקאַנער וואָלט זיך אויסגעדריקט, און עס איז ניט געקומען צו דער געלעגנהייט — בלויז דערפאַר בין איך ניט באַגאַנגען קיין גוואַלדטאָט און אַטענטאַט. בלויז דערפאַר? איך צווייפל. צו זיין טיף אויפריכטיק מיט זיך אַליין, איז דאָס אפשר דערפאַר, ווייל דער פייגלינג אין מיר איז שטאַרקער פון מיין טעמפּעראַמענט און ווילן. אין געדאַנק אָבער האָב איך שוין ניט איינמאָל באַגאַנגען אַטענטאַטן. איך טראַכט אָפט ווי אַזוי איז באַ די רעוואָלוציאָנערן־טעראָריסטן אין אַלטן רוסלאַנד דער געדאַנק געוואָרן טאָט? האָט דער געדאַנק געטליעט אין זיין יאָרנלאַנג, צי איז ער געקומען פּלוצים, אימפּולסיוו. איך פרעג זיך די פראַגע און ווייס, אַז דער געדאַנק און דער טאָט זענען ניט געקומען פּלוצים, אימפּולסיוו. דער געדאַנק האָט געמוזט ליגן ווי אַ שטאָלענע שפּיז אין פייער און ווען דער טאָג איז געקומען, איז דער געדאַנק — די שפּיז — אין האַנט געווען גרייט צו ווערן טאָט. און אַזוי איז דאָס מיט מיר. איך ווייס, אַז איך בין גרייט צו טאָט, ווייל דער „הבל הבלים" קאָמפּלעקס אין מיר גאַ־ראַנטירט דעם באַלאַנס, וואָס איז נול און וואָס שטימט. און גרייט בין איך דערפאַר, ווייל דאָס לעבן איז פאַר מיר שוין סיי ווי סיי אויסגעשפּילט, אויסגעשפּילט ווי ווייזן, וואָס איז געוואָרן עסיק. און עסיק מעג מען אַרויס־גיסן. אָבער אַרויסגיסנדיק דעם עסיק וויל מיין לעבעדיקער געדאַנק נאָך אַלץ ניט קאַפּיטולירן און זוכט דעם לעצטן טאָט צו וואָרפן אויף דער וואָגשאָל. זאָל דאָס זיין מיין לעצטער אויפטריט, מיין לעצטע אי־לוזיע, דער לעצטער לעבעדיקער חלום פון אַ צעבראָכענעם געניאַלן מאַ־ריאָנעט, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן אויסצופילן אַן אומפאַרשטענדלעכע,

פאַנטאַסטישע און מיסטישע מיסיע אויף דער וועלט — זאָל דאָס זיין מיין גוטער טאַט צום לעבן און מיין לעצט געשאַנק פאַר זיך אַליין מיט־צונעמען״.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

אין די פאַרביילויפנדע טעג און נעכט האָט באַראַשעס מח געאַר־בעט, ווי געטריבן פון אַ נערוועזן און אומגעדולדיקן טייוול ; געאַרבעט, פּלאַנירט און געטריבן, ווי מ׳טרייבט אַ מאָטאָר אין די סודותפולע קע־לערס פון אַ לאַבירינט . . . דער טאַט — דער טאַט — דער טאַט — דער טאַט — דער אַטענטאַט — — — האָט זיך אויסגעוויזן, קלאַפּט דער מאָטאָר און שיקט בליציקע עלעקטרישע שטראָמען פון די וואָרצלען פון די האָר אין קאָפּ, ביז די שפּיצן פון די פינגער אין די פיס.

מאַרי האָט געזען, אַז עפּעס קומט פאָר מיט אים. ער איז געוואָרן בלייכער און דינער, די אויגן ברענענדיקער און די האָר אויף דעם הויכן שטערן, ווי אַ צעשויבערטער וואַלד נאָך אַ שטורעם. און איינמאָל האָט זי באַמערקט אַ מין טייוולאָנישן שמייכל אויף זיינע ליפּן און די ציין זיינע האָבן אַ בליאַסק געטאָן מיט אַ באַזונדערער חיהשער גרימאַסע. און דערדאָזיקער שמייכל און גרימאַסע האָט געשראָקן. אין די נעכט האָט זי ניט געקאָנט אַנשלאָפן ווערן, ווייל זי האָט געוואוסט אַז ער שלאָפט אויך ניט. האָט זי אים איינמאָל אַ פרעג געטאָן :

— וואָס איז מיך אייך, זאָגט . . . איך זע עפּעס באַאומרואיקט אייך און מוטשעט . . . וואָס איז . . .

— ס׳איז אמת, מאַרי — האָט ער געענטפערט. — איך קאָן אייך אָבער גאָרניט זאָגן.

— איך ווייס . . . . — האָט זי אַ פיר געטאָן מיטן פינגער אי־בער זיין שטערן. — איר ווילט שוין אַוועק פון מיר און איר ווייסט ניט ווי אַזוי צו זאָגן עס מיר. איר ווילט צו איר, צו אַדאַן ?

— ניין.

— צו סטעלאַן ?

— ניין. ניט דאָס . . .

— וואָס דען ?

— ס׳איז עפּעס וויכטיקערס, מאַרי. ס׳איז . . . ס׳איז דער שלוס פון אַ באַשלוס, וואָס האָט זיך קריסטאַליזירט אין מיר אין די לעצטע יאָרן.

— איך ווייס ניט וואָס אייער באַשלוס איז, אָבער אין אייערע אויגן זע איך ניט קיין גוטס. לאָמיר, ליבער, אַוועקפאָרן ערגעץ. לאָמיר אַוועקפאָרן און עפּענען אַ סטודיאָ און אַרבעטן צוזאַמען און לעבן אַ שטילן, רואיקן לעבן. ניין, איך ווייס . . . ס׳איז צו פּשוט, צו פּראָ־

זאַאיש פאַר אייך. אייערע בליקן און ווערטער זאָגן מיר עפּעס אַנדערש.
— וואָס אַשטייגער ?
— אירווילט ווייטער אַוועק און איר ווייסט ניט וואוהין. איר ווייסט, איך וויל זיך אין עפּעס מודה זיין. איך בין נעכטן געווען באַ אַ וואָראָזשקע, האָט זי מיר געזאָגט, אַז אַ מאַן, וואָס איז מיר זייער טייער, גרייט זיך צו אַ שריט, וואָס וועט זיין זייער וויכטיק פאַר מיר און פאַר אים.
— זי האָט געזען אין אייערע אויגן, אַז אייערע געדאַנקען שוועבן אַרום אַ מאַן. אָבער וועגן דעם מאַנס שריט, וואָס ער זאָל ניט זיין, וועט ער זיין.
— זאָגט מיר . . . וואָס פאַר אַ שריט . . . זאָגט — זענען מאַריס ווערטער אַריין נאָענטע און וואַרימע אין זיין אויער.
— הערט זיך איין, מאַרי — האָט באַראַש לאַנגזאַם און רואיק געזאָגט. — וואָס איך וויל אייך זאָגן, זאָל זיין און פאַרבלייבן בלויז באַ אייך אין האַרצן און אין מח. זאָל עס ליגן דאָרט און וואַרטן ביז אַלץ וועט זיך אַליין פאַרענטפּערן און אַלץ וועט ווערן קלאָר. עס וועט טרעפן אַ טאָג און איך וועל ניט אַהיימקומען. איך וועל איבערלאָזן אַלע מיינע זאַכן און מיין בוך אין וועלכן איר פאַרשרייבט. האַלט עס. אַזוי צי אַזוי, איר וועט מסתמא הערן וועגן מיר. און ווען איר וועט הערן — שווייגט, זאָגט ניט און דערציילט ניט גאָרניט. רעדט ניט מיט קיינעם וועגן מיר. און ווען עס וועט אַוועק אַ שטיק צייט און איר וועט שוין מער גאָרניט הערן וועגן מיר, זאָלט איר נעמען מיין טאָג־בוך און אָפּשיקן אים צו אַדאַן. דאָס אַלץ. זאָגט איר עס מיר צו ?
— יאָ. אָבער . . . עס געפעלט מיר ניט די גאַנצע געשיכטע. וואוהין גייט איר און וואָס ווילט איר טאָן מיט זיך ?
— אָנפילן זיך מיט אַ ציל.
— וואָס מיינט איר ?
— מיט עפּעס וואָס זאָל זיין דער קאָנקרעטער אינהאַלט אין מיר. אָנפילן זיך, ווי מ׳פילט אָן אַ פּוסטע פלאַש מיט אַ געטראַנק, אָנפילן מיט עפּעס, וואָס איז רעאַל, ווי עס איז רעאַל דאָס בלוט . . . אין מיינע אָדערן.
— איך פאַרשטיי אייך ניט — האָט זי געזאָגט און געקוקט אין דער פינצטערניש אַריין.
— איר דאַרפט עס ניט פאַרשטיין.
ער האָט דערפילט, ווי עס ציטערן אירע אַקסלען אין געוויין, האָט ער זי צוגעדריקט צו זיך און מער ניט גערעדט.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

באַראַש האָט פאַרשריבן:

„ . . . . היינט האָט יאָהאַכים אין זיינעם אַן אַרטיקל צוגעגאָסן מער סם צו דעם געטראַנק, וואָס ער קאָכט פאַר דעם המון. כ׳האָב גע־ לייזענט און געפילט, ווי די וואָרצלען פון מיין האָר שטעכן אין מיין סקאַלפּ. און פון דעם האָב איך געוואוסט, אַז איך בין גרייט. און איך ווייס אויך זייער גוט, אַז אויב מ׳טוט ניט אַ כאַפּ דעם באַשלוס גלייך באַ די הער־ נער און מ,ראַנגלט זיך ניט מיט אים אויף לעבן און טויט, ווערט ער פאַרשלעפּט פון די קליינע טאָג־טעגלעכע פּאַסירונגען און טואונגען און אויס . . . מ׳פאַרגעסט. טאָ וואָרום וואַרט איך, וואָרום ? . . .״

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

די נאַכט איז געווען אַ קאַלטע. ער איז געשטאַנען באַ אַדאָס פענצ־ טער און געקוקט אויף איר און אויף עוואַן. אַדאָ איז געזעסן אויף דער קאַנאַפּע און צוגעהערט זיך צו עוואַן, ווי זי לייענט פון אַ בוך. ער האָט ניט געקאָנט הערן, ער האָט אָבער געקאָנט זען דאָס בילד. ער איז גע־ שטאַנען אונטערן פענצטער ביז דאָס ליכט איז אויסגעלאָשן געוואָרן. אַוועקגעגאַנגען, גלויבנדיק, אַז ער וועט זיי מער קיינמאָל ניט זען.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

דער טאָג איז געווען אַ פאַרוואָלקנטער און טונקעלער. באַראַש איז אַרויסגעגאַנגען פון אַ דרוקעריי וואו ער האָט באַשטעלט וויזיט־קאַרט־ לעך. ער האָט זיך אַנידערגעשטעלט אונטער אַ וואַנט, אַרויסגענומען פון פּעקל איין קאַרטל און איבערגעלייענט : „אַנטאָני גאַלענטי — זשור־ נאַליסט״ און מיט אַ שורה נידעריקער, דער נאָמען פון אַן איטאַליעני־ שער צייטונג „ל׳איטאַליאַ״. דאָס קאַרטל האָט ער אַריינגעלייגט אין וועסטל־קעשענע און די איבעריקע האָט ער אַ וואָרף געטאָן אין מיסט־ קאַסטן, וואָס איז געשטאַנען באַ דער וואַנט. ער איז געווען רואיק. ער האָט געוואוסט, אַז הער לעצטער אונץ פון דער משא, פון וועלכער ער וויל זיך באַפרייען, ליגט אין דער לעצטער שעה. און די לעצטע שעה איז געווען נאָענט. ער איז געגאַנגען אַראָפּ צום סאָבוויי און, פאַרנדיק שויך, געהאַלטן זיך אַן אַ זייט. דער רעוואָלווער איז געלעגן טיף אין דער קע־ שענע, אָנגעלאָדן מיט צוויי קוילן. אַרויסגעקומען פון סאָבוויי און גע־ לאָט זיך גיין איבער דער עוועניו מיט לאַנגזאַמע טריט. ער האָט גע־ וואוסט, אַז די געביידע אין וועלכער יאָהאַכים האָט געמאַכט זיין הויפּט־ קוואַרטיר, געפינט זיך ניט ווייט. גייענדיק, איז ער דורכגעגאַנגען אין געדאַנק אַלע דעטאַלן פון דער צוגרייטונג צום אַטענטאַט. די צייכנס אויף די קליידער, דורך וועלכע מ׳וואָלט אים געקאָנט דערקאָנען, האָט ער אויסגעשניטן, די האָר אָפּגעשוירן קורץ און פאַרקעמט גלאַטיק . . .

און די ברילן, און די וואָנצעס, וועלכע ער האָט אַ גאַנצע וואָך ניט גע־גאָלט, און דער שראַם אויף זיין שטערן — דאָס אַלץ האָט היפּשלעך פאַרענדערט זיין אויסזען און ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „אַנטאָני גאַלענטי" — דער זשורנאַליסט פון דער איטאַליענישער צייטונג „ל'אי־טאַליאַ". ער איז געווען זיכער, אַז אויב ער דערקאָנט זיך אַליין ניט אַ לעבעדיקער, וואָלט מען אים אַ טויטן אוודאי ניט דערקאָנען און קיי־נער וועט קיינמאָל ניט פאַרדעכטיקן, אַז דאָס איז ער, דער פאַרשוואונ־דענער יידישער שרייבער באַראַש.

באַ די ברייטע מעשענע טירן פון הימלקראַצער האָט ער זיך אָפּגע־שטעלט. ער האָט ניט געפילט קיין מורא, די הענט און די פיס האָבן אָבער געציטערט, געציטערט פון אַ דערוואַרטונג, וואָס קומט איינמאָל אין לעבן. ער האָט געוואוסט, אַז ער טאָר ניט טראַכטן. די לעצטע גע־דאַנקען, האָט ער געוואוסט, קאָנען גובר זיין און צעשטערן זיין באַשלוס, וועלכער איז געווען אַזוי שווער און האָט געהאַנגען אויף אַ האָר. איז ער מיט שנעלע טריט אַריין אין וועסטיבול, אָפּגעזוכט אויף דעם שוואַרצן טאָוול, וואָס האָט געהאַנגען אויף דער וואַנט, דעם נאָמען „אַמעריקאַנער קריסטלעכע ריטערס", אַריין אין עלעוויטער און האָט אַרויסגעשטיגן אויף דעם דרייצנטן שטאָק. ער איז געבליבן שטיין באַ צוויי טירן, אויף וועלכע ער האָט ווידעראַמאָל איבערגעלייענט: „הויפּטקוואַרטיר פון אַמעריקאַנער קריסטלעכע ריטערס". איבערגעלייענט, אָפּגעווישט די פייכטע האַנט אַן ראָק, אַראָפּגענומען דעם הוט, צוגעגלעט די האָר און מיט אַ פאַרנעפּלטער אַנטשלאָסנקייט געעפנט די טיר.

אַ מיידל פון הינטער אַ דעסק האָט אַ קוק געטאָן אויף אים און אַ פרעג געטאָן:

— וואָס קאָן איך טאָן פאַר אייך?

— איך בין אַ זשורנאַליסט — איז ער צוגעגאַנגען נענטער און געגעבן איר דאָס קאַרטל. — אַ זשורנאַליסט פון דער צייטונג „ל'אי־טאַליאַ" און איך וואָלט געוואָלט, אויב מעגלעך, האָבן אַן אינטערוויו מיט דעם געעהרטן יאַהאַכים.

— האָט ער אייך באַוויליקט אַן אינטערוויו אויף היינט? — האָט זי געפרעגט.

—ניין. איך בין פון שיקאגא און עס וואָלט מיר גענומען צו לאַנג צו וואַרטן אויף אַן ענטפער, האָב איך באַשלאָסן צו קומען פערזענלעך און בעטן אַן אינטערוויו. איך מוז היינט פאָרן צוריק קיין שיקאגא און עס וואָלט זיך מיר געוואָלט צוריקקומען אַהיים מיט אַ וואָרט פון דעם געעהרטן יאָהאַכימען צום איטאַליענישן פאָלק אין אַמעריקע.

— אויב איר האָט ניט קיין שריפטלעכע איינלאַדונג, וועט איר אים ניט קאָנען זען — האָט זי קאַלט און רואיק געענטפערט.

— אפשר איז בעסער אַזוי . . . — איז דורכגעלאָפן אַ געדאַנק אין מח — אפשר פּירט דער שיקזאַל אַזוי, אַז איך זאָל אַוועק פון דאַנען און פאַרגעסן אָן דעם אַטענטאַט . . . — דאָך האָט ער ווידער אַ זאָג געטאָן:

— אפשר איז פאַרט מעגלעך?

— אָלרייט — האָט זי אַ קוועטש געטאָן אַן עלעקטריש קנעפּל.

— איך וועל אַריינרופן זיין פּריוואַטן סעקרעטאַר מיסטער ספּענסער, ער וועט אייך זיכער געבן אַן ענטשיידענעם ענטפער. זיצט דערווייַלע, ביז מיסטער ספּענסער וועט אַריינקומען.

באַראַש האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ בענקל און אַרומגעקוקט דאָס צימער. עס האָט זיך ניט אויסגעטיילט מיט באַזונדערקייט. אַ דעסק, בענקלעך באַ דער וואַנט און דריי טירן. פון איין טיר האָט זיך געטראָגן דער געקלאַפּ פון שרייב־מאַשינען און פון דער צווייטער טיר, אַ טונקעלע, סאָלידע טיר, האָט געטראָגן מיט סוד. עס האָט גענומען אַ פינף מינוט און אַ מאַן אין די דרייסיקער, מיט אַ בלייכן, שטרענגן פּנים, האָט זיך באַוויזן אין דער סאָלידער טיר. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף באַראַשן, צוגעגאַנגען צו דער מיידל און געפרעגט זי עפּעס שטילערהייד. זי האָט אים געגעבן באַראַשעס קאַרטל און אויך שטילערהייד איבערגעגעבן דעם געשפּרעך מיט אים.

באַראַש האָט זיך דערווייַלע אויפגעהויבן און איז געשטאַנען פונדערווייטנס. דער סעקרעטאַר האָט געמאַכט אַ פּאָר שפּאַן צו אים און געזאָגט:

— עס טוט מיר לייד, אָבער די ביטע וועגן אַן אינטערוויו איז אַבסאָלוט אוממעגלעך. דער גענעראַל נעמט אויף בלויז אויף אַראַנזשירמע פון פריער דאַטומס.

— די צייטונג „ל׳איטאַליא״, וואָס איך רעפּרעזענטיר, איז איינפלוסרייך צווישן הונדערטער טויזנטער איטאַליענער און איך בין ספּעציעל געשיקט געוואָרן פון . . .

— וועט איר מוזן וואַרטן.

— אָבער איך בעט אייך, איך מוז היינט פאָרן צוריק קיין שיקאַגאָ און עס וואָלט געווען אַ גרויסער פאַרלוסט פאַר אונדזער צייטונג, ווען איך קום צוריק אָן אַן אינטערוויו. איך בעט אייך, מאַכט דאָס מאָל אַן אויסנאַם.

— דער גענעראַל איז נאָך ניט געקומען.

— וועל איך וואַרטן.

דער סעקרעטאַר האָט אים ווידער אָפּגעמאָסטן מיט אַ קאַלטן, פאַרדעכטיקן בליק:

— נו, גוט, וואַרט.

— אַ דאַנק — איז באַראַש ווידער צוגעגאַנגען צום בענקל און האָט זיך אַנידערגעזעצט. די אויגן זיינע, האָט ער געפילט, ברענען אין אים ווי אין היץ און דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט שנעלער און שנעלער, כאָטש אַ מידקייט און שוואַכקייט האָט זיך צעגאָסן איבער אַלע זיינע אברים.

דער סעקרעטאַר איז אַרויסגעגאַנגען, צומאַכנדיק הינטער זיך די מאַסיווע, געהיימניספולע טיר. עס איז געוואָרן שטיל אַרום, בלויז דאָס קלאַפּן פון שרייב־מאַשינען אין צווייטן צימער האָט זיך געקאַטשעט ווי טרוקענע ביינער איבער טרעפּ. עס איז אַוועק אַ האַלבע שטונדע כמעט און נאָך אַ האַלבע שטונדע. קיין מענטשן זענען ניט געקומען, בלויז דער טעלעפאָן האָט אַ פּאָר מאָל געקלונגען און די מיידל האָט שטיל געענטפערט. באַראַש איז געזעסן אַ פיבערדיקער, מיט נערוועזן אומגעדולד און יעדע רגע געוואָרפן בליקן צו דער טיר. ער האָט געטראַכט, אַז אפשר קוקט מען אויף אים און מ׳באַטראַכט אים פון פאַרבאָרגענע פענצטערלעך און עס האָט אים געהויבן פון בענקל און געשלעפּט אַרויס . . . פון דער אומאַנגענעמער און גרויער שטילקייט. ער האָט שוין כמעט אויפגעגעבן די האָפענונג צו זען דעם גענעראַל יאָהאַכים, ווי דער סעקרעטאַר האָט אים טיטולירט, אָבער דאָך געזעסן, ווי אַ צוגעבונדענער צום פּלאַץ און געזען ווי אין די פענצטער, אין פּלוצימדיקער גרויער טונקלקייט, פאַלט אַן אומענדלעכע פּראָצעסיע פון ווייסן שניי . . . אַראָפּ, אַראָפּ, אַראָפּ אין ווייסן תהום אַריין. אַ טראַכט געטאָן, אַז אפשר האָט אים דער סעקרעטאַר אומיסטן געלאָזט וואַרטן, ביז עס וועט אים נמאס ווערן און ער וועט אַוועקגיין. אָבער באַ דידאָזיקע געדאַנקען, האָט זיך געעפנט די טיר און דער סעקרעטאַר האָט זיך ווידער באַוויזן. געקוקט אַ ווײַלע אויף באַראַשן מיט אַ דורכנעמענדיקן בליק און ענדלעך געזאָגט:

— אָלרייט, מיסטער גאַלאַנטי . . . דער גענעראַל וועט אייך זען.

באַראַש האָט אַ ציטער געטאָן. אָנגעשפּאַרט זיך מיט ביידע הענט אָן די זייטלעך פון שטול און האָט זיך אויפגעהויבן. נאָכגעגאַנגען מיט לאַנגזאַמע טריט דעם סעקרעטאַר, וועלכער האָט אים געפירט דורך עטלעכע צימערן, ביז זיי זענען ווידעראַמאָל געקומען צו אַ פאַרמאַכטער טיר. דער סעקרעטאַר האָט געעפנט די טיר און דורכגעלאָזט באַראַשן. באַראַש איז אויף אַ ווײַלע געבליבן שטיין ווי צעמישט. ער האָט דערזען, באַ אַ שרייב־טיש, יאָהאַכימען אַליין. ער האָט אים דערקאָנט פון די בילדער, וועלכע ער האָט אַמאָל געזען.

— גייט צו נענטער — האָט אים דער סעקרעטאַר געזאָגט.

און ווען זיי זענען צוגעקומען נענטער צום טיש, האָט אים דער סעקרעטאַר פאָרגעשטעלט:

— דאָס איז . . . מיסטער . . . גאַלאַנטי, גענעראַל.

— אָלרייט, מיסטער גאַלאַנטי — האָט יאָהאַכים אַ קוק געטאָן אויף באַראַשן מיט זיינע גרויסע, גרויע אויגן — זיצט.

באַראַש האָט זיך אַנידערגעזעצט.

— איר זענט אַ זשורנאַליסט? — האָט יאָהאַכים געפרעגט. — פון וואָס פאַר אַ צייטונג?

— פון דער איטאַליענישער צייטונג „ל'איטאַליאַ”, גענעראַל.

— איר זענט אַן אַמעריקאַנער געבוירענער, צי . . .

— איך בין ערשט אַ פופצן יאָר אין לאַנד — האָט באַראַש געענטפערט. — געקומען פון רוים.

— וועגן וואָס זשע האָט איר געוואָלט מיט מיר רעדן? איך האָב ניט קיין סך צייט.

באַראַש האָט בלייך אַ שמייכל געטאָן:

— איך ווייס, אַז איר האָט ניט קיין סך צייט, גענעראַל. מיין ערשטע פראַגע וועט זיין: וואָס פילט איר, ווען איר שטייט באַם מיקראָפאָן און איר רעדט צו אַמעריקאַנער?

— אַ מאָדנע פראַגע פרעגט איר . . . — האָט זיך אויף יאָהאַכימס ליפּן באַהאַלטן אַ שמייכל — איר זענט דער ערשטער צו שטעלן מיר אַזאַ פראַגע. איך וועל פּרובירן ענטפערן. איך פיל . . . ווי . . . איך וואָלט געשטאַנען אויף אַ הויכן באַרג און אונטן אין טאָל קוקן אויף מיר גלויביקע אויגן.

— עס איז זייער בילדלעך, גענעראַל . . . כמעט פּאָעטיש — האָט באַראַש נאָך יאָהאַכימס ענטפער דערפילט זיך פרייער און דרייסטער, איבערהויפּט ווען ער האָט דערזען, אַז דער סעקרעטאַר, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען לעבן אים און האָט געקוקט מיט אַן איראָנישן שמייכל, איז אַוועקגעגאַנגען צו אַ צווייטן טיש, וואו ער האָט זיך אַוועקגעזעצט.

— און וואָס איז אייער צווייטע פראַגע, מיסטער גאַלאַנטי?

— מיין צווייטע פראַגע איז: מיר דאַכט זיך, אַז אין אייערע רעדעס פאַרנעמט די יידנפראַגע דעם הויפּט פּונקט . . . פאַרוואָס?

— ווייל די יידן זענען אין אונדזער לאַנד און אין אַלע לענדער אַן עלעמענט, וואָס דאַרף אַממערסטן אָבזערווירט, שטודירט און קלאַסיפיצירט ווערן.

— פאַרוואָס? — האָט באַראַש ווידער געפרעגט.

— ווייל די ניט־צוגעבונדנקייט צו וועלכן עס איז לאַנד האָט זיי

פּאַרוואַנדלט אין אַן עלעמענט, וואָס טראַכט בלויז וועגן דעם אייגענעם וואוילזיין.

— פאַרוואָס די ניט־צוגעבונדנקייט ?

— ווייל די טעריטאָריעלאַזיקייט פון אַ פאָלק נעמט אַוועק פון אים די פאַראַנטוואָרטלעכקייט — האָט שוין יאָהאַכים דענערווירט געענטפערט.

— זענט איר אַ היגער געבוירענער, גענעראַל ? — האָט באַראַש געפרעגט.

— הממ . . . יאָ.

— און אייערע עלטערן ?

— מיינע עלטערן זענען געקומען פון ענגלאַנד.

— און ווי וואָלט איר קלאַסיפיצירט אייערע עלטערן, די עמי־גראַנטן ?

— זיי האָבן געבראַכט מיט זיך איינגעבוירענע טראַדיציעס, וועלכע עס איז געווען לייכט איבערצופלאַנצן דאָ.

— דענקט איר ניט, אַז יידן, אפילו אָן אַן אייגענער טעריטאָריע, זענען אויך פּיאַיק אויף צוגעבונדנקייט ? און איבערהויפּט צום לאַנד וואו זיי וואוינען ?

— יידן זענען מער ניט פּיאַיק אויף דעם.

— פאַרוואָס ?

— ווייל אין די לענדער וואו זיי האָבן געלעבט אין גלות, האָבן זיי ניט געקאָנט צוגעבונדן ווערן צוליב די פאַרפאָלגונגען.

— זייער ריכטיק און אמתדיק, גענעראַל. אָבער דאָ אין אַמעריקע איז דאָך אַ פריי לאַנד און מ׳פאַרפאָלגט זיי ניט, טאָ דענקט איר ניט, אַז מיט אַ געוויסער מאָס פון טאָלעראַנץ און פאַרשטענדעניש וואָלט מען זיי געקאָנט פאַרפלאַנצן דאָ, ווי גוטע, געטרייע, צוגעבונדענע מיט לייב און לעבן בירגער ?

— עס איז אוממעגלעך פאַר אַ יידן, ווי עס איז אוממעגלעך פאַר אַ פויגל, וואָס ווינטער פליט ער אַוועק אין אַ וואַרעם לאַנד און ווען ס׳ווערט דאָרט קאַלט, קומט ער ווידער צוריק.

— אָבער דעם אידן איז דאָ וואַרעם און איך זע ניט, אַז ער זאָל פליען פון דאַנען.

— פיזיש ניט — האָט יאָהאַכים אָפּגעאָטעמט. — אָבער גייסטיק פליט ער. דער ייד איז אַ וואַגאַבונד אין גייסט. און דערפאַר איז ער אויך אַזוי ראַדיקאַל געשטימט און רופט צו סאָציאַלע רעוואָלוציעס.

— איר באַווייזט דאָך אָבער אין אייערע רעדעס דאָס פאַרקערטע, גענעראַל. איר באַווייזט דאָך, אַז דער ייד איז אין גייסט אַ קאַפּיטאַליסט, אַ שיילאָק, וואָס וויל דאָמינירן די וועלט דורך און מיט קאַפּיטאַל.

— איר זענט צו פרעך פאַר אַ זשורנאַליסט, יונגערמאַן — האָט יאַהאַכים גענומען קלאַפּן מיט די פינגער אין טיש. — איך וואָלט אייך שוין באַדאַרפט לאָזן גיין . . .

— איך וויל נאָר קלאָר מאַכן דעם ווידערשפּרוך, גענעראַל — האָט זיך באַראַש פאַרנויגט. — מיר הערן אַזוי אָפט, אַז יידן זענען בונטאַרישע נשמות ראַדיקאַלן, וואָס ווילן פאַרניכטן דעם געדאַנק און די טראַדיציע פון אייגנטום און אין דערזעלבער צייט מאַכט מען זיי פאַר די טשעמפּיאָנען פון דעם העכסטן דראַנג נאָך קאַפּיטאַל און מאַכט; טאָ וואָס איז דער רעצעפּט פאַר דעם, גענעראַל? וואָס דאַרף מען טאָן צו באַלאַנסירן זייער גייסט און דעם ווידערשפּרוך?

— דידאַקטישע פראַגע האָט איר געדאַרפט שטעלן גלייך פון אָנהייב, וואָלט איר פאַרשפּאָרט אַזוי פיל נאַרישע פראַגן. איך וועל אייך זאָגן מיין ר'עצעפּט. דאָס יידישע פאָלק דאַרף זען אויסשניידן פון זיך אָט די־דאָזיקע צוויי־קרעציקע פּאָליוסן: דעם קאַפּיטאַליסטישן פּאָליוס און דעם ראַדיקאַלן פּאָליוס.

— דענקט איר, אַז די צוויי פּאָליוסן זענען ספּעציפיש יידישע פּאָליוסן? די דייטשן, די ענגלענדער, די פראַנצויזן און די אַמעריקאַנער האָבן ניט אַזעלכע פּאָליוסן?

— אייערע פראַגן טראָגן דעם כאַראַקטער פון אַרגומענטן, ניט פון פראַגן, מיסטער גאַלאַנטי. אויב ס'איז אַ פראַגע וועל איך אייך ענטפערן, אַז ניט נאָר יידן פאַרמאָגן אָט די צוויי פּאָליוסן, נאָר אַלע פעלקער פאַרמאָגן עס — די יידן אַממערסטן. און שטעלט מיר ניט ווידער קיין פראַגע: פאַרוואָס.

אין דעם מאָמענט האָט זיך צעקלונגען דער טעלעפאָן. דער סעקרעטאַר האָט זיך אויפגעהויבן, גערעדט עפּעס אין טרייבל און צובויגנדיק זיך צו יאַהאַכימען, געזאָגט אים עפּעס אין אויער. יאַהאַכים האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און דער סעקרעטאַר איז אַרויסגעגאַנגען פון צימער, מיטנעמענדיק מיט זיך אַ פּאַק פּאַפּירן.

— האָט איר' נאָך עפּעס אַ פראַגע . . . די לעצטע, האָף איך . . . — האָט יאַהאַכים געזאָגט.

— יאָ, נאָך איין פראַגע . . . — די לעצטע אפשר . . . — האָט באַראַש געענטפערט.

— איך זע איר זענט דער אָנפירער פון אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס רופט זיך: „אַמעריקאַנער קריסטלעכע ריטערס". גלויבט איר, אַז אייערע ריטער'ס זענען קריסטן ווי יעזוס און ווי די אַפּאָסטאָלן האָבן געטרוימט?

— הממם . . . רעלאַטיוו . . . דער מענטש האָט זיך נאָך ניט דערהויבן צו דער פּערפעקציע פון קריסטנטום.

— טאָ פאַרוואָס פּרעדיקט איר ניט צום ערשטן צו זיי, צו די ריטער און אויך צום פאָלק? פאַרוואָס פּרובירט איר ניט צו באַקערן צום ערשטן אייערע אייגענע קריסטן צו קריסטנטום, אנשטאָט צו באַקערן יידן . . .

— איר זענט פרעך, גאַלאַנטי . . . אויב גאַלאַנטי איז אייער אמתער נאָמען . . . דענקט ניט אַז איר בלאָפט מיך . . . איך קאָן אייער טיפּ. איר זענט דאָך אַ ייד, מיסטער גאַ—לענ—טי . . .

באַראַש האָט אַ שמייכל געטאָן און, ווי אַן אזארט, האָט ער פּלוצים אַרויסגעצויגן פון דער קעשענע דעם רעוואָלווער און אָנגעשטעלט אים אויף יאָהאַכימען.

יאָהאַכים איז געבליבן זיצן אַ געפּלעפּטער, אָבער די פּעטע, צי־טערנדיקע האַנט זיינע האָט זיך אינסטינקטיוו אַ צי געטאָן צום עלעק־טרישן קנעפּל.

— קלינגט נים, גענעראַל — האָט באַראַש ניט דערקאָנט זיין אייגענע שטימע.

יאָהאַכים האָט אָפּגעצויגן די האַנט און געפרעגט מיט קוים דער־הערבאַרע ווערטער:

— וואָס ווילט איר?

— אייער לעבן . . . — האָט זיך באַראַש אויפגעהויבן און איז געבליבן שטיין קעגן יאָהאַכימען באַם שרייבטיש.

— פאַרוואָס? . . . — האָט יאָהאַכים נאָך שטילער געפרעגט.

— ווייל איר זענט אַ בלוטדורשטיקער סאַדיסט — האָט באַראַש געציטערט ווי אין פיבער. — ווייל יעדעס וואָרט אייערס, וואָס איר שיקט אַרויס דורך דער ראַדיאָ און דורך אייער צייטונג, איז סם, איז העסלע־כער פאַרראַט קעגן פאָלק, קעגן לאַנד, קעגן דעם ריין־קריסטלעכן גלויבן. יאָ, איך בין אַ ייד און איך האָב ליב אַמעריקע, מער ווי איר, גענעראַל . . . ווייל אַמעריקע איז געוואָרן מיין היים, מיין רו, מיין לאַנד . . . פאַר אייך איז דאָס לאַנד געוואָרן אַ שלאַכטפעלד, אַ יאַגדפעלד, וואו איר פאַריאָגט און מאָרדעט מיט וואָרט און מיט טאַט, לעבעדיקע, גלוי־ביקע מענטשן. מיר איז נימאס געוואָרן צו לעבן אין אַ וועלט וואָס טריפט מיט בלוט, האָב איך באַשלאָסן צו שטאַרבן. איך וויל אָבער, אַז איר זאָלט זען און וויסן ווי איינער פון די יידן, וועגן וועלכע איר האַלט אין איין רעדן, שטאַרבט. איך וועל אָבער ניט שטאַרבן אַליין. איר וועט גיין מיט מיר . . . און אייער טויט וועט זיין מיין גוטער טאַט און מיין צינז צו אַמעריקע און צו דעם אַמעריקאַנער פאָלק . . .

— איך האָב ניט געמיינט קיין שלעכטס פאַר די יידן . . . — האָט יאָהאַכים אַרויסגעשטאַמלט.

— עס איז אַ פראַגע ניט נאָר פון יידן, יאָהאַכים, עס איז אַ פראַגע פון פאַרניכטן אַ שעדלעכן און געפערלעכן מיקראָב, וואָס שטעקט אָן דאָס לאַנד מיט האַס. איר מוזט פאַרניכטעט ווערן.

— איך . . . — האָט זיך יאָהאַכים אַ הייב געטאָן פון שטול און האָט ניט פאַרענדיקט. זיין שטערן, ביז דעם האַלדז אַראָפּ, איז ווי פאַרפלייצט געוואָרן פון אַ בלוטיקער כוואַליע און ווען די כוואַליע איז אָפּגעפאַלן, האָט זיך אַ טויטלעכע געלקייט צעגאָסן איבער זיין פּנים. די אויגן האָבן ווי באַ אַ פאַרחלשטן פיש געקוקט ערגעץ אין דער פּוסטקייט אַריין און דאָס אָפענע מויל זיינס מיט די צעקרימטע, געלע ציין, איז פאַרגליווערט געוואָרן אין אַ טויטלעכער גרימאַסע. אַ ווילע איז ער געשטאַנען אַזוי, וואַקלענדיק זיך ווי אַ וואַקסענע פיגור און מיטאַמאָל אַנידערגעפאַלן אויפן שטול, אָנשלאָגנדיק זיך מיטן גרויען קאָפּ אָן טיש.

באַראָש איז געשטאַנען ווי איינער, וואָס שטרענגט אָן יעדן מוסקול פון זיין קערפּער אַ שפּרינג צו טאָן איבער אַ גרוב און דערזעט פּלוצים, אַז ס'איז גאָרניט פאַראַן קיין גרוב. עס איז בלויז אַ שאָטן אַזאַ, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ גרוב. ער איז געשטאַנען מיט דעם רעוואָלווער אין האַנט און געקוקט אויף דעם געלן פּנים, אויף דער פאַרשפּיצטער נאָז און געוואונדערט זיך: איז ער טויט, יאָהאַכים, צי בלויז אַ פאַרחלשטער אין די אַנגסטן פון שרעק . . .

די האַנט מיטן רעוואָלווער האָט געהאָנגען אַ מידע און אַ שווערע און עפּעס אַ האָפענונגסלאָזע און גרויע שטימונג האָט געגידערט אין אים, גענידערט, ווי דער ווייסער שניי אין דעם גרויען בין־השמשות . . . די שטימונג איז אָבער גלייך אָפּגעטראָטן אונטער דער אינסטינקטיווער קראַפט, וואָס האָט געשריגן און געטריבן . . . אַרויס — אַרויס — אַרויס — — אינעווייניק אין אים איז דער גייסט זיינער געלאָפן, די פיס זענען אָבער געגאַנגען לאַנגזאַם, ווי אָנגעלאָדן מיט בליי . . . דורך דער ערשטער טיר, דערנאָך דורך דער צווייטער טיר . . . ביז ער איז צוריקגעקומען צו דעם צימער וואו די מיידל און דער סעקרעטאַר האָבן זיך געפונען. ער האָט ניט געזען זייערע פאַרדעכטנדיקע בליקן, אַרויסגעגאַנגען מיט ציטערדיקע, שוואַכע פיס פון צימער און איז אַריין אין עלעוויטער, וואָס איז גראַד אָנגעקומען. און ווען ער האָט זיך דערזען באַ דער דרויסנדיקער טיר און ער האָט דערפילט אויף דעם פיבעריש־צעהיצטן פּנים דעם קאַלטן שניי, האָט ער מיט שנעלע טריט געלאָזט זיך גיין צום סאָבוויי און אין סאָבוויי שוין האָט ער פאַרזיכטיק און גנביש אַריינגעוואָרפן דעם רעוואָלווער אין אַ מיסטקאַסטן און איז געבליבן שטיין

אַן אויסגעשעפּטער, אַן געדאַנק, אַן ווילן, אונטער דעם גרילץ פון אַנ־קומענדיקן צוג . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווען מאַרי איז אַהיימגעקומען, האָט זי אים געטראָפן ליגן אויף דעם געלעגער.

— איר ווייסט, יאָהאַכים איז טויט — האָט זי גלייך געזאָגט.

— טויט . . . — האָט זיין טאָן געקלונגען מער ווי אַן ענט־פער ווי אַ פראַגע.

— איר ווייסט שוין?

— יאָ, געהערט אויף דער ראַדיאָ . . .

— ווי געפעלט עס אייך . . .אַזאַ מיסטעריעזער טויט . . .

— יאָ . . .

אין צימער איז געווען טונקל, האָט זי געמאַכט ליכטיק. זי איז צוגעגאַנגען צו אים און איז געבליבן שטיין אַן אומצופרידענע: די וואַנ־ציעס, וועלכע זענען איר שטאַרק געפעלן געוואָרן, האָט ער אָפּגעגאָלט. האָט זי געמאַכט אַ קאַקטעיש־ברוגזע מינע און צוגעטוליעט זיך צו אים מיט איר קאַלטער באַק. דערפילט, אַז זיין פּנים איז הייס און פיבעריש.

— איר זענט קראַנק? — האָט זי געפרעגט.

— ניין.

— איר ברענט . . . — האָט זי געזאָגט, אַראָפּנעמענדיק דעם ראָק און הוט.

— איך ווייס . . .

— וואָס האָט איר היינט געטאָן?

— כ׳האָב געלייענט.

זי האָט זיך געלאָזט גיין אין צווייטן צימער צוגרייטן דעם מאָל־צייט און באַראַש האָט זיך באַנוצט מיט דער געלעגנהייט און גענומען די צייַ־טונג, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט מיט זיך. „יאָהאַכים איז טויט״, האָט ער דערזען די גרויסע, פעטע בוכשטאַבן. אונטן, אונטער דעם שריי־ענדיקן קאָפּ, האָט דער רעפּאָרטער געשילדערט דעם באַזוך פון דעם מיס־טעריעזן און פּאַרדעכטיקן איטאַליענישן זשורנאַליסט גאַלאַנטי. (כאָטש יאָהאַכימס סעקרעטאַר צווייפלט אין דער נאַציאָנאַליטעט פון דעם כלומרשטן זשורנאַליסט). עס איז אָבער פעסטגעשטעלט געוואָרן, האָט דער רע־פּאָרטער געשריבן, אַז יאָהאַכימס טויט איז געקומען פון האַרצשלאַג. דער טויט, האָט ער ווייטער געשריבן, האָט געבראַכט צו אַן ענדע די קאַ־לירפולע קאַריערע פון דעם גענעראַל יאָהאַכים און . . . — ווייטער

איז געגאַנגען אַ לענגערע באַשרייבונג וועגן יאָהאַכימס לעבן און טעטי־קייט און באַראַש האָט אַוועקגעלייגט די צייטונג. פאַר די אויגן האָבן נאָך אַלץ מאַרשירט זיינע אייגענע און יאָהאַכימס ווערטער . . . און פון די ווינקלען האָבן געקוקט די בייזע אויגן פון יאָהאַכימס סעקרעטאַר.

— וואָס זענט איר אַזוי פאַרטראַכט ? — האָט מאַרי ענדלעך גע־פרעגט — איר טראָגט זיך נאָך אַלץ אַרום מיט אייערע מיסטעריעזע פּלענער ?

— דעם אמת זאָגנדיק, זענען שוין מיינע פּלענער אויסגעפירט, עס בלייבט בלויז צו פאַרענדיקן.

— וואָס פאַרענדיקן ?

— צו פאַרענדיקן דעם פּראָצעס, וואָס באַשטייט פון פיזישע און גייסטיקע אַקאָרדן און דיסקאָרדן. איך פיל איצט ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר, וואָס דאַרף אַוועקשטעלן דעם לעצטן אַקאָרד צו זיין פאַנטאַסטישער קאָנ־טשערטאָ. אפילו אין מיין שרייבן פלעגט דער לעצטער פּונקט זיין דער גענוספולסטער פון אַלע פּונקטן. און כ'מוז מודה זיין: עס פלעגט טרעפן, אַז באַם לעצטן פּונקט שוין פלעגט מיר מיין ווערק אויסוויזן אַזוי אומזויכטיק און צוועקלאָז . . . מיטן לעבן פון אַ מענטשן פאַסירט אָפט אויך אַזוי . . . באַם לעצטן פּונקט.

— איר האַלט נאָך ניט באַם לעצטן פּונקט, ליבער . . .

— ס'איז ווידער אַמאָל, ווי אין אַ נאָוועלע: ווי און וואו מ,זאָל ניט פאַרענדיקן, קאָן זי נאָך אַלץ אויסוויזן ווי ניט פאַרענדיקט און אין דערזעלבער צייט קאָן יעדער עפּיזאָד דאָך זיין אַ סוף און אַן ענדע פאַר זיך אַליין. אָבער וואו און ווען איז פאַראַן אַן ענדע צו אַ לעבן? באַם פּונקט. און ס'מאַכט ניט אויס וואו און ווען מ'שטעלט אים אַוועק.

— איר זענט ווידער פילאָזאָפיש געשטימט. און איך האָב אַזוי מורא פאַר אייערע פילאָזאָפישע שטימונגען.

— פאַרוואָס ?

— ווייל זיי זענען אומגעזונט.

— איר זענט אפשר גערעכט, מאַרי. אין דעם ליגט אָבער דער גרויסער סוד, די גאַנצע מיסטעריע פון דעם האָמאָ סאַפּיענס.

— קעי האָמאָ קוריאָסאָ קעי סעי . . . — האָט זי געזאָגט אין איטאַליעניש.

— וואָס מיינט עס ?

— וואָס פאַר אַ קוריאָזער, מיסטעריעזער מענטש איר זענט . . .

זי האָט זיך אַנידערגעזעצט לעבן אים, פאַנאַנדערגענומען זיין ראָק און מיט ביידע הענט אַרומגענומען זיין ברוסט.

— עס ציטערן מיר די הענט יעדן אָוונט, ווען איך קום אַהיים

און עפן די טיר. עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז איך וועל אייך מער ניט טרעפן דאָ בײַ מיר . . . בײַ אונדז . . . און דער טאָג ציט זיך, ציט זיך — אָן אַ סוף. כ׳האָב קיינמאָל ניט געוואוסט, אַז טעג קאָנען זיין אַזעלכע לאַנגע . . . היינט האָט מיר דאָס האַרץ אַזוי געקלאַפּט, און איך האָב אַלץ געטראַכט וועגן אייערע ווערטער און וועגן אייער אָנזאָג, אַז אויב איר קומט ניט אַהיים . . . זאָגט מיר, זאָגט מיר, וואָס האָט איר זיך געקליבן צו טאָן? פאַרוואָס האָב איך באַדאַרפט איבערגעבן דעם טאָג־בוך צו אַדאַן? וועגן וואָס האָט איר דאָרט געשריבן?

— וועגן מיין לעבן.

— אַך, ווי איך וואָלט עס געוואָלט לייענען . . .

— עס וואָלט אייך בלויז צעטומלט. ווייל עס זענען קאָנפעסיעס פון אַ צעטומלטער נשמה אין אַ צעטומלטער וועלט. אָבער לאָמיר בעסער שווייגן. עס גלוסט זיך ניט צו רעדן איצט . . .

זי האָט זיך נענטער צוגעדריקט צו אים און אַ זיפץ געטאָן.

באַנאַכט, ווען מאַרי איז שוין געלעגן אין בעט, האָט ער פאַרשריבן:

„ . . . נו, אָט איז דער אַקט געשען, דער אַקט פון מאָרד, וועלכן דער טויט האָט אויסגעכאַפּט בײַ מיר פון אונטער דער האַנט. ערשט איצט זע איך דעם גאַנצן וועג, וואָס האָט מיך געבראַכט צו אים, צו יאָהאַכימען און דער פינאַל וואונדערט מיך ניט. ווייל דאָ איז ניט וויכטיק ניט איך און ניט יאָהאַכים. — פון דער אייביקייט קומט אַרויס דער מיסטעריעזער און זאָגט: וואַרט, איך בין דערדאָזיקער, וואָס פירט אונטער דעם חשבון — אַלעמענס חשבון . . . און דאָך, ווי מאָדנע, וואָס איך, גראַד איך בין געוואָרן דער שליח, וואָס האָט געעפנט די טיר פאַר דעם אַלמעכטיקן — פאַר דעם טויט, וואָס מאַכט דעם סוף, וואָס הייבט זיך מער קיינמאָל ניט אָן".

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

אַ פּאָר טעג איז באַראַש ניט אַרויסגעגאַנגען פון הויז. געזאָגט מאַרין, אַז ער איז פאַרקילט און חוץ דעם, האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שמייכל, דאַרף ער טראַכטן וואו און ווי אַזוי צו שטעלן דעם לעצטן פונקט.

מאַרי איז געווען צופרידן און האָט געענטפערט:

— וואו און ווי אַזוי איר זאָלט ניט באַשליסן צו שטעלן דעם לעצטן פונקט — מאַכט עס צוויי. אַ פונקט פאַר אייך און אַ פונקט פאַר מיר — לעבן אייך.

אָבער געטראַכט האָט זי, אַז ס׳איז שווער צו פאַרשטיין אַ מענטשן, איבערהויפּט אַ יידן, ווי גוט און ווי היימיש עס זאָל ניט זיין מיט אים.

און זי האָט געוואָלט גלויבן, אַז דער קומענדיקער טאָג וועט אַוועקנעמען זיי אויף אַ נייעם וועג, אויף אַ וועג, וואָס פירט צו אַ שטילער, זיכערער נעסט . . . פאַר אים, פאַר איר אין אַ וועלט פון בילדער און פאַרבן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

מאַרי איז, ווי געוויינלעך, אַוועקגעגאַנגען אינדערפרי צו דער אַרבעט און ער איז געבליבן אַליין. ער האָט זיך אָפּגעגאָלט, אָפּגעגעסן דעם פרישטיק, וואָס זי האָט צוגעגרייט פאַר אים און איז אַרויסגעגאַנגען אין גאַס. עס איז געווען אַ טרוקענער, פראָסטיקער טאָג און דער ווינט האָט געבלאָזן שנייעלעך ווי גריפּן. באַנאַכט האָט ער געטראַכט, אַז ווען ער וועט אויפשטיין אינדערפרי, וועט ער פאַרוואַנדלען דעם טאָג אין אַ מין יום־טוב פאַר זיך, פאַר זיך אַליין צום לעצטן מאָל אין ניו־יאָרק. ער וועט גיין פון גאַס צו גאַס, פון רעסטאָראַן צו רעסטאָראַן און ער וועט לאָזן פריי די אויגן, די אויערן, דאָס האַרץ . . . זאָלן זיי זיך אָנפילן, אָנזעטיקן מיט דעם אומגלויבלעך־באַקאַנטן, פאַנטאַסטיש־וואַכעדיקן ניו־יאָרק. אַזוי האָט ער געטראַכט באַנאַכט.

אַן אומעט און טרויער האָט אים אָבער גלייך אַ כאַפּ געטאָן און גענומען טראָגן, ווי אַ שוואַרצן, שטרויענעם זאַק. ער איז ניט אַריינגעגאַנגען אין די רעסטאָראַנען און ניט אין די קינאָס; ער האָט זיך אַרומגעדרייט מיט כאַאָטישע געדאַנקען איבער די גאַסן; און די הימלקראַצערס האָבן געקוקט ווי אייזבערג און דאָס האַרץ האָט זיך ניט אָנגעפילט מיט יום־טוב — עס איז געווען פול מיט אומעט. בלויז איין מאָל, באַטאָג, איז ער אַריין אין אַ רעסטאָראַן, גענומען עפּעס עסן און געזעסן און געוואַרט אויף עפּעס. און ווען עס איז געוואָרן טונקל, איז ער ווידער אַרויס אין גאַס און ווידער געגאַנגען איבער די גאַסן אָן ציל. ער האָט אָבער געוואוסט, אַז אין דעם ציללאָזן שפּאַצירן ליגט דער לעצטער ציל; איז ער געפאָרן און געגאַנגען צו אים און איז ענדלעך צוגעקומען צו די באַקאַנטע פענצטער און אַנידערגעשטעלט זיך הינטער דער קאָלאָנע. אין הויז איז געווען ליכטיק און ער האָט געקאָנט זען זיין בילד און מיכלס בילד אויף די ווענט און אין מח האָט רעציטירט:

„ . . . אין שפּאַניע, אויף די פעלדער, צווישן טעלעדא און אַלקאַזאַר, ליגט מיט אַ צעשאָסענער ברוסט דער יונגער אידעאַליסט מיכל באַראַש”....

אַדאַ האָט זיך אַרומגעדרייט אין הויז און עווא איז געזעסן בײַ דער ראַדיאָ אין אַ פּאָזע פול מיט אויפמערקזאַמקייט. עס איז געווען שטיל אַרום, בלויז דער עלעווייטער־באַן איז אינדערוויטנס געלאָפן מיט אימפּעט. אַדאַ, האָט ער געזען, האָט גענומען שניידן עפּעס מיט דער שער אויפן טיש. ער איז געשטאַנען איינגעוויקלט אין מאַנטל, געפילט

ווי דער ווינט נעמט אים דורך און דורך און דאָס האַרץ אין דער ברוסט האָט געציטערט מיט אינערלעך געוויין. געמאַכט אַ פּאָר שפּאַן נענטער צום פענצטער, אַזוי נאָענט, אַז ווען זיי וואָלטן אַ קוק געטאָן אין פענצ־טער, וואָלטן זיי אים דערזען. געלאָזט די אויגן אָנזעטיקן זיך מיט דער ליכטיקייט פון עוואַס שיינענדיקע אויגן, מיט דעם רויטן פלאַם פון אַדאַס קאָפּ, מיט דער ווייטקייט פון איר פּנים און מיט דער קלוגשאַפט און טרויער אַרום אירע ליפּן . . . מיטאַמאָל האָט ער אָפּגעטראָטן און, מיט אומ־קוקנדיק זיך מער, געלאָזט זיך גיין צום סאָבוויי.

ווען ער איז אַהיימגעקומען, האָט ער געטראָפן מאַרין אַ פאַרווייַנטע. האָט ער געוואָלט וויסן פאַרוואָס זי וויינט. דער טשעמאָדאַן, וועלכן ער האָט אינדערפרי אַרויסגעשלעפּט פון אונטער דער בעט, איז געשטאַנען אין אַ ווינקל און ווי גערעדט: נו, מיר פאָרן ווייטער — אַוועק — אַהין — וואוהין — אַהין —

— וויינט ניט — איז ער צוגעגאַנגען צו איר און געגלעט איר קאָפּ. צו וואָס וויינען?

— ווייל איך ווייס, אַז איר וועט מער ניט צוריקקומען.

— מ׳מוז דאָך אַמאָל שיידן זיך. זאָל עס זיין היינט.

— פאַרוואָס היינט . . .

— מאָרגן וועט ניט זיין אַנדערש ווי היינט. אַז ס׳איז צייט — איז צייט.

— נעמט מיך מיט מיט זיך — האָט זי אים אַרומגענומען.

— איך ווייס ניט וואוהין צו נעמען אייך.

— וואוהין איר גייט . . .

ער האָט אַ שמייכל געטאָן טריב:

— איך ווייס ניט וואוהין איך גיי. איך זאָג אייך אָבער צו, אַז וואו איך זאָל ניט זיין, וועט איר אין גייסט שטענדיק זיין לעבן מיר, מיין גוטער פריינט.

— איר וועט ניט פאַרגעסן?

— איך וועל ניט פאַרגעסן.

— ווען ווילט איר גיין?

— שוין.

שוין?! — האָט זי זיך דערשראָקן. — כ׳האָב געמיינט אפשר מאָרגן, אָדער איבערמאָרגן.

— ניין, שוין. עס האָט קיין זין אָפּצולייגן.

— און געלט האָט איר?

— איך האָב וויפל איך באַדאַרף.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים, ווי מ׳קוקט אויף אַ קינד; געענ־

מען דעם האַנטבייטל, וואָס איז געלעגן אויף דעם טיש, אַרויסגענומען געלט און גענומען שטופּן עס אין באַראַשעס קעשענע.

— ס׳איז ניט נויטיק, מאַרי — האָט ער שוואַך געזאָגט. — איר זענט אַ גוטער פריינט. איצט גיט מיר אַ קוש און לאָמיר זיך געזעגענען מיט פרייד און מיט דאַנקבאַרקייט צו אונדזערע מאָמענטן.

זי האָט אים אַרומגענומען שטאַרק ווי אין פאַרצווייפלונג.

לאַנגזאַם האָט ער זיך באַפרייט פון איר און גענומען דאָס ראַנצל אין האַנט.

— אייער טאָגבוך . . . — האָט זי אַ זאָג געטאָן. —איר האָט דאָך געוואָלט לאָזן אים מיט מיר . . .

— ניין, מאַרי. איך נעם אים מיט מיט זיך.

— יאָ? — האָט זי זיך דערפרייט. — איך ווייס ניט פאַרוואָס, אָבער דאָס מאַכט מיך פילן רואיקער.

— גוד־ביי, מאַרי . . . — האָט ער אָנגענומען איר האַנט און אויף אַ רגע צוגעדריקט זיך מיט דער באַק צו איר פּנים. — גוד־ביי . . .

אויפגעעפנט אויף שנעל די טיר און איז אַרויס פון צימער.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

אַ גאַנצע נאַכט און כמעט אַ גאַנצן טאָג האָט דער צוג געפירט דורך פעלדער און וועלדער, דורך שטעט און שטעטלעך. און ווידער פאַרנאַכט האָט באַראַש דערזען פּונווייטנס די בערג פון ניו־פּאָרט. אָבער אַנדערש איז איצט געווען זיין טראָט אויף דער פאַרפראָרענער ערד בײַ דעם ברעג פון טייך. ער איז איצט געווען זיכערער און זיגפולער, ווי דער טראָט מיט אַ יאָר צוריק.

ער האָט זיך געלאָזט גיין צום קאַטעדזש, וואו ער האָט פריער גע־האַט זיין צימער בײַ די אַלטע מעקגווייערס. אַוועקגעשטעלט דעם טשע־מאָדאַן און האָט אַ זאָג געטאָן:

— איך בין געקומען צוריק, איר ווילט מיך?

— אוודאי ווילן מיר אייך, אוודאי — האָט די אַלטיטשקע מעק־גווייער געזאָגט. און זי האָט גלייך אָנגעהויבן צו דערציילן, ווי מיט עט־לעכע טעג שפּעטער, נאָכדעם, ווי ער האָט פאַרלאָזט ניו־פּאָרט, איז אַ מאַן מיט אַ יונגער פרוי געקומען און זיי האָבן זיך נאָכגעפרעגט אויף אים. און זיי זענען אַוועקגעגאַנגען זייער אַנטוישטע, ווען זיי האָבן אויס־געפונען, אַז ער איז אַוועקגעפאָרן.

באַראַש האָט געהערט און געטראַכט פון גערסאַנען און פון סטעלאַן און געפילט ווי צו לויפן גלייך צו זיי און אויך צו זיי אַ זאָג טאָן: איך בין געקומען צוריק, מיינע פריינט, איר ווילט מיך?

ער האָט אָבער געוואוסט, אַז ער וועט עס ניט זאָגן. ער וועט ניט פֿאַרפֿירן ווידעראַמאָל זיך און זיי אין אילוזיעס, ווייל איצט וועט אַלץ זיין אַנדערש מיט אים.

ער האָט זיך אָפּגעוואַשן, ווידער אָנגעטאָן דעם מאַנטל און געזאָגט, אַז ער גייט אַרויס אין אַ רעסטאָראַן עפּעס עסן.

די גאַס האָט געאָטעמט שטיל מיט פֿאַרנאַכטיקן לעבן. די קינאָ האָט געלויכטן מיט קאָלירפֿולע פֿייערן און די געציילטע מענטשן אויף די גאַסן זענען געגאַנגען רואיק, ווי פֿילנדיק איבער זיך ריזיקע, מעכ־טיקע פֿליגל פֿון אַ באַשיצער. ער האָט אַרויפֿגעקוקט צום שפּיץ פֿון באַרג. דער קאָפּ — דער ווייסער קאָפּ איז שוין אָבער געווען אין דער בלויער טונקלקייט און ס'איז שווער געווען צו דערקאָנען אים. פֿון דער ווייט האָט זיך געטראָגן דער פֿיף־פֿאַף פֿון דער פֿאַבריק און דער הימל איבער די הויכע קוימענס האָט זיך געהילט אין אַ טונקל־בלויער כמאַרע פֿון רויך און פֿייער. דער טייך איז געווען בלוי און פֿול מיט קריעס. דער בריק איבערן טייך, ווי דער סקעלעט פֿון אַ פּרעהיסטאָרישן דינאָ־זאַר. בלויז די פֿייערלעך אין די קאָטעדזשעס באַ די פֿיס פֿון באַרג האָבן געלויכטן מיט וואַרעמקייט און האָבן געשוויגן.

ער איז אַריין אין אַ רעסטאָראַן. געגעסן, געטרונקען קאַווע און געטראַכט. געטראַכט וועגן סטעלאַן, וועגן גערסאַנען, וועגן דער ליולקע, וועגן אַנאַטאָלן. און ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען, האָט ער זיך מיט לאַנגזאַמע טריט געלאָזט גיין צוריק צום צימערל. און אין דעם צימערל האָט ער זיך אַנידערגעלייגט אויף דעם בעטל און איז געלעגן אין אַ נעץ פֿון געדאַנקען, ביז ער האָט פֿאַרלוירן דאָס לעצטע פֿעדעמל אין דער נעץ און איז פֿאַרזונקען געוואָרן אין אַ טיפֿן שלאָף.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

פֿאַרטאָג האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון אַ חלום, וואָס איז אים גע־ווען ניט קלאָר. ער איז געלעגן און ניט געאײַלט זיך אויפֿצושטיין. ער האָט געוואוסט, אַז עס שטייט אים פֿאַר אַ טאָג פֿון לאַנגווייליקייט און אומגעדולדיקייט — ווייל גיין באַטאָג צו סטעלאַן האָט ער ניט געוואָלט. ער האָט געטראַכט, אַז ס'וועט זיין בעסער פֿאַר אים און פֿאַר איר, ווען ער וועט קומען אין אָוונט, ווען גערסאַן וועט זיין אינדערהיים, אויב ער אַרבעט ניט באַנאַכט.

איז ער באַטאָג אַרויסגעגאַנגען צום ברעג פֿון טייך און איז גע־שטאַנען דאָרט אַ לאַנגע צייט ; און דערנאָך געוואַנדערט, ביז עס איז אים קאַלט געוואָרן. ער האָט געקויפֿט אַ צייטונג און איז אַרייַנגעגאַנגען

אין דעם רעסטאָראַן. און לייענענדיק האָט ער געזען, ווי עס גייען פאַר־בײַ פאַר זײַנע אויגן צעריסענע, צעבלוטיקטע באַטאַליאָנען מענטשן־גייסטער, מענטשן פון יעדער עלטער, פון יעדער נאַציע, פון יעדן גלויבן . . . און פאַר די אויגן האָט געשוועבט מיכלס קלוגער, יונגער שמייכל, מיכלס אויפגעפּלאָמטע ווערטער . . . פּאָ! פּאָ! ס'איז אַ קריג צו דער־שטיקן אויף אייביק דעם גייסט פון קריג! . . .

באַראַש האָט אָוועקגעלייגט די צײַטונג. ניט געקאָנט לייענען. גע־בליבן זיצן מיט געוויין אין דער ברוסט . . . געזעסן און געהערט, ווי יונגע שטימען פון דער ראַדיאָ זינגען

When this crazy world will be sane again . . .

דער בין־השמשות האָט גענידערט און לאָמפּן האָבן זיך גענומען צינדן אין די הייזער און אויף די גאַסן. ער איז אַרויסגעגאַנגען פון דעם רעסטאָראַן און געלאָזט זיך גיין צו סטעלאַן. און ווען ער איז צוגעקו־מען צום הויז, האָט די שיין אין פענצטער געלויכטן פאַר אים ווי אַ ליכט־טורעם. דער ליכט־פּאַס, האָט זיך געוויזן, פאַלט צו זײַנע פיס, צו באַ־לויכטן דעם וועג פאַר אים, דעם וועג צו סטעלאַן. ער האָט אָנגעקלונגען און דער קורצער קלונג האָט ווי אַ וואָרנונג, אַ קלונג אַ געטאָן אויך באַ אים אין האַרצן.

סטעלאַ האָט געעפנט די טיר און ווען זי האָט אים דערזען, איז זי געבליבן שטיין אַ בלייכע, אַ שטילע און פאַרוואונדערטע. זי האָט אָפּ־געטראָטן אַ שפּאַן, נאָך אַלץ קוקנדיק אויף אים און באַראַש האָט געמאַכט אַ שפּאַן נאָך איר. און ווען ער איז שוין געווען אין הויז, האָט ער אין דער ליכט דערזען איר בלאַס, אויסגעצערט פּנים און אירע גרויסע, שיי־נענדיקע אויגן. די ליפּן אירע האָבן געציטערט און די הענט אויף איר ברוסט האָבן ווי געהאַלטן דאָס האַרץ אין געבעט:

— ראַש . . . — האָט ער ענדלעך דערהערט.

— ראַש . . . — האָט זיך אויך גערסאַן אויפגעהויבן פון זײַן שטול און דער הונט פילאָ האָט, ווי אַ פאַרשעמטער, גענומען טוליען זיך צו זײַנע פיס.

— איך בין געקומען . . . מײַן ליולקע . . . איז דאָ . . .

— כ'האָב געוואוסט, אַז איר וועט קומען — האָט גערסאַן גע־זאָגט מיט אַ פעסטערן טאָן. — כ,האָב געוואוסט, אַז איר וועט קומען.

— כ'האָב געהאָפט, אַז איר וועט פאַרשטיין און פאַרגיבן מײַן פלו־צימדיקן . . . אָפּשייד.

— איך האָב פאַרשטאַנען — האָט גערסאַן געזאָגט.

— און איר, סטעלאַ? — האָט באַראַש געפרעגט און א גלעט געטאָן איר אָרעם.

— איך . . . איך האָב בלויז געהאַפּט . . .

גערסאָן איז מיטאַמאָל געוואָרן פריילעך, גענומען אַראָפּשלעפּן פון באַראַשן זיין מאַנטל, צוגעפירט אים צום שטול און געקלאַפּט אים לייכט אין דער פּלייצע:

— ס׳איז גוט, ס׳איז גוט, וואָס איר זענט צוריקגעקומען. און די ליולקע וועט ווידער זיין אייערע, ווידער, ראַש. נאָט זי אייך — האָט ער אַראָפּגענומען די ליולקע, וואָס איז געלעגן אויף באַראַשעס ביכער אויפן טיש און צוגעטראָגן זי צו אים.

— אַ דאַנק — האָט באַראַש גענומען די ליולקע און אַ קוק געטאָן אויף סטעלאַן.

בלוט איז ווידער געקומען אין אירע באַקן און מיט אַ שמייכל פון דאַנקבאַרקייט האָט זי גענומען צוגרייטן עפּעס צום עסן און צו טרינקען. זי האָט ניט גערעדט. זי האָט ניט געקאָנט רעדן, זי האָט בלויז געוואָרפן יעדעס מאָל אַ בליק אויף באַראַשן און אין יעדן בליק איז געווען אַ שטומע פראַגע.

דערפאַר האָט גערסאָן גערעדט אַסך. דערציילט וועגן זיך, וועגן סטעלאַן, וועגן די געשפּרעכן וועגן אים און וועגן זייער אַנטוישונג, ווען זיי האָבן דערזען די ליולקע און מער ניט געהערט פון אים.

באַראַש האָט געהערט, געשוויגן און מיט געדאַנקען, ווי מיט טשוועקעס, געקלאַפּט זיך אין מח: האָט ער געמוזט ווידער קומער אַהער צו איר? האָט ער געמוזט ווידער באַווייזן זיך און אויפוועקן אין איר אַ נייע האָפענונג און אַ גלויבן אין אים?

— וואָס זענט איר אַזוי פאַרטראַכט, ראַש? — האָט אים גערסאָן אָפּגעריסן פון זיינע געדאַנקען. — טראַכט ניט — ס׳איז ניט גוט צופיל צו טראַכטן.

עס איז געווען שפּעט, ווען ער איז געגאַנגען צוריק צו זיין צימער. אין קעשענע האָט ער געטראָגן מיט זיך די ליולקע און אין דער נשמה די וואונדערבאַרע „לבנה־ליכט סאָנאַטע״, וואָס סטעלא האָט געשפּילט פאַר אים און, ווי זי האָט געזאָגט, אויך פאַר זיך.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

ער איז געשלאָפן שפּעט. ער האָט געוואוסט, אַז אין דעם טאָג וועט סטעלא ניט אויפנעמען אירע שילערינס און זי וועט וואַרטן אויף אים, דאָך האָט אַ געדאַנק אין אים ווידער ניט געלאָזט פריילאָזן זיך און אַוועקגיין צו איר און בלייבן מיט איר אַליין, ווייל בלייבן אַליין, וואָלט געהייסן: אָדער ווידעראַמאָל בלייבן פאַרשלאָסן אין סוד, אָדער לאָזן זיך

פריי, ווי מיטן ווינט, דערציילן איר אַלץ און בלייבן שטיין מיט איר באַם סאַמע ברעג פון דעם אָפּגרונט, וואָס איז דער לעצטער סוד.

ער האָט פאַרבראַכט דעם גאַנצן טאָג אין הויז און פאַרנאַכט, ווען ער האָט געוואוסט, אַז גערסאַן איז שוין דאָ אינדערהיים, האָט ער זיך געלאָזט גיין צו איר.

זי האָט אים באַגעגנט מיט פּאַרוואַלקנטע אויגן, כאָטש די ליפּן אירע, האָט ער געזען, שטרענגגען זיך אָן צו שמייכלען.

— איר האָט היינט . . . געאַרבעט? — האָט גערסאַן געפרעגט.

— ניין — האָט באַראַש געענטפערט, ניט כאַפּנדיק זיך גלייך, וואָס ער מיינט מיט דער פראַגע.

— סטעלא האָט מיר געזאָגט, אַז איר זענט ניט געווען דאָ אַ גאַנצן טאָג, האָב איך געמיינט . . . ווער ווייסט, אפשר אַרבעט איר, אָדער איר זוכט אפשר אַרבעט. נאָך אַלעמען זענט איר דאָך ניט געקומען איצטער אָכאַמאָל צו פאַרשווינדן . . . די פאַרגעסענע ליולקע אַליין האָט דאָך זיכער ניט געקאָנט ברענגען אייך צוריק.

— זעלבסטפאַרשטענדלעך — האָט באַראַש געענטפערט.

— פּאַ! . . . — האָט זיך סטעלא אָנגערופן. — צו וואָס זאָלסטו צווינגען ראָשן צו . . . רעדן און זאָגן דיר דאָס, וואָס ער וויל דיר אפשר ניט זאָגן. כ'בין זיכער, אַז ווען ראָש וועט זיך דערפילן אַזוי נאָענט און פריינטלעך צו אונדז, ווי צו אייגענע, וועט ער אונדז אַלץ דערציילן וועגן זיך און חוץ דעם, מוזן מיר ניט אַלץ דערציילן . . .

— דו ביזט צו טאָלעראַנט, טאָכטער און איך ווייס, אַז דו מיינסט עס טאַקע. איך וויל אָבער איצט זאָגן ראָשן און איך האָב אים שטענדיק געזאָגט, אַלץ אויפריכטיק און אָפן, אַז איך פאַררעכן אים פאַר אַן אייגענעם. און אַז אפילו ווען איך רעספּעקטיר זיינע סודות, בין איך אָבער באַרעכטיקט צו וויסן, אויב ניט אַלע סודות, איז כאָטש האַלב, אַ פערטל, אַביסל, בלויז איין קליין סודעלע . . . — האָט גערסאַן געפּרואווט צו פאַרפּראַווען דעם געשפּרעך מיט שפּאַס.

באַראַש האָט געקוקט אויף ביידן מיט ליבע און פאַרשטענדעניש. ער האָט אָבער געהערט און געשוויגן און געוואוסט, אַז ניט ווילנדיק מוז אין זייערע הערצער וואַקסן אַ בייזקייט אויף אים, אַ בייזקייט פאַר זיין איינגעשפּאַרטער שווייגעניש.

זיי האָבן געטרונקען קאַווע, גערעדט וועגן די לעצטע טאָג־נייעסן, וועגן דער מלחמה און וועגן יאָהאַכימס טויט. און גערסאַן האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אַז דער מיסטעריעזער זשורנאַליסט האָט זיכער געמוזט זיין אַ ייד. אָבער ווען באַראַש האָט זיך פאַראינטערעסירט אויסצוגעפינען פאַרוואָס ער דענקט אַזוי, האָט זיך גערסאַן פּלוצים אויפגע־

הויבן און געזאָגט, אַז ער איז מיד פון צופיל רעדן און ער מוז גיין שפּילן שאָך מיט דעם אַפּטייקער. דער המן יאָהאַכים איז דאָך שוין סיווי טויט און צו וואָס רעדן וועגן אים.

— איך וועל גיין מיט אייך — האָט זיך באַראַש אויך אויפגעהויבן, ווי באַלויכטן פון אַ געדאַנק.

— ווער דאַרף אייך, זיצט דאָ מיט סטעלאַן — איז גערסאַן כמעט בייז געוואָרן.

— ניין, פּאַ . . . — האָט סטעלאַ מיט אַ פאַרענדערטער שטימע אַ זאָג געטאָן. — גייט ביידע, גייט. איך וויל שלאָפן, איך בין מיד.

גערסאַן האָט מער גאָרניט געזאָגט. ער האָט אַ וואָרף געטאָן אַן אַנטוישנדן בליק אויף באַראַשן און גענומען אָנטאָן זיך. באַראַש האָט אויך אָנגעטאָן זיין מאַנטל און, שטייענדיק בײַ דער טיר, האָט ער געקוקט אויף סטעלאַן און מיט די בליקן האָט ער פּרובירט זאָגן איר דאָס, וואָס ער האָט ניט געקאָנט זאָגן מיט די ווערטער. אירע אויגן זענען אָבער געווען פאַרטרונקען אין טרערן און זי האָט זיינע בליקן ניט געזען.

— אַ גוטע נאַכט, סטעלאַ — האָט ער געזאָגט. — איך וועל מאָרגן באַטאָג זיין בײַ אייך, אויב איר וועט זיין אינדערהיים.

— טוט, ווי איר פילט — האָט זי שטיל געענטפערט און איז אַוועקגעגאַנגען אין שאָטן ער זאָל ניט זען אירע טרערן.

ווען זיי זענען אַרויסגעגאַנגען און אָפּגעגאַנגען אַ שטיקל וועג שווייגנדיק, האָט גערסאַן אַ פרעג געטאָן:

— איר זענט פּאַר עפּעס ברוגז אויף סטעלאַן, ראַש ?

— ניין . . .

— טאָ וואָס פאַר אַ מענטש זענט איר ? — איז גערסאַן געבליבן שטיין — וואָס איז דער מער מיט אייך ? איר זענט ניט אויף דער וועלט און ניט אויף יענער וועלט. וואָס מוטשעט אייך ? וואָס באַאומרואיקט אייך און לאָזט אייך ניט לעבן אויף דער וועלט ? איר האָט ערגעץ אַ ווייב און קינדער ? זאָגט ! קומט אַרויס מיט לשון.

— איך וועל עס מאָרגן דערקלערן סטעלאַן — האָט באַראַש געזאָגט.

— איר זאָגט עס מיר צו ?

— איך זאָג עס אייך צו.

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין ווייטער.

דער אַפּטייקער האָט זיך זייער דערפרייט מיט זיי. אין דער שפּעטער אָוונט־שעה זענען קיין קונים ניט געווען, איז ער געזעסן בײַ אַ טישל און געלייענט די צייטונג. ער האָט זיך אויפגעהויבן, באַגריסט גערסאַנען און באַראַשן. דערמאָנט זיך אָן דעם טאָג, ווען סטעלאַ איז

געקומען צולויפן צו אים איינקויפן אַלערליי רפואות פאַר אים, פאַר דעם פאַרוואונדעטן פון באַנדיטן, מיסטער ראַשן. אָבער מיסטער ראָש ווייזט אויס צו זיין אַ זייער פאַרנומענער מענטש. ער שמעקט ניט אַריין אפילו אין דער דראָג־סטאָר, וואָס איז דער מער?

באַראַש האָט אים געענטפערט, אַז ער איז טאַקע אַ פאַרנומענער מענטש, אפילו ווען עס גלויבט זיך קוים, אַז מ׳קאָן זיין שטאַרק פאַרנו־מען אין ניו־פאָרט.

מיסטער גערסאן האָט מיר דערציילט, אַז איר זענט געפאָרן קיין ניו־יאָרק. וואָס הערט זיך עפּעס דאָרט? אַך, ניו־יאָרק! מיין גאַנץ לעבן האָב איך געטרוימט צו פאָרן קיין ניו־יאָרק אַ קוק טאָן אויף דער וואונדער־שטאָט. נו, גיי פאָר, אַז מ׳איז צוגעבונדן דאָ ווי אַ הונט אויף אַ קייט.

רעדנדיק אַזוי, איז ער צוגעגאַנגען צו אַ קעסטל, אַרויסגענומען ציגאַרן און דעם שאַך, ניט פרעגנדיק אפילו גערסאנען צי ער וויל שפּילן אָדער ניט.

— איר וועט אונדז אַנטשולדיקן, מיסטער ראָש — האָט ער גע־זאָגט — איר ווייסט דאָך, עס ציט . . . ווי אַ שיכור צום פלעשל.

— שפּילט, שפּילט — האָט אים באַראַש באַרואיקט. — איך וועל שוין זען צו פאַראינטערעסירן זיך מיט עפּעס. אָ יע . . . . — איז ער צוגעגאַנגען צום גיפט־שאַפקעלע. — איר געדענקט, מיסטער פאַרקער, ווי איר האָט פאַר מיר כאַראַקטעריזירט יעדן גיפט? זייער טרעפלעך, זייער טרעפלעך האָט איר עס כאַראַקטעריזירט. מעג איך נאָכאַמאָל אַ קוק טאָן אויף אייער קאָלעקציע?

— קוקט . . . אָבער זייט פאָרזיכטיק, מיין פריינט, פאָרזיכטיק.

— זייט רואיק — האָט אים באַראַש באַרואיקט. ער האָט גע־עפנט דאָס שאַפקעלע און גענומען באַטראַכטן יעדעס פלעשעלע באַזונדער. און ווען ער האָט דערזען דאָס קליינע פלעשעלע מיט די קליינע טאַבלעטן און האָט איבערגעלייענט: „מאָרפיום סולפאַט", האָט ער זיך דערמאָנט, אַז פאַרקער האָט כאַראַקטעריזירט דעם גיפט ווי אַ ווייסע, באַרמהערציקע שוועסטער, וואָס לייגט אַרויף איר קאַלטע האַנט אויף דעם ברענענדיקן קאָפּ און מ׳ווערט אַנטשלאָפן מיט אַ שטילן שלאָף. דאָס קליינע פלע־שעלע אין דער האַנט איז געוואָרן היימיש און פאַר די אויגן האָבן אַ שוועב געטאָן די פליגל פון אַ שוואַן . . . ער האָט שנעל אַראָפּגעלאָזט די האַנט מיט דעם פלעשעלע אין דער קעשענע אַריין און איז געבליבן שטיין . . . אויף אַ רגע האָט זיך אַלץ ווי אָפּגעשטעלט אין אים. ער האָט לאַנגזאַם פאַרמאַכט דאָס שאַפקעלע און איז צוריקגעגאַנגען צום טישל. אַנידערגעזעצט זיך נעבן גערסאנען און געקוקט ווי זיי שפּילן.

ס'איז שוין געווען גאַנץ שפּעט, ווען ער און גערסאָן זענען אַהיימ־געגאַנגען. באַם געזעגענען זיך האָט גערסאָן געזאָגט:

— געדענקט, ראָש. מאָרגען רעדט איר מיט סטעלאַן. זאָל עס זיין טויט אָדער ברויט, איר מוזט אָבער רעדן.

— איך מוז און איך וועל.

— אויב אַזוי, אַ גוטע נאַכט, ראָש.

— אַ גוטע נאַכט — אַ גוטע . . .

גערסאָן האָט אים געלאָזט אויף דער שטילער, פּוסטער גאַס. עס האָט זיך ניט געגלוסט נאָך אַהיימצוגיין. האָט ער געשפּאַצירט הין און צוריק אויף די קרומע ראָגן, געגאַנגען און צוגעהערט זיך צו די אייגענע טריט, וואָס האָבן אָפּגעהילכט פרעמד און מיסטיש. און ווען ער איז ענדלעך אַריינגעקומען, מיט שטילע טריט, צו זיך אין צימער און ער האָט אויסגעטאָן דעם מאַנטל, האָט זיך די האַנט גלייך אַ צי געטאָן צו דער קעשענע, דערפילט דאָס פלעשעלע און פאַרקוועטשט עס אין דער דלאָניע: אין דעם רויטן, קליינעם פלעשעלע ליגט דער לעצטער פּונקט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

עס איז געפאַלן אַ געדיכטער, ווייסער שניי. בעראָש איז געגאַנ־גען אָן דעם הוט און די שנייעלעך האָבן געזילבערט די צעשויבערטע האָר.

ווען ער איז אַריינגעקומען צו סטעלאַן, האָט ער זי געטראָפן אין דערזעלבער גרינער טוניק, וואָס זי האָט געטראָגן, ווען זי איז געגאַנגען מיט אים אויפן באַרג.

זי האָט אויסגעזען העכער און דינער אין דעם טונקעלן ווינקל באַ דער פּיאַנאָ און דער פאַלנדער שניי אין פענצטער און פּילאָ באַ אירע פיס, האָבן צוגעגעבן שטימונג און פּאָעטישקייט דעם בילד. שווייגנדיק האָט זי צוגענומען זיין מאַנטל און געקוקט אויף די שנייעלעך אין זיינע האָר, וואָס זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ברילִיאַנטענע טרערן. ער האָט אַרויסגענומען די ליולקע, אָנגעשטאָפּט זי מיט טאַבאַק, געשטאַנען און געקוקט אויף איר, ווי זי גייט מיט איר רואיקן טראָט צום טיף־געבעטן שטול, ווי זי זעצט זיך אַנידער און גלייכט אויס די פאַלדן פון איר קלייד; געקוקט אין אירע אויגן און געזען, ווי די אויגן אירע, אָפענע, קלאָרע, אָן דעם מינדסטן שפּור פון קאָקעטעריי, קוקן אויף אים מיט עהרלעכער דערוואַרטונג.

— וואָס שטייט איר און קוקט אויף מיר? פאַרוואָס זעצט איר זיך ניט אַוועק? — האָט זי געפרעגט.

— איך קאָן דיך זען בעסער פונוואַנען איך שטיי. ווען איך קאָן

דיך זען אַט אַזוי אין דער אייביקייט, ניט אין אונדזער וועלט, וואָלט איך געזאָגט, אַז די מיסטעריע, וואָס ליגט אין אַ פּרויס אויגן, אין פּרויענשן צויבער — איז גליק.

— און אין דער וועלט, אין אונדזער וועלט, ווי זי איז, איז דאָס ניט גליק?

— יאָ, עס איז. איך קאָן עס אָבער ניט אויפנעמען.

— איך וואָלט באַדאַרפט פרעגן פּאַרוואָס, אָבער איך וויל ניט פרעגן, ראָש. איך וויל גאָרניט פרעגן. איבעריקנס . . . מיין פאָטער האָט מיר געזאָגט, אַז איר ווילט היינט רעדן מיט מיר. וועל איך אפשר היינט וויסן . . . אַלץ וויסן . . .

— יאָ — האָט ער געענטפערט.

ער איז צוגעגאַנגען נאָענט צו איר, געבליבן שטיין לעבן איר און מיט די פינגער געגלעט איר קאָפּ. געשוויגן.

— איך פאַרשטיי . . . ס׳איז איך שווער אָנצוהייבן — האָט זי אַרויפגעקוקט צו אים מיט ליבשאַפט און מיט מיטלייד.

— ס׳איז שווער, ווייל . . . ס׳איז צופיל צו זאָגן. ס׳איז ווי צו קומען מיט אַ גלעזל צו אַ רוישיקן ים, אויסצושעפּן אים ביזן גרונט.

— ראָש, ליבער . . . איר דאַרפט דאָך מיך שוין קאָנען . . . איר מוזט ניט אויסשעפּן דאָס גאַנצע לעבן און דאָס גאַנצע האַרץ . . .

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט לעבן איר בײַ אירע פיס און אַרומגענומען אירע קני; צוגעלייגט דאָס פּנים צו דעם גרינעם, ווייכן סאַמעט און געקוקט אין אירע אויגן.

— איך ווייס עס — האָט ער געזאָגט. — איך ווייס אויך, אַז די מענטשלעכע שפּראַך איז ניט רייך, ניט שטאַרק גענוג אויסצודריקן וואָס מ׳פילט. ווען דער מענטש וואָלט באַזיצט אַ מין באַזונדערן חוש, אַ חוש, וואָס וואָלט געקאָנט ווי דורך ראַדיאָ־כוואַליעס איבערגעבן אונדזערע עמאָציעס און געדאַנקען, אָט אַזוי ווי די ראַדיאָ גיט איבער מוזיק, וואָלסטו אפשר דעמאָלט געוואוסט און פאַרשטאַנען, וואָס איך פיל און וואָס איך וויל זאָגן.

— **אַמאָל איז בלויז אײן פראַזע גענוג . . .**

— איך האָב דיך ליב.

— מיר האָבן זיך ליב.

— ס׳איז אַזוי פּשוט און אַזוי פאַרשטענדלעך, איאָ?

— עס איז.

— צווישן אונדז ליגט אָבער אַ טיפער אָפּגרונט.

— איז דער טיפער אָפּגרונט אַן אַנדערע פרוי?

— עס איז ניט בלויז די אַנדערע פרוי. דאָס גאַנצע לעבן איז

ווי די אַנדערע פּרוי, און די אַנדערע פּרוי איז ווי דאָס גאַנצע לעבן — עס איז איינגעפלאָכטן איינס אין צווייטן . . .

— און איך בין דאָס ניט איינגעפלאָכטענע, דאָס פרעמדע ? . . .

— ניין, אויך דו ביזט די איינגעפלאָכטענע, ווי עס איז איינגע־פלאָכטן אין מיר מיין שאַפן, מיין געדאַנק, מיין בלוט . . . אָן דיר, ווי אָן זיי בין איך אַ טויטער, אַ ליידיקער . . .

— טאָ וואָס ווילט איר, ראָש ? וואָס ווילט איר ? ווילט איר זיין אַנדערש ווי די גאַנצע וועלט, אַנדערש ווי די מענטשן אַרום אייך ? איז דאָס לעבן ניט גענוג פאַר אייך ווי עס איז ? מוזט איר שטרעבן צו עפּעס וואָס איז אומדערגרייכבאַר ?

— אפשר . . . איך וואָלט געוואָלט זיין אַן אַנדערער אין אַן אַנ־דער מין וועלט.

— אָך, ראָש . . . — האָט זי קאָנוואולסיוו צוזאַמענגעדריקט אירע פינגער. — צו וואָס רעדן מיר אַזוי . . . צו וואָס פאַרפלאָנטערט איר זיך און מיך אין אייערע אַבסטראַקציעס און פילאָזאָפיעס, וואָס האַלטן אייך אַרומגעבונדן ווי מיט שטריק. ס'איז שוין בעסער צו שווייגן און וואַרטן, וואַרטן . . .

— יאָ . . . סטעלאַ.

— אָבער, ווי לאַנג נאָך ? ווי לאַנג ?

— ביז מאָרגן.

— ביז מאָרגן ?

— ביז מאָרגן.

— אוי, ראָש . . . ראָש . . .

זיי האָבן ביידע געפילט, אַז ווערטער זענען איצט שוין איבעריק. האָט זי אַרומגענומען זיין קאָפּ מיט די הענט און איז געבליבן זיצן מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווי אָפּגעבנדיק זיך דער צייט, דעם שיקזאַל . . .

— גיי שפּיל פאַר מיר נאָך איינמאָל די „לבאָה־סאָנאַטאַ".

— פאַרוואָס זאָגט איר „נאָך איינמאָל" . . .

— כ'האָב געמיינט צו זאָגן נאָכאַמאָל.

זי האָט זיך אויפגעהויבן, צוגעגאַנגען צו דער פּיאַנאָ, אַנידערגע־זעצט זיך און אָנגעהויבן לאַנגזאַם שפּילן.

דער שניי איז געפאַלן ווי אַ געדיכטער, ווייסער וואַל איבער דעם טונקעלן פּנים פון דעם אָוונט. און באַראָש האָט געקוקט אויף דעם שניי און אויף סטעלאַן, געדרויכערט די ליולקע און געגלעט דעם הונט, וואָס איז געלעגן באַ זיינע פיס. און די שטימונגספולע טענער האָבן זיך גע־גאָסן גלייך אין האַרץ אַריין און אָנגעגאָסן מיט בענקשאַפטאון מיט טרויער.

ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז צוגעגאַנגען צו איר. אַרומגע־

נומען מיט די הענט אירע אַקסלען פון וועלכע עס האָט געשטראָמט מיט וואַרעמקייט און באַגענטקייט . . . און אין מח איז דורכגעלאָפן: ווי לאָזט מען זי איבער? זי, און די מוזיק, און אַדאַן, און עוואַן, און זיי . . . זיי אַלע מיט די כישופדיקע אויגן און מיט רויטע שמייכלען, וואָס צינדן אָן פייערלעך באַ די פענצטער פון זייערע הערצער . . . ווי לאָזט מען זיי איבער . . . ———— מ׳לאָזט, מ׳לאָזט . . . טויזנטער האָבן געלאָזט, מיליאָנען האָבן געלאָזט, מיכל האָט געלאָזט און גאַרניט . . . כ׳האָט זיך גאַרניט געביטן, און דאָס לעבן איז געבליבן דאָסזעלבע און וועט פאַרבלייבן אויף אייביק דאָסעזלבע . . . פריער אָדער שפעטער — אַלע לאָזן איבער . . .

זי האָט אויפגעהערט שפילן און איבערגעגעבן איר קאָפּ, אירע אַקסלען, אירע הענט אין זיינע הענט און ער האָט זיי געדריקט צום קלאַפּנדיקן האַרץ און די ווייכע קישעלעך אויף דער קאַנאַפּע און דער פּאַלנדיקער שניי האָבן אים געצויגן אַראָפּ . . . אַראָפּ . . . און אַן אַראָפּגעצויגענער האָט ער מיטגעצויגן מיט זיך אַ נאָכגעבנדיקע, שווימענדיקע ליבשאַפט, וואָס איז גרייט געווען צו שווימען מיט אים אין דער אייביקייט אַריין . . . דער אָוונט האָט זיי פאַרדעקט מיט טונקעלע, דורכזיכטיקע וואָאַלן . . . די שנייעלעך האָבן זיך געקלעפּט צום פענצטער מיט פּאַטאַלער רואיקייט און פּילאָ איז געלעגן אין אַ ווינקל, די מאָרדע אויף די לאַפּעס, געלעגן, מעדיטירט און געזיפצט.

— . . . דאַרף איך נאָך וואַרטן ביז מאָרגן, ראָש? — האָט זי געשעפּטשעט אין זיין אויער.

— וואַרט . . . — האָט ער זי אַרומגענומען — וואַרט . . .

זיי זענען געזעסן אויף דער קאַנאַפּע, צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט און געקוקט מיט פאַרנעפּלטע בליקן אין דער טונקלקייט אַריין. און נאָענט זענען געווען זייערע הערצער און אַזוי ווייט, ווייט די געדאַנקען.

— סטעלאַ . . .

— יאָ, ליבער . . .

— לאָמיך דיר איצט אָנזאָגן . . .

— אָנזאָגן?

— יאָ. שטיי אויף מאָרגן פאַרטאָג, ווען דיין פאָטער וועט נאָך שלאָפן און גיי אַרויס אויף דעם גאַניק. באַ דער שוועל פון דיין טיר וועסטו געפינען מיין וואָרט, מיין נשמה, מיין געדאַנק, מיין גאַנצן וועזן . . .

— וואָס פאַר אַ מאָדנער מענטש איר זענט, ראָש . . . אָבער . . . איך בין שוין געוואוינט צו אייערע . . . שטימונגען און איך וועל טאָן ווי איר זאָגט.

— גוט.

ער האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן און זי מיט אים; געבליבן שטיין מיט איר, איינגעשלאָסן האַנט אין האַנט; געקוקט אין דער טונקל־קייט פון אירע אויגן, געקושט אירע ליפּן מיט אינערלעכן ציטער און מיטאַמאָל אָפּגעלאָזט איר האַנט, צוגעגאַנגען צום שטול און גענומען דעם מאַנטל. דער הונט האָט זיך צוגעשאַרט צו זיינע פיס, האָט ער זיך צו־בויגן צו אים און אַ גלעט געטאָן:

— ווי מקנא איך בין דיר, פּילאָ . . .

באַ דער טיר איז ער ווידעראַמאָל געבליבן שטיין און געקוקט אויף סטעלאַן. איז זי צוגעגאַנגען נאָענט צו אים, אַרויפגעלייגט די האַנט אויף זיינע אַקסלען און געזאָגט:

— איך ווייס ניט צי איך דאַרף עס אייך זאָגן. מיין געפיל זאָגט מיר אָבער, אַז איך וועל אייך מער קיינמאָל ניט זען. איר וועט ווידער פאַרשווינדן און דאָס מאָל אויף שטענדיק. טאָ ווייסט, אַז כ׳האָב אייך ליב . . . כ׳האָב אייך זייער ליב . . . אָבער איך וועל וואַרטן אויף דעם מאָרגן, אויף דעם פאַרטאָג. איך וועל, מסתמא, ניט שלאָפן די נאַכט, און מיין איינציקער וואונטש איז, אַז ס׳זאָל זיין אַזוי ווי איר זאָגט. איך זאָל האָבן אייער געדאַנק און אייער נשמה און אייער גאַנצן וועזן אין מיינע הענט . . .

ער האָט זי ווידער צוגעדריקט צו זיך און געקושט אירע אויגן און ליפּן ביז די האַנט אירע האָט זיך, ביז די שפּיצן פון אירע פינגער, אַרויס־געגליטשט פון זיין האַנט — — —

ער האָט זיך געלאָזט גיין אַהיים, צו זיין צימער. געוואָלט בלייבן אַליין, איידער ער גייט צו זיין לעצטן באַשלוס און שלום . . . עס האָט זיך אים געוואָלט פאַרענדיקן, ניט צעציען, ניט אָפּהאַלטן . . . — האָט ער געשפּאַנט מיט שנעלע טריט און געפילט אין די הענט אירע לאַנגע דינע פינגער, וואָס גליטשן זיך אַרויס. אויף די ליפּן זיינע האָט נאָך גע־ציטערט איר קוש און די ווערטער אירע האָבן נאָכגעפאָלגט נאָך יעדן טראָט.

ווען ער איז אַריינגעקומען אין צימער און האָט אויסגעטאָן דעם מאַנטל, איז ער געבליבן שטיין באַם פענצטער און האָט אַרויסגעקוקט אין דער נאַכט אַריין; און ווען ער האָט דערפילט, אַז זיינע הענט זענען וואַרעם און די שטילקייט אַרום האָט באַרואיקט, האָט ער גענומען זיין טאָג־בוך, אַנידערגעזעצט זיך באַם טיש און גענומען שרייבן:

„ . . . דאָס איז דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך שרייב. און, ווייל ס׳איז דאָס לעצטע מאָל, איז מיר שווער און איך ווייס ניט וואָס און ווי אַזוי צו שרייבן. עס ווילט זיך אין עטלעכע פראַזן אויסדריקן אַלץ, וואָס זאָל קלאָר מאַכן פאַר מיר אַליין דעם זין פון מיין לעבן און דעם זין פון מיין שטאַרבן, אויב עס איז פאַראַן אַ זין איןביידן.

„איך פיל איך בין רואיק און דער לעצטער שריט שרעקט מיך ניט. איך האָב ניט אויסגעלעבט מיין לעבן ווי איך האָב געטרוימט, ווייל כ'האָב געטרוימט פון אַ לעבן, וואָס מ'זעט בלויז אין טרוימען. מיט מיין לעבן האָב איך געקעמפט און עס איז געווען פול מיט קאָנפליקטן. מיטן טויט וועל איך שוין ניט קעמפן, ווייל אין טויט זענען קיין קאָנפליקטן ניטאָ. איך וועל גיין רואיק צו מיין רו. דער ריינער שניי אונטער מיינע פיס וועט פאַנגען מיינע לעצטע טריט. און ווען איך וועל קומען צו מיין לעצטן פונקט, וועל איך זיך אַנידערזעצן און איך וועל קוקן אין דער ענדלאָזי־קייט אַריין און איך וועל מעדיטירן. איך וועל זען ווי די זון גייט אויף און ווי זי פאַרגייט — — — דערנאָך וועל איך אַנטבלויזן מיין קערפּער — נאַקעט ווי די נאַטור וויל אים האָבן און איך וועל איינשלינגען די באַרמהערציקע טאַבלעטן. איך וועל ליגן אַ ווייסער, אַן אויסגעצויגע־נער און איך וועל פילן, ווי יעדער אָטאָם אין מיין לייב הייבט אָן צו פרירן. אין דער לעצטער רגע וועל איך מיט מיין לעצטן שמייכל איבערגעבן זיך אין די אָרעמס פון מאָרפעאוס און מיין ערדישקייט וועט בלייבן ליגן אין רו. און ווען דער פרילינג וועט קומען, וועלן פייגל פאַנאַנדערטראָגן מיין ערדישקייט און בלויז מיין ווייסער סקעלעט וועט ליגן — אַ לאַכנדיקע מאַסקע אונטער דעם אייביקן הימל. — — — איך באַשווער דיך, מענטש, ווער דו זאָלסט ניט זיין — באַאומרואיק ניט די רו פון מיין געביין. אַדיע, לעבן! איך קום, טויט —

Per aspera ad astra . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

ער איז נאָך אַ לאַנגע צייט געזעסן באַם טיש. דערנאָך אויפגעהויבן זיך, צוגעגאַנגען צום פענצטער און געקוקט אויף דעם פאַלנדיקן שניי . . . דערנאָך אַנידערגעלייגט זיך אויף דעם בעט, אויסגעצויגן זיך ווי אַ מת און געוואָלט פילן ווי אַ מת. אָבער אפילו מיט די פאַרמאַכטע אויגן האָט ער געזען די פּראָצעסיע פון לעבן — — — געזען ווי עס קומען אים אַנטקעגן הימלקראַצערס, ווי מאָנסטערס . . . און צווישן די הימלקראַ־צערס — מענטשן מיט געבויגענע פּלייצעס און מיט אויסגעשטרעקטע הענט, מיט געביילטע פויסטן און מיט ציטערדיקע פינגער, מיט ליפּן אויסגעקרימטע אין האָס און מיט טראַגישע, פאַרטרערטע אויגן . . . מענטשן נאָענטע און ווייטע, אייגענע און פרעמדע . . . און נענטער . . . קומט אַדאַ און עווא און מיכל און סטעלא און שעליא און אַנאַטאָל און מאַרי און גערסאָן און בענדער . . . און נאָך און נאָך . . . אַ פּראָ־צעסיע וואָס גייט דורך אין זיין מח, וואָס וועט נאָכגיין ביזן לעצטן טראָט . . .

עס איז געווען שפּעט אין דערנאַכט, ווען ער איז שטיל אַרויס פון הויז. ער האָט געהאַט מיט זיך דעם טאָג־בוך און די ליולקע. געגאַנגען

לאַנגזאַם און געפּילט, גלייך ווי ער וואָלט געגאַנגען אויף אַ ווייסן, סאַ־מעטענעם טעפּיך. די רואיקייט, שטילקייט און דער ווייסער שניי האָבן דערמאָנט אָן אַ פאַרגעסענער נאַכט, אַ נאַכט צווישן שטילע גאַסן און געסלעך אין זיין מוטערלאַנד, אין זיין שטעטל . . . צווישן גאַסן און געסלעך טראָגט זיך אַ שליטן . . . דינע, ווייַנענדיקע גלעקעלעך זינ־גען צו צום קלאַפּ פון פערדישע פיס און זיי . . . דריי זענען זיי גע־ווען אין שליטן — צוויי בחורים און אַ מיידל, דערוואַרעמטע און גליק־לעכע זינגען זיי רוסישע ראָמאַנסן און פליען, ווי אויף די פליגל פון דעם סענטימענטאַלן עראָס . . . גלין־גלאָן . . . גלין־גלאָן . . . עס קלינגען ווייטע גלעקלעך — — —

ער האָט געשפּאַנט מיט די הענט אין די קעשענעס און מיט דער ליולקע אין מויל. דערזען פונווייטנס דעם גאַניק און פאַרהאַלטן דעם שפּאַן. און ווען ער איז צוגעקומען צום גאַניק, איז ער געבליבן שטיין אויף אַ ווייַלע און צוגעהערט זיך. ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט גאָר־ניט הערן, אָבער ער האָט זיך דאָך צוגעהערט. דערנאָך האָט ער גע־מאַכט אַ פּאָר שפּאַן אַרויף די טרעפּ און איז געבליבן שטיין. צוגעלייגט דעם אויער צו דער טיר. עס איז געווען שטיל — טרויעריק שטיל אַרום. די טיר — ווי אַ האַרץ, וואָס קלאַפּט ניט. ער האָט אָבער געוואוסט, אַז דאָרט הינטער דער טיר קלאַפּט יאָ אַ האַרץ און אויב עס איז פאַראַן אַ פּסיכישע, גייסטיק טעלעפּאַטישע נאָענטקייט, וואָס פאַרבינדט אין איין געדאַנק, אין איין געפיל מענטש מיט מענטש, פילט זי, סטעלאַ, אַז ער איז דאָ . . . דאָ נאָענט לעבן איר, באַ דער סאַמע טיר פון איר האַרץ. און זי קרעכצט אפשר, און רופט אים באַם נאָמען און עס ציטערט איר נאָקעטקייט אין פיבער פון ליבע . . .

ער האָט זיך ווידער צוגעהערט, אַרויסגענומען פון דער קעשענע דעם איינגעוויקלטן אין פּאַפּיר טאָג־בוך און אַנידערגעלייגט באַ דער טיר, אויף דער סאַמע שוועל . . . אַזוי, אַז פאַרטאָג, ווען זי וועט עפענען די טיר, זאָל זי זיך דאַרפן בלויז אָנבייגן און נעמען אין אירע הענט זיין וואָרט, זיין נשמה, זיין גאַנצן וועזן — — —

. . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . .

ער איז געגאַנגען מיט דער שטילער גאַס אַרויס פון שטעטל. און באַם ברעג פון שטעטל איז ער געבליבן שטיין, אָנגעשטאָפּט די ליולקע מיט טאַבאַק, פאַררויכערט, אָנגעטאָפּט אין דער וועסטל־קעשענע דאָס פלעשעלע מיט די טאַבלעטן און געלאָזט זיך גיין מיט דער טיפקייט פון ווייסן שניי — — —אַרויף — — — העכער, העכער צום שפּיץ פון באַרג, צו דער אייביקער רו.